אבּרהם זאַק

# אויף שליאַכן פון הפקר

באַנד איינס




ביי דער
„געזעלשאַפט פאַר ייִדיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-אײַרעס
1958

# אינהאַלט פון באַנד I

## פון קאָמי ביזן קאַספּישן ים

זייט

זייט

# אַ ר יי נ פ י ר

די ביידע בענד פונעם ווערק „אויף שליאַכן פון הפקר" בילדן דעם **דריטן טייל** פון דער טרילאָגיע „אַ וועלט גייט אונטער". און הגם אַ טייל פון אַ טרילאָגיע, איז עס גלייכצייטיק, לויט דער טעמאַטיק, לחלוטין אַ זעלבשטענדיק ווערק.

דער **ערשטער טייל** — „וואַרשע 1939" *) — שילדערט דעם **אָנהייב** פון די גרויל־יאָרן אויף דער פּוילישער ערד; די בלוטיקע אינוואַזיע פון די היטלעריסטישע האָרדעס אויף וואַרשע; די ערשטע נגישות און רציחות קעגן יידן; די געלעגאַטע (אין וואַרשע — בלויער מגן־דוד), ערב געטאָ אאַז"וו.

דער **צווייטער טייל** — „קנעכט זענען מיר געווען" **) — ווייזט דאָס נייע „גליקלעכע לעבן" אין די פּוילישע ראַנד־געביטן, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך סאָוועט־רוסלאַנד, אין הסכם מיטן סטאַלין־היטלער־פּאַקט; די פאַרשטומונג, די ליקווידאַציע פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן; דעם סוף פון יעטווידע יידיש־נאַציאָנאַלע אַקטיוויטעטן אויף דער יידישער גאַס; דאָס פאַרמאַכן יידישע שולן וכדומה.

דער צווייטער טייל שילדערט אָבער בעיקר (אין באַנד וו) דעם ספּעציפישן סאָוועטישן מאָנסטער —

קאָנצענטראַציע־לאַגער!

דער מחבר אַליין איז געווען אין „לאַנד פון סאָציאַלער גאולה" אַ „זע־קאַ" (אַ פאַרשלאָסענער) אין די וויטע טייגעס פון קאָמי, הינטער שטעכיקן דראָט, און האָט אַליין איבערגעלעבט די אַלע פיזישע און גייסטיקע ענויים, וואָס עס לעבן דאָרט איבער **מיליאָנען**...

דער מחבר רעכנט עס פאַר אַ נס, וואָס אים איז לסוף געלונגען — אַ דאַנק דער אַזוי־גערופענער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע" — אַרויסצוגיין אַ לעבעדיקער פון

---

*) אין מיין בוך „אין אומרו פון יאָרן", פאַרלאַג „יידבוך" ב"אַ, 1954.

**) דערשינען אין פ"ג „דאָס פּוילישע יידנטום", ב"אַ, 1956.

יענעם פינצטערן עמק הבכא, ווו אַ סך פוילישע ייִדן־פּליטים זענען געבליבן אונ־
טער די שניי־קברים...

ס׳איז נאָך באַשערט געווען דעם מחבר צו פאַרזוכן אויך דעם טעם פונעם סאָוועטישן „גליקלעכן לעבן״ אויף דער פריי. פינף יאָר לערך נאָכן קאָנצלאַגער איז אים נאָך אויסגעקומען צו וועגעטירן אין די פאַרשיידענע סאָוועטישע רעפּוב־ליקן אויפן ווייטן דרום און אין דרום־אוראַל. על פּי רוב איז עס געווען אַ בראָ־דיאַגיש, אַ נע ונד־לעבן אין כסדרדיקע פּלאָגענישן און מאַטערנישן; אין הונגער און קעלט; אין ווייסטער היימלאָזיקייט און שמוץ; אין לאַכעס און טראַנטעס; ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט.

די שילדערונגען פון די דאָזיקע אַלע פּלאָגענישן, די אַלע טראַגישע און טראַגי־קאָמישע איבערלעבענישן, האַלב־אָדער־גאַנץ מאַקאַברישע בילדער אויפן פאָן פון אַלגעמיינעם סאָוועטישן שטייגער־לעבן, זענען די טעמאַטיק פון די ביידע בענד „אויף שליאַכן פון הפקר״. דאָס דאָזיקע ווערק איז דעריבער אין ערשטער ריי אַ טרויעריק בילד פון דער סאָוועטישערווירקלעכקייט.

דאָס ערגסטע, וואָס דער מחבר האָט אומעטום אויף זיינע וואָגלענישן געזען, איז — **די ירידה פון מין מענטש.** די מענטשלעכע אַנטווערטונג. ווי זעלטן איז צו טרעפן אין סאָוועטישן רוסלאַנד, צווישן דער גרויער מאַסע, מענטשן מיט **גייס־טיקע** אינטערעסן; מענטשן, וואָס זאָלן וועבן חלומות; מענטשן, וואָס זענען צוגע־בונדן צו אַ בוך. אַז דער חלום פון גרויען סאָוועטישן מענטש איז — ברויט! עסן ברויט צו דער זאַט! אַז זיין יום־טוב איז — אַ קילאָ צוקער! אַ פּאָר שיך אויף די פיס! דערמיט זענען תמיד פאַרנומען זיינע רעיונות, זיינע טראַכטענישן...

און דאָס ווערט חלום, אָרעמער חלום...

דער חלום פון די ספּעציפיש־סאָוועטישע „באַנטשע שוויגס״...

די פולע גייסטיקע און מענטשלעכע ירידה — — —

אויב דער מחבר האָט געטראָפן געשטאַלטן פון בעלי־חלומות, אידעאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן פון אַמאָליקן רוסישן זשאַנער, איז עס געווען אין קאָנצלאַגער... אָבער דאָס זענען דאָך „געוועזענע מענטשן״...

ווו איז דען פאַראַן נאָך אַזאַ לאַנד אויף דער וועלט־מאַפּע, ווי סאָוועט־רוס־לאַנד, ווו גנבה איז טעגלעך ברויט פון כמעט איטלעכן בירגער; ווו כמעט יעדער גנבעט; ווו כמעט יעדער איז עובר אויפן אַכטן געבאָט פון עשרת הדברות — און דער עיקר, — ווו קיינער האַלט עס נישט פאַר קיין עבירה. און דאָס האָט גורם געווען די סיסטעם, דער רעזשים: אַז וויבאַלד די מלוכה איז דער ערגסטער עקספּלואַטאַטאָר אין דער וועלט — נישטאָ נאָך אַזאַ הימלשרייענדיקע בלוט־זויגעריי, אַזאַ עקספּלואַטאַציע פון מענטשלעכער פּראַצע ווי אין סאָוועט־רוס־לאַנד! — איז דער בירגער דאָך נישט מחויב צו זיין אַזאַ צדיק לגבי דער מלוכה און נישט אָנרירן מלוכהש פאַרמעגן.

אַזוי אַרום ווערט אין דאָזיקן לאַנד דעגענערירט די מענטשלעכע מאָראַל.

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע האַנדל. אַלע ווייסן דאָרט, אַז יעדער מין מסחר איז שטרענג פאַרבאָטן; אָבער די סיסטעם, וואָס האָט דעם גאַנצן באַשאַפן, האָט אַליין גורם געווען, אַז דער בירגער זאָל אים איגנאָרירן. נישטאָ נאָך אַזאַ לאַנד, ווו עס ווערט געטריבן אַזאַ האַנדל ווי אין „לאַנד פון סאָציאַליזם". כמעט יעדער בירגער האַנדלט־אונטער מיט עפעס בשתיקה. אמת, ס'איז אַ האַנדל אַ־לאַ קאַב־צאַנסק; אַ האַנדל מיט אַ הערינג; מיט אַ נאָדל; מיטן העמד פון אייגענעם לייב... דערין ווערן געשטרויכלט כמעט אַלע, טאָטאַל; אַפילו דער פּאַרטייער, מיטן פּאַרט־בילעט אין קעשענע.

די בעסטע אילוסטראַציע דערצו זענען די באַזאַרן און „טאָלקוטשן" אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון ברייטן רוסלאַנד. ווען מען זעט מען דאָ־רט נישט מסחרן? תמיד איז דאָרט פול געפּאַקט מיט עולם. אַלע בירגער „ראַטעווען" זיך דאָרט — ווי און מיט וואָס איינער קאָן.

דעם לייענער וועט נישט שווער זיין אַרויסצוטראָגן דעם משפט: ווער איז דער שולדיקער אין די אַלע טרויעריקע דערשיינונגען? ווו וואָרצלען די סיבות פון דעם שלעכטס? ווער טראָגט די אחריות פאַר דער געפאַלנקייט, פאַר דער **מאָ־טעריעלער** און **גייסטיקער** פּויפּעריזאַציע פון די מענטשן אויף דער סאָוועטישער ערד?

דער מחבר דערציילט וועגן דעם אַלעם נישט אינקאָגניטאָ. ער פאַרשטעלט זיך נישט אונטער אויסגעטראַכטע העלדן. ער דערציילט אַלץ אין ערשטער פּער־זאָן — אָן דער מאַסקע פון אַן אומבאַרירלעכן „שרייבער־גייסט", ווען מען דער גורל האָט געשוינט און אָפּגעהיט פון די אַלע „שטרויכלונגען"... אָפּגעהיט, אַז קיין שטויבעלע זאָל ח"ו נישט פאַלן אויף זיין „זויבערקייט"... (צבועקעס און ליג־נערס זענען די אַלע, וואָס אין זייערע באַשרייבונגען וועגן סאָוועט־רוסלאַנד קומען זיי אַליין אַרויס ווי צדיקים...). אדרבה, אין די דאָזיקע צוויי בענד שילדערט דער מחבר אויך זיך אַליין, אויטענטיש, אין דער וואַגאַבונדישער ראָל, אין כל־ערליי סיטואַציעס; אין עפּיזאָדן פון הונגער, פאַרצווייפלונג, הפקר, געפאַלנקייט...

אַזוי האָט דער מחבר געפילט און געזען די סאָוועטישעווירקלעכקייט אין איר גאַנצער ברוטאַלער נאַקעטקייט. אַזוי האָט ער געפילט און געזען דאָס רויע לעבן אין די אַלע ווייטקייטן און ברייטקייטן פונעם „סאָציאַליסטישן" „גליקלעכן היימלאַנד"... ער האָט געזען דעם גרויען מענטש **פון דער נאָענט** — אין קאָלכאָזן און שטעט; געלעבט אין זיין סביבה; געלעבט מיט אים אונטער איין דאַך; צוזאַמען מיט אים געגעסן דאָס אָרעמע, אין דאגות און אין פּיין אויסגעוויקטע שטיקל ברויט; פאַרנומען אוממיטלבאַר זיינע בלחשדיקע קלאָג־רייד, זיינע ביטערנישן און פאַרצווייפלונג...

בלויז טוריסטן, וואָס קומען קיין מאָסקווע און לענינגראַד, ווען מען ווייזט די גרויסע טעכנישע דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער וויסנשאַפט, ווען מען

פירט אין מוסטער־אנשטאַלטן און מוסטער־קאָלכאָזן, — בלויז יענע זעען עפּעס אַנדערש. אַן אַנדער רוסלאַנד. פאַר זיי שיינט און בליט אַלץ. פאַר זיי אָטעמט דאָס לאַנד מיט זאַטקייט און שפע. זיי הערן אין מאָסקווער אָפּערע טשייקאָווסקין און רימסקי קאָרסאַקאָוון. זייער אויג ווערט פאַרכאַפּט פון די שיינע טענץ אין „שעכערעזאַדע”, אין „טויט פון שוואַן”, אין „שוואַנען־אָזיערע”. פאַר זיי גיסט זיך אויף אויפנאַמעס שאַמפּאַניער און מען פאַרבייסט מיטן עכט־רוסישן קאַוויאַר...

יאָ, זיי, די טוריסטן, זעען טאַקע באמת די גוטע זאַכן, וואָס מען ווייזט זיי; זיי זעען אָבער נישט די מענטשן פון דער **אָרעמער מאַסע**, אין וועמענס נאָמען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרן... זיי זעען נישט דאָס רויע לעבן, דאָס נאַקעטע בילד פון די גרויסע, נאָנטע און ווייטע פּעריפעריעס, וואָס דעם מחבר איז באַשערט געוועזן צו זען אָזוי אוממיטלבאַר, פּנים אל פּנים. ער האָט געזען און דערציילט. דערציילט אַלץ מיט אָפּנהאַרציקייט. אפשר ערטערווייז שוין צו אָפנהאַרציק... און מיט פולער אויפריכטיקייט און אחריות פאַרן געדרוקטן וואָרט גיט ער עס איבער דער ברייטער עפנטלעכקייט.

דער מחבר

**בוענאָס־איירעס, מאַי, 1958.**

# 1
# אין שפּיטאָל

מיר זענען פיר פּוילישע אין אַ שפּיטאָל פון דער ראַיאָן־שטאָט לוקיאַנאָוו, אַ פּאָר סטאַנציעס פון גאָרקי: אַ חוץ מיר — צוויי פּאָליאַקן און איין אוקראַינער פון די פּוילישע ראַנד־געביטן. אַלע מיט דעזינטעריע פון עשאַלאָן, וואָס האָט אונדז געפירט פון לאַגער אין קאָמי, באַלד נאָך דער אַמנעסטיע. מחמת דער קראַנקייט האָבן מיר געמוזט די נסיעה איבעררייסן.

דער אוקראַינער האָט באַלד דעם ערשטן טאָג געמאַכט דעם חשבון: היות ווי די דייטשן גייען פאָרויס, וועט ער פון דאַנען נישט פאָרן טיפער אין רוסלאַנד, נאָר נענטער צום פראָנט, כדי אַריינצופאַלן צו די דייטשן און אַזוי אַרום צוריק־קומען צו זיך אַהיים.

איך קוק אַרויס דורכן פענצטער צו דער גאַס — צו דער „פרייהייט"... ס׳איז שפּעטער האַרבסט. כמורנע. די גאַס טרינקט זיך אין בלאָטע. די דורכגייער קריכן שווער און שלעפּן קוים די פיס אַרויס פון דער בלאָטע. די מענטשן זענען אָרעם אָנגעטאָן, אין אַלטע שטאַרק אָפּגעטראָגענע מלבושים. טייל אין פופייקעס. כ׳זע, אַז אויך אויף דער פרייַ באַנוצן זיך מענטשן מיט דעם לאַגער־הולך... כ׳זע אויך, אַז נישט אַלע טראָגן דאָ לעדערנע שיך אָדער שטיוול. אָט זע איך איין דורכגייער און באַלד אַ צווייטן אין לאַפּטשעס, געפלאָכטענע פון שטרוי. און אָט זע איך אַ יינגל גאָר אַ באָרוויסן, קרוע־בלויהדיק, קריכט איבער דער טיפער בלאָטע מיט זיינע דאַרע פיסלעך. די הענטלעך אין די הויזן־קעשענעס, די אַקסלען אונטערגעהויבן און ציטערנדיק פון קעלט.

איז וווּ־זשע זענען די „גליקן" פון דער „אָקטאָבער־רעוואָלוציע"?... דורכן שפּיטאָל־פענצטער זע איך זיי נישט...

אין אַ שמועס מיט די סאַניטאַרקעס — מיט איינער און מיט אַ צווייטער — ווער איך פון זיי געוואָר, אַז יעדע פון זיי האָט עמיצן אין לאַגער. פונקט אַזוי ווי די „סעסטריצאַ" פון דער אַמבולאַטאָריע ביים וואָקזאַל, פון וואַנען מיר זענען

אַהער געקומען. איינע — אַ טאַטן, די אַנדערע — אַ ברודער, די דריטע — אַ קוזין. זעט אויס, אַלע בירגער פון דער פריי זענען געקניפּט און געבונדן מיט יענע „זאָנעס" אין די טייגעס אויפן וויטן צפון, אין קאָמי, פון וואַנען מיר קומען עס איצט — אַדאַנק דער „שיקאַרסקי־אַמנעסטיע". ווען נישט אַט דער נס, וואָלט אונדזער געביין דאָרט פאַרפוילט געוואָרן אונטער די טיפע שנייען... און נישט נאָר אין קאָמי; אויך אויף אוראַל, אין אַלטאַיער געגנט, אין קאַזאַכסטאַן, אויפן וויטן מזרח... איך האָב זיך שוין אָנגעהערט וועגן די לאַגערן אין צענדליקער געגנטן פון בריטן, גרויסן רוסלאַנד.

דער שטייגער אין שפּיטאָל איז אין פלוג ווי אין דער גאַנצער וועלט: מען מעסט די טעמפּעראַטור אין דער געהעריקער צייט; יעדן טאָג באַזוכט אַ דאָקטער. ערגער איז דאָ מיט דער דערנערונג: ווי דעזינטעריע־קראַנקע וואָלטן מיר געדאַרפט באַקומען אַ ספּעציעלע דיעטע, אָבער דער שפּיטאָל באַזיצט נישט די נויטיקע פּראָדוקטן און מ׳גיט אונדז „סוכאַרעס" פון שוואַרץ־ברויט און קאַרטאָפל־זופּן.

איך כאַפּ אַ דעליקאַטן שמועס מיט דער דאָקטערין — אַן עוואַקוירטע ייִדישע פרוי פון לענינגראַד. דערציילט זי מיר, אַז זי האָט גרויסע זאָרגן מיטן זוכן שפּייז פאַרן שפּיטאָל. דער „זאַווכאָז" גיט זיך נישט קיין עצה און זי אַליין איז שוין געווען אין עטלעכע „אוטשרעזשדעניעס" (אינסטיטוציעס) מכוח די נויטיקע פּראָדוקטן.

— אין „סטאַציאָנאַר" (שפּיטאָל) פון לאַגער, — דערצייל איך איר, — איז גראָד יאָ פאַראַן פּאַסיקע שפּייז פאַר די קראַנקע: ווייסע בולקעלעך, ווייסע „סוכאַרעס", מאַנע־קאַשע.

— באמת ?

— אַזוי, אַזוי. איך אַליין בין דאָרט געלעגן און ווייס גענוי. אַ סברה, — גיב איך צו, — די „נ. ק. וו. ד." גיט זיך בעסער אַן עצה...

עס האָט זיך מיר זייער געוואָלט וויסן, צי אויך זי, די ייִדישע דאָקטערין, איז אַ „שותפטע" צו די לאַגערן; צי האָט זי דאָרט אויך עמיצן אַ נאָענטן. אָבער וויפל מאָל איך האָב זי נישט „פּראָוואָצירט", האָט זי צוגעשוויגן. אַ סברה, אַז זי איז געווען גענוג געאיבט און וויס, אַז מ׳דאַרף מיט אומבאַקאַנטע, בפרט מיט אויסלענדער, אויסמיידן איבעריקע רייד...

איך פרעג זי איינמאָל:

— פאַראַן ביי אייך אַ ייִדיש לעבן אין לענינגראַד? ייִדישע שרייבער? ייִדישע קלובן?

— פאַראַן נישט ווייניק ייִדן ביי אונדז, אָבער איך קום ווייניק אין קלובן.

— קענט איר די ייִדישע שפּראַך?

— זייער ווייניק. מײַנע עלטערן האָבן יאָ גערעדט ייִדיש, אָבער די קינדער שוין נישט. לענינגראַד איז אַ שטאָט, וווּ מ׳הערט נאָר רוסיש.

— פון ד״ר צינבערג האָט איר געהערט? — פרעג איך זי.

— אַ דאָקטער־מעדיצין? — פרעגט זי איבער.

— ניין, נישט קיין דאָקטער־מעדיצין. אַ ייִדישער שרײַבער. אַ ליטעראַטור־היסטאָריקער.

— נישט געהערט פון אַזוינעם.

איך זע באַשײַנפּערלעך פון וואָסער ייִדישן שיכט זי שטאַמט.

— איך פרעג אײַך וועגן צינבערגן, — זאָג איך דאַן, — ווײַל ער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק „ליקווידירט״ געוואָרן...

די דאָקטערין האָט געשוויגן. אויך מיט מײַן „אינפאָרמאַציע״ האָב איך זי נישט באַוויגן עפּעס צו זאָגן.

זי איז אָבער געווען אַ האַרציקע פרוי, די דאָקטערין. זי האָט איר באַרוף טראַקטירט נישט נאָר פאַכמעניש, ווי אַ באַלמעלאָכע, נאָר אויך מענטשלעך. די אַלע לײַדנדיקע דאָ אין שפּיטאָל האָבן וועגן איר גערעדט מיט ליוב און דרך־ארץ.

איין טאָג קומט זי אַרײַן אין אונדזער פּאַלאַטע מיט אַ שײַנענדיק פּנים.

— איר ווייסט, רעביאַטאַ, — זאָגט זי מונטער, — ס׳איז מיר געלונגען צו קריגן פאַר מײַנע דעזינטעריע־קראַנקע אַ ביסל רײַז.

— טאָקע? — האָבן מיר זיך אַלע דערפרייט, — ווו האָט איר עס געפּאַקט?

— אין מיליטערישן שפּיטאָל. כ׳בין אַהין געגאַנגען און זיך געווענדט צום דירעקטאָר, און יענער האָט געהייסן מיר אַרויסגעבן דרײַ קילאָ רײַז.

— באָלשאָיע ספּאַסיבאָ, טאָוואַרישטש וראַטש! — האָט מען איר געדאַנקט פון אַלע בעטלעך.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן מיר געגעסן פון איר גוטסקייט. ס׳האָט יעדער באַקומען צום „אָביעד״ (מיטאָג) אַ שיסעלע רײַז און זיך מחיה געווען. די „סוכאַר־קעס״ זענען נאָך ווײַטער געווען פון שוואַרץ־ברויט.

די „סאַניטאַרקעס״ האָבן אויך געזאָגט, אַז ביי דעזינטעריע איז זייער גוט צו קאָנסומירן „פּראָסטאָקוואַשע״ (זויער־מילך); אויך עפּל זענען גוט. היות ווי אין מײַן פּאַרמעג איז נאָך געווען דאָס צוריקבאַקומענע פאַר הונדערט רובל פון מײַן „דעפּאָזיט״ אין דער לאַגער־בוכהאַלטעריע, האָב איך מיר געקאָנט דערלויבן אַזאַ לוקסוס. כ׳האָב געבעטן איינע פון די שפּיטאָל־שוועסטער און יענע האָט עס מיר יעדן טאָג געקויפט און צוגעגרייט.

די קראַנקייט האָט נישט געהאַט ביי מיר קיין שווערן פאַרלויף. מיט יעדן טאָג איז מיר געוואָרן בעסער. די טעמפּעראַטור נידעריקער. כ׳האָב מיר שוין

געקאָנט דערלויבן אַ ביסל אַרומצושפּאַצירן אין קאָרידאָר און אַריינכאַפּן זיך אַפילו אין אַן אַנדער פּאַלאַטע. דאָרט האָב איך געכאַפּט אַ שמועס מיט אַנדערע חולאים, היגע איינוווינער. גרויע סאָוועטישע בירגער מיט אַ נעבעכדיקן אויסזען, וועלכע האָבן כסדר גערעדט וועגן זייערע חולאתן. וועגן חולאתן און וועגן עסן. וועגן דעם וואָס מען האָט נעכטן געגעבן און וואָס היינט. מ׳האָט פאַרגליכן, מ׳האָט קריטיקירט. מ׳האָט געהאַט טענות צו דער פאַרוואַלטונג פון שפּיטאָל.

— לאָזן קראַנקע הונגעריק? אַ סקאַנדאַל! — האָט זיך איינער אַן עלטערער רוס געבייזערט.

— ס׳איז מלחמה, דיעדושקאַ. — ענטפערט אים ווער.

— וואָס מלחמה, ווען מלחמה! — שרייט יענער ווייטער. — דער „זאַוואָז״ איז אַ נבלה.

איך וויל זיך נישט אַריינמישן אין אַזאַ מין סכסוך: עס קאָן מיר נאָך פאַרשאַטן צום געזונט... איך האָב אַרומגעזוכט מיט די אויגן אַ ייִד און נישט געפונען. און געוואָלט האָט זיך מיר זען אַ ייִדן, ווייל איך האָב פאַרלוירן דעם ייִ ד י ש ן חשבון פון דער צייט. איך האָב געוווּסט, אַז עס איז שוין ימים־נוראים־צייט; אַז עס דאַרף דאָ זיין יום־כפּור; אָבער ווען האָב איך נישט געוווּסט. און מאָדנע: כאָטש איך בין נישט קיין פרומער, פונדעסטוועגן האָט זיך מיר גראָד דאָ און גראָד איצט געוואָלטיק געוואָלט וויסן ווען עס איז די כל־נדרי־נאַכט.

איך ווענד זיך צו איינער פון די „סעסטריצעס״:

— גראַזשדאַנקאַ, פאַראַן עפּעס ייִדן ביי אייך אין שטאָט?

— פאַראַן. — ענטפערט זי.

— און איר קענט זיי? איר זעט זיי?

— אַמאָל יאָ.

— דאָס זענען עלטערע ייִדן אָדער יונגנט?

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר עס?

— איך האָב צו אייך אַ בקשה: זעט זיך מיט עמיצן פון די ייִדן, — בעסער מיט אַן עלטערן — און פרעגט אים ווען עס איז דער „פּראַזדניק״ (יום־טוב) „סודני דיען״ (יום־כּפּור).

די „סעסטריצאַ״ האָט זיך צעשמייכלט און מיר צוגעזאָגט:

— כאַראַשאָ.

צומאָרגנס דערציילט זי מיר, אַז זי האָט שוין געטראָפן אירן אַ באַקאַנטן ייִד, דעם אַלטן אַראָן, אַ שניידער פון אַרטעל, און זי האָט אים געפרעגט. יענער האָט איר געזאָגט, אַז ס׳איז שוין נאָך „סודני דיען״.

אַ שאָד. נישט געקאָנט אַפילו זיך קאָנצענטרירן, פאַרטראַכטן זיך אין דער

כל־נדרי־נאַכט און כאַטש מיטזינגען אין דער מחשבה מיט אַלע ייִדן פון דער גאַנצער וועלט דעם ניגון פון כל־נדרי...

אין איינעם אַ טאָג בין איך אויסגעשריבן געוואָרן פון שפּיטאָל. די קראַנקייט, הייסט עס, איז שוין ליקווידירט. איך האָב צוריקבאַקומען מיינע לאַגער־מלבושים — שמאַטעס, אָבער אויסגערייניקטע, אויסדעזינפעקצירטע פון די פּאַראַזיטן.

איך האָב זיך געלאָזט איבער דער שטאָט. אַ גרויסע דורכשניטלעכע רוסישע שטאָט, דאָס רוב הילצערנע הייזער. אָבער די געגנט איז אַ פּיטאָרעסקע, אַ בערגיקע, און טייל גאַסן גייען באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. איך קוק אַריין אין די פּנימער. איך זוך אַ ייִד און געפין נישט.

איך גיי אַריין אין אַ „פּאַריקמאַכערסקאַיאַ" — די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב צו טאָן אויף דער פרײַ: זיך אָפּשערן, אָפּגאָלן זיך, באַקומען אַ מענטשלעך פּנים.

די צוויי פּאַריקמאַכער דאָ זענען מיידלעך. איינע פון זיי פאַרבעט מיך צו איר שטול. לכתחילה האָב איך זיך זשעניִרט אין מיין שלעפּערישן הולך; אָבער איר פריינטלעכער שמייכל האָט מיר צוגעגעבן מוט. אפנים אַזאַ הולך איז פאַר זיי דאָ נישט קיין נאָווינע. איבעריקנס, אויך די פּאָר קליענטן, וועלכע זיצן דאָ, וואַרטנדיק אויף זייער ריי, גלאַנצן נישט מיט זייערע קליידער און עלעגאַנץ.

נאָכן אָפּשערן און אָפּראַזירן זיך באַקומט מיין פּנים אַ שטיקל נאָרמאַל אויסזען — אָבער נאָר מיין פּנים, נאָר מיין קאָפּ ביז די אַקסלען, ביז מיינע מלבושים.

גאָס־איין, גאַס־אויס. איך באַקוק נייגעריק די מענטשן, די הייזער, די באַוועגונג. איך פאַרקוק אין די פּנימער. איך זוך און טרעף נישט קיין איינציקן ייִד.

איך דאַרף פאַרזעצן מיין וועג — לויט דער „נאַפּראַוולעניע" (ריכטונג) מיינער פון לאַגער — קיין בוזולוק, אין דער פּוילישער אַרמיי. צוליב דעם מוז איך זיך ווענדן אין „וואָיענקאָמאַט" (מיליטערישער קאָמיסאַריאַט), כדי צו באַקומען אַן אומזיסטן באַן־בילעט און ברויט אויפן וועג. אָבער עס איז שוין צו שפּעט. עס ווערט פאַרנאַכט. איך מוז דאָ איבערנעכטיקן. ווו? איך פרעג זיך נאָך — הייסט מען מיר גיין אין אַ „דאָם קאָלכאָזניקאַ". אַזאַ מין ביליקע אכסניה. כ'האָב טאַקע אויסגעזוכט דעם דאָזיקן „קאָמפּאָרטאַבעלן" האָטעל און פאַרבראַכט דאָרט די נאַכט אויף אַ טרוקענער פּריטשע. אויף דער זעלביקער פּריטשע איז אויך געלעגן אַ שוואַנגערע קאָלכאָזניצע מיט איר מאַן, וואָס האָט זי געבראַכט אין ראַיאָן צו אַ „וראַטש" (דאָקטער).

קיין שטיקל ברויט האָב איך אין ערגעץ נישט געקריגן צו קויפן. אַלץ איז אויף „קאַרטאָטשקעס". אַ נס, וואָס מיר איז געבליבן אין רוקזאַק אַ שטיקל ברויט פון שפּיטאָל. האָב איך געפּראַוועט אַן „אוזשין" (אָוונט־ברויט) פון ברויט מיט „קיפּיאַטאָק", וואָס איך האָב געקריגן אין דער אַכסניה.

דאָס שפּיטאָל־בעטל מיטן שעניק האָט מיך „דעמאָראַליזירט" און ס'האָבן מיר נישט געשמעקט די האַרטע ברעטער פון דער פּריטשע. אָבער פאַרפאַלן, מען מוז זיך ווידער צוגעווינען צו זיי... צי די זייטן טוען ווי, צי די אברים ברעכן — אַלצאיינס, די נאַכט גייט ווי עס איז פאַרביי.

באַלד אין דער פרי בין איך אַוועק אין „וואָיענקאָמאַט". געגאַנגען פון איין באַאַמטן צום אַנדערן — ביז איך האָב באַקומען אַ תשובה, אַז איך קאָן גיין גלייך אויפן וואָקזאַל און פאָרן קיין בוזולוק. קיין שום צעטל איז גאָר נישט נויטיק. דער נאַטשאַלניק פון סטאַנציע וועט שוין.

— און ברויט אויפן וועג?

האָט מען מיך געשיקט פון איין „אוטשרעזשדעניע" צו דער אַנדערער — ביז איך האָב לסוף באַקומען אַ טאַלאָן צו עפּעס אַ „סטאָלאָווקע". דאָרט האָב איך אָבער נאָר געקריגן אַ טעלער זופּ, און מכוח ברויט — האָט מען מיר געהייסן קומען פאַרנאַכט.

— סטייטש? מיין באַן גייט אָפּ דריי בייטאָג.

— נישטאָ קיין עצה, בירגער!

בין איך אַוועק צום וואָקזאַל אָן ברויט. אויפן וועג פרעג איך ביי אַן עלטערן בערדיקן פאַרשוין:

— דיעדושקאָ, אפשר ווייסט איר ווו מען קאָן קריגן אַ שטיקל ברויט צו קויפן? איך פאָר אין דער פּוילישער אַרמיי און בין אָן אַ פּיצל ברויט.

— אַ טי אָטקודאַ, סינאָק? (פון וואַנען, זינדל?).

— פון לאַגער, דיעדושקאָ.

— וואַרט אַ מינוטקעלע.

ער פירט מיך צו דערגעבן צו אַ כאַטע און ער אַליין גייט אַריין. באַלד קומט ער צוריק אַרויס פון דאָרט מיט אַ פולן הויפן „סוכאַרקעס".

— ספּאַסיבאָ, דיעדושקאָ! וויפל קומט אייך?

— סטופּאַי ס'באָגאָם! (גיי מיט גאָט!).

ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט נעמען קיין געלט ביי מיר.

אויפן וואָקזאַל בין איך אַריין צום „נאַטשאַלניק סטאַנציאי", געוויזן אים מיין דאָקומענט, געבעטן אַ באַן־בילעט.

— נישט נויטיק, — זאָגט ער. — באַלד וועט אָנקומען אַ פּאַסאַזשיר־צוג. זעץ זיך אַריין און פאָר.

ס'איז טאַקע באַלד אָנגעקומען אַ צוג און כ'בין אַריין אין ערשטן־בעסטן וואַגאָן. לכתחילה האָב איך זיך אַזוי ווי זשענירט. שוין אָפּגעוווינט פון פאָרן צווישן פרייע מענטשן, נישט אין קיין עשאַלאָן... באַלד באַמערק איך אין קאָרידאָר פון

וואַגאָן אַ פוילישן אָפיציר, אין פוילישער אוניפאָרם, אין אַ „קאָנפעדעראַטקע״ מיט אַן איין־קעפּיקן אָדלער. אַ „ראַדאַק״ (אַ לאַנדסמאַן), הייסט עס. איך פאַרבינד באַלד מיט אים אַ שמועס. ער איז, פאַרשטייט זיך, אויך געווען אין אַ לאַגער און האָט שוין באַוויזן אַריינגיין אין זיין אָפיצירן־שינעל. ער פאָרט עס איצט אויך קיין בוזולוק, זיך אומקערנדיק פון אַ „קאָמאַנדיראָווקע״.

— אַ סך מענטשן פאַראַן שוין אין דער פוילישער אַרמיי, פאַניע פּאָרוטש־ניקו? — פרעג איך.

— פאַראַן, פאַניע, פאַראַן. — ענטפערט ער מיט אַן אומעטיקן שמייכל — מענטשן האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן. מ׳קומט פון אַלע זייטן. פון אַלע לאַגערן... יעדער איינער וויל זיך צוטוליען צו דער פוילישער אַרמיי; קריגן אַ דאַך, אַ „פּייקע״ ברויט.

אין זעלבן וואַגאָן האָב איך זיך לסוף אויך צעשמועסט מיט אַ ייִדן. אַ ייִד אַ משלנודיקער. אַ געשעפט־פירער פון עפּעס אַ רוסישן וואַנדער־טעאַטער. פון אים האָב איך אָפּגענומען גרוסן וועגן אַ ריי מאָסקווער ייִדישע שרייבער, וועלכע ער קען פערזענלעך. ער רעדט, דערציילט, און בעת־מעשה דערמאָנט זיך מיר די ליטעראַרישע סביבה אין וואַרשע. עס טוט אַזוי באַנג. ווו איז עס אַלץ אַהינגעקו־מען? צעשוווּמען ווי רויך... מיין וועג איז איצט אַן אַנדערער — קיין בוזולוק. אין דער פוילישער אַרמיי!

## 2

## אין אַ וואָלגע־שטאָט

דער צוג שטעלט זיך אָפּ ביי דער וואָלגע־שטאָט סאַמאַרע, היינט קויבישעוו. דיגרעסיע:

דאַמאָלס האָב איך נאָך נישט געקאָנט וויסן — ס׳איז נאָך געווען פּריצייטיק, — אָבער איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווייס איך שוין, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט, אין די געהיימע קעלערן פון דער „נ. ק. וו. ד.״, זענען דערשאָסן געוואָרן די בונדישע טוער פון פוילן, הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. זאָל דאָס דאָזיקע „בלימל״ דאָ פאַרצייכנט ווערן ווי אַ „באַפּוצונג״ צו דער שטאָט־פּאַנאָראַמע...

עס אינטריגירט מיך די שטאָט, און היות ווי איך האָב איצט נישט איבער זיך קיין באַלעבאַטים און בין אויך נישט געבונדן מיט קיין עשאַלאָן, באַשליס איך צו מאַכן אַן איבעררייס אין מיין נסיעה. וואָרום צו וואָס האָב איך זיך צו איילן? בישקשה, אויף די פוילישע אַרמיי וועט פון מיר נישט אַנטלויפן.

## אברהם זאַק

גיי איך אַראָפּ און קום אַריין אין גרויסן וואָקזאַל. אין וואַרט־זאַל זע איך אַ סך ייִדן. מאַנסבילן, ווייבער, קינדער. כ׳פּאַרפיר אַ שמועס מיט איינעם, מיט אַ צווייטן — וויזט זיך אַרויס, אַז דאָס זענען רוסישע ייִדן. פּליטים פון ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, אַנטלאָפענע פון די דייטשן. ייִדן האָבן איבערגעלאָזט זייערע היימען, זייער ביסל אָרעמקייט און געלאָפן ראַטעווען דאָס בידנע לעבן. מ׳ליגט אויף דער פּאָדלאָגע, מ׳זיצט אויף די אָרעמע פּעקלעך, מ׳זופּט פון „קרוזשקעס״ (טעפּעלעך) „קיפּיאַטאָק״. אַ גערייד, אַ געזשום. קליינע קינדער וויינען.

עס פּאַלט מיר איין אויך אויסצוזוכן דאָ עפּעס אַן אָרט אויף דער פּאָדלאָגע, כדי צו האָבן וווּ איבערצונעכטיקן. אַגב איז גוט צו זיין צווישן ייִדן. נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען אויסצוזוכן אַזאַ שטיקל ווינקל: די פּאָדלאָגע איז געווען געדיכט באַזעצט און באַלייגט. לסוף אָרדן איך זיך איין ווי עס איז נעבן אַ פּאַמיליע. דער ראש פון דער פּאַמיליע איז אַן עלטערער ייִד. דער דאָזיקער ייִד העלפט מיר מאַכן אַן אָרט נעבן זיי און — שוין, איך בין שוין דאָ אויך אַ „תושב״.

זיץ איך שוין אויך, ווי אַלע, אויף דער פּאָדלאָגע און צעשמועס זיך מיט מיינע שכנים. דאָס זענען ייִדן פון מינסקער געגנט, פון אַ קליין שטעטל. זיי דערציילן מיר וועגן די גרוילן פון די דייטשן אין יענע שטעט און שטעטלעך. וועגן מאַסן־דערשיסונגען פון די ייִדן... די שרעק פאַר די דייטשן און די שריפות פון די שכנותדיקע ישובים האָבן זיי אַרויסגעריסן פון זייערע ערטער און געטריבן אין נע־ונד.

— אַנטלאָפן אין איין העמד. — קלאָגט זיך די פרוי און ווישט זיך די אויגן.
— געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

— האָט איר געהאַט אַן אייגענעם דאַך?

— געהאַט. נישט קיין פּאַלאַץ, אָבער אייגענע פיר ווענט. אַן אַלטע ירושה־שטוב, שוין אַ חורבה, אָבער אייגנס. נישט געוואַלגערט זיך ווי דאָ אויף דער פּאָדלאָגע, אויף אַ וואָקזאַל.

— וואָס איז אייער באַשעפטיקונג פון דער היים? — פרעג איך דעם ייִד.

— אַ נפקא־מינה וואָס מען טוט... געווען בין איך אַ מוליער. איצט אויף די עלטערע יאָרן, די אַמאָליקע כוחות זענען שוין נישטאָ, בין איך געוואָרן אַן „אָכראַניק״ (שומר) אין אַ שוסטער־אַרטעל.

— וויפל פאַרדינט אַן „אָכראַניק״? — בין איך טשיקאַווע.

— עט... — טוט ער ביטולדיק אַ מאַך מיט דער האַנט. — איך האָב געהאַט ביי די 120 רובל אַ חודש.

— נו, און פון 120 רובל אַ חודש קאָן מען דען לעבן?

— וואָס שייך צו פרעגן קשיות... מ׳לעבט... די קינדער אַרבעטן אויך און

יעדער איינער ברענגט עפּעס אַריין אין שטוב. פאַרשטייט זיך, נישט קיין לייכט לעבן.

כ׳קוק אָן זייער אַלעמענס הולך — ווי די בעטלער זעען זיי אַלע אויס. יאָ, נישט קיין לייכט לעבן...

— נו, און אַ בגד? אַ שוך? — פרעג איך ווייטער.

— אָט קוקט אָן מיין מאַנטל, — ווייזט מיר דער ייִד, — דאָס האָב איך נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע...

יאָ, דער מאַנטל זיינער מיט די לאַטעס — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע — האָט שוין יאָרן. די לאַטעס דערמאָנען מיר אָן דער קרישלענדיקער פיל־שיכטיקער קאָרע פון אַן אַלטן בוים. אין לויף פון יאָרן וואַקסן זיי אָן איינע אויף די אַנדערע.

— זאָגט מיר, ר׳ ייִד, מסתמא ווייסט איר דאָך: ווי האַלטן מיר עפּעס מיט אונדזערע ימים־טובים?

— שיינע ימים־טובים האָבן אונדז די דייטשן געמאַכט... יענע וואָך איז געווען שמחת־תורה. אַ שיינער שמחת־תורה דאָ אויפן וואָקזאַל...

— יאָ, נישט יום־טובדיק ביי אונדז ייִדן...

איך קוק אָן איינע פון די טעכטער: זי ליגט אויף אַ פּעקל שמאַטעס. בלאַס ווי דער טויט אַליין. די אויגן ווי אויסגעלאָשן. נאָך יונג, אָבער זעט אויס ווי אַ זקנה. מסתמא ברענט זי אין פיבער.

— זי איז קראַנק?

— קוקט אָן אונדזער אומגליק. איז קראַנק געוואָרן אין וועג. האָט זיך צוגע־קילט. אַ צוגאָב צו די צרות.

— האָט איר גערופן אַ דאָקטער?

— געווען מיט איר אין אַמבולאַטאָריע ביים וואָקזאַל. מ׳האָט איר געגעבן אַ פּאָר פּילן און דאָס גאָר.

איך כאַפּ נאָך אַ מאָל אַ קוק צו איר: איר בלאַס־גרין פּנים קוקט אויס פאַר־דעכטיק. האָט זיך נישט אַריינגעכאַפּט אין איר די „פּראָלעטאַרישע קרענק״?

— אפשר אין אַ שפּיטאָל? — זאָג איך. — מ׳מוז דאָך עפּעס טאָן.

— זי וויל נישט. זי וויל נישט אַוועק פון אונדז.

— אויף וואָס אייגנטלעך וואַרטן דאָ די ייִדן?

— מיר וואַרטן אויף אַן עשאַלאָן. מ׳דאַרף אונדז פירן ערגעץ אין אוז־בעקיסטאַן. שוין העכער אַ וואָך ווי מ׳וואַרט. אַז די עשאַלאָנען האַלטן אין איין פירן מיליטער צום פראָנט, קוקט מען זיך נישט אַרום אויף אונדז.

באַוואָרנט אָן אָרט נעבן דער ייִדישער פאַמיליע, לאָז איך זיך אַוועק אַ קוק טאָן די שטאָט. אין דרויסן איז אַ מוראדיקע קעלט. אמתער ווינטער. אַ שניי ליגט

שוין אויף די גאַסן. דער פראָסט איז נאָך נישט אַזאַ גרויסער, אָבער עס איז אויך ווינטלדיק. שטשיפעט עס ביי דער נאָז און אויערן. איך גיי איילעוודיק. עס נעמט מיך דורך די קעלט. אויף איין גאָס זע איך אַ „סטאָלאָווקע". כאַפּ איך זיך אַריין און דערוואַרעם זיך מיט אַ זופּקע. עס געלינגט מיר אויך צו קויפן ביים בופעט אַ שטיקל קאַלאַטש (ווייס־ברויט). זיץ איך ביי אַ טישל און אייל זיך נישט אַוועקצוגיין פון דער וואַרעמקייט.

ביי אַ שכנותדיקן טישל זיצט אַ גאַנצער געזעמל, דאָס רוב עלטערע באַבערדיקטע פּאָניעס. איינער, אַ יונגער, לייענט פאַר אַלעמען די „סוואָדקאַ" (קריגס־באַריכט) פון דער „פּראַוודאַ". עולם הערט זיך צו אויפמערקזאַם און מען שאָקלט מיט די בערד.

— דער גערמאַן רוקט זיך אַלץ פאָרויס... — באַמערקט איינער.

— נישט פריילעך מיט אונדזערע. — זאָגט אַ צווייטער.

אַ ביסל זיך דערוואַרעמט, גיי איך ווידער אַרויס איבער די גאַסן. עס סקריפּעט אונטער די טריט. אַזוי פרי קומט דאָ דער ווינטער. ביי אונדז, אין אונדזערע מקומות, איז איצט האַרבסט. העכסטנס רעגנדיק, בלאָטיק.

איך זוך אין שטאָט אַ צייטונג און געפין נישט. אין אַ קיאָסק ענטפערט מען מיר:

— שוין נישטאָ.

— אפשר אַ נעכטיקע צייטונג?

— פון וואַנען? — קוקט מיך אָן פאַרחידושט די פאַרקויפערין, גלייך ווי איך וואָלט זי געפרעגט אַ ווילדע קלאָץ־קשיא.

איבער דער קעלט באַקוק איך די שטאָט נאָר אויבנאויפיק. אַגב איז שוין נישט פרי. ס'ווערט שוין טונקל. איך אייל זיך צום וואָקזאַל. צו מיין ווינקל נעבן דער ייִדישער פאַמיליע. דאָ איז געננג וואַרעם. נישט אַזוי פון הייצן, ווי פון דעם געדיכטן עולם. איך האָב מיר אויסגעצויגן אויף דער פאָדלאָגע, איינגענורעט זיך, צוגעדעקט זיך מיט מיין בושלאַט (וואַטניק), דעם רוקזאַק צוקאָפּנס, און כאָטש עס איז געווען גענוג טומלדיק, בין איך פונדעסטוועגן איינגעשלאָפן.

אין מיטן נאַכט וועקן מיך אויף געשרייען:

— וויכאָדי! אובאָרקאַ!

ס'הייסט מ'זאָל אַרויסגיין, ווייל מ'דאַרף רייניקן דעם וואַרט־זאַל. קיינער אָבער אויף דער פאָדלאָגע רירט זיך נישט פון אָרט. וווהין זאָל מען איצט גיין? אָן אָנשיקעניש אין מיטן נאַכט!

עס קומט אָבער אַריין אַ גאַנצע גרופּע וואָקזאַל־אַרבעטער, וועלכע נעמען זיך

צום טרייבן. מ׳רייסט אויף די ליגנדיקע פון דער פּאָדלאָגע, מ׳שטופּט ממש ביי די אַקסלען:

— סקאָראָ! סקאָראָ! (שנעל! שנעל!).

— אובאָרקאָ!

דער גערעַנגל דויערט לאַנג. קיינעם ווילט זיך נישט אַרויסגיין אין קאַלטן דרויסן. וווּהין? קריגט מען זיך און מען זידלט די טרייבערס. געשרייען פון אַלע זייטן. עס באַווייזט זיך אויך אַ באַן־מיליציאָנער און נעמט מאַכן אָרדענונג. לסוף קומען אַריין נאָך אַ פּאָר וואָקזאַל־אַרבעטער און רופן אויס:

— אַלע קומט אין דער שולע, אָט דאָ אַנטקעגן וואָקזאַל. נאָך דער „אובאָרקאָ" קאָנען אַלע צוריקקומען אַהער.

דאָס האָט געווירקט. עולם איז בלית־ברירה אַרויס פון וואָקזאַל. אַלט און יונג. געזונטע און קראַנקע. דאָס קראַנקע מיידל פון מיין שכן האָט זיך געוואַקלט ווי אַ שיכורע און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. די ביינאַכטיקע קעלט איז נאָך געווען שטאַרקער, דורכדרינגענדיקער. אין דרויסן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וואָקזאַל־רוימער האָבן דעם עולם פּשוט אָפּגענאַרט: נישטאָ גאָר קיין שולע, וואָס וואַרט אונדז אויפצונעמען. אַלע הייזער אַרום — פאַרשלאָסן, פאַרהאַקט. די מאַסע איז געווען פאַרצווייפלט. מ׳האָט זיך געלאָזט צוריק מיט געשרייען:

— איזדיעוואַטיעלסטוואָ! (חוזק!).

— מען איזדיעקעוועט זיך איבער היימלאָזע!

— לאָמיר גיין צו דער מיליץ!

מענטשן זענען צוריקגעקומען, ציטערנדיק פון קעלט, צום וואַרט־זאַל; אָבער די טירן זענען געווען פאַרשלאָסן און אינעווייניק איז שוין געגאַנגען די „אובאָרקאָ" — לויט די וואָקזאַל־פאַרשריפטן. זידלערייען און קולות האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. די צעבראָכענע מענטשן האָבן אָנגעפילט אַלע אָפענע קאַלטע קאָרידאָרן, אַלע דורכגענג פון וואָקזאַל.

איך האָב געזוכט אַ ווינקל, אַ באַהעלטעניש פון דער קעלט, און בין אַריינגעפאַלן אין אַ זאַל, וווּ עס געפינען זיך די בילעטן־קאַסעס. דאָרט האָט מען די פּליטים נישט אַריינגעלאָזט. איך האָב אָפּגענאַרט דעם מיליציאָנער ביים אַריינגאַנג און אים געזאָגט, אַז איך מוז מיר באַזאָרגן אַ באַן־בילעט קיין בוזולוק — צו דער פּוילישער אַרמיי. כ׳האָב אים געוויזן דערביי מיין לאַגער־צייגניש, ווו עס שטייט דאָך שוואַרץ אויף ווייס, אַז איך פאָר קיין בוזולוק. האָט ער מיך אַריינגעלאָזט אינעווייניק. דאָ איז טאַקע געווען וואַרעמער. אַזוי פיל מענטשן ביי די קאַסעס, ציווילע, מיליטער־לייט. איך האָב זיך אָבער געמוזט שטעלן אין דער לאַנגער „אָטשערעד" כלומרשט נאָך אַ באַן־בילעט. כ׳בין אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר שעה.

עטלעכע מאָל, ווי נאָר די ריי פלעגט דערגיין צו מיר, פלעג איך זיך איבעררוקן ווייטער, כדי צו קאָנען שטיין וואָס לענגער אין דער וואַרעם. ס׳איז טאַקע געווען אַן אָפּקומעניש, אָבער וואַרעם.

בעת כ׳האָב דורך די גרויסע פענצטער דערזען די גרויקייט פון טאָג, בין איך אַרויס פון דאָזיקן זאַל. די „אובאָרקאַ" האָט זיך שוין געענדיקט און די אומגליקלעכע מאַסע פּליטים האָט צוריק אַריינגעשטראָמט אינעווייניק אין וואַרט־זאַל. עס איז געוואָרן אַ נייע שטופּעניש, אַ דינגעניש און אַ קריגערײַ איבער פּלע־צער. יעדער האָט זיך געריסן צו זיין ווינקל ווי צו אַ „חזקה". איך האָב אויך אויס־געזוכט מיין באַקאַנטע פאַמיליע און ווידער זיך צוגעלייגט בשכנות. דאָס קראַנקע מיידל מיטן פּנים פון אַ זקנה האָט מוראדיק געקרעכצט. די ביינאַכטיקע „וואַנדע־רונג" איבער די קאָרידאָרן פון וואָקזאַל האָט זי דערשלאָגן און איר פּנים האָט באַקומען אַ מאָדנעם גרינעם קאָליר. זי האָט אינגאַנצן געשווידערט און ס׳האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

— גייט אַריין מיט איר אין אַמבולאַטאָריע! — זאָג איך דעם שכן.

— ס׳איז נאָך געשלאָסן. שפּעטער וועלן מיר טאַקע אַהין גיין.

און די אַלטע פרוי זיינע קרעכצט:

— אַן אומגליק מיט איר. אַן אומגליק.

זי זוכט אויס נאָך עפּעס אַ שמאַטע, עפּעס אַן אַלטן בגד, און וואַרפט אַרויף אויף דער קראַנקער.

געשלאָפן בין איך שוין נישט. כ׳בין נאָר געלעגן און זיך צוגעקוקט צום יידישן אומגליק. וואָס עס איז געוואָרן פון יידיש לעבן. אָרעם לעבן, אָבער דאָך לעבן. און ווי איז עס איצט ד אָ ר ט ן? דאָרטן, אויף דער פּוילישער ערד? דאָרטן, ווו די דייטשן ווילדעוועןן שוין אַזוי לאַנג? וואָס איז געוואָרן פון יענע יידן? פון די יידן אין וואַרשע? פון מיינע היימישע?... ווער ווייס? ווער ווייס? יענע זענען דאָך נישט אַנטלאָפן פון רוצח. זיי זענען דאָך געבליבן אויף די ערטער. וואָס־זשע געשעט איצטער ד אָ ר ט ן? — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

***

געשען אַ נס און דער פראָסט האָט געפּלאַצט. מיטאָג־צייט איז שוין געוואָרן לינד, און כ׳האָב זיך גאַנץ געמיטלעך געלאָזט שפּאַצירן איבער דער שטאָט. איך קריך דורך גאַסן און געסלעך. ערשט איצט קאָן איך זיך אַרומקוקן, באַטראַכטן. בלייב איך שטיין אַ היפּשע ווײַלע ביי דער מאַסיווער שיינער געביידע פון דער אָפּערע א"נ פון קיראָוו אין סאַמע צענטער שטאָט. גוט כאָטש וואָס מען פאַרגעסט

דאָ נישט אָן דער קונסט. איז פאַראַן כאָטש אַ ווינקל, ווו מען קאָן געפינען אין די צרות אַ ביסל פאַרגעסנקייט פאַר דער נשמה.

איך קום צו דורך נידעריקערע גאַסן צו דער וואָלגע.

אַ הערלעך בילד. די וואָלגע איז דאָ זייער ברייט. אַ גרויסער האָפן מיט אַ סך פאַראַנקערטע דאַמפּערס און באַרזשעס. איך דריי זיך אום לענג אויס דעם ברעג און קאָן זיך נישט זאַט אָנקוקן. אַ היפּשע באַוועגונג פון מענטשן. אַ סך מיליטער־לייט. מען קומט צו פאָרן, מען פאָר אַוועק. סירענעס פּייפן. דאַמפּערס לאָזן וואָלקנס רויך אין דער לופטן.

איך שפּאַציר אַרום און קוויק זיך מיט דער פרייהייט. ווי גוט עס איז צו זיין פריי. נאָר יענער קאָן די פרייהייט אַזוי שטאַרק, אַזוי טיף פילן, ווער עס האָט זי אַמאָל פאַרלוירן. ווער עס האָט שוין פאַרבראַכט הינטער קראַטן, הינטער דראָט־פאַרצוימונגען... יעדער שפּאַן אויף דער ערד איז דיר ליב. יעדע פרייע באַוועגונג, וואָס דו מאַכסט אַליין, אָן עמיצנס קאָמאַנדע, ברענגט דיר נחת־רוח.

גיי איך אום פראַנק און פריי הין און צוריק — ווי עס גלוסט זיך מיר נאָר — און אָטעם טיף אַריין די פרישע לופט פונעם לינדן שניי־טאָג. איך קוק צום רחבותדיקן טייך — צו דער פיל־באַזונגענער „מאַמע־וואָלגע", צו אירע וואַסערן, וואָס שטראָמען פריי אין זייער וועג, און איך פיל אויך די פרייהייט...

גאָט! ווי גוט עס איז צו זיין פריי. וועלכער טייוול האָט עס אויסגעטראַכט די בייטש איבער מענטשן? — — — — —

איך גיי אַלץ מיטן ברעג, פול מיט תענוג. דער שניי זינגט אונטער מיינע טריט. מיינע דערהויבענע רגעס אויף דער פריי...

ערשט פאַרנאַכט בין איך צוריקגעגאַנגען פון דער וואָלגע. איצט גיי איך שוין העכער, באַרג־אַרויף. איך קער זיך אום צוריק צו דער גרויער שווערער וואָכע־דיקייט.

אויף איינער אַ שמאָל געסל זע איך נעבן אַ געוועלבל אַן „אָטשערעד".

— וואָס פאַרקויפט מען דאָ?

— ברויט.

— אויף „קאַרטאָטשקעס"?

— ניין, „קאָמערטשעסקי".

„קאָמערטשעסקי" ברויט פאַרקויפט מען נישט שטענדיק, נאָר ווען עס איז פאַראַן אַ גענוגנדיקער מעל־רעזערוו. אַזאַ ברויט קאָסט פיל טייערער ווי אויף די „קאַרטאָטשקעס". מילא, זאָל זיין טייערער. אַבי מ'קריגט ברויט. שטעל איך זיך אויך אין דער ריי. דויערט אַ ביסל, אָבער עס האָט געלוינט: געקויפט אַ 2־קילאָ־דיק ברויטל.

האָב איך שוין, הייסט עס, „צידה לדרך". מיט מער הייטערקייט לאָז איך זיך צוריק צום וואָקזאַל, — אָבער שוין נישט צום וואַרט־זאַל, צו דער פּאָדלאָגע מיט די ייִדישע פּליטים, נאָר צום צוג, וואָס דאַרף מיך פירן ווייטער אין מיין ריכטונג — קיין בוזולוק, צו דער פּוילישער אַרמיי.

## 3

# אין די פּוילישע באַראַקן

בוזולוק ליגט צווישן קויבישעוו און אָרענבורג (טשקאַלאָוו), וואָס געהערט שוין צו דרום־אוראַל. ס'איז אַ היפּשע ראַיאָן־שטאָט פון אָרענבורגער אָבלאַסט' (געגנט), אָבער פּראָווינציעל. אַ חוץ די עטלעכע הויפּט־גאַסן זעט אַלץ אויס קליינשטעטלדיק.

אויף די גאַסן זע איך זיך אומדרייען פּוילישע זעלנער. איך דערפרעג זיך צו דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ" — צום זאַמל־פּונקט פון די פּאָליאַקן, וואָס קומען אָן פון אַלע עקן רוסלאַנד, פון אַלע לאַגערן און „פּאָסיאָלקעס" (אַזוי־גערופענע פרייע פאַרשיקונגס־ערטער) אין דער פּוילישער אַרמיי.

ס'איז שוין אָוונט. אַ קאַלטער אָוונט. איך קריך דורך בלאָטיקע הינטער־גאַסן. שניי אויסגעמישט מיט בלאָטע.

כ'קום לסוף אָן אין דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ". עטלעכע הילצערנע באַראַקן. די פּוילישע באַראַקן. כ'זוך אויס די קאַנצעלאַריע און מעלד זיך צו אַ מיליטערישן באַאַמטן מיט מיין לאַגער־פּאַפּירל. דער פּוילישער מונדירטער נעמט מיך אויף קאַלט. אין זיין קאַלטקייט דערשפּיר איך באַלד אַ „גרוס" פון פּוילן... אַזוי פּלעגט אין פּוילן אַ פּאָליאַק קוקן אויף אַ ייִד. ער זאָגט מיר לאַקאָניש:

— גייט אַריין אין באַראַק שלאָפן. מאָרגן פרי קומט אַריין.

גיי איך אַריין אין איינעם פון די באַראַקן. אַ געדראַנג פון מענטשן אויף פּריטשעס און אויף דער פּאָדלאָגע.

כ'זע אַ משונהדיק בילד:

אויף עטלעכע פּונקטן פון דער לאַנגער פּאָדלאָגע ברענען שייטערס און מענטשן האַלב־נאַקעטע זיצן אַרום די פייערן און רויכערן אויס די פּאַרלייזיקטע העמדער. די העמדער זענען טונקל, ברודיק — פון רויכערן אָדער פונעם לאַנגן טראָגן, פון שוויס און בלאָטע. מסתמא מחמתביידע סיבות. עס שוידערט מיך אויף: בררררר!

עולם ביי די שייטערס האַלט אין אַ געדיכטן שמועס. יעדער איינער דערציילט

פון זיין לאַגער, צי פון זיין „פּאָסיאָלאָק". די פנימער ביי אַלעמען פאַרווילדעט, אָפּגעלאָזן, לאַנג נישט געגאָלט; די קעפּ נישט געשוירן. איז מעגלעך, אַז די דאָזיקע קויטיקע מאַסע, די דאָזיקע שמוציקע באַשעפענישן, וואָס זענען דאָ אַלע אויס ווי איין קופּע מיסט, זאָלן נאָך באַקומען אַ מענטשלעך אויסזען? זאָלן זיך פאָרמירן אין אַן אָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט? אין אַן אַרמיי?

איך שטיי פון אַ זייט און הער זיך צו צו די שמועסן. עס זענען מיר שוין צופיל באַקאַנט די אַלע געשיכטעס און עס אינטערעסירט מיך נישט. איך טראַכט נאָר: ווי קומט מען אַדורך די נאַכט? ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק אַנגעטאָן אין שפּיטאָל מיינע דעזינפעקצירטע טראַנטעס און דאָ — ווידער די חזיריי, די לייז!

איך קוק זיך צו צו די פנימער — יידן זענען דאָ אין דער מינדערהייט. להיפּוך צו די לאַגערן, ווו יידן זענען געווען מער ווי פּאָליאַקן. אַ שטייגער, אין מיין לאַגער אין קאָמי. פּאָליאַקן זענען ס'רוב געווען אין „פּאָסיאָלקעס", ווייל מ'האָט זיי אין גרעסטן טייל פאַרשיקט צוזאַמען מיט די פאַמיליעס, און פאַמיליעס זענען געווען אין אַ „פריוווילעגירטערן" מצב.

איך זוך אַרום מיט די בליקן היימישע יידן פון מיין לאַגער און געפין נישט. ווו זענען זיי? פאַרוואָס זענען זיי דאָ נישטאָ? איך כאַפּ אַ שמועס מיט יידן, מיט דעם און מיט יענעם, און ס'ווערט מיר קלאָר, אַז די ערשטע טראַנספּאָרטן זענען שוין איינגעגלידערט אין דער אַרמיי, וואָס סטאַציאָנירט דער עיקר אין אַן אַנדער פּונקט — אין טאָצקאָיע. אַוודאי זענען מיינע לאַגער־ברידער אויך דאָרטן. דאָ אין די באַראַקן האַלט מען די מענטשן ביז איבער די מיליטערישע קאָמיסיעס. אָדער מען ווערט אָפּגעשיקט אין דער אַרמיי, אָדער מ'לאָזט אַרויס אויף גאָטס באַראָט: גיי ווו דיר געפעלט.

— ווי לאַנג זיצט איר שוין דאָ? — פרעג איך די יידן.

— ווי ווער. ווער 3 וואָכן, ווער 4 און מער. די קאָמיסיעס איילן זיך נישט. מ'האָט זיך נישט ווו אַהינצוטאָן מיט די מענטשן.

— איז ווי־זשע וואַלגערט מען זיך עס דאָ אין שמוץ?

— אַ ברירה האָט מען? קיינער האָט פאַר אונדז גאָרנישט צוגעגרייט.

עס ווערט מיר אַזש קאַלט פונעם בילד אינעם באַראַק. איך שמועס נאָך לאַנג מיט די יידן, מ' פרעגט זיך אויס קעגנזייטיק. יעדער איינער דערציילט „בלימלעך" פון זיין לאַגער. איינער שטייגט איבער דעם אַנדערן מיט זיין מאַקאַברישער מגילה פון צרות און פּיין. מגילות פון כלערליי לאַגערן, אָבער זיי זענען ענלעך איינע צו די אַנדערע, ווי טראָפּנס פון איין ים צרות. עס ווערן אָנגערופן לאַגערן פון אַלע עקן, פון אַלע רוסישע ווילדענישן: פון קאָמי, פון אַרכאַנגעלסקער געגנט, פון סיבירער טייגעס און אַזוי כסדר...

איך זוך מיר לסוף אויס ערגעץ אַ שטיקל פרייע פריטשע, באַקוק גוט די ברעטער, צי עס קריכט דאָרט נישט אַרום. אָבער גיי דערקען אין דער האַלב־טונקלקייט פון די באַראַקן. אין דער לופט איז אַ רויך־נעפּל פון די שייטערס. אויבן אין דאַך פון באַראַק זענען אַפילו פאַראַן לעכער, גרויסע לעכער, פון וואַנען דער רויך שפּאַרט אַרויס; אָבער עס בלייבט נאָך אין דער לופט גענוג רויך אויף צו שטיקן אין האַלדז, אין די לונגען... הערט מען טאַקע פון אַלע זייטן אַ הוסטעניש אויף די נאַרעס: „קכע־קכע־קכע!" טייל הוסטערס פאַרענדיקן דאָס פאַרהוסטן זיך מיט אַ כעסעדיקן: „פּשיאַ קרעוו!" (הינטיש בלוט!).

צי דער „פּשיאַ קרעוו!" מיינט די אַלע, וואָס ברענען די שייטערס און זענען גורם דעם רויך, צי בכלל דעם ביטערן, הינטישן גורל פון נע־ונד?

אָפּגעמוטשעט זיך אַ שלאָפלאָזע נאַכט אין די באַראַקן פון דער „פּוילישער אַרמיי". אַן „אַרמיי" מענטשן פון הפקר אויף האַרטע, שמוציקע פּריטשעס. קוים זיך דערוואַרט אויפן פרימאָרגן. כ'בין ווידער אין קאַנצעליאַריע.

דער מיליטערישער באַאַמטער דערקלערט מיר:

— יאַק פּאַן כצע. ווי איר ווילט. ווילט איר, רעגיסטריר איך אייך און איר בלייבט דאָ אין די באַראַקן. אָבער מען ווייס נישט ווי לאַנג די מענטשן וועלן זיך דאָ אַזוי וואַלגערן... די מיליטערישע קאָשאַרן אין טאָצקאָיע זענען שרעקלעך אי־בערפולט. איך ראָט אייך — פאָרט בעסער קיין טאַשקענט. אויך דאָרטן פאָרמירט זיך די פּוילישע אַרמיי. דאָרט אויף דרום איז וואַרעם.

איך ווייס נישט קלאָר זיין כוונה ביים געבן מיר די עצה טובה: טאַשקענט. צי גיט ער אויך פּאָליאַקן די זעלבע עצה? אָדער נאָר יידן?... אַזוי צי אַנדערש — עס רעדט צו מיין שכל הישר זיין לעצטער אַרגומענט: „דאָרט איז וואַרעם". ווי אַ כישוף־וואָרט האָט פאַר מיר געקלונגען: טאַשקענט! עס איז מיר באַלד אַדורך אַן אַסאָציאַציע: „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט"...*)

— גוט! — זאָג איך אָן וואַקלענישן, — איך פאָר קיין טאַשקענט.

— פּראָשען פּאַנאַ, ס'איז גלייכער אַזוי. מיר ראָטן איצטער אַלע געקומענע צו פאָרן אַהין.

— אָבער ווי קומט מען אַהין?

— גייט אויפן וואָקזאַל. וואַרט דאָרטן. עס פאָרמירט זיך אַ פּוילישער עשאַלאָן.

— דאָסקאָנאַלע! (אויסגעצייכנט!).

ער גיט מיר צוריק מיין לאַגער־פּאַפּיר, האָט מיר אויך באַפוילן אַרויסצוגעבן

---

*) נאָמען פון אַ ווערק פון סאָוועטישן שרייבער אַלעקסאַנדער ניעווערָאָוו.

אַ „פייקע״ ברויט — און כ׳האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט די פוילישע באַראַקן. כ׳בין גלייך אַוועק צום וואָקזאַל.

**
*

אין וואַרט־זאַל — אַ באַלאַגערונג פון פּוילישע. ס׳איז פול געפּאַקט. עס ראַ־יעט ממש פון מענטשן. פאַראַן דאָ אַ סך פאַמיליעס מיט קינדער. פאַמיליעס, וואָס זענען געקומען פון די „פּאָסיאָלקעס״. דאָ זעט מען שוין דאָס רוב ייִדן. זיי דער־ציילן מיר, אַז אויך זיי האָט מען אויף דער „סטאַציאָ זבאָרנאַ״ געעצהט צו פאָרן קיין טאַשקענט. יענע ייִדן, וועלכע זענען געווען פון די ערשטע, זענען טאַקע גלייך אַריין אין דער פּוילישער אַרמיי. הייסט עס, אַז צוליב מיין קראַנקייט געהער איך צו די פאַרשפּעטיקטע. מילא, אויב דאָס וועט מיר באַשערט זיין, וועט עס נאָך קומען. נישטאָ דערווייל וואָס צו באַדויערן די שמוציקע באַראַקן מיטן רויך אין קעלט.

איך טרעף דאָ אויך אַ היימישן: אַ ייִדישן אַקטיאָר פון וואַרשע — וואָלפאָ־וויטש. אַ פּלימעניק פון מיינעם אַ „מאָמענט״־קאָלעגע, ברוין, און מיר האַלטן זיך שוין צוזאַמען.

אַ פּאָר טעג וואַלגערט מען זיך אין וואָקזאַל אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. דער וואָקזאַל ווערט ענגער פון אַ צוגעקומענעם עולם פּוילישע. בייטאָג קריכט מען אַרום איבער דער שטאָט, מ׳זוכט „סטאָלאָוועקעס״, ווו זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ; ביינאַכט קומט מען נעכטיקן אויפן וואָקזאַל. די ענגשאַפט איז אַ געוואַלטיקע. מ׳ליגט אויף דער פּאָדלאָגע צונויפגעדריקט ווי די הערינג אין אַ פאַס; מ׳ליגט אין די קאָרידאָרן, אין די פאַרשיידענע דורכגענג.

זיך לסוף דערוואַרט. איין טאָג איז מען מודיע דעם עולם, אַז דער עשאַלאָן איז שוין דאָ. ער שטייט שוין גרייט אויף דער סטאַנציע. מענטשן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צו די וואַגאָנעס פאַרכאַפּן ערטער. עס האָט געקלעקט פאַר אַלעמען. דער עשאַלאָן איז געגנוג לאַנג. ער האָט אַלעמען אויפגענומען. נישט געווען אַזאַ רחבות אינעווייניק. די זעלבע „טיעפּלושקעס״, אין וועלכע מ׳פירט אויך אַרעס־טאַנטן אין לאַגער. אויף די פּריטשעס איז געווען גענוג ענג, — אַבי אָבער מ׳איז שוין אינעווייניק, אַבי מ׳האָט אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ. זאָל עס זיין אַ וואַ־גאָן־דאַך.

דער עשאַלאָן איז געשטאַנען נאָך אַ גאַנצן טאָג. מ׳האָט נאָך געהאַלטן אַלץ אין אַריינשטופּן אינעווייניק די צוגעקומענע פּוילישע.

מיר ווערן געוווּיר, אַז דער קאָמענדאַנט פון אונדזער עשאַלאָן איז אַ באַקאַנטע פּוילישע פיגור — דער געוו׳ מיניסטער יאַן פּילסודסקי, טאַקע אַ ברודער פון

פּוילנס פאַרשטאָרבענעם מאַרשאַלעק יוזעף פּילסודסקי. יאַן פּילסודסקי, שוין אַ זקן, אָבער מיט אַ גוטן יונגן אויסזען, אַ הויכער, אַ דאַרער — דרייט זיך אום לעבן אויס די וואַגאָנעס באַגלייט פון אַ פּאָר פּוילישע אָפיצירן. מיר דערפילן זיך זיכערער: פּאָרט אונטער דער לייטונג און שוץ פון אַ היימישער פּערזענלעכקייט. מ׳איז, דוכט, שוין נישט אַזוי הפקר...

בעת דער גאַנצער עולם איז שוין געווען אין די וואַגאָנעס, האָט מען אַרויס־געגעבן איטלעכן אַ צוטיילונג שפּייז: ברויט, קאָנסערוון, צוקער. מענטשן ווערן הייטערער: פאַראַן, הייסט עס, עמיצער, וואָס טראַכט וועגן אונדז; וואָס זאָרגט פאַר אונדז. מיר ווייסן נישט געננוי פון וועלכע קאַנאַלן דאָס קומט. מיט דער פאַרטיילונג פון שפּייז פאַרנעמען זיך די פּוילישע גופא, די סטאַראָסטעס פון די וואַגאָנעס. בכלל זעט מען נישט אין אונדזער גבול קיין שום רוסישע. אַ ריין־פּוילישער עשאַלאָן. בלויז דער לאָקאָמאָטיוו ווערט באַדינט פון סאָוועטישע מענטשן.

אין אונדזער וואַגאָן זענען קיין פאַמיליעס נישטאָ. בלויז איינזאַמע. ייִדן און פּאָליאַקן. פּאָליאַקן דאָס רוב עלטערע, שוין נישט אין מיליטער־עלטער. אַ ביסל אויך אינוואַלידן, קראַנקע און צעבראָכענע פון די לאַגערן. מענטשן מיט אָפּגעפרוירענע גלידער. אַ זכר פון די ווייטע צפונדיקע מקומות, פון די קעלטן און מוראדיקע פרעסט...

דער עשאַלאָן האָט מיט מזל גערירט אונטערן קלאַנג פון פּוילישע פּאַטריאָטישע לידער. דאָס האָבן זיך צעזונגען די פּאָליאַקן. די עלטסטע פון אונדזער וואַגאָן — אַ פּוילישער מונדירטער, אַ סערזשאַנט, און אַ „ציוויל״, זיין געהילף — האָבן געגעבן דעם טאָן. נאָכן ענדיקן איין ליד פלעגט איינער פון זיי פּאַרציִען אַ צווייטס און דער גאַנצער וואַגאָן פלעגט אונטערכאַפּן.

אויף די סטאַנציעס כאַפּן זיך מענטשן אַרויס פון די וואַגאָנעס. מ׳זוכט עפּעס קויפן צום קייען. דערביי באַגעגנט מען זיך מיט מענטשן פון אַנדערע וואַגאָנעס. אַזוי אַרום ווערט מען געוואָר, אַז אין די אַנדערע וואַגאָנעס האָט מען אויך אַרויס־געגעבן איטלעכן אַ געוויסע קלענערע געלט־שטיצע. ביי אונדז אָבער מאַכן זיך די אָנפירער פון וואַגאָן נישט וויסנדיק. אַז מ׳פרעגט זיי, גיבן זיי אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. עס ווערט באַלד באַשטעטיקט דער חשד, אַז דאָס באַקומענע געלט פאַרן וואַגאָן האָבן אונדזערע פּאָר עלטסטע פּשוט פאַרשיכורט אין שטאָט פאַרן אַרויספאָרן. אויך איצט, שוין פאָרנדיק, זענען זייערע שטימען נישט־נאַטירלעך, שיכורלעך. עס זאָגט מיר עמיצער פון די ייִדן, אַז עס וואָלט געלוינט צו גיין מיט אַן אָנקלאַגע צו יאַן פּילסודסקין. אָבער סוף־כל־סוף האָט קיינער קיין חשק נישט געהאַט צו פאַרפירן אַ דראַסטישע מחלוקת מיט די פאַרשויגען אויפן לאַנגן וועג. און אַזוי איז עס שוין געבליבן.

## אויף שליאַכן פון הפקר

אין די ערשטע פּאָר זאַטע טעג — מחמת די באַקומענע פּראָדוקטן פאַרן אַרויספאָרן — איז מען געווען גוט אויפגעלייגט. פון אַלע וואַגאָנעס האָט מען געהערט געזאַנג. אויך די גרופּע ייִדן אין אונדזער וואַגאָן האָט געמאַכט „שבת פאַר זיך" און געזונגען ייִדישע לידער. פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־זינגער איז געווען דער אַקטיאָר וואָלפאָוויטש. פון אים טאַקע האָב איך דאָס ערשטע מאָל געהערט די שיינע מעלאָדיע פונעם ליד אין סאָוועטישן פילם „איסטרעביטיעלי" („פאַרניכטלער"):

וו׳דאַליאָקי פוט׳ טאָוואַרישטש אוליעטאַיעט...

וואָלפאָוויטש האָט עס פאַר מיר געמוזט עטלעכע מאָל איבערחזרן — אַזוי איז מיר דאָס לידל געפעלן געוואָרן. אייגנטלעך נישט דער אינהאַלט פון ליד, — וואָרום וואָס זאָגט עס מיר? — נאָר זיין מעלאָדיע. שפּעטער האָב איך עס אַפילו איבערגעזעצט אין ייִדיש:

אין ווייטן וועג מיין חבר איז געפלויגן,
עס שוועבן ווינטן היימישע נאָך אים.
די שטאָט געליבטע שווינדס, מיט רויך פאַרצויגן, —
ס׳באַקאַנטע הויז, דער גרינער סאָד, די צאַרטע שטים.

עס וועט מיין חבר דורכגיין אַלע קריגן,
אָן רגע שלאָף, אָן שטילער רו ביינאַכט.
דו שטאָט געליבטע, מעגסט זיך רויק ליגן
און טרוימען זען און גרינען שטיל אין פרילינגס־פּראַכט.

ווען ס׳וועט מיין חבר קומען פון די וועגן,
דאַן פליען ווינטן היימישע מיט אים.
די שטאָט געליבטע שמייכלען וועט אַנטקעגן, —
ס׳באַקאַנטע הויז, דער גרינער סאָד, די צאַרטע שטים.

כ׳פלעג פאַר זיך אַליין אָפט זינגען דעם דאָזיקן מאָטיוו. וויפל שיינקייט, וויפל סענטימענטאַלע זיסקייט האָבן בכלל די רוסישע ניגונים. ווי ווייניק האַרמאָנירט די רוסישע מוזיק מיט דעם שווערן, האַרטן לעבן אין היינטיקן רוסלאַנד...

נאָך די ערשטע פאָר זאַטע טעג האָט זיך אָנגעהויבן — דער הונגער! קיין צוטיילונגען האָט מען שוין מער נישט באַקומען. ווער עס האָט געהאַט עפּעס געלט, פלעגט אויף די סטאַנציעס אַראָפּלויפן זוכן וואָס צו קויפן. אַלץ איז געווען אַזוי טייער און נישט צוגענגלעך פאַר אונדזער בראָדיאַגישן עולם. מיר איז זייער שטאַרק

צונויף געקומען די פּאָר הונדערט רובל, געבליבענע פון לאַגער, און כ׳פלעג זיך ראַטעווען דערמיט.

אונדזער פירער פון עשאַלאָן, יאַן פּילסודסקי, פּלעגט צוזאַמען מיט זיינע געהילפן פּרווון אויף די סטאַנציעס אינטערווענירן ביי דער מיליץ אָדער „נ. ק. וו. ד.״ וועגן פּראָדוקטן פאַרן הונגעריקן עולם. בפרט, אַז מיט אונדז זענען אויך געפאָרן פרויען און קינדער. אָבער אין וועג האָט מען פאַר אונדז גאָרנישט צו־געגרייט. קיינער האָט דערפאַר נישט געזאָרגט.

אַ שטיקל אויסנאַם איז געווען אַקטיובינסק, אין קאַזאַכסטאַן. דאָרט איז אונ־דזער עשאַלאָן געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט. מ׳האָט אויסגעפּועלט, אַז דער „לאַראָק״ (געוועלבל) ביי דער סטאַנציע זאָל אונדז פאַרקויפן „קאָמערטשעסקי״ ברויט. פאַר יעדן איינעם צו איין קילאָ. עס האָט זיך באַלד געשאַפן אַ קילאָמעטערדיקע ריי צום „לאַראָק״. מ׳איז דאָרט אָפּגעשטאַנען גאַנצענע שעהן.

שטייענדיק אין דער ריי האָב איך זיך צוגעהערט צו די פיינע „דרשות״ פון אונדזערע „ראָדאַקעס״־פּאָליאַקן אויפן חשבון פון ייִדן.

שוין לאַנג עס נישט געהערט. עס הויבט זיך שוין אָן די חזיריי... אין די לאַגערן האָבן אַלע פּוילישע בירגער — ייִד צי פּאָליאַק — צוזאַמען געקרעכצט אין שווערן ביטערן יאָך. די פּאָליאַקן איז דאַמאָלס נישט געקראָכן אין קאָפּ צו טשעפּען זיך צו ייִדן; איצט אָבער, באַך דער אַמנעסטיע, בעת עס בלאָזן שוין נייע ווינטן; בעת מ׳רעדט ווידער וועגן פּוילן, וועגן אַ פּוילישער אַרמיי, — קריגן די פּוילישע אַנטיסעמיטן ווידער לשון און מען האַלט אין איין ריידן וועגן ייִדן.

איינער אין דער ריי דערציילט, אַז ער האָט אַליין מיט זיינע אייגענע אויגן געזען אין לעמבערג, אין 1939, ווי ייִדן זענען אומגעגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס און אָראָפּגעריסן די שליפעס פון פּוילישע אָפיצירן.

אַ צווייטער דערציילט, אַז ביים אַרעסטירן די פּאָליאַקן זענען מיטגעגאַנגען ייִדן, וועלכע האָבן אָנגעוויזן דער „נ. ק. וו. ד.״.

— מסתמא זענען דאָס געווען קאָמוניסטישע אַגענטן, — באַמערקט אַ ייִד אין דער ריי. — געווען אויך פּאָליאַקן־קאָמוניסטן.

— אַלע ייִדן זענען קאָמוניסטישע אַגענטן, — רופט זיך אָפּ דער זעלבער פּאָליאַק, פול מיט גיפט אין דער שטים.

— איר וואָלט זיך געמעגט שעמען אַזוי צו ריידן! — מישט זיך אַריין אַן אַנדער ייִד. — איר זענט נאָך נישט אין פּוילן.

— נישקשה, — ענטפערט דער פּאָליאַק, — מיר וועלן נאָך זיין אין פּוילן און וועלן עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

— אָט לאָזט אים בילן, דעם כלב! — וואַרפט אַריין אַן אַנדער ייִד אין ייִדיש.

— ער איז אַזוי זיכער, אַז ער וועט זיין אין פוילן. אפשר וועט ער גאָרנישט דער־לעבן, דער שונא־ישראל.

אָט אַזאַ רעפּליק האָט מען געהערט אין דער לאַנגער ריי אין אָקטיוביבינסק ביי דער סטאַנציע. עס זענען געשטאַנען אין דער ריי ייִדן מיט פּאָליאַקן נאָכן זעלבן אָרעמען קילאָ ברויט; אָבער וואָס פאַר אַ וואַנט פון פרעמדקייט און שנאה איז שוין געווען צווישן זיי!

דער קילאָ ברויט האָט אויף לאַנג נישט געקלעקט און אויף יעדער סטאַנציע האָט אונדזער עולם געזוכט, געגנישטערט.

קיין ברויט אין די וואַגאָנעס איז טאַקע ס׳רוב נישט געווען; דערפאַר האָט אָבער נישט געפעלט ביי די פּאָליאַקן קיין פרומקייט און פּאַטריאָטיזם. אַזוי ווי ס׳האָט זיי אויך נישט געפעלט קיין ייִדן־שנאה. יעדן אָוונט פלעגט דער עלטסטער אין אונדזער וואַגאָן — ווי אין אַלע אַנדערע וואַגאָנעס — געבן אַ קאָמענדע צו דער „מאָדליטוווע” (געבעט) און דער גאַנצער עולם פּאָליאַקן פלעגט זיך צעזינגען:

וושיסטקיע נאַשע דזיענגע ספּראַווי
פּשים ליטאָשניע באָזשע פּראַווי...

נאָך דעם אָוונט־געבעט פלעגט קומען מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַס „ראָטאַ”:

ניע דאַמי זיעמי סקאָנד נאַש רוד...

— — — — — — — — — — — — — — — —

פון אַלע וואַגאָנעס האָט זיך געטראָגן דער געזאַנג. געטראָגן זיך אין די נאַכטיקע פוסטע סטעפּעס פון די קאַזאַכסטאַנישע מדבריותן.

בעתן זינגען האָט אויף דער ייִדישער פריטשע, צווישן ייִדישן געזעמל, גע־הערשט אַ דרך־ארצדיקע שטילקייט. אַז די פּאָליאַקן האָבן געענדיקט און זיך ווידער גענומען צו זייער וואָכעדיקן שמועס, האָט זיך אַ שטעל אויף געטאָן דער עלטסטער פון צווישן די ייִדן, דער וואַרשעווער, און אויסגערופן:

— ייִדן! איצט איז אַ יושר גדול, אַז זיי זאָלן אונדז הערן. לאָמיר זשע דאַוו־נען מעריב...

און ער הייבט גלייך אָן:

— והוא רחום...

און כמעט אַלע ייִדן, פרום צי נישט פרום, האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער פריטשע און אונטערגעכאַפּט:

— והוא רחום יכפּר עוון...

די פּאָליאַקן האָבן זייער שמועס נישט איבערגעריסן, אַזוי ווי פריער די ייִדן; אדרבה, זיי האָבן זיך נאָך געוויצלט איבער די דאַווענדיקע ייִדן.

# 4

# דער לאַנגער וועג

דער וועג האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג. מיר זענען אַריינגעפאָרן אין אַן אמתן מדבר. פּוסטע פעלדער, אָן אַ בוימל, אָן אַ גרין גרעזל. גרויער, טרוקענער מדבר. זעלטן האָט זיך געוויזן אַ דערפל — אַן אָרעם דערפל מיט ליימיקע קיביטקעס. ברייט־פּנימדיקע קאַזאַכן און קאַזאַכקעס האָבן פאַרגאַפט נאָכגעקוקט אונדזער עשאַלאָן. אַלע, סיי מאַנסבילן, סיי ווייבער, טראָגן וואַרעמע היטלען מיט „נאַאושניקעס" (אויערן־שיצער). ס'איז נאָך קאַלט. פון די סטעפּעס טרייבט אַריין אַ קעלט אין די וואַגאָנעס און נעמט דורך די ביינער. ווען וועט שוין ווערן וואַרעמער? אונדזער עשאַלאָן שניידט זיך דאָך אַלץ ווייטער אויף דרום. עס מוז דאָך ווערן וואַרעמער. און נישט נאָר וואַרעמער. מסתמא וועלן מיר אויך קריגן ברויט: מיר פאָרן דאָך קיין טאַשקענט — צו דער „שטאָט פון ברויט"...

עס דערמאָנט זיך מיר די וואָרענונג פון די רוסישע „זע־קאַ" (פאַרשלאָסענע), בעת מיר האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער: „פרייט אייך נישט אַזוי מיט דער פרייהייט. איר וועט אַרומלויפן זוכן אַ שטיקל ברויט און נישט געפינען"... זעט טאַקע אויס, אַז זיי האָבן געוווּסט וואָס זיי ריידן.

אויף די סטאַנציעס מסחרט מען מיט די קאַזאַכן. זיי דרייען זיך אום מיט „לעפּיאָשקעס" (פלעצלעך) און ווילן עס טוישן אויף זאַכן: אויף הויזן, אויף העמדער, אויף שיך אָדער אויף טיי. פאַר קיין געלט ווילן זיי נישט פאַרקויפן. אָבער זעלטן ווער פון אונדזער עולם האָט עפּעס אָוועקצוגעבן פון זיך. סיידן די, וואָס קומען פון „פּאָסיאָלקעס". טייל פון זיי געפינען נאָך אויס עפּעס אַ „שמאַכטע" פאַר „לעפּיאָשקעס".

אויף די גרעסערע סטאַנציעס האָבן אונדזערע עלטסטע פון עשאַלאָן כסדר אינטערווענירט ביי דער מאַכט וועגן ברויט, וועגן אַ זופּקע פאַר די אויסגעהונגערטע מענטשן. זייער זעלטן איז עס געלונגען. אין טייל וואַגאָנעס זענען געווען קראַנקע פון פלאַגעניש, הונגער און דערשעפּונג. געווען אַפילו אַ טויט־פאַל. ביי איין פאַמיליע איז געשטאָרבן אַ קינד. אַ יידיש קינד. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק צווישן עולם. יידן האָבן „אימפּראָוויזירט" אַ לוויה אויף אַ סטעפּ נעבן אייזנבאַן־וועג. געוויין פון פרויען. די מוטער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון אַנגעשאַטענעם פרישן קבֿרל... קריסטן האָבן זיך אַזש געצלמט: „יעזוס מאַריאַ, מ'פירט אונדז נאַ פּאָהיבעל"...

און צו טאַשקענט איז נאָך וויַט, זייער ווייט.

אויף דער סטאַנציע טורקעסטאַן איז מען לאַנג געשטאַנען. אַ גאַנצן טאָג כמעט. אונדזערע עלטסטע זענען אומגעגאַנגען איבערן פעראָן זייער דענערווירט. מ׳האָט גערעדט מיט דער באַן־מיליץ. דער בופעט פון וואָקזאַל האָט נישט געקאָנט צושטעלן וואַרעם געקעכץ פאַר אַזאַ גרויסן עשאַלאָן. נאָך לאַנגע גערייעדערייען האָט מען אויסגעפועלט אַ צוטיילונג פון ברויט צו „קאָמערטשעסקי״ פרייזן; אָבער קוים אויף איין טאָג.

פון טורקעסטאַן האָט יאַן פּילסודסקי אָוועקגעשיקט אַן אַליאַרמירנדיקע טעלעגראַמע צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע וועגן הילף פאַרן עשאַלאָן. ס׳איז געווען אַ „ס. אָ. ס.״־געשריי: אַ גאַנצער עשאַלאָן מיט פּוילישע בירגער פאַרט אויף גאָטס באַראָט, אָן הילף, אָן שפּייז. פאַראַן קראַנקע, טויט־פאַלן.

ערשט אין פיל טעג אַרום, אויף דער גרויסער קנופּן־סטאַנציע אַריס, האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן אַ וואַרעמען „שטשי״ (באַרשטש). מ׳האָט געבראַכט דאָס געקעכטס אין עמערס אין די וואַגאָנעס אַריין. אויפן אַריסער וואָקזאַל האָט אויך געקלעקט „קיפּיאַטאָק״ פאַר אַלעמען — אַזוי אַז מ׳האָט זיך אַ ביסל דערוואַרעמט די איינגעשרומפּענע געדערים.

דאָ האָט מען שוין דערשפּירט די גרויסע ענדערונג אין דער טעמפּעראַטור. אין צענטראַל־רוסלאַנד האָבן מיר שוין געכאַפּט יענעם ציטער פון די קעלטן און פרעסט; אויך אין אָנהייב קאַזאַכסטאַן האָבן אונדז באַגלייט די קעלטן, און דאָ, אין אַריס — אַזאַ ליבע וואַרעמקייט. די זון שיינט אַזוי מחיהדיק. דער הימל אַזוי דורכזיכטיק און בלוי. אמתער פרילינג. דער עולם האָט זיך אַרויסגעשאָטן פון די וואַגאָנעס און מ׳האָט זיך צעשפּרייט אויפן פרייען פּלאַץ דערנעבן. כמעט אַלע האָבן זיך גענומען צו אַ דרינגענדיקער אַרבעט: מ׳האָט אויסגעטאָן די העמדער און זיך גענומען לויזן... דורך דער צייט איז מען שוין אין די וואַגאָנעס — תמיד אין די קליידער און דיזעלבע וועש אויף זיך — היפּש פאַראומרייניקט געוואָרן. דאָס האָבן געטאָן כמעט אַלע און איינער האָט זיך נישט געשעמט פאַרן אַנדערן. מ׳האָט זיך אויך נישט זשעניִרט פאַר קיינעם ביים דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפעניש. לענג־אויס דעם עשאַלאָן, אונטער די וואַגאָנעס, האָבן זיך אויסגעזעצט גאַנצענע שערענגעס מאַנסבילן. פרויען האָבן „געמאַכט שבת פאַר זיך״ אונטער באַזונדערע וואַגאָנעס. און מ׳האָט געטאָן וואָס מ׳האָט געטאָן. קיין מחיצות צווישן די זיצנדיקע מענער און זיצנדיקע פרויען זענען דאָך נישט געווען. מ׳האָט לחלוטין פאַרלוירן די חרפּה אַפילו פאַרן צווייטן געשלעכט. די געמיינזאַמע צרות האָבן פאַרווישט די בושה. אין משך פון טאָג האָט עס אַייסגעזעצן אונטער די וואַגאָנעס ווי אַ לאַנגע, לאַנגע „אובאָרנאַיאַ״...

איך האָב זיך אומגעדרייט איבער די פיל שינעס פון דער גרויסער קנופּן־

סטאַנציע און באַמערקט, אַז די זעלביקע מענטשישע „סימנים" זענען צעזייט אויך לענג־אויס פון אַנדערע רעלסן. זעט־אויס, אַז אויך דאָ זענען שוין געשטאַנען עשאַלאָנען מיט פּליטים. אָדער נאָך ערגער: מיט „ספּעץ־פּערעסעלענצענס" (פאַר־שיקטע). איז דאָך רוסלאַנד דאָס קלאַסישע לאַנד פון אַזעלכענע עשאַלאָנען...

כ'וועך געוואָר אויף דער סטאַנציע, אַז פון אַריס ביז טאַשקענט איז שוין נישט ווייט: אַ פּאָר הונדערט קילאָמעטער סך־הכל. פון אַריס גייט אויך דער אייזנ־באַן־וועג צו דער רעזידענץ פון קאַזאַכסטאַן — אַלמאַ אַטאַ. דאָס איז דער „טורסיב" — טורקעסטאַנער־סיבירער אייזנבאַן־וועג. דורך אַלמאַ אַטאַ צו סעמי־פּאַלאַטינסק און נאָוואָסימבירסק. אין אַריס איז די באַוועגונג פון צוגן אַ גרויסע. די שינעס זענען פאַרנומען פון אָן אַ שיעור וואַגאָנעס, פון עשאַלאָנען. עס צי:ען משא־צוגן מיט תבואות, מיט אַמוניציע, מיט מיליטער. געזען אַפילו איין עשאַלאָן, גאָר נישט קיין קליינעם, מיט אַרעסטאַנטן. אַ טרויעריקע דערמאָנונג פאַר אונדז. דורך די קראַטן־פענצטערלעך האָבן אַרויסגעקוקט קעפּ, קעפּ, אַ סך קעפּ. אָן דעם, זעט אויס, גייט עס דאָ נישט...

אונדזער עשאַלאָן האָט געקרירט ערשט צומאָרגנס גאַנץ שפּעט אויפן פרי־מאָרגן. ער איז געקראָכן זייער לאַנגזאַם. אָפּט שטיין געבליבן און זיך פאַרהאַלטן לענגער אויף קליינע סטאַנציעס. מיר זענען שוין אין אוזבעקיסטאַן. דאָ איז שוין דער פּייזאַזש אַן אַנדערער ווי אין וויסטן קאַזאַכסטאַן. כאָטש די קישלאַקן (ישובים) זענען די זעלבע אָרעמע, נעבעכדיקע. אומעטום די קיביטקעס, די ליים־הייזלעך. ווו ווייס געקאַלכט, ווו געל, אָפּגעקראָכן, ווי דער קאָליר פון ליים. דערפאַר באַ־געגנט מען שוין אָפּטער אַ בוימל, אַ ווײנגאָרטן. אַ ביסל גרינס, וואָס גלעט דעם בליק. מען זעט דאָ אויף די ראַנדן פון וועג אויך סאַקסאַאולן — די נידעריקע אָבער געדיכט־צעצווייגטע פאַרהאַרטעוועטע, דאָס רוב נאַקעטעביימער. אַז מע־זעט פונדערווייטנס געקאַלכטע קיביטקעס, וואָס בלאַנקען מיט זייער ווייסקייט, מיינט מען אין פלוג, אַז דאָס זענען פּאַלאַצלעך; אָבער אַז מען דערנעענטערט זיך צו זיי, זעט מען זייער אָרעמקייט, זייער פּרימיטיווקייט.

די טיפּן, וואָס מיר זעען דאָ אויף די סטאַנציעס אויף די פעלדער, וואָס מיר פאָרן פאַרביי, זענען אַנדערע ווי אין קאַזאַכסטאַן. די זקנים מאַכן דעם איינדרוק פון יידיש־ביבלישע טיפּן. הדרת־פּנימדיק, מיט לאַנגע בערד, מיט טשאַלמען אויף די קעפּ. פרויען אין קאָלירטע קליידער. זעט מען אויך איינע און אַ צווייטע אין אַ ווייסער פאַראַנדזשאַ (שלייער) איבערן געזיכט. יונגע מיידלעך, וואָס טראָגן קרוגן וואַסער אויף די אַקסלען. די פרויען זענען שוואַרץ־אויגיק, מיט פיל דינע שוואַרצע פאַרפלאָכטענע צעפּלעך אויף די קעפּ. גאַנצענע בינטן צעפּלעך.

עס שמעקט דאָ מיט אַלטן מזרח.

כ׳בין זייער אינטריגירט און באמת זייער צופרידן, וואָס כ׳בין נישט געבליבן אין די קאַלטע שמוציקע פוילישע באַראַקן, אין ווינטערדיקן בוזולוק. דאָ איז דאָך אַזוי פיל זון, אַזוי פיל זון! און אָט באַלד שוין, באַלד שוין דערנענטערן מיר זיך צו טאַשקענט, צום זוניקן טאַשקענט, און דער עיקר — צו „דער שטאָט פון ברויט״...

נאָך פילמאָליקע פאַרהאַלטונגען אויפן וועג, ביי דער העכסטער שפּאַנונג פון אונדזער עולם, האָט זיך שפּעט ביינאַכט אונדזער עשאַלאָן דערנענטערט צו אַ גרויסער שטאָט מיט פיל פייערן. טאַשקענט! אין אונדזער וואַגאָן — ווי, זיכער, אין אַלע וואַגאָנעס — איז געוואָרן אַ בהלהדיקע באַוועגונג פון די מענטשן. אַלע האָבן זיך געריסן צו דער ברייט־פאַנאַנדערגעעפענטער וואַגאָן־טיר און אויבן צו די פענצטערלעך, כדי צו זען מיט די אייגענע אויגן ווי מיר דערנענטערן זיך צו דער לאַנג דערוואַרטער שטאָט. צו דער שטאָט, וווּ עס וואַרטן אויף אונדז פוילישע באַראַקן, אַ געוויסע שוץ און זאָרג און געוויס אויך — ברויט! ברויט און וואַרעם געקעכץ יעדן טאָג.

— טאַשקענט!

— טאַשקענט!

— מיר קומען אָן!

— וויפל פייערן! בלויע! רויטע!

עס קומט באַלד די גרויסע איבערראַשונג און די גרויסע אַנטוישונג פאַר אַלעמען:

ווי נאָר דער עשאַלאָן האָט זיך צוגעשאַרט צו טאַשקענט, האָט ער פאַרשנע־לערט זיין לויף און איז מיטן גאַנצן אימפּעט — צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צייט מיט אַזאַ אימפּעט — פאַרבייגעלאָפן די שטאָט, דורכשניידנדיק דעם דעבאַר־קאַדער פון וואָקזאַל און לויפנדיק ווייטער אָן אָפּהאַלט גאָר, אַזוי ווי אַן עקספּרעס־צוג פאַרביי אַ קליינער, אומבאַדייטנדיקער סטאַנציעלע.

אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ גערודער. פון אַלע זייטן טראָגן זיך אויפגערעגטע שטימען:

— מ׳האָט אונדז אָפּגענאַרט!

— ווער ווייס וווהין מען פירט אונדז.

— אפשר ווידער אין אַ „פּאָסיאָלאָק״? צי גאָר אין אַ לאַגער?...

אַזוי איז אַדורך אַ נאַכט אין דענערווירונג, אין גערעדערייען. ס׳האָט קיינעם קיין שלאָף נישט גענומען. דער עשאַלאָן איז דורך דער נאַכט עטלעכע מאָל שטיק געבליבן ביי קליינע סטאַנציעס. לאַנג האָט ער זיך נישט פאַרהאַלטן און איז ווייטער געפאָרן.

— וווהין פירט מען אונדז?

אבֿרהם זאַק

— וווהין?

קיינער אויף די סטאַנציעס האָט נישט געקאָנט געבן קיין קלאָרן ענטפער.

אויף אַ גרעסערער סטאַנציע — אין סאַמאַרקאַנד — זענען אונדזערע עלטסטע געגאַנגען צו דער מאַכט אויפן וואָקזאַל. מ׳איז געגאַנגען וועגן שפּייז און — דער עיקר — געוואָר ווערן וווהין מען פירט אונדז. יאַן פּילסודסקי האָט איינגעטענהט מיט די „נ. ק. וו. ד.״יסטן און יענע האָבן געענטפערט, אַז זיי ווייסן פון דעם עשאַלאָן; אַז דאָ אין סאַמאַרקאַנד איז קיין אָרט נישטאָ פאַר אונדז; אַז מיר דאַרפן פאָרן ווייטער; אַז מסתמא אין קערמינע וועט מען אונדז יאָ אויפנעמען.

האָט מען געטראָגן פון מויל צו מויל:

— קערמינע!

— קערמינע!

— זאָל שוין זיין קערמינע, אָבער אַ סוף זאָל עס נעמען!

אונדזער עולם האָט באַלאַגערט אויפן וואָקזאַל די פענצטערלעך פון אַ „סטאָ־לאָווקע״ביים וואָקזאַל. טייל האָבן געקריגן קאַשע, טייל אַ זופּ, טייל — גאָרנישט. פאַר אַלעמען, פאַר אַזאַ מחנה הונגעריקע, האָט שוין נישט געקלעקט אין די קעסלען. די „גליקלעכע״ האָבן מיט זשעדנעקייט געשלונגען און די שלימזלים האָבן געשאָלטן, געזידלט זיך.

דער עשאַלאָן איז געשטאַנען אין סאַמאַרקאַנד אַ גאַנצן פאַרמיטאָג. אַ סך זענען אַוועק באַקוקן די אַלטע אַזיאַטישע שטאָט מיט אירע מעטשעטן. פאַר איינוועגס אַ נישטער געטאָן אויף די באַזאַרן, געזוכט וואָס צום עסן — ווער עס האָט נאָר געלט געהאַט...

דער עשאַלאָן איז אַוועק ווייטער אין וועג אַריין. ער איז שוין איצט געקראָכן מעשה־שטן פאַמעלעכער, האָט שווער געפּרייכט, גלייך ווי אויך ער וואָלט שוין געוועזן פאַרמאַטערט פון לאַנגן וועג און עס האָבן אים פאַרפעלט כוחות. זייער אָפט פלעגט ער גאָר שטיין בלייבן אויף גאַנצענע שעהן. גאָרנישט אויף קיין סטאַנ־ציע, נאָר אין מיטן סטעפּ, ווו מ׳האָט אַפילו קיין ביסל וואַסער צום טרינקען נישט געקאָנט געפינען. האָט דער עולם נישט געהאַט קיין אַנדער זאַך וואָס צו טאָן ווי נאָר אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים און זיך נעמען לויזן. די בושה איז דאָך שוין פאַרשוווּנדן — סיי ביי מאַנסביל, סיי ביי פרויען.

מיט אַ טאָג שפּעטער זענען מיר שוין געשטאַנען מיט מזל ביי דער סטאַנציע קערמינע. אונדזערע עלטסטע פון עשאַלאָן ריידן און טענהן אין זייער לאַנג מיט דער „נ.ק.וו.ד.״ אויפן וואָקזאַל.

אַ נייע אַנטוישונג: ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך אין קערמינע נעמט מען אונדז נישט אויף; אַז דערווייל זענען נאָך פאַר דער פּוילישער אַרמיי קיין באַראַקן נישטאָ;

אַז מיר דאַרפן פאָרן ווייטער ביז קאַגאַן. דאָרט וועט מען אונדז אויפנעמען. אַזוי דערקלערט מען אונדזערע עלטסטע.

אין די וואַגאָנעס איז די אויפרעגונג גרויס. עס טראָגן זיך קולות:

— בזדורי! (בבא־מעשיות!).

— נישטאָ קיין פוילישע באַראַקן! נישטאָ קיין פוילישע אַרמיי!

— מ׳האָט אונדז אָפּגענאַרט!

— מיר וועלן אַלע אויסשטאַרבן פון הונגער.

מ׳גיט איבער:

— יאַן פילסודסקי האָט ווידער געשיקט אַ דעפּעשע צו דער פוילישער אַמבאַסאַדע...

— עס וועט העלפן ווי אַ טויטן ווייִרויך. — הערט זיך אַ שטים.

אַ סך מענטשן, דער עיקר פאַמיליעס מיט קינדער, האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן פרייען פלאַץ נעבן פלאַנט.

— מיר רירן זיך ווייטער נישט. — שרייט איינע אַ פרוי אויף אַ היסטעריש קול. — זאָל מען טאָן מיט אונדז וואָס מען וויל.

אין איין וואַגאָן, ביי אַ פוילישער פאַמיליע, איז ווידער געשען אַ טויט־פאַל. ס׳איז אויסגעגאַנגען אַן עלטערע פרוי. קולות, געוויינען. ס׳איז צוגעקומען די מיליץ. שפּעטער זענען צוגעקומען סאַניטאַרן מיט אַ „נאָסילקע". מ׳האָט דעם טויטן קערפּער אַראָפּגענומען און ערגעץ אַוועקגעטראָגן. אַ גאַנצער געזעמל איז נאָכגעגאַנגען. ערגעץ אַן אַ זייט, אויף אַ פעלד, וועט מען דער טויטער טאָן איר רעכט. אַ טיפע דערשלאָגנקייט ביים עולם. די געפאַלנקייט נעמט אַרום יעדן איינציקן פון עשאַלאָן. יאַן פילסודסקי גייט אום הין און צוריק, לענג־אויס דעם צוג, רעדט מיט דעם און מיט יענעם, איז אַליין זייער דענערווירט און אומעטיק.

— פאַרפאַלן, נישטאָ קיין עצה. — זאָגט ער — מיר מוזן דערציִען ביז קאַגאַן. שוין נישט ווייט.

שפּעט אין אָוונט האָט אונדזער עשאַלאָן גערירט ווייטער אין וועג. אין מיטן נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין קזיל־טעפּע. דאָ בלייבן מיר שטיין אַ גאַנצע נאַכט.

אינדערפרי האָבן זיך די מענטשן אַרויסגעשאָטן אויף דער סטאַנציע. עס דרייען זיך דאָ אום אוזבעקן און אוזבעטשקעס. מ׳זוכט „לעפּיאָשקעס" צו קויפן. טייל אוזבעקן פאַרקויפן, טייל פאָדערן טיי פאַר „לעפּיאָשקעס".

— טשאַי באַר? (טיי איז פאַראַן?).

מ׳האָט זיך שוין אַפילו אויסגעלערנט זיי צו ענטפערן:

— טשאַי יאָק... (קיין טיי איז נישטאָ).

— טשאַי יאַק — לעפּיאָשקאַ יאַק... — האָבן די אוזבעקן געענטפערט.
אָדער:
— נאָן יאָק... (קיין ברויט איז נישטאָ).
טיי! טיי! גיב זיי טיי. ווו נעמט מען פּאַר זיי טיי?

אויך אין קזיל־טעפּע האָט מען געמוזט עמיצן מקבר זיין... שוין דער דריטער טויט אין אונדזער עשאַלאָן. דאָס מאָל איז עס ווידער געווען אַ יידישע לוויה. עפּעס איינער אַן עלטערער ייִד, אַ צעבראָכענער און קראַנקער פון לאַגער, האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך געזעגנט מיט דער זינדיקער וועלט... ער איז געווען אַליין, אַן עלנטער. מ׳האָט געבראַכט די מיליץ אין וואַגאָן. מ׳האָט געמאַכט אַן אַקט, צוגענומען זיינע פּאַפּירן, און די שכנים־יידן פון וואַגאָן האָבן אים אַוועקגעטראָגן אויף אַ נאָענטן פעלד, האַרט ביים אייזנבאַן, און מ׳האָט אים מקבר געווען אין דער פרעמדער אוזבעקישער ערד...

אין די רעדלעך אַרום עשאַלאָן האָט מען גערעדט:
— די גאַנצע מעשה מיט די פּוילישע באַראַקן איז אַ גרויסער בלאָף. איצט זעען מיר שוין.
— כ׳האָב מורא, אַז אין קאַגאַן וועט זיין דאָס זעלבע וואָס אין טאַשקענט.
— די מעשה מיט דער פּוילישער אַרמיי איז אויך אַ בלאָף.
ערשט איצט זענען אַלע „קלוג״ געוואָרן:
— טאַקע אַזוי, — קלערט איינער אויף, — ווי אַזוי האָט זיך עס אונדז גאָר געקאָנט לייגן אויפן שכל, אַז מען פירט אונדז אין דער אַרמיי — וויבאַלד, אַז צוזאַמען מיט אונדז האָט מען מיטגענומען פרויען און קינדער?
— ריכטיק ווי גאָלד.
— גערעכט!
— פאַרוואָס האָבן מיר אַלע געגלויבט?
— און אַז נישט אין דער אַרמיי, וואָלטן מיר דען נישט געפאָרן? — קלערט זיך אַן אַנדערער, — מיר האָבן געהאַט אַן אַנדער ברירה? מיר וואָלטן דאָך אומגעקומען אין בוזולוק פון די פרעסט. מ׳איז דאָך נאַקעט און באָרוועס.

לויט די „סימנים״ צווישן די שינעס, לענג־אויס דעם וואָקזאַל און ווייטער, זעט מען, אַז פאַר אונדז זענען שוין דאָ געשטאַנען אַנדערע עשאַלאָנען. אַזוי ווערן עס דאָ באַצייכנט די לאַנגע שליאַכן פון נע־ונד...

פון קזיל־טעפּע איז שוין דער וועג געווען נישט קיין לאַנגער. ס׳האָט שוין לאַנג נישט געדויערט. מ׳איז געפאָרן נאָר געציילטע שעהן.
אונדזער עשאַלאָן איז שטיין געבליבן ביי דער גרויסער קנופּן־סטאַנציע קאַגאַן.

# 5

## אין פּאַלאַץ פון די בוכאַרער עמירן

אויפן וואָקזאַל האָט באַלד געפּלאַצט די אילוזיע וועגן באַראַקן פאַר פּוילישע, וועגן דער פּוילישער אַרמיי. די „נ.ק.וו.ד." האָט, ווי אומעטום, אויפגעקלערט אונ־דזערע עלטסטע פון עשאַלאָן, אַז דערווייל איז נאָך נישט באַשטימט דאָס אָרט, וווּ עס וועלן אויפגענומען ווערן פּאַליאַקן פאַר דער פּוילישער אַרמיי; אַז בעת עס וועט שוין אַלץ צוגעגרייט ווערן, וועט מען אַלע פּוילישע בירגער געבן צו וויסן ווו זיי זאָלן בישט זיין. דערווייל דאַרפן אַלע גיין אין „עוואַקאָפּונקט" און פון דאָרטן בע־מען „נאַפּראַוולעניעס" אין קאָלכאָזן.

— זייט זיכער, בעת מ'וועט אייך דאַרפן, וועט מען אייך רופן. — האָט אַק־צענטירט דער „נ.ק.וו.ד."־אָפיציר.

די אַלע אויספרעגענישן האָבן קיין פּרטים נישט צוגעגעבן — אַזוי איז עס.

האָט זיך די מאַסע אויסגעגרוזעוועט פון די וואַגאָנעס און מ'האָט זיך אַוועק־געלאָזט אין „עוואַקאָפּונקט".

דער „עוואַקאָפּונקט" האָט זיך געפונען אין אַן עק שטאָט, אין אַ גאָרטן. אַ גאָרטן מיט ביימער אַלטע און יונגע, אָבער פאַרוואָרלאָזטע, טייל פאַרדאַרטע. אַ ריזיקע געמויערטע געביידע איז געשטאַנען אין צענטער. ברייטע פּראָנטאָנען פון צוויי זייטן מיט ברייטע שטיינערנע טרעפּ צו די אַריינגענג. אַלץ אַזוי מאַסיוו און פעסט. אינעווייניק ריזיקע חדרים און אַ סך קאָרידאָרן. דער דאָזיקער גרויסער בנין איז אַמאָל געווען דער פּאַלאַץ פון די בוכאַרער עמירן, וואָס די רוסישע צאַרן האָבן נאָך בשעתם פאַרטריבן. איצט איז די געביידע פאַרפלייצט פון פּליטים, פאַריאָגטע, פאַרוואָגלטע, צעזייטע פונעם גרויסן שטורעם...

עס איז שוין פול אינעווייניק — אין די ריזיקע חדרים, אין די קאָרידאָרן, אין די אַלע דורכגענג. שווער שוין צו געפינען אַ שטיקל ליידיק אָרט. ליגן די מענטשן אָנגעוואַלגערט אין גאָרטן, צווישן די אַרומגעפליקטע ביימער. ליגן אויף זייערע שמאַטעס און אָרעמע קלומיקעס. מ'ליגט גרופּעסווייז, משפּחהווייז, צונויפ־געדריקט, צונויפגעשטיקט. דאָס זענען אַלץ פּליטים פון פריִערדיקע עשאַלאָנען, האָבן זיי זיך מקדים געווען און פאַרכאַפּט די ערטער. אַזוי פיל מענטשן, אַזוי פיל פאַרוואָגלטע נפשות האָבן שוין דאָ אויסגעשפּיגן די עשאַלאָנען. אַלץ פּוילישע יידן, דאָ איז שוין די פּראָפּאָרץ צו פּאָליאַקן געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי אין מיין עשאַ־לאָן. דאָ זענען געווען לכל הפחות אַכציק פּראָצענט יידן. מאַנסבילן און פרויען, אַלט און יונג. פרויען זענען געווען אין דער מינדערהייט, ווייל דאָס רוב זענען

עס געווען די פּריוואַטליקע צו דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע מ׳האָט געשיקט פון בוזולוק ווייטער, ווייטער אויף דרום, צו די אַזיאַטישע רעפּובליקן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

איך ווייס נישט ווי דער פּלאַץ האָט אויסגעזען איידער די מאַסן זענען אַהער אָנגעקומען. די מאַסן פּליטים — אין טראַנטעס, אין לאַכעס, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פאַרשמוצט און פאַרלייזיקט... ווי קאָנען שוין דאָ אויסזען די ביימער, דאָס גראָז, ווען אַזאַ מאַסע צעלייגט זיך מיט די שמאַטעס, מיט די קראַנקע אברים פונעם נע־ונד און מיט די קראַנקע מאַגנס...

אין גאָרטן זענען פאַראַן עטלעכע אימפּראָוויזירטע ביידלעך. אַמאָל עפנט זיך דאָ אַ פענצטערל, דורך וואַנען מען גיט אַרויס אַ זופּקע, אָדער קליינע פּאַרציעס ברויט צו „קאָמערטשעסקי״ פּרייזן. עולם באַלאַגערט די ביידלעך ווי די פליגן. דערביי גייט עס נישט צו אָן קולות און געוואַלדן. ווער ווען עס האָט באַוואָלהט מיט דער „אָטשערעד״, אָדער צוליב אַנדערע סיבות. פון אונטער די ביימער בעטן זיך קראַנקע, וואָס זיי איז שווער צו גיין, מ׳זאָל פאַר זיי נעמען אַ ביסל וואַרעמס ביים פענצטערל:

— כ׳בעט אייך, דערבאַרימט אייך... נעמט פאַר מיר... נאָט אייך מיין קעסע־לע... כ׳האָב נישט קיין כוח...

אונטער אַן אַנדער בוים ליגט אַ שווער־קראַנקער, וואָס בעט זיך מ׳זאָל זיך באַמיִען, אַז מען זאָל אים איבערפירן אין אַ שפּיטאָל.

— ברידער־ייִדן... — בעט ער זיך — לאָזט מיך נישט אויסגיין...

איך ווער געוואָר, אַז מענטשן טוען שוין אין דער זאַך; אַז מען אינטערווענירט שוין פאַר דעם חולה מסוכן, כדי אים אָוועקצונעמען פונעם הפקר.

ווער עס האָט אַ פאַר רובל, לאָזט זיך אָוועק איבער דער שטאָט, צום באַזאַר.

איך דריי זיך אום איבער די גאַסן. אַ היפּשע שטאָט קאַגאַן. פאַראַן אויך איי־ראָפּעיִשע גאַסן, מיט אַ לייטישן אויסזען. אָבער פּראָווינציעל. פון סטאַנציע קאַגאַן גייען אָפּ צוגן אין פאַרשיידענע ריכטונגען: צו דער גרענעץ פון איראַן — דורך אַשכאַבאַד; קיין קראַסנאָוואָדסק — צום קאַספּישן ים; צו דער גרענעץ פון אַפגאַ־ניסטאַן, וואָס איז נישט זייער ווייט פון דאַנען. די באַפעלקערונג איז דאָ אַ געמישטע. דאָס רוב, פאַרשטייט זיך, אוזבעקן. עס וווינען דאָ אויך געגנוג רוסן, וואָס פאַרנעמען אַ סך אַמטן אין די אַלע צווייגן: אויף דער אייזנבאַן, פּאָסט, מוניציפּאַליטעט. אַ סברה, אַז די סאָוועטישע מאַכט פאַרלאָזט זיך נישט צופיל אויף די אוז־בעקן, וועלכע זענען נישט אַזאַ זיכערער עלעמענט... האָט דאָך ביז אין די דריי־סיקער יאָרן אָפּגעקאָסט אַ סך קרבנות ביז מ׳האָט די אומצופרידענע, האַרטנעקיקע

אוזבעקן קוים באַרויקט... איז גלייכער צו האָבן אין די דאָזיקע שטעט רוסן, וואָס מער רוסן אויף אַלע וויכטיקע אַמטן, און דערצו אייגענע, געטרייע מענטשן...

אויפן באַזאַר גיי איך אַריין אין אַ „סטאָלאָווקע" צו „כאַפּן" אַ זופּקע. ברויט איז אויף „קאַרטאָטשקעס". מען קאָן עס קריגן נאָר אויפן „שוואַרצן מאַרק". אויך אין „סטאָלאָווקע" וואַרפט זיך אין די אויגן אַ רוסישער עולם. פון דאָרטן גיי איך אַרויס זוכן „מציאות". געפּאַקט אַ „לעפּיאָשקע" און דערצו געקויפט נאָך אַ ביסל „קיש־מיש" (געטריקנטע ווייַנטרויבן) — אַ נאַציאָנאַלער אוזבעקישער מאכל. לאָז איך זיך ווילגיין און פאַרטרייב דעם הונגער מיט די זיסע דראָבנע געטריקנטע פּירהלעך.

מען קריגט דאָ אויך צו קויפן אויפן „טאָלקוטש" געניצטע מלבושים. היות ווי מייַנע לאַגער־הויזן זענען אַ „מאַזאַיִק" פון לאַטעס, לאַטעס פּיל־קאַליריקע, — פּונ־דעווע איך זיך פון מיין לעצט ביסל געלט אַ פּאָר הויזן. נישט גאָר קיין לייטישע, אָבער גאַנצע, פון אַ העלן ביליקן שטאָף. כ'באַצאָל פאַר זיי 40 רובל און אין מיין קאָסע ווערט כמעט ליידיק... איך צי די הויזן גלייך אַרויף אויף זיך, אויף די אַלטע, און פראַנטעווע שוין אין „ציווילע" הויזן. איך אַליין קוק שוין אויף זיך ווי אויף אַ שטיקל מענטש. ווען איך קאָן זיך נאָך פונדעווען אַ פּאָר שיך, אַ רעקל, וואָלט איך שוין אויסגעזען ווי אַ פאָלנער מענטש; אָבער וועגן דעם האָב איך אַפילו נישט געקאָנט חלומען.

אויף דער סטאַנציע ווער איך געוואָר, אַז בוכאַרע איז אינגאַנצן אַ 20 מינוט רייזע פון דאַנען; אַז עס קורסירט צווישן קאַגאַן און בוכאַרע אַן עקסטרע אונטער־שטאָטישע באַן, וואָס מ'רופט „בוכאַרקע". עס אינטריגירט מיך זייער די אַלטע בוכאַרע; אָבער כ'בין נאָך פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע רעגיסטראַציעס אין „עוואַ־קאָפּונקט" און לייג דערווייל אָפּ די נאָענטע נסיעה אַהין.

די פּוילישע זענען זיך צעקראָכן איבער דער שטאָט. אומעטום זעט מען זיי, די קרוע־בלויהניקעס, אינעם לאַגער־הולך. מ'זעט זיי ביי דער סטאַנציע, אויף אַלע גאַסן, אין די „סטאָלאָווקעס". מ'זוכט, מ'נישטערט.

אָט באַגעגן איך אויף אַ גאַס אַ גרופּע אונדזערע יידן, וואָס קייַען גייענדיק ווייסע בולקעלעך.

— וואָס פאַר אַ יום־טוב? — פרעג איך זיי. — ווו האָט איר עס געפּאַקט?

— עפּעס אַ באַבע איז געשטאַנען מיט אַ קוישל, האָבן מיר דאָס גאַנצע קוישל, ווי עס שטייט און גייט, אָפּגעקויפט. נאָט פאַרזוכט. טעם גן־עדן!

אין „עוואַקאָפּונקט" און אינעם סעדל זענען שוין געוועזן יידן אין די טויזנטער. יידן פון וואַרשע, פון קראָקע, פון לאָדזש, פון שעדלעץ, פון טשענסטאָכאָוו און פון נאָך און נאָך פּוילישע שטעט. איך האָב זיך אומגעדרייט שעהנלאַנג, גע־

זוכט באַקאַנטע פּנימער און נישט געפונען. אַפילו דעם אַקטיאָר וואָלפאָוויטש האָב איך מער נישט געטראָפן. כ׳האָב אים פאַרלוירן פון אויג און מער נישט געקאָנט געפינען אין מענטשן־אַנגעלויף.

אין אָוונט איז מיר געלונגען „אויסצוקאָמבינירן" אַ פּיצל פרייע פּאָדלאָגע אינעווייניק אין עפּעס אַ קאָרידאָר און האָב געגעכטיקט אונטער אַ דאַך. און אַז מ׳ליגט אין ענגשאַפט מיט נאָך יידן, רעדט מען, צערעדט מען זיך. ווייזט זיך אַרויס, אַז מען האָט געמיינזאַמע באַקאַנטע. און באַלד יאַוועט זיך אויך אַן אמתער באַקאַנטער: עמיצער שטופּט זיך צווישן אונדז, זוכנדיק אַ פּלאַץ און כ׳דערקען אין אים אַ היימישן פון מיין לאַגער — ה., שלמה גילבערטס אַ פּלימעניק. אויב נישט אַליין קיין שרייבער, האָט ער אַ שייכות צו אַ שרייבער. קרובעשאַפט.

מיין לאַגער־באַקאַנטער ה. טרעט שוין נישט אָפּ פון מיר. איך מאַך אים אַ פּיצל פּלאַץ נעבן מיר און פאַרגרעסער נאָך די ענגשאַפט אויף דער פּאָדלאָגע. און ווען קיין שלאָף האָט נישט געקומען, האָט ער מיר דערציילט אויסטערלישע מעשיות וועגן זיין פעטער.

און מיר האָבן זיך שוין געהאַלטן אַ געוויסע צייט צוזאַמען. ה. איז מיטגע־גאַנגען מיט מיר ווי מיין שאָטן. אַגב איז ער אַ גאַנץ פּראַקטישער, רירעוודיקער בר־נש. אין שטאָט האָט ער שוין געקענט אַלע ערטער, אַלע „סטאָלאָווקעס", וווּ מען קאָן אָפּעסן אַ זופּקע און באַקומען נאָך אַ 200 גראַם ברויט אויך דערצו. נישט קיין קלייניקייט. ער רעדט מיר צו, אַז מיר זאָלן ביי דער רעגיסטראַציע אין „עוואַ־קאָפּונקט" פאַרשרייבן זיך אין איין קאָלכאָז.

— גוט, — בין איך מסכים, — דאָ איז טאַקע קיין תכלית נישט צו וואַלגערן זיך אין הפקר. אדרבה, לאָמיר אַ קוק טאָן ווי זעט עפּעס אויס דאָס לעבן אין אַ קאָלכאָז. אפשר...

און אָט שטייען מיר שוין ביי אַ טיש אין „עוואַקאָפּונקט", וווּ מען רעגיסט־רירט דעם עולם. ה. האָט צונויפגענומען אַ גאַנצע גרופּע יידן און מ׳האָט אונדז אַלעמען געגעבן אַ „נאַפּראַוולעניע" אין קאָלכאָז טאַליסאַוועט, ערגעץ הינטער קזיל־טעפּע.

אין אונדזער גרופּע, ווייזט זיך באַלד אַרויס, איז פאַראַן איינער אַ יונגער בחור, וועלכער קען מיך אויך — אַ ברודער פון יונגן זשורנאַליסט כאַנאַכאָוויטש, פון „וואַרשעווער ראַדיאָ" (אָוונט־צייטונג פון „מאָמענט"). אויך דער דאָזיקער בחור קלעפּט זיך צו מיר. ער פרעגט מיך אויס אויף זיין ברודער, וועלכער איז געבליבן אין וואַרשע אונטער די דייטשן. ער איז אַנטלאָפן פריִער פון מיר פון וואַרשע. אויך ער האָט דורכגעמאַכט דעם לאַגער.

האָב איך שוין, הייסט עס, צוויי באַקאַנטע. אַ חוץ זיי זענען פאַראַן אין אונ־

דזער גרופּע: אַ בערדיקער ייד פון גאַליציע, אַ ווילנער יונגער בחור און עטלעכע וואַרשעווער יידן. מיר ריידן זיך אַלע צונויף און באַשליסן גלייך באַגינען זיך אָוועקצולאָזן אין קאַלכאָז. ס'האָט יעדערער געחלומט אין דעם מאָמענט פון עפּעס אַ ווינקל, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

פאַרטאָג זענען מיר שוין אויף דער סטאַנציע און כאַפּן זיך אַרויף אויפן ערשטן־בעסטן צוג, וואָס גייט אין דער ריכטונג צו קזיל־טעפּע. וועגן קויפן בילעטן האָט קיינער פון אונדז ניט געטראַכט. „בראָדיאַגעס" זענען פּטור פון אַזעלכע „נאַריש־קייטן". אַז דער קאָנדוקטאָר פרעגט אַ בילעט, באַקומט ער אַן ענטפער: — „ביע־זשעניעץ". מעסט ער אָפּ דעם „בראָדיאַגע" מיט אַ בליק פון אויבן־אַראָפּ, קוקט אַן זיין הולך — און גייט ווייטער. ער זעט דאָך באַשיינפּערלעך מיט וועמען ער האָט צו טאָן...

## 6

## ווען אַ קעמל שטייט אויף תחית־המתים...

אין קזיל־טעפּע נעכטיקן מיר איבער אין אַ „טשאַיכאַנאַ" (טיי־הויז). מיר זוכן אויס אַ פרייע פּריטשע און לייגן זיך אויס. אויף צו גיין קיין טאַליסאַוועט איז שוין היינט צו שפּעט. אַ צו ווייטער מהלך. מאָרגן איז אויך אַ טאָג. וואַרעמען מיר די געדערים מיטן אוזבעקישן גרינעם טיי.

בשכנות אויף דער פּריטשע זיצן אוזבעקן אין אַ רעדל, די פיס אונטער זיך. זיי טרינקען אויך טיי פון „פּיאַלעס" (פאַרביקע שיסעלעך) און בייסן צו מיט „קיש־מיש". כ'קוק אָן די טיפן פון די אוזבעקן, זייערע שיטערע, אָבער לאַנגע בערד און אַרומגעוויקלטע קעפּ. עפּעס דערמאָנען זיי מיר געשטאַלטן פון אַמאָל, פון חדר, פון חומש. אַזוי האָבן אויסגעזען מסתמא די ישמעאלים, די חתים, די יבוסים, די כנענים... און אפשר האָבן אויך אונדזערע אָבות געהאַט אַזאַ אויסזען? אָט זע איך ווי איין אוזבעק נעמט אַרויס פון קעשענע אַ פּושקעלע, עפנט און שיט אָן אויף דער האַנטפלאַך אַזאַ מין גרינעם פּולווער, אַזוי ווי שמעק־טאַבאַק, און מיט צוויי פינגער לייגט ער עס אַרונטער אונטער דער צונג. „נאַס" הייסט עס ביי זיי. ער קייט עס, נאַגט עס אַ לאַנגע צייט און מ'זעט נישט ער זאָל עס אויסשפּייען.

איינער פון אונדזערע שאַרט זיך צו צו די אוזבעקן און שטרעקט אויס די האַנט:

— דאַיטיע „קיש־מיש"!

אַן אוזבעק נעמט פונעם טאַץ אַ קליין הייפל און דערלאַנגט אים:

— נאַ... פּישאַל...

ס׳הייסט, נאַ דיר אַ ביסל און — הולך, געגאַנגען, טשעפּע זיך אָפּ...

פונעם גרינעם טיי שלאָגט אַ נישט־גוטקייט — אַפילו מיטן „קיש־מיש״, וואָס דער פוילישער גיט אַלעמען צו פאַרזוכן פון דעם באַקומענעם „כיבוד״.

איינער פון די אוזבעקן פאַרציט פּלוצלונג אַ ניגון און די אַנדערע כאַפּן אונטער. עפּעס אַ מאָדנער שלשלתדיקער זמרל, אַ מזרחדיקס. עס דערמאָנט פון צייט־צו־צייט יידיש־סקאַרבאָוועדיקע, חזנישע דריידלעך. עס רירט ביי מיר אָן עפּעס אַ סטרונע און כ׳הער זיך צו אַ פאַרטראַכטער. אַזוי ביז שפּעט אין אָוונט. עס זענען אָנגעקומען נאָך אוזבעקן און פול געמאַכט די „טשאַיכאַנאַ״. אפשר דאָ איז דער איינציקער פּונקט, וווּ מען באַגעגנט זיך. עס איז נאָך אויך אָנגעקומען אַ נייע פּאַרטיע פּוילישע פּון קאַגאַן — יידן און איין פּאָליאַק. אויך זיי שיקט מען אין זעלבן קאָלכאָז וואָס אונדז — אין טאַליסאָוועט. עס איז געוואָרן נישקשה־דיק ענג.

דער אוזבעק פון „טשאַיכאַנאַ״ האָט געעפנט דעם ראַדיאָ און מ׳האָט דערהערט אַ קאָנצערט פון טאַשקענט. אַ זינגערין האָט אויסגעפּירט אַ פּאָפּורי פון אוזבעקישע לידער. עס האָט נאָך שטאַרקער אַ ווייע געטאָן מיט אַלטן מזרח. אונטער די דאָזיקע זיסע קלאַנגען זענען מיר, בראַדיאַגעס, מידע און הונגעריקע, פאַרוויגט געוואָרן.

אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָבן מיר זיך ווידער אָנגעזופּט מיט פאַרציעס גרינעם טיי און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דעם דאָזיקן וועג מוזן מיר דורכמאַכן צופוס. אונדזער גרופּע איז אויסגעוואַקסן צו 17 פאַרשוין. מ׳איז אַזוי פאַר־מעלעך געקראָכן. די זון האָט געטאָן איר חסד און אונדז געוואַרעמט. שפּעטער אין טאָג איז פון חסד געוואָרן אַ קללה: עס איז געוואָרן זייער הייס און דער עולם האָט זיך באַגאָסן מיט שוויס. פלעגט אָנפאָרן פון אַנטקעגן אַן אוזבעק, רייטנדיק אויף אַן אייזעלע, פלעגט ער אונדז גריסן: „סאַלאַם אַלייקום!״ יאָ, שלום עליכם־עליכם שלום... זענען מיר נישט אינעם לאַנד פון די אָבות?...

האָבן מיר אָנגעטראָפן אויפן וועג קישלאַקן (דערפער), האָט מען אונדז מכבד געווען מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער און געוויזן דעם וועג ווי ווייטער צו גיין. טייל פון אונדז האָבן נאָך אויסגעבעטלט אין די קישלאַקן אַ שטיקל „לעפּיאָשקע״, צי אַ שאַלראַם (ריב). זענען יענע געגאַנגען האָפערדיק און שנעל עס פאַרצערט נאָך איידער אַ שכן וועט באַווייזן בעטן מ׳זאָל אים אויך געבן אַ פּיצל צו פאַר־זוכן. די אוזבעקן פלעגן געבן זייער „כיבוד״ מיט ציטערדיקע פינגער. קענטיק, אַז זיי אַליין זענען זשעדנע דעם ביסן ברויט. זיי האָבן נישט צופיל.

אַ גאַנצן טאָג האָט ביי אונדזער אויסגעמאַטערטן און הונגעריקן עולם גע־דויערט דער וועג, די פאָר צענדליק קילאָמעטער. זייער אָפט האָט מען געמוזט מאַכן אַ „פּריוואַל״, אַן אָפּרו, כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ווי נאָר מ׳האָט ביים

וועג אָנגעטראָפן אַ בוים מיט שאָטן, האָט זיך באַלד דערהערט פון עמיצן אַ פֿאָרשלאָג:

— חברים, דאָ איז אַ טייער אָרט אויף אָפּרו.

און ער האָט דער ערשטער אַ פֿאַל געטאָן אונטערן בוים. אַלע האָבן אים באַלד נאָכגעטאָן.

ווי ווייניק שאָטן איז געווען אויף די אוזבעקישע סטעפּעס. אָן אומענדלעכע נאָקעטקייט. זעלטן האָט מען אָנגעטראָפן ביימער אויפן פעלד. סיידן ביים וועג אַ סאַקסאַול מיט זיינע האַרטע דאַרע צווייגן. זייער אָפט זענען די פעלדער באַדעקט געווען מיט די שטענגלעך פון „כלאָפּאָק" (וואַטע־געוויקסן). אָבער דאָס גיט דאָך נישט קיין שאָטן. אין די קישלאַקן, ביי טייל קיביטקעס, זענען פֿאַראַן אַרומגעצאַמטע גערטנדלעך מיט וויינטרויבן־פּלאַנטאַציעס. אָב׳ר איצט איז נישט דער סעזאָן פון וויינטרויבן און מ׳קאָן דאָ גאָרנישט נהנה זיין.

מידע, פֿאַרמאַטערטע פון מאַרש און פון הונגער, זענען מיר פֿאַרנאַכט לסוף אָנגעקומען אין טאַליסאַוועט. קיביטקעס, קיביטקעס צעשפרייטע אָן אַ סוף, אָן אַן עק. מיר קריכן אום און דערפרעגן זיך. עס האָט אונדז אויפגענומען דער ראַיִס (פֿאָרזיצער) מיט זיינע מענטשן. באַבערדלטע אוזבעקן. ווייזט זיך אַרויס, אַז טאַליסאַוועט איז אַ „סעלסאָוועט" (דאָרפסראָט), וועלכער האָט אונטער זיין רשות עטלעכע קאָלכאָזן, וואָס ליגן דאָ איינע נעבן די אַנדערע.

— גאַלאָדניִע? (איר זייט הונגעריקע?) — פרעגט דער ראַיִס.

— זייער הונגעריק. אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. — ענטפערט מען אים.

— סקאָראָ אַבכאָד.

פון די ווייטערדיקע רייד שטויסן מיר זיך אָן, אַז „אַבכאָד" הייסט אויף אוזבעקיש מיטאָג. מיר טראָגן די „סענסאַציע" פון מויל צו מויל:

— מיטאָג!

— מיטאָג!

דאָס דאָזיקע וואָרט האָט שוין געקלונגען פאַר אונדז ווי אַ ווייטע פֿאַנטאַזיע.

מ׳האָט אונדז אַלעמען אַריינגעפירט אין אַ ליידיקער קיביטקע. גלייך פֿאַרכאַפּט אַן אָרט אויף דער פּאָדלאָגע און זיך אויסגעצויגן מיט די הענט אונטערן קאָפּ:

— אַ־אַ־אַ־אַ... אַ פֿאַרגעניגן.

— ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן.

שפּעטער ווייזט זיך אין קיביטקע אַן אוזבעק און רעדט אַרויס מיט אַ פֿישטשענדיק קולכל:

— דוואַ טשיליוויק... נאָן (ברויט)... מיאַסאָ (פֿלייש)...

דערהערט „ברויט", „פלייש", האָבן אַלע אויפגעטאַנצט. געווען אַ סך בעלנים צו גיין אין מאַגאַזין, ווייל אויפן וועג קאָן מען אָפצופן פונעם ברויט און אַ נאַש טאָן. האָט מען אויסגעקליבן צוויי, וואָס האָבן אויסגעזען מער סאָליד. דאָך האָט מען זיי נאָך געוואָרנט:

— געדענקט! איר זאָלט נישט אָנרירן דאָס ברויט!

אין אַ האַלבע שעה אַרום זענען די שליחים צוריקגעקומען אָנגעלאָדן מיט אַ פּאָר שוואַרצע לעבלעך ברויט און אַ היפּשע שטיק קעמל־פלייש — סאַמע פעטס. מ'האָט אויסגעקליבן טיילערס. אַלע זענען געשטאַנען אַרום און אָפּגעהיט, אַז דאָס ברויט זאָל צעשניטן ווערן מיט יושר, אַז קיינער זאָל נישט באַעוולהט ווערן. ביים טיילן די פּאָרציעס האָט מען, לויט איינעמס אַ פאָרשלאָג, געמאַכט אַזאַ „סיסטעם": מ'האָט פאַרצייכנט אויף אַ פּאַפּירל אַלעמענס נעמען. די דאָזיקע רשימה האָט איינער פון עולם פאַמעלעך פאָרגעלייענט. אַ צווייטער — פאַרשטעלט פון פאָרלייענערס אויג — האָט אָנגענומען אַ פּאָרציע ברויט און געפרעגט:

— וועמען קומט די דאָזיקע „פּייקע"?

און יענער, וועמען דער פּ̣ױרלייענער האָט דאַן אויסגערופן, האָט באַקומען די פּאָרציע ברויט. אַזוי כסדר ביזן סוף. דאָס איז געווען אַ גורל. און קיינער האָט נישט געקאָנט האָבן קיין פּרעטענזיעס, אַז ער וויל די אָדער יענע „פּייקע", אַ מיטל־שטיק אָדער אַ „גאַרבושקע" (זייטיקער טייל). וואָס איינער האָט זוכה בגורל געווען — דאָס האָט ער געהאַט. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און מ'האָט ליגנדיק גלייך גענומען קנייפּן פונעם שטיקל ברויט און לייגן אין מויל אַריין.

פאַר דער קיביטקע איז שוין געשטאַנען אויף עטלעכע שטיינער אַ גרויסער קאַסאַן (קעסל) מיט דריי פערטל וואַסער. מ'האָט אַהין אַריינגעוואָרפן דאָס פלייש. דער זעלבער אוזבעק האָט נאָך געבראַכט אין פּאָלע פון זיין כאַלאַט אַ היפּשע פּאָרציע שאַלראַם (ריבן).

— אוזבעקסקאַיאַ קאַרטאָשקאַ. — זאָגט ער.

— אַ שיין פּנים האָבן זיי, די אוזבעקישע קאַרטאָפל. קוקט זיי נאָר אָן!

מ'האָט די כמו־קאַרטאָפל אָפּגערייניקט, צעשניטן און אַריינגעוואָרפן אין קעסל אַריין. מ'האָט אויפן אוזבעקס אָנווייזונגען צונויפגענומען פון אַ דערבייאיק פעלד געטריקנטע שטעקעלעך — די שטענגלעך פון די וואַטע־רערן, אונטערגע־לייגט אַ ביסל שטרוי אונטערן קעסל און געמאַכט פייער. יעדער איינער האָט זיך דערביי געפּאָרעט; יעדער האָט צוגעוואָרפן אין פייער אַריין. יעדער האָט געהאָלפן דעם פייער קאָכן.

שעהן־לאַנג האָט געדויערט דאָס קאָכן. דאָס פלייש איז האַרט געווען און דאָס פייער האָט עס נישט גענומען. אַלע ווילע איז עמיץ אַנדערש צוגעגאַנגען פּרוון

מיט אַ מעסער דאָס פלייש, צי עס איז שוין ווייך. מ׳האָט געברענט פון אומגעדולד צו דער סעודת־מלך...

— ווער זויס וואָס פאַר אַ טעם עס האָט קעמל־פלייש. אַזאַ מיאוס באַשע־פעניש. — זאָגט איינער ביים קעסל.

— און אַז עס האָט נישט קיין טעם, וועט איר נישט עסן? ווי לאַנג איז שוין, ווי מיר האָבן נישט אָנגעזען קיין פיצל פלייש פאַר די אויגן?

דער פלאַם אונטערן קעסל האָט געקנאַקט. די יויך האָט זיך שוין פון אויבן פאַרצויגן מיט אַ סך שוים ביי די ראַנדן און אין מיטן — מיט צעשוווּמענעם פעטס, מיט אַ סך „אויגן".

— אַ קייזערלעך מאכל!

— ווען האָט זיך עס געחלומט אַזאַ סעודה! אַ טייער פאַלק די אוזבעקן...

שפּעט ביינאַכט איז דאָס פלייש אין קעסל לסוף ווייך געוואָרן און מ׳האָט זיך גענומען צו דער אכילה. מ׳האָט איטלעכן איינגעטיילט צו פאַרציע פלייש. זופּ האָט יעדער גענומען פון קעסל וויפל ער האָט געוואָלט. זייער פעטער יויך מיט שטיקלעך אָנגעשניטענעם שאַלראַם. דער עולם האָט זיך צוגעכאַפּט צום הייסן געקעכץ. געענדיקט אין „קאָטיאָלאָק" (קעסעלע), גענומען אַ היפּשע „דאָבאַווקע" (צולאָג) — עס האָט געקלעקט. מ׳האָט זיך אָנגעכליאָבעט מיטן פעטס וויפל עס איז נאָר אַריין. פאַר דער גאַנצער צייט... פאַרטיק געוואָרן, אָנגעגאָסן פולע בייכער — האָט מען זיך אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע; אין פולער זאַטקייט. אונטער אַ דאַך. עולם האָט זיך באַלד צעשנאָרכט.

לאַנג האָט אָבער דער זיסער שלאָף נישט געדויערט. פרי׳ער איינער, באַלד אַ צווייטער, אַ דריטער — מען האָט זיך צעקרעכצט:

— דער בויך!

— אוי, דער בויך!

— עס דרייט אין די קישקעס.

— אַ רוח אין קעמלס טאַטן אַריין!

ס׳איז געוואָרן אַ לויפעניש אין דרויסן. מענטשן האָבן גענומען אָפּגעבן צוריק וואָס זיי האָבן אין זיך אַריינגעפּאַקט: דאָס פרישע קלעפּיקע ברויט, דאָס קעמל־פלייש, די פעטע יויך. אָפּגעגעבן אין גרויס איבלעניש דורכן האַלדז און נישט נאָר דורכן האַלדז... די איינגעדאַרטע געדערים, לאַנג אָפּגעוווינטע פון פעטס, האָבן נישט אויסגעהאַלטן, זיך געקראַמפּט און גערדרייט און אָנגעמאַכט אַ „טרעוואָגע" אין די בייכער... דער גאַנצער פּלאַץ הינטער דער קיביטקע איז פאַרחזירט געוואָרן...

דער גאַליציאַנער מיטן בערדל — דער „פרומער רבל", ווי מ׳האָט אים שוין דאָ גערופן — האָט אַרויסגעצויגן אַ מוסר השכל:

— אַז מ׳האָט זיך אָנגעפרעסן מיט טרפות... מ׳האָט אַפילו זיך נישט געוואַשן צום עסן און נישט געזאָגט „שאו ידיכם״... זענען אַלע אויפן אָרט געשטראָפט געוואָרן...

— סטייטש, פאַרוואָס זשע האָט א י ר געגעסן טרפות?

— ווייל ס׳איז סכנות נפשות... הונגער רחמנא ליצלן... אָבער איך האָב זיך כאָטש געוואַשן צום עסן...

— נו, האָט אייך כאָטש נישט פאַרשאַדט?

— איר זעט דאָך, כ׳לויף אין דרויסן גלייך מיט אַלעמען. טאַקע נישט גע־דאַרפט עסן. אַלץ דער זינדיקער חומר. דער יצר־הרע ימח שמו...

אַ פאַרשאַלטענע נאַכט געווען, נישט אַנדערש. ביי אַלעמען אין די בייכער איז דער קעמל אויפגעשטאַנען תחית המתים און האָט זיך צעבריקעוועט...

אַזוי האָט זיך געענדיקט אומעטיק די „מלכותדיקע סעודה״ אין גאַסטפריינט־לעכן אוזבעקישן קאָלכאָז טאַליסאַוועט.

שפּעטער זענען מיר געוואָר געוואָרן פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ שפּע פליייש אין קאָלכאָז: פונקט האָט פּאַסירט ביי דער אַרבעט אין סטעפּ אַן „אַוואַריאַ״ (אומגליקס־פאַל) מיט אַ קעמל און ער האָט צעבראָכן אַ פוס. האָט מען צונויפגעשטעלט אַן „אַקט״ און געשאָכטן דעם קעמל. אַנדערש איז דאָך פאַרבאָטן צו טויטן „סקאָט״ (בהמות) סתם צוליבן פרעס... נו, איז אויף אונדזער מזל — די ערשטע פליטים אין קאָלכאָז — אויך אויסגעפאַלן אַ חלק פונעם קעמל, וואָס איז אונדז אַרויס „באָקעם״...

## 7

## „סאַן־אבראָבאָטקאַ״

מיר זענען געווען די ערשטע פּאַרטיע פליטים אין קאָלכאָז האָט מען זיך „געצאַצקעט״ מיט אונדז. אַפּנים, געווען אַ „פריקאַז״ פון „אויבן״ מ׳זאָל אונדז אויפנעמען, האָבן די נאַיִווע אוזבעקן אוודאי געמיינט, אַז מיר זענען כּי יודע וואָס פאַר אַ „יחסנים״... אויפגענומען האָט אונדז, אייגנטלעך, דער „סעלסאָוועט״ (דאָרפס־ראַט), וואָס פאַרוואַלטעט מיט עטלעכע קאָלכאָזן.

פאַרן פאַנאַנדערשיקן אונדז אין די שכנותדיקע קאָלכאָזן האָט מען אונדז גענומען ברענגען אין אָרדענונג. זעענדיק אין וואָס פאַר אַ מצב מיר אַלע זענען — אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, שמוציק, פאַרלייזיקט — האָבן די אוזבעקן אונדז גענו־מען צו אַ „סאַן־אבראָבאָטקאַ״ (סאַניטאַרישע דעזינפעקציע). קיין דעזינפעקציע־אַנשטאַלט אָדער באָד איז אין קישלאַק נישט געווען. מ׳האָט עס איינגעאָרדנט אויף

אַ זייער פּרימיטיוון אופן: אין איינעם אַ קעמערל פון דער קיביטקע האָט זיך יעדער איינער אויסגעטאָן אָדם־נאַקעט און זיך אַ ביסל אַרומגעוואַשן מיט אַ שע־פּעלע וואַסער. בעת־מעשה האָט מען די מלבושים צוגענומען צו דעזינפעקציע: אין אַזאַ מין באַוועגלעכער ביידל, מיט אַ פּרימיטיוון אויוון־אַפּאַראַט אינעווייניק, פון וואַנען עס האָט געזעצט אין דער הויך פּאַרע מיט רויך. דער פּועל־יוצא פון אַזאַ דעזינפעקציע איז געווען, אַז ווער עס האָט געהאַט פּאַראַזיטן אין די מלבושים, האָט זיי ווייטער געהאַט. און ווער עס האָט געהאַט ווייניק — גאַרנישט איז נישט גע־ווען בנמצא... — האָט ערשט פּאַרפּילפּאַכט זייער צאָל...

די אוזבעקן האָבן אויך צונויפגענומען אַ ביסל אַלטע מלבושים פאַר די, וואָס זענען געווען לחלוטין קרוע־בלויהדיק. ווער עס האָט באַקומען אַ העמדל, ווער אַ קאָלירטן כאַלאַט, ווער אַ טיבעטייקע (אוזבעקישע קאָלירטע יאַרמלקע). דער איינ־ציקער פּאָליאַק צווישן אונדז האָט באַקומען אי אַ קאָלירטן לאַנגן כאַלאַט, אי אַ טי־בעטייקע און ער האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער פּורים־שפּילער... עולם האָט גע־לאַכט, געמאַכט חוזק. מ׳האָט אים געצופּט ביי די לאַנגע פּאָלעס און צוגעפּאַטשט איבער דער טיבעטייקע. עס האָבן זיך געשאָטן חכמות אויף זיין אַדרעס פון אַלע זייטן:

— דו זעסט דאָך אויס ווי אַ מאַהאַראַדזשאַ.

— עס פעלט אים נאָר אַ ציגן־בערדל.

— טשאַי באַר?...

דער פּאָליאַק האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ נאַר.

— וואָס זשע מיינט איר וועל איך טאָן דערמיט? — זאָגט ער, — אַז כ׳וועל קומען אויף אַ באַזאַר, פאַרקויף איך עס און פונדעווע מיר אַ פּאָר „לעפּיאָשקעס".

נאָך דער „סאַן־אָבראַבאָטקאַ" האָט מען אונדז צעטיילט אין גרופּן און פּאַנאַנ־דערגעפירט איבער די קאָלכאָזן דערנעבן. איך בין אַריינגעפאַלן אינעם זעלבן טאַליסאַוועט אין אַ קליינע בריגאַדע פון דריי: צו מיר זענען געווען גילבערטס פּלימעניק איז דער ווילנער בחור. כאַנאַכאָוויטש איז אַוועק אין אַן אַנדער בריגאַדע, אָבער אין זעלבן קישלאַק. מ׳האָט אונדז צוגעשטעלט צום בריגאַדיר, אַ מיטליע־ריקער, שיטער־בערדלדיקער אוזבעק, וואָס האָט אונדז איינגעאָרדנט נעבן זיך אין זיין הויפל. ער האָט אונדז אָפּגעגעבן אַן אַלטע פּוסטע קיביטקע, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ שפּייכלער. געווען דאָרט אויך אַ פּריטשע — דאָ וועלן מיר שלאָפן.

— דאָ איז דאָך קאַלט. — זאָגן מיר דעם בריגאַדיר.

— סמאַטרי! (זע!), — טוט ער אַ ווייז אויף אַן אייזערנעם אויוועלע אין אַ ווינקל.

ער האָט אונדז אַרויסגעפּירט אין הויפל און געהייסן אָננעמען אַ ביסל אויסגעטריקנטע וואַטע־רערלעך צום הייצן. מיר האָבן ווי עס איז איינגעהייצט.

— ווי געפעלט אייך דער „פּאַלאַץ״? — זאָגט דער ווילנער בחור.

— זינדיקט נישט. ס׳האָט געקאָנט זיין ערגער.

דאָס פייער אין אַלטן, פאַרזשאַווערטן אויוועלע האָט געקנאַקט. דער רויך האָט געשפּאַרט שטאַרקער. די חושכדיקע קיביטקע איז נאָך טונקעלער געוואָרן. אויב ס׳איז ווייניק וואַרעם געוואָרן, איז אָבער רויך געווען גענוג. ס׳האָט אַזש געצופּט, געוואָרגן אין האַלדז. מ׳האָט נאָר געקאָנט ביים אויוועלע די הענט אָנוואַרעמען.

— טאַקע קאַלט, אָבער אונטער אַ דאַך, — טרייסט מען זיך.

אין דרויסן האָט זיך אָפּגעריסן אַ בוראַן (שטורעם־ווינט). די קליינע שייבלעך פון איינציקן פענצטערל האָבן געציטערט.

— ווען מיר זענען איצט אין בוזולוק... — זאָגט ה. — שיין וואָלטן מיר אויס־געזעסן אין יענע פרעסט.

דער בריגאַדיר האָט אונדז שפּעטער אַריינגעבראַכט ברויט. פאַר יעדן אַ פּאָרציע. באַלד דערנאָך האָט זיין ווייב, אַ נידעריקע דיקע אוזבעטשקע, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט, אַריינגעבראַכט אַ שיסל זופּ פאַר אונדז אַלעמען. מ׳טוט אַ מיש מיט אַ לעפל — געציילטע דין־צעשניטענע פענעצלעך שאַלראַם. וואַסער־דיק און אָן טעם. אָבער גוט כאָטש וואָס עס איז הייס. נאָך דער שרעקלעכער נאַכט איז דאָס הייסע געקעכץ געווען ווי אַ באַלזאַם פאַר די אויפגערייצטע געדערים.

— ווי געפעלן אייך די אוזבעקישע לאָקשן? — זאָגט דער ווילנער בחור, אויפהייבנדיק אין דער לופטן אַ דין־געשניטן לענגלעך שטיקל שאַלראַם.

— זינדיקט נישט... ווו זייט איר? ביי דער מאַמען אונטערן פאַרטוך? דאַנקט גאָט דערפאַר. — לייגט ה. אַוועק אַ טיראַדע.

אויף ביינאַכט האָט אונדז דער בריגאַדיר אַריינגעבראַכט וואַטענע קאָלירטע קישעלעך. קיין פייער איז נישט געווען, האָט מען זיך צעלייגט אין דער פינצטער און געפּלוידערט. ה. האָט מיך כסדר איבערגעפרעגט וועגן זיין פעטער, וועגן שלמה גילבערטן. ווען איך האָב אים דאָס לעצטע מאָל געזען אין וואַרשע? די דאָזיקע רייד האָבן מינוטנווייז געמאַכט פאַרגעסן ווו מען געפינט זיך. פאַר די אויגן האָט מען געזען די וואַרשעווער סביבה... מ׳האָט, דוכט, געזען די געשטאַלטן פון דאָרט; געהערט זייערע שטימען...

דער בוראַן הינטער די ווענט האָט זיך נאָך שטאַרקער צעהוליעט. עס האָט געפייפט און געוואָיעט ווי טשאַטעס הינט. דער ווינט האָט אַריינגעדרונגען דורך די מינדסטע שפּאַרעס, וואָס אונטערן דאַך, דורך דער געלעכערטער טיר. די קעלט

איז דערגאַנגען צו אונדז אויף דער נאַרע. מ׳האָט זיך געטוליעט צו די טרוקענע ברעטער אונטער זיך און נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

אינדערפרי האָט דער בריגאַדיר אונדז ווידער אַריינגעבראַכט פּאָרציעס ברויט און דאָס ווייכ זיינס — גרינעם טיי.

— ספּאַסיבאָ! באָלשאָיע ספּאַסיבאָ! (אַ דאַנק! אַ גרויסן דאַנק!).

מיר האָבן באמת געפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו די דאָזיקע מענטשן. זי, די אוזבעטשקע, האָט געהאַט אַ גוטמוטיק פּנים. זי איז געווען ווי שטום און קיין וואָרט נישט גערעדט צו אונדז, אַריינקומענדיק.

— ספּאַסיבאָ, כאַזייקאָ! — זאָג איך איר מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג, וועלנדיק זי פּראָוואָצירן עפּעס צו ריידן.

יענע אָבער קוקט אַלץ שטום און טוט אַ שטעל דעם טשייניק טיי און גייט אַרויס.

נאָכן פרישטיק קומט דער בריגאַדיר אונדז רופן צו דער אַרבעט. ער האָט אונדז געבראַכט דריי שאַר־אייזנס.

— נאַ ראַבאָטו! קעטמאַן.

„קעטמאַן״ — האָט ער עס געמיינט די שאַר־אייזנס, וואָס ער האָט יעדערן פון אונדז דערלאַנגט. ער האָט אונדז אַרויסגעפירט אויף אַ פעלד פון „כלאָפּאָק״. דער „כלאָפּאָק״ איז שוין געווען אַראָפּגענומען. געבליבן זענען נאָר שטעקן די שטענגלעך. די דאָזיקע שטענגלעך דאַרף מען מיט די קעטמאַנס אַרויסרייסן מיטן וואָרצל און אָפּרייניקן אַזוי אַרום דאָס פעלד. די אַרויסגעריסענע שטענגלעך דאַרף מען נאָכדעם צונויפזאַמלען אין קופּקעלעך. דאָס איז דאָך „טאָפּקאַ״. מ׳טריקנט עס אויף דער זון און מ׳ברענט עס. דער בריגאַדיר האָט אונדז געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף די אַרבעט מאַכן און איז אַליין אַוועק. מיר זענען אַליין געבליבן ביי דער אַרבעט. און מאָדנע: די אַרבעט — אַ נאַרישקייט, דאַכט זיך — האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט. עס האָט גיך אויסגעשעפּט, פאַרמאַטערט, גלייך ווי מיר וואָלטן געווען חולאים...

— איר זענט אַ מבין? די הענט ציטערן. — זאָגט ה.

— אַלץ דער לאַגער. האָט פון אונדז די זאַפטן אויסגענאָגט. — טייטש איך עס אויס.

— כ׳האָב עס אין דר׳ערד! — רופט אויס דער ווילנער און טוט זיך אַ צי אויס אין פעלד.

האָט מען געאַרבעט ווי איינער האָט געקאָנט. אַזוי אַ גאַנצע וואָך.

איין טאָג איז דער ווילנער אינגאַנצן בעלם געוואָרן פון פעלד. ביינאַכט אין קיביטקע האָט ער געכאַפּט אַ פאַרדינטע עליה פון ה.

— ווּ ביסטו געווען? מיר דאַרפֿן פֿאַר דיר אַרבעטן?

— כ'האָב נישט קיין כוח. — ענטפֿערט יענער תמעוואַטע.

— און מיר האָבן כוח?

די סצענע איז געוואָרן דראַסטיש. כ'האָב זיי קוים פֿאַנאַנדערגענומען.

זענען געקומען הייסע טעג. די זון באַקט. מ'מוז ביי דער אַרבעט אין פֿעלד אַראָפּוואַרפֿן די פּופּייקעס. ווי שיין איז דאָ דער הימל, ווי לויטער און בלוי. בעת די הפסקות ציט מען זיך אויס אויף אַ קופּקעלע שטענגלעך, די הענט אונטערן קאָפּ פֿאַרלייגט און די אויגן אין בלויקייט פֿון הימל. וואָלט דער הונגער נישט גענאַגט אַזוי אין „גריבעלע". מ'וואָלט געקאָנט אַ פּולע הנאה האָבן פֿון דעם רחבות.

איין טאָג שטעלט דער בריגאַדיר מיך מיט ה. ביי אַן אַנדער אַרבעט: רייניקן אַ שטאַל. מיר אַרבעטן מיט רידלען און מיט זאַנזיבאַר (טראָג־קעסטל). מיר שלעפּן אַזוי דאָס מיסט פֿון שטאַל אַ גאַנצן טאָג. איין זאַנזיבאַר נאָכן אַנדערן. מיר שיטן עס צונויף אין אַ קופּע הינטערן שטאַל. נעבן שטאַל וואַקסט אויס אַ יונגע אוז־בעטשקע — אַ שכנה — מיט אַ קליין מיידעלע ביי דער האַנט. זי קוקט אונדז נאָך מיט נייגעריקייט. אַ גאַנץ שיינע די אוזבעטשקע, נאָר אירע אויגן זענען קראַנקע, מסתמא צעפֿרעסן פֿון טראַכאָמע. בעת די הפסקות כאַפּן מיר מיט איר אַ שמועס. זי פֿאַרשטייט שלעכט רוסיש און זי מישט איר לשון מיט אוזבעקיש. זי שמייכלט מער ווי זי רעדט. גייט פֿאַרביי אַן אַנדער אוזבעטשקע אין אַ פֿאַראַנדזשאַ, רעדט עפּעס צו אונדזערער און גייט ווייטער. קומען צו קינדער און קוקן אויף אונדז, פֿרעמדע, אַזעלכע וווּנדערשיינע, שוואַרצאויגיקע קינדער.

איך נעם איינעם פֿון זיי גלעטן איבערן קעפּל:

— יאַכשי, יאַכשי... (אַ גוטער, אַ שיינער).

— באַראַנטשוק יאַכשי... (דאָס יינגל איז שיין). — גיט צו די אוזבעטשקע.

— פֿון מיינעטוועגן וואָלט זי מיט אירע קראַנקע אויגן אויך געמעגט אָנטאָן אַ פֿאַראַנדזשאַ... — באַמערקט ה.

— טאָקע אַ סגולה פֿאַר מיאוסקייטן...

— קיביטקאַ יאַכשי? — פֿרעג איך זי וועגן איר שטיבל; געמיינט מער וועגן איר לעבן...

— קיביטקאַ יאַמאַן (די קיביטקע איז אַ שלעכטע). — ענטפֿערט זי. — יאַ־מאַן, יאַמאַן...

אין אַ ווײַלע אַרום פֿרעגט זי אונדז, ווײַזנדיק מיט דער האַנט אין דער ווײַטקייט:

— פּאָלשאַ? פּאָלשאַ?

ס'הייסט צי מיר זענען פֿון פּוילן?

— דאַ, דאַ, אַפּאַ (פּרוי). פּאַלשאַ... גערמאַן... גערמאַן יאַמאַן... יאַמאַן...

— יאַמאַן גערמאַן?

— יאַמאַן, יאַמאַן...

באַלד פרעג איך זי מיט אַ שטילערן טאָן:

— קאַלכאַז יאַכשי?... (אַ גוטער דער קאַלכאַז?).

זי פאַרשטייט מיין כוונה און ענטפערט, אויך מיט אַ שטילן, כמעט שעפּטשענ־דיקן קול:

— יאַמאַן קאַלכאַז, יאַמאַן... נאַן יאָק (קיין ברויט איז נישטאָ), מיאַסאָ יאָק... (קיין פליייש איז נישטאָ).

כ׳האָב עס פשוט נישט פאַרשטאַנען: וואָס קלאָגט זי זיך, די אוזבעקין? איז עס טאַקע אמת, וואָס זי זאָגט?

און אַזוי האָב איך געפירט אַ שמועס מיט מיינע צוויי־דריי ווערטער... צוויי־דריי ווערטער — אָבער געוואָר געוואָרן נישט ווייניק...

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך איבערצייגט, אַז זי איז טאַקע יאָ גע־רעכט געווען: אויך אונדזער שפּייז איז געוואָרן איינגעשרומפּן. דאָס ביסל שיטערע זופּקע מיט די שאַלראַם־לאָקשן פלעגן מיר נאָך קריגן; אָבער דער עיקר — ברויט! — איז שוין לחלוטין נישט געווען. מיר פרעגן דעם בריגאַדיר: „היתכן?״ — ענט־פערט ער, אַז אין „לאַראָק״ איז שוין פאַר אונדז מער קיין ברויט נישטאָ...

— וואָס הייסט נישטאָ?

— יאָק... — קוועטשט ער מיט די אַקסלען.

אַזוי כסדר, יעדן טאָג. טעג ממש אָן ברויט. זענען מיר, הונגעריקע, נישט אַרויס צו דער אַרבעט. דער בריגאַדיר אַליין האָט אונדז גאָרנישט גערופן אַר־בעטן. ער האָט נישט געוואַגט. זענען מיר אַרומגעלאָפן זוכן ברויט. געפרעגט אין כאַטעס, געוואָלט קויפן; אָבער אומעטום באַקומען דעם ענטפער: — „נאַן יאָק״... זענען מיר געגאַנגען אין „סעלסאָוועט״ מיט אַן אַנקלאַגע, האָט מען אונדז געשיקט כלומרשט מיט אַ צעטל אין „לאַראָק״; אָבער דער פאַרקויפער איז נישט נתפּעל געוואָרן:

— נאַן יאָק!...

האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן דער אַלטער הונגער. מ׳איז געקראָכן פון קי־ביטקע צו קיביטקע און געבעטן זיך פאַרקויפן אַ „לעפּיאָשקע״; אָבער אומעטום — „נאַן יאָק!״... זעלטן פלעגט אַן אוזבעטשקע אָפּברעכן און דערלאַנגען אַ פּיצל „לע־פּיאָשקע״ (ווי געצייטערט האָט מען עס אומעטום אין די קיביטקעס איבערן „נאַן״...), אַ מער, אָדער אַ ריב. אָבער שטילן דעם הונגער האָט מען דאָך דערמיט נישט געקאָנט. ס׳האָט געקלעקט אויף אַ צאָן. מיר האָבן געזען באַשיינפּערלעך, אַז די

אוזבעקן האָבן טאַקע אַליין נישט קיין ברויט; אַז זיי אַליין פאַרגינען זיך נישט דעם פאַרגעניגן צו עסן אַ שטיקל ברויט צו דער זאַט. אַפילוביים בריגאַדיר גופא האָט געפעלט דער דאָזיקער מין. ער איז נעבעך אויך געזעסן אָפּט טעג אָן ברויט. איין טאָג, אַז כ׳בין אַריין צו אים אין שטוב עפּעס פרעגן, האָב איך געטראָפן די בני־בית ביי אַ מאַלצייט. דאָס גאַנצע געזינד — גרויס און קליין — איז געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע, אויף אַן אויסגעשפּרייטן קילים, און מ׳האָט געזופּט טיי פון „פּיאַלעס״. נעבן יעדן איז געלעגן אַ כמעט מיקראָסקאָפּיש שטיקל „לעפּיאָשקע״, וואָס מ׳האָט צוגעביסן אַזוי ווי, אַ שטייגער, צוקער. דער בעסטער סימן, אַז מ׳איז צעקריגט מיט ברויט... היינט וואָס פאַר אַ טענות קאָנען מיר צו אים האָבן? ער איז דען שולדיק?... די איינציקע זאַך, וואָס מיר קאָנען טאָן, איז — נישט גיין צו דער אַרבעט. ער וואַגט דאָך סיי ווי סיי נישט צו ריידן וועגן גיין אַרבעטן — ער ווייס ווויל, אַז מ׳הונגערט, קאָן מען נישט אַרבעטן. בלויז פון רחמנות־וועגן פלעגט נאָך זיין ווייב אָפּקאָכן פאַר אונדז אַ שיטערע זופּקע, אָדער אַריינברענגען נאָר „קיפּיאַטאָק״.

איך דערפרעג זיך צו אונדזערע פּוילישע פון דער אַנדער גרופּע, מיט וועלכע מיר זענען צוזאַמען געקומען אַהער. זיי וווינען אין אַנדער עק דאָרף. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך ביי זיי איז צרותדיק מיטן עסן; אַז אויך זיי קריגן שוין נישט קיין ברויט; פּונקט אַזוי ווי מיר; אַז אויך זיי גייען דעריבער נישט אַרויס צו דער אַרבעט.

— וואָס וועט זיין דער תכלית? — פרעג איך זיי.

— ווער האָט עס געקאָנט גלויבן, — זאָגט איינער, — אַז אין אַזאַ גרויס לאַנד זאָל זיין אַ נאָך גרעסערער דלות?

און אַן אַנדערער גיט צו:

— נאָר איין וואָך האָבן מיר געהאַט ברויט. מסתמא על פּי נס. איין „האַניק־וואָך״. די „האַניק־וואָך״ האָט זיך שוין געענדיקט.

— דלות, גרויסער דלות!

פונדעסטוועגן באַמערק איך, אַז נעבן זייער כאַטע קאָכט זיך עפּעס אין אַ קאַסאַן (קעסל).

— וואָס זשע קאָכט איר דאָ?

— דאָס האָבן מיר געקויפט ביי אַן אוזבעק אַ ביסל דזשיגאַרי־גרויפּן, קאָכן מיר אַ זופּקע מיט נישט. בלייבט דאָ, וועט איר עסן מיט אונדז.

האָט מען געפּראַוועט בציבור דאָס אָרעמע מאַלצייט — אָן ברויט, אָן פעטס, אָן לייב און לעבן... און זופּנדיק האָט מען זיך דורכגעשמועסט:

— מיט דער אַכילה איז טאַקע ערגער ווי אין לאַגער.

— ביי מיר שאָקלען זיך שוין געזונטע ציין. אַזוי ווי אין לאַגער. נישט קיין וואונדער.

— און איך האָב סתם נישט קיין כוח צו שלעפּן די פיס.

האָט מען זיך דערךעדט מ׳זאָל ווידער גיין אַליאַרמירן דעם „סעלסאָוויעט״. זענען מיר געגאַנגען אַ גאַנצע פּאַרטיע מיט אַ ויצעקו און קוים אויסגעפּועלט אַ צעטל אין „לאַראָק״ מ׳זאָל אונדז פאַרקויפן צו 500 גראַם ברויט צו „קאָמערטשעס־קי״ פּרייזן.

האָט עס נאָר איין מאָל געהאָלפן. שפּעטער איז געקומען די תשובה:

— נאָן יאָק...

מיט יעדן טאָג האָב איך אַלץ מער געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן מיך. אַז כ׳בין איין טאָג געשטאַנען איבער אַן אַריקל (קליינער ראָוו) און געוואַשן מיין העמד האָט זיך מיר פּלוצלונג פון שוואַכקייט דער קאָפּ פאַרדרייט און כ׳בין אומגעפאַלן. מיט וואַקלדיקע טריט האָב איך זיך קוים צו דער קיביטקע דערשלעפּט און אויף דער פּריטשע זיך אויסגעצויגן. עטלעכע שעה אָפּגעלעגן און קוים צו זיך געקומען.

— וואָס זשע זאָגט איר? איר זענט דאָך „פּאַן בראַט״ מיטן רבונו של עולם.

דאָס האָב איך אין אָוונט געפרעגט דעם פרומען גאַליציאַנער אין דער צוויי־טער גרופּע פון אַנדער עק דאָרף.

— מ׳דאַרף גרויס רחמים. — ענטפערט ער, — מ׳דאַרף זיין אַ ביסל פרימער, מ׳דאַרף דאַוונען, מ׳דאַרף געדענקען, אַז מ׳איז אַ ייִד...

און ער האָט טאַקע געדאַוונט, דער גאַליציאַנער. דריי מאָל אַ טאָג געדאַוונט און זיך געשאָקלט ביי אַ וואַנט צו „שמונה עשרה״. געדאַוונט — און איינגעגאַנגען ווי אַ ליכט. פאַר דער לעצטער צייט איז פון אים אַ העלפט געוואָרן. בלייך ווי אַ מת. די באַקן איינגעשרומפּן, די אויגן איינגעזונקען אין שטערן. די באָרד נאָך וויל־דער צעוואָקסן.

— דאַוונט, דאַוונט... טוט תפילה פאַר אונדז אַלעמען...

***

איך האָב געטראַכט, אַז מען מוז פון דאַנען אַנטלויפן. ווען נישט, וועט מען פּשוט אויסגיין פון הונגער. ווי לאַנג קאָן מען עס לעבן אָן ברויט? איך רייד מיט מיינע שכנים אויף דער נאַרע, אַז מען מוז אונטערנעמען עפּעס; מען מוז לויפן ערגעץ אַנדערש; זיך ראַטעווען כל זמן מען קאָן נאָך ווי עס איז שלעפּן די פיס. אָבער איך פיל, אַז אַלע זענען אַזוי געפאַלן ביי זיך, אַזוי אָן מוט, אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מ׳האָט נישט קיין ווילן עפּעס צו באַשליסן.

אָבער אויב מיר אַליין זענען נישט געווען בכוח עפּעס אונטערצונעמען, האָבן עס אַנדערע פאַר אונדז געטאָן:

איין נאַכט, בעת מיר זענען שוין געלעגן פון לאַנג איינגעדרייט אויף דער טרוקענער פּריטשע, הערן מיר אַ קלאַפּן אין טיר.

— קטאָ טאַם? (ווער איז עס דאָרט?).

— סעלסאָוויעט. — הערט מען אַ שטים פון יענער זייט.

— וואָס אַזעלכעס ?

און ס'דערהערט זיך אַ שטאַמלען פון אַן אוזבעק :

— ביסטרעי... פּאַליאַקי... פּאַליאַקי... סעלסאָוועט...

מען עפנט די טיר און יענער שטאַמלט ווייטער:

— פּאַליאַקי... סעלסאָוויעט... סטאַנציאַ קזיל־טעפּע... ביסטרעי...

רעדט מען איינע צו די אַנדערע אין פאַרוווּנדערונג :

— וואָס קאָן עס זיין? וואָס פאַר אַ „טרעוואָגע" אין מיטן דער נאַכט?

— וואָס איז ווידער פאַר אַ נייס ?...

— ביסטרעי... סעלסאָוועט... ס'וויעשטשאַמי... (שנעל... אין סעלסאָוועט... מיט די זאַכן). — טרייבט אונטער דער אוזבעק.

— מיט די זאַכן ?!

— עפּעס נישט גלאַטיק.

— אַוודאי ווידער אַ צרה.

ס'האָט יעדער פון אונדז גוט געדענקט די קאָמאַנדע: „ס'וויעשטשאַמי"... מ'האָט עס געהערט אין די תפיסות, ביי די טראַנספּאָרטן אין עשאַלאָן.

דער אוזבעק איז אַוועק און אין געציילטע מינוטן נאָכדעם זענען מיר שוין גרייט געווען מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס. מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט דער קיביטקע, מיטן דאַך איבערן קאָפּ, וואָס האָט אונדז געשיצט אַזוי קורץ און מיר זענען אַרויס אין דער פינצטערניש.

— און אפשר... אפשר ווערן מיר גאָר געהאָלפן? — דערמאָנט זיך דער וויל־נער אַ פריילעכע ווערסיע: — ס'האָט עמיצער געהאָט דערציילט, אַז פון דאַנען וועט מען אונדז אַלעמען איבערפירן קיין פּערסיע, און פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל.

— הלוואי וואָלט עס אמת געווען.

— ס'וואָלט צו גוט געווען.

— אפשר...

די פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט, געלאָזט זיך ווילגיין.

אַ קילער דרויסן. דער גאַנצער קישלאַק ליגט איינגעזונקען ווי אין אַ טויטן שלאָף, נאָר אַן אונדז האָט מען זיך דערמאָנט און אונדז אויפגעריסן אין מיטן נאַכט.

פון אונדזערע טריט און צוליב אונדזערע שטימען כאַפּט זיך אויף ווו נישט ווו אין דער זייט אַ הונט און באַגלייט אונדז מיט אַן אומעטיקער בילעריי.

— וואָס קאָן עס פאָרט זיין? אַ „טרעוואָגע”? די וועלט קערט זיך איבער? נישט געקאָנט אונדז רופן אין דער פרי? — טענהט ה. ווי צו זיך.

— וואָס האָבן מיר אייגנטלעך צו זשאַלעוועז? דעם הונגער אין קאָלכאָז? — ענטפערט אים דער ווילנער. — וואָס קאָן דאָ זיין ערגער?

לסוף דערזעען מיר שוין די באַלויכטענע פענצטער פון „סעלסאָוועט”. מיר קומען צו.

אַ געדראַנג פון מענטשן, אין דרויסן פאַר דער כאַטע און אינעווייניק. אַלץ אַן אונדזעריקער עולם. פּליטים. פּוילישע.

— ייִדן, וואָס איז דאָ געשען? וואָס פאַר אַ „טרעוואָגע”?

— מ׳שיקט אונדז קיין ארץ־ישראל. — רופט זיך איינער אָפּ מיט אַ שמייכל.

— לאַכט נישט, איך האָב שוין אויך געהערט אַזאַ קלאַנג. — זאָגט אים דער ווילנער.

— און איר גלויבט טאַקע דערין? — ענטפערט אים יענער — ווייל איז דעם גלויביקן . . .

— וואָס זאָגט דער ראָיס ?

מיר שפאַרן זיך אַריין אינעווייניק. ביי אַ טיש זיצט דער ראָיס מיט נאָך אַ פּאָר אוזבעקן. מיר נעמען אים אויספרעגן. ער איז קאַרג אויף ווערטער. לסוף ווערן מיר פון אים געוואָר, אַז ער האָט געקריגן אַ באַפעל פון דער „נ.ק.וו.ד.”, צוצו־שטעלן אַלע פּאַליאַקן פון זיין געביט צו דער סטאַנציע קזיל־טעפּע. צו וואָס? צו ווען ?— דאָס ווייס קיינער נישט. אין באַפעל זאָגט זיך גאָרנישט. פון וואַנען זאָל ער וויסן ?

אַלע ווילע קומען צו פרישע מענטשן, אויפגעוועקטע פון שלאָף. כמעט אַלע ייִדן. נאָר אַ פּאָר פּאָליאַקן ווי אויף אַ רפואה. די אוזבעקן האָבן לסוף צונויפגע־נומען שוין אַלע פּוילישע פון די פּאָר קישלאַקן. צוזאַמען אַ מאַן פופציק. אויף אַלעמענס פּנימער די זעלבע פאַרוווּנדערונג: „וואָס באַדייט עס?” מ׳רעדט, מ׳שמו־עסט אין די רעדלעך. מ׳מאַכט כלערליי השערות. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך געשטויסן אַזוי אין כאַטע און אַרום דער כאַטע און זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען.

פאַר דער כאַטע שטייען שוין אַ גאַנצע ריי אַרבאַס — צוויי־רעדערדיקע ווע־גענער, מאָביליזירטע אין די קישלאַקן. די דאָזיקע אַרבאַס דאַרפן עס אונדז אָפּפירן צו דער סטאַנציע קזיל־טעפּע.

עמיצער פון עולם קומט אַרויס מיט אַ פאָרשלאָג :

— חברים, לאָמיר פּאָדערן ברויט אויפֿן וועג. אַנדערש רירן מיר זיך נישט פֿון אָרט.

— געדעכט! געדעכט!

— טאַקע אַזוי, ברויט זאָל מען אונדז געבן. שוין אַ גאַנצע וואָך קיין ביסן ברויט נישט באַקומען פֿון זיי, די גנבֿישע אוזבעקן.

באַלד גייט אַריין אַ „דעלעגאַציע" אינעווייניק אין דער כאַטע מיט דער טענה:

— טאָוואַרישטש ראַיִס! גיט אונדז ברויט אויפֿן וועג. מיר זענען אַלע הונגעריק.

— שוין אַ וואָך צייט ווי מיר קריגן קיין ביסן ברויט נישט... — כאַפּט אונטער אַן אַנדערער.

— נאַן יאָק... — ענטפֿערט ער.

— אָן ברויט וועלן מיר נישט פֿאָרן. — הערט זיך אַ שטים.

— „נ.ק.וו.ד."... — טוט אַ זאָג דער ראַיִס מיט אַ שמייכעלע דעם „שם המפורש"...

— און אַז „נ.ק.וו.ד."? — שרעקט זיך נישט אָפּ דער „דעלעגאַט". — ראַזוויע נאַם ניע פּאָלאָגאַיעטסיאַ? (צי דען קומט אונדז נישט?).

עס איז אַוועק אַ דינגעניש, אַ שאַרף געריידל. לסוף האָט דער ראַיִס געשיקט ברענגען דעם „זאַווכאָז" פֿון מאַגאַזין. און ס'האָט טאַקע געהאָלפֿן: באַגינען, ווען ס'איז שוין געווען ליכטיקלעך, האָבן צוויי אוזבעקן געבראַכט ברויט. נישט קיין סך; אָבער עפּעס איז דאָך אויך גוט. מ'האָט דאָס ברויט צעשניטן אין גאַנץ קליינע פּאָרציעס, אַזוי ווי אַ לאָקנדיקן דעליקאַטעס, און עס פֿאַרטיילט אונדזער עולם. די הונגעריקע מענטשן האָבן עס גלייך פֿאַרצוקט, ווי די גיריקע וועלף. נישט געבליבן ביי קיינעם אַפֿילו קיין זכר נישט פֿונעם „צידה לדרך".

עולם האָט זיך אויסגעזעצט אין די אַרבאַס. אויף אַן אַרבאַ האָבן זיך קוים אַריינגעקוועטשט אַ 4 מענטשן — אַזוי אַז עס האָט זיך באַקומען אַ גאַנצער „אָבאָז" פֿון אַרבאַס.

— היידאַ!

„מיין" אַרבאַ איז געפֿירט געוואָרן פֿון אַ קעמל. אַן אומגעלומפּערטער, מיט קלאָציקע פֿיס, מיט אַן אויסגעקראָכענער פֿעל אויף די מיאוסע סטאַרטשענדיקע האָרבן. אַזוי מיאוס ווי דאָס נע־ונד־לעבן...

ס'איז נאָך קאַלט. עס שוידערט דאָס אויסגעדאַרטע לייב. ערשט ווען די זון האָט זיך אַרויפֿגערוקט העכער, איז געוואָרן וואַרעמער. ס'איז אויך געוואָרן וואַרעמער אויפֿן געמיט. די אַרבאַס האָבן זיך אַזוי געשלעפּט איבער דעם שטויביקן וועג, צווישן סטעפּעס, ביז מ'האָט זיך נאָך האַלבן טאָג דערשלעפּט צו קזיל־טעפּע.

# 8

# אַ נייער עמק־הבכא

אין קזיל־טעפּע איז שוין געווען פול מיט פוילישע. אַלץ יידן. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי בעת אַ באַלאַגערונג. די עטלעכע געסלעך זענען פול געווען מיט אונדזערע פּליטים. דאָס האָט מען אַהער — פּונקט ווי אונדז — צונויפגעפירט די פוילישע פון אַלע אַרומיקע קאָלכאָזן. און געשען איז עס אין משך פון דער איינער נאַכט. אין איין נאַכט האָט דער אַפּאַראַט פון דער „נ.ק.וו.ד." געשטעלט אויף די פיס אַלע קאָלכאָזן. ס'איז אומעטום גלייכצייטיק געגעבן געוואָרן דער „פּריקאַז" מ'זאָל אַרויסנעמען פון די קיביטקעס די פוילישע און ברענגען זיי אויף אַרבאַס צו דער סטאַנציע קזיל־טעפּע. און אַזוי איז עס טאַקע געשען. אַלע ווילע האָט מען געזען אָנקומען פון פאַרשיידענע זייטן פרישע אַרבאַס מיט די פרישע קרבנות פון נע־ונד. פון די נאָנטע קאָלכאָזן איז מען אַהער אָנגעקומען פון די ערשטע, פון די ווייטערע — שפּעטער. כסדר איז געוואָקסן די מאַסע. פול איז געווען דער גאַנצער פּלאַץ אַרום וואָקזאַל. פול איז געווען די איינציקע „טשאַיכאַנאַ". די נאַרעס באַלייגט מיט מענטשן. קיין שפּילקע נישט אַריינצושטעקן.

— צו וואָס האָט מען אונדז געבראַכט אַהער? צו וועלכן צוועק?

— וואָס וועט מען טאָן מיט אונדז?

— וווהין?

מענטשן האָבן זיך אין אומרו נאָכגעפרעגט, געזוכט אַ תירוץ אויף די פראַגן איינע ביי די אַנדערע. קיינער האָט אָבער נישט געוווסט דעם פּשט פונעם קיבוץ־פּליטים, ביי דער סטאַנציע קזיל־טעפּע.

זענען אַנדערע געגאַנגען פרעגן אין דער מיליץ:

— וואָס וועט מען דאָ טאָן מיט אונדז?

די מיליציאָנערן האָבן גלייכגילטיק געענטפערט:

— זשדיטיע, בודיעט פּריקאַז... (וואַרט, עס וועט זיין אַ פאַראָרדענונג).

איז עס פאַר דעם עולם געוואָרן נאָך מער געהיימנישפול און עס זענען ווידער געגאַנגען כלערליי השערות.

איז געוואָרן אַ געמורמל צווישן עולם:

— ברויט! ברויט! זאָל מען אונדז געבן ברויט!

איז אַוועק אַ דעלעגאַציע אין דער מיליץ:

— דער עולם איז הונגעריק. גיט אונדז ברויט!

איז ווידער געקומען אַ פלעגמאַטישער ענטפער פון די מיליציאָנערן:

— זשדיטיע, בודיעט פּריקאַז...

אַזוי האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אומגעדרייט אַ דענערווירטער, דערשלאָגענער עולם, וואָס איז נאָך אַלץ געוואָקסן דורך די ניי־צוגעקומענע. דעם גאַנצן טאָג האָט מען גאָרנישט געקריגן צום עסן. מ׳איז אומגעקראָכן איבער די געציילטע עטלעכע געסלעך פונעם קליינעם שטעטעלע, געזוכט, גענישטערט, געבעטלט ביי די אוזבעקן:

— פּראָדאַי לעפּיאָשקו... (פאַרקויף אַ פּלעצל).

— נאָן יאָק...

אין די אָרעמע קיביטקעס האָט געפייפט דער דלות. אוזבעקישע קינדער, מיט בלייכע פּנימלעך, אין אָפּגעקראָכענע טיבעטייקעס אויף די קעפּלעך, אין אַלטע קאָ־לירטע כאַלאַטלעך, האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע. אין איין אָרט זע איך, ווי אַ קינד קראַצט מיט די פינגערלעך רעשטלעך געקעכץ פון אַ קעסל. די שוואַרצע אייגעלעך האָבן ביי אים געפיבערט פון הונגער... אַ דאַרע מאַמע מיט דינע צעפּלעך אויפן קאָפּ האָט געזויגן אַן עופהלע. דאָס קליינע נפשל האָט זיך געקרימט און אָפּט איבערגעריסן דאָס זויגן מיט אַ פּישטשעריי: אין דער דאַר־אויסגעצויגע׳נער ברוסט איז אַפּנים ליידיק געווען.

איך קוק זיך צו צו דער אָרעמקייט אין די קיביטקעס און האָב שוין נישט קיין מוט צו בעטן מ׳זאָל מיר פאַרקויפן ברויט. כ׳ווייס דאָך, איך זע דאָך מיט די אייגענע אויגן, אַז — „נאָן יאָק״...

פאַרוואָס אַזאַ אָרעמקייט ביים פאָלק? — — — — — —

די פּליטים פון אַנדערע קאָלכאָזן דערציילן, אַז אויך ביי זיי איז געווען כמעט דאָס זעלבע ווי ביי אונדז: די ערשטע טעג איז געווען צו דערליידן. מ׳האָט געגעבן ברויט. שפּעטער האָט מען שוין אָנגעהויבן צו געבן אַ טאָג איבער אַ טאָג און נאָכדעם — נאָך ווייניקער. האָב טענות צו די אוזבעקן — אַז אויך אין זייערע היימען פעלט אויס דער מין.

מורמלען פּליטים:

— וואָס איז עס פאַר אַ לאַנד, אַז עס פעלט אויס אַ שטיקל ברויט צו דער־האַלטן דעם חומר?

— ווער איז דער שולדיקער?

— רוסלאַנד איז דאָך אַמאָל געווען אַזאַ שפעדיק לאַנד. אַ לאַנד, וווּ עס האָט גערונען מילך און האָניק...

— נישט פאַר אַלעמען.

— יאָ, נישט פאַר אַלעמען; איצט אָבער פאַר קיינעם נישט.

און דאָ קומט אַ פּירוש פון אַן אַנדערן:

# אויף שליאַכן פון הפקר

— ווי האָט אין רוסלאַנד געזאָגט אַמאָל אַ ראש פון די אַלטע וואַריאַגן: „אונדזער לאַנד איז גרויס און שפּעדיק, אָבער קיין אָרדענונג איז אין אים נישטאָ"...

איך שטופּ זיך אַריין אין „טשאַיכאַנאַ"; אָבער אַחוץ גרינעם טיי קריגט מען דאָרט גאָרנישט. אַפילו דעם גרינעם טיי איז שווער צו דערבעטן זיך. אַזוי פיל מענטשן שטופּן זיך, שטויסן זיך צום בופעט און דער אוזבעק קאָן זיך נישט צע־רייסן. אינמיטן דערינען טוט ער גאָר אַ געשריי צום עולם:

— טשאַי יאָק!!

דער קעסל, הייסט עס, איז שוין אויסגעליידיקט געוואָרן און מ'דאַרף וואַרטן ביז ער וועט ווידער אויפקאָכן. מענטשן וואַרטן כאָטש אויפן ביסל טיי, פון וואָס עס שלאָגט אַ חלשות. אָבער אַז עס איז נישטאָ וואָס צו קייען, כאַפּט מען זיך כאָטש צו טרינקען — אַבי אָפּצופרישן מיט הייסער פליסיקייט די געדערים.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע. כ'האָב זיך אומגעדרייט איבערן קישלאַק און געזוכט אַ באַהעלטעניש, ווו צו קאָנען איבערליגן אין דער וואַרעם די נאַכט. דער הויפּט־זאַל אויפן וואָקזאַל איז, ווי אומעטום, געווען פאַרשלאָסן. אַהין האָט מען נישט אַריינגעלאָזט. דורכן פענצטער האָט איך געזען אַ פּאַס לייוונט מיט אַן אָנ־שריפט: „קראַסני אוגאָלאָק" (רויטער ווינקל). נישט פאַר פּליטים איז ער באַשאַפן געוואָרן. און ס'האָט אַזוי געלאָקט אינעווייניק. אַ, ווען מען לאָזט אַריין אינעווייניק, זיך אויסציִען אויף דער פרייער פּאָדלאָגע! די ווייסע קיביטקעס אין קישלאַק זענען פרי אויסגעלאָשן געוואָרן, און זיי האָבן מיר דערמאָנט אָן אוהלס אויף אַן אַלטן פאַרצייטיקן בית־עולם. האָבן זיך די פאַרוואָגלטע מענטשן געטוליעט צו די קאַלטע ווענט. געטוליעט זיך אין דער אייגענער אויסגעשאָסענער פּופּייקע און געציטערט פון קעלט. פון שלאָף איז שוין קיין רייד נישט געווען. אַנדערע האָט אָפּגעגליקט זיך אַריינצוכאַפּן אין עפּעס אַ שטעלכל, אין אַ שאָפּע, אין אַ צעבראָכענעם וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט אויף אַ רעזערוו־ליניע.

אַדורכגענומען פון קעלט, האָב איך געפּרוווט „שטורעמען" די „טשאַיכאַנאַ". אירע שוואַך־באַלויכטענע פענצטערלעך האָבן אַזוי געררייצט. אינעווייניק איז אָבער געווען מוראדיק פול. אַלע פּריטשעס, אַלע דורכגענג זענען געווען באַלייגט מיט מענטשן. ס'איז מיר קוים געלונגען אויסצונוצן אַ רגע און זיך אַריינצושטופּן אי־נעווייניק. כ'האָב זיך מיט אַלע כוחות געריסן, גערוקט צווישן די שטייענדיקע גופים אין דער ענגשאַפט, וואָס ווייטער, וואָס העכער. כ'בין געבליבן שטיין ביי אַ פול אָנגעפּאַקטער פּריטשע. וועגן זעצן זיך איז קיין רייד נישט געווען. אַפילו אונטער דער נאַרע זענען געלעגן מענטשן — אַזוי ווי שטוב־חיות. בין איך אָפּגע־שטאַנען אַזוי שעהן אַ מידער, אַ צעבראָכענער. אָבער וואַרעם איז געווען פון די

אָנגעפּראָפּטע מענטשישע גופים. אינמיטן דערהערט זיך אַ קרעכצעריי פון אונטער דער נאָרע נעבן מיר:

— ראַטעוועט... איך שטאַרב...

דאָס איז עפּעס אַ פרוי דאָרט נישט גוט געוואָרן... זי איז פשוט פאַרחלשט געוואָרן אונטער דער פּריטשע, אָן לופט, אין שטיקנדיקן ריח פון מיסט און מענטשישע גופים...

מען שלעפּט זי אַרויס פון אונטער דער פּריטשע — אַ שוואַנגערע יידישע פרוי, אַ בלאַסע, מיט פאַרגלייזטע אויגן, מיט הענט וואָס פאַלן איר אַרונטער...

— לופט! לופט! טראָגט זי צו דער לופט!

— מענטשן, לאָזט אַדורך!

מחמת דער גרויסער שטופּעניש האָב איך זיך אַרונטערגערוקט אונטער דער פּריטשע. כ׳האָב פאַרנומען דאָס אָרט פון דער פרוי. עס האָט טאַקע געשטיקט דאָרט אונטן. מ׳האָט געמוזט ליגן נידעריק, איינגעקאָרטשעט, מ׳האָט נישט געקאָנט באַוועגן זיך, ווייל אויך דאָרט איז פאַרנומען געווען פון מענטשן. און כ׳ווייס נישט ווי לאַנג וועל איך דאָרט קאָנען אויסהאַלטן און נישט האָבן זעלבן דעם סוף וואָס די פרוי. אָבער דערווייל האָב איך זיך געקוויקט מיט דעם אָפּרו און מיט דער וואַרעמקייט. כ׳קאָן אַ ביסל ליגן, אויסרוען די פאַרחלשטע אברים.

די פרוי איז שוין נישט צוריקגעקומען אויף איר אָרט. זי מוז נאָך אַוודאי ליגן ערגעץ אָ פאַרחלשטע, אָדער... ווער ווייס?... דערווייל האָב איך „געירשנט" איר פּלאַץ אונטער דער פּריטשע אָן „שליסל־געלט"...

## 9

## ווידער אין עשאַלאָן

אויפן דריטן טאָג האָבן זיך ערשט געוויזן אין אונדזער צערודערטער פּליטים־מחנה די „נ.ק.וו.ד׳־יסטן" מיט די רויטע „אָקאָלאָזשקעס" אויף די היטלען און אונדז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז נאָך היינט וועט אונדז אַן עשאַלאָן צונעמען פון דאַנען.

— וווהין? וווהין וועט מען אונדז ווידער פירן?

— אין אַן אַנדער פּלאַץ. אין אַ בעסערן... — האָבן זיי שמייכלענדיק געענטפערט.

— ווו איז עס? ווו איז דער פּלאַץ?

זיי האָבן געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער.

— ווו זענען עס דאָ די „בעסערע" ערטער? — וואַרפט ווער אַריין איראָניש. מ'האָט די „ג.ק.וו.ד.־יסטן" פאַרשאָטן מיט פראַגן:

— און ברויט?

— פאַרוואָס קאַרמעט מען אונדז נישט?

— נישט קיין ברויט, נישט קיין זופּ.

— ברויט! ברויט!

יענע האָבן זיך גענומען אַרויסשאַרן פון דער מחנה און צוגעוואָרפן:

— ליאַרעמט נישט, איר וועט באַקומען.

דעם זעלבן טאָג איז דערגאַנגען אַ קלאַנג צום עולם, אַז די „סטאָלאָווקע" ביים וואָקזאַל טיילט זופּקעס. ווי הונגעריקע וועלף האָט מען זיך אַהין אַ וואָרף געטאָן מיט די „קאָטיאָלקעס" (קעסעלעך). מ'האָט אין דער אמתן אַרויסגעגעבן אַ שיטערע זופּקע. מענטשן האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן צום פענצטערל פון בופעט און גע־קוויקט זיך מיטן נעבעכדיקן ביסל געקעכץ. מ'האָט געגאָסן אין זיך אַריין די וואַ־רעמע פליסיקייט, אָבער קיין זעטיקייט האָט עס נישט געבראַכט. די הונגעריקע אויגן האָבן ביי איטלעכן געקוקט שפּיזיק און אויפגערייצט.

עס האָט זיך ווידער געוויזן אַן „ג.ק.וו.ד.'ניק" און געהייסן מ'זאָל צושטעלן אין „סטאָלאָווקע" רשימות פון די מענטשן לויט די בריגאַדעס אין די קאָלכאָזן. אויף די דאָזיקע רשימות וועט מען אַרויסגעבן פּאַרציעס ברויט פאַר איטלעכן אין וועג.

ס'איז געוואָרן אַ באַוועגונג. מ'האָט זיך צעטיילט לויט די בריגאַדעס. איינער אַ וואַרשעווער האָט צונויפגעשטעלט די רשימה פון די מענטשן פון קאָלכאָז טאַלי־סאַוועט. איך זע דאָרט עפּעס צופיל מענטשן. נעמען, וועלכע איך קען גאָרנישט.

— ווער זענען עס די דאָזיקע מענטשן? נעמען פון דער הפטורה? — פרעג איך.

— וואָס אַרט אייך? — ענטפערט דער וואַרשעווער, — קוקט און שווייגט. שיין וועלן מיר אויסזען, אַז מיר וועלן זיך פאַרלאָזן אויף זייער קאַזאַצקן יושר. איר זעט דאָך, ווי מ'באַגייט זיך מיט אונדז.

— אָבער...

— לאָזט אים! — מישט זיך אַריין דער ווילנער בחור. — אַז ער וויל אַזוי, טאָ זאָל ער אַליין גיין „פאַסן" דאָס ברויט.

יענער איז טאַקע אַוועק און שפּעטער איז ער צוזאַמען מיט אַלעמען צוריק־געקומען מיטן ברויט פאַר אונדזער גרופּע פון טאַליסאַוועט. דער שווינדל איז אים טאַקע געלונגען. מ'האָט געקריגן צו 500 גראַם אויף אַ מענטשן. אָבער דער וואַר־

שעוועך האָט געבראַכט מיט עטלעכע פּאַרציעס מער. פֿאַרשטייט זיך, אַז זיך אַליין האָט ער צוגעטיילט די גרעסטע פּאָרציע — פֿאַר זיין „שכר הליכה״...

— וועמען אייגנטלעך האָט דער וואַרשעווער אָפּגענאַרט? — פֿרעג איך בעת דער חלוקה פֿונעם ברויט.

— נאָר די „נ.ק.וו.ד.״ — ענטפֿערט דער וואַרשעווער — יעדער פֿון עולם וועט דאָך סיי־ווי־סיי קריגן זיין פּאָרציע. און אָפּנאַרן די „נ.ק.וו.ד.״ איז אַ מצווה. נישקשה, זיי האָבן אונדז געטאָן גרעסערע עוולות...

— גערעכט, — האַלט אים אונטער דער ווילנער, — אגב, ווער ווייס ווען מיר וועלן אַ צווייט מאָל באַקומען ברויט.

דאָס ברויט האָט קיינער נישט געהאַלטן אין וועג אַריין. מ׳האָט עס באַלד פֿאַרצערט. ס׳איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אינאיינעם מיטן שאָטן פֿון באַגאַנגענעם חטא. — אויב ער איז ביי עמיצן געווען... — אָדער אינאיינעם מיט דער „מצווה״ — לויט דעם וואַרשעווערס אויסטייטשונג.

עטלעכע פֿאַרשוין פֿון די אָרדנערס — אַליין־געקרויינטע אין אונדזער צע־טומלטער מחנה — האָבן איינגעטענהט מיט די מיליציאָנערן אויפֿן וואָקזאַל. שפּע־טער זענען זיי געקומען מיט דער בייס, אַז זיי ווייסן שוין. זיי ווייסן שוין וווּהין מען וועט אונדז פֿירן. פֿאַראַן אַ באַפֿעל, אַז אַלע פּוילישע פּליטים אין אוזבעקיס־טאַן דאַרפֿן תיכף איבערגעפֿירט ווערן קיין קאַזאַכסטאַן. נישט אַלע האָבן געוואָלט דערין גלייבן.

— צוליב וואָס?

— צו וועלכן צוועק?

— טאָ צוליב וואָס האָט מען אונדז אַהער געבראַכט?

קיינער האָט נישט געקאָנט געפֿינען קיין אויסטייטשונג פֿון דעם זין, אָדער דעם אומזין פֿון דעם איבערפֿירן אונדז קיין קאַזאַכסטאַן נאָכדעם ווי מ׳האָט אונדז ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אַהער געבראַכט. טאַקע נישט געווען דערין קיין שום לאָגיק, קיין שום פֿאַרענטפֿערונג — סיידן רשעות, סיידן חוזק איבער די אַזוי פֿיל שוין אויסגעליטענע, צעבראָכענע מענטשן.

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז פֿון קאגאַן אָנגעקומען פֿאַר אונדז אַן עשאַלאָן מיט „טיעפּלושקעס״. ער איז באַלד פֿול געוואָרן. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און דער עשאַלאָן האָט גערירט. ער פֿאָרט טאַקע אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג, פֿון וואַנען מיר זענען אָנגעקומען — צו טאַשקענט־צו.

אויף מיין פּריטשע אויבן איז געלעגן פֿון איין זייט דער פֿרומער גאַליציאַנער מיטן ווילד־צעוואַקסענעם בערדל און פֿון דער אַנדער זייט — דער פּיפּיקער וואַר־שעווער. אין זיין שכנות — עפּעס אַ מיידל מיט אַ שיין פּנימל. דווקא, די פֿאַרב

פון איר פּנים איז נישט קיין באַטירלעכע. וואָס אַ מיידל ליגט אין זיבעצן אַפילו אין אַזעלכע באַדינגונגען! דוכט, קיינעם פון די מענער פאַלט דאָך נישט איין צו פאַרקוקן זיך אויף פּרויען. איטלעכער זוכט דאָך מיט די הונגעריקע אויגן נישט קיין פרויען, נאָר — ברויט! איז פרעגט זיך: פאַרוואָס זענען אירע אויגן אַזעלכע שמייכלדיקע? און ווו האָט זי עס דאָ געפּאַקט דעם ביליקן שרייאיקן קאַרמין אויף אירע ליפּן? די פאַרב אויף אירע באַקן? איז די דאָזיקע יפה־פיה נישט אַמאָל אָנגעגריפן פון עפּעס אַ שגעון?

ביינאַכט, אין דער טונקלקייט פון וואַגאָן, האָב איך, — ווי דער נאָענטסטער שכן, — באַמערקט, אַז דער וואַרשעווער שענקט שוין צופיל אויפמערקשאַפט זיין שכנה... ער האָט איר נאָך אין אָוונט מכבד געווען מיט אַ שטיקל ברויט פון זיין פּאָרציע — ער האָט דאָך „דערוואָרבן" אַ גרעסערע פּאָרציע פון אַלעמען, — קאָן ער איר ווייזן אַ „זשעסט" פון אַ גאַלאַנטן קאַוואַליער. אויף דער פּריטשע, אין דער פינצטער, האָט ער מיט איר גערעדט שטיל־שטיל, פּליסטערנדיק. דער עולם אויף די נאַרעס איז אַריינגעפאַלן אין מידן שלאָף. מיך האָט אָבער לאַנג געשטערט דער נאָנטער געפּליסטער. די אומרויִקע אָטעמס... ערשט אין מיטן נאַכט האָט מיך איינגעוויגט דער ריטם פון די רעדער.

אינדערפרי, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך באַמערקט, אַז מיין שכן פון לינקס, דער גאַליציאַנער, שטייט נעבן דער פּריטשע אַן איינגעוויקלטער אין אַ טלית און דאַוונט.

איך הער ווי ער מורמלט מיט אַ ניגונדל:

— מזמור שיר ליום השבת, טוב להודות לי״י ולזמר לשמך עליון...

— וואָס איז היינט פאַר אַ טאָג? — פרעג איך אים.

— נו, אַ... שבת...

ווי ער האַלט עס חשבון, דער גאַליציאַנער צדיק.

איך כאַפּ אַ קוק צו מיין שכן רעכטס — צום וואַרשעווער. ער איז שוין אויך וואַך. אויף זיין פּנים ליגט אויסגעגאָסן אַ צופרידענער שמייכל. זיין שכנה דערנעבן איז נאָך איינגעטוליעט מיטן קאָפּ אין אירע הענט.

— נו, ווי זענט איר געשלאָפן? — פרעג איך אים.

— נישט שלעכט... — טוט ער מיר ווילעריש אַ ווונק צו דער שכנה זיינער, זיין ביינאַכטיקן „אָביעקט"...

ביי טאָג, ווען דער וואַרשעווער איז געזעסן אונטן אין וואַגאָן, האָב איך מיטן דאָזיקן מיידל געכאַפּט אַ שטיקל שמועס. זי האָט ביים ריידן געשמייכלט, כסדר געשמייכלט. ס'איז געווען אַן איבערפלעכלעכער איינגעאיבטער שמייכל. בעת־מעשה האָט זיך ביי איר אין איין באַק איינגעשניטן טיפער אַ חן־גריבעלע. אין אויג ביי

איר האָט בײַם רײדן װי אונטערגעװוּנקען. קלאָר: אַ װוּלגאַרע פּרוי. דער בעסטער סימן: איר בײנאַכטיקער „פּלירט" מיט דעם ערשטן־בעסטן צופעליקן שכן אויף דער פּריטשע. און אפשר האָט איר דאָס לאַגער־לעבן דעמאָראַליזירט? װער װײסט?

— אין װעלכן לאַגער זענט איר געװען? — פרעג איך זי.

— בײַ אַרכאַנגעלסק.

— האָט איר דאָרט שװער געאַרבעט?

— אַ מכה האָב איך „זײ" געאַרבעט.

— װי אַזױ האָט איר זיך אַרױסגעדרײט פון אַרבעט?

— מ׳גיט זיך שױן אַן עצה.

— איר האָט מסתמא געהאַט גוטע בריגאַדירן?

— בײַ מיר זענען קײן שלעכטע נישט געװען. געװען אײנער אַ הונט מיט אויערן; אָבער כ׳בין פון אים שנעל פּטור געװאָרן. מ׳האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען.

— װער, אַ שטײגער?

— דער „דיעסיאַטניק".

— און מיטן „דיעסיאַטניק" האָט איר געלעבט בשלום?

— זײער און זײער...

זי האָט דערבײ אַ װוּנק געטאָן מיט אַן אויגל. דאָס האָט נאָך מער דערגאַנצט איר אָפּנהאַרציקײט. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַלץ פאַרשטאַנען. כ׳האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ, װאָס קאָן אַזױ רײדן אָפן מיט אַ פרעמדן װעגן אירע „סוקצעסן", איז נישט קײן קרבן פון לאַגער; אַז נישט דער לאַגער האָט גורם געװען זי זאָל זינקען; אַז זי איז בכלל אַ לײכטע פרױ.

בײנאַכט, בײַם פאַרקלײבן זיך װידער אויף דער פּריטשע צום שלאָפן, טוט צו מיר מײַן שכן פון רעכטס, דער װאַרשעװער, װױלעריש אַ זאָג, אויף אַ ברוטאַל־אָפענעם שטײגער:

— אויב איר האָט חשק, קאָן איך זיך לײגן פון יענער זײט... כ׳האָב זי שױן גענוג...

עס האָט מיך געעקלט פון זײַן „גרױסמוטיקײט"...

כ׳האָב זיך אױסגעדרײט צום שכן פון לינקס — צום גאַליציאַנער. יענער האָט שױן אָפּגעלײענט „קריאת־שמע" און פאַרענדיקט מיטן „המפיל" — אַזױ אַז ער טאָר שױן נישט רײדן, דער „רבל". באַלד האָט ער אָנגעהױבן צו שנאָרכן, אונטערפײפנדיק אַ ביסל מיטן מױל און נאָז.

לסוף האָט אויך מיך דער שלאָף אױסגעלײזט פון דער װאַגאָן־„רעאַליטעט".

אין פרימאָרגן האָט זיך דער עשאַלאָן אָפּגעשטעלט אין טאַשקענט. מ׳גיט איבער, אַז מ׳װעט דאָ שטײן אַ גאַנצן טאָג. פאַראַן גענוג צײט, הײסט עס. עולם

צעקריכט זיך דערווייל אין שטאָט אַריין. מיין שכנטע פון יענער זייט וואַרשעווער נעמט מיט ביים אַוועקגיין אויך איר רוקזאַק.

— צו וואָס נעמט איר מיט אייערע זאַכן? — פרעג איך זי.

— מער פאָר איך נישט.

— סטייטש ?

— משוגע בין איך? אין קאַלכאַזן וועלן „זיי" מיך פירן? איך בלייב אין טאַשקענט...

ביים אַראָפּקריכן פון „טיעפּליושקע" האָט זי מיר שמייכלענדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— סערוווס !

איר ביינאַכטיקער „פּאַרטנער", דער וואַרשעווער, האָט זי אַוועקבאַגלייט.

מער האָב איך זי, די וואַגאָן־שכנטע, נישט געטראָפן. נישט אין טאַשקענט, נישט ערגעץ אַנדערש אויף מיינע וואַנדער־וועגן. די מענטשן פון „דעק" געפינען אויך דאָ זייער פּלאַץ...

אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך אומגעדרייט איבער די פרעמדע גאַסן פון דער פרעמדער שטאָט. אַ גרויסע שטאָט, מיט שיינע גאַסן, מיט שלאַנקע טאָפּאָלן לענג־אויס פון טייל טראָטואַרן. עס האַרמאָנירט גאָרנישט די שיינקייט פון די הויפּט־גאַסן מיט דעם גרויסן דלות אין שטאָט, מיט דער פּוסטקייט אין די מאַגאַזינען. אַרומגעבלאָנקעט און נישט געטראָפן קיין באַקאַנט פּנים. נאָר ברידער־פּליטים האָבן זיך אומגעדרייט פאַרוואָרלאָזטע, קרוע־בלויה, מיט הונגעריקע אויגן... מען האָט אַרומגעזוכט „סטאַלאָוועס", ווו צו קאָנען זיך דערקוויקן מיט אַ זופּקע. ווער עס האָט גייענדיק געקייט אַ בוריק, אַ ריב; ווער עס האָט זיך סתם אַרומגעפּלאָנ־טערט אָן ציל, אָן זין, הפקרדיק. ווער עס האָט געהאַט אַ פּאָר רובל, האָט געזוכט עפּעס אויף די באַזאַרן צו קויפן. קיין געוועלבער מיט עסנוואַרג האָט מען אין ערגעץ נישט געזען. עסנוואַרג האָט מען נאָר געקאָנט קויפן אויפן באַזאַר. האָט מען זיך געשטויסן אַרום די אוזבעקן, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען מיט זעק גרינוואַרג, מיט „סאַמאָסייקע" (היימישע מאַכאָרקע). די פּליטים האָבן ממש באַלאַגערט פון אַלע זייטן די צעטומלטע אוזבעקן. ווער עס האָט געקויפט ביי זיי פּאַר געלט, ווער עס האָט אויסגעבעטלט אַ מער, אַ ריב, אָדער אַ פּאָר קערלעך „סאַמאָסייקע" צום פאַררויכערן. געווען צווישן די פּליטים אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט „לאַנגע פינגער" און אויסגענוצט אַ „שעת הכושר": ווי נאָר דער אייגנטימער פּלעגט זיך פאַררידן מיט אַ קונה, האָבן זיי באַוויזן אַריינצושטעקן זייערע „לאַנגע פינגער" צום אוזבעק אין זאַק אַריין... פלינק, פלינק... איין מאָל און אַ צווייט מאָל. נישט איין מאָל פּלעגט זיך דער אוזבעק כאַפּן און פּלעגט נעמען געוואַלדעווען:

— פּישאָל! פּישאָל, פּאָליאַק!...

לעגינסקאַיאַ... סאָוויעטסקאַיאַ... הערלעכע בולוואַרן, אַלייען. עס רוישן טראַמ־וויען. אַ באַוועגונג פון מענטשן. אָבער מ׳זעט נישט די עלעגאַנץ פון אַ גרויסער אייראָפּעיִשער שטאָט. די מענטשן אַזוי נעבעכדיק אָנגעטאָן. אין די אויגן וואַרפן זיך פּופּייקעס, פּופּייקעס. און פּנימער אומעטיקע, אומעטיקע... ווו איז דער שמייכל פון אַ פּנים? ווו איז דער שמייכל פון דער שיינער שטאָט?

גאַס־איין, גאַס־אויס. אומעטום די גרויע, פאַרכמורעטע פּנימער. מ׳הערט נישט קיין פרייען, זאָרגלאָזן געלעכטער. און ווו זענען דאָ די צעשמייכלטע, צע־לאַכטע פרויען? אויך די פרויען טראָגן אַ פאַרזאָרגטקייט אויף זייערע געזיכטער.

אויך קיין ברויט וואַלגערט זיך נישט אין שטאָט — אין „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט"... נישט לייכט איז עס צו קריגן קויפן אָן אַ „קאַרטאָטשקע", סיידן אויפן באַזאַר פאַר אַ גרעבערן פּרייז.

אַז כ׳בין צוריקגעגאַנגען צום וואָקזאַל, האָב איך באַמערקט דאָרט נעבן „סאַדיק" (גערטל) אַ ריזיקע „אָטשערעד" ביי אַ „לאַראָק" (געוועלבל). דאָס פאַר־קויפט מען דאָ „קאָמערטשעסקי" ברויט. איך האָב זיך אויך געשטעלט אין דער ריי. געפּטרט אַזוי אַ פּאָר שעה צייט. געזען ווי פון פּענצטערל גייען אָפּ מענטשן מיט אַ קילאָ „סיערע" (העלע) ווייצן־ברויט יעדערער. אָבער איך האָב קיין מזל נישט געהאַט: בעת כ׳בין שוין געשטאַנען אַ צען מעטער ווייט פון געוועלבל, האָט זיך דאָס פּענצטערל פּלוצלונג פאַרהאַקט:

— כליעבאַ באָלשע ניעטו... (קיין ברויט איז מער נישטאָ) — האָט מען געטראָגן פון מויל צו מויל. מענטשן פון דער לאַנגער ריי האָבן זיך צעשאָטן אין גרויס אַנטוישונג.

בין איך צוריק אַריין אין עשאַלאָן. דער וואַרשעווער איז שוין געלעגן אויף דער פּריטשע און האָט געקייט: ברויט, מערן, ריבן. דאָס ברויט, זאָגט ער מיר, האָט ער געקויפט אין „לאַראָק" (ער האָט יאָ געהאַט מזל) און די „שאר ירקות" האָט ער „צוגעצויגן" ביי די אוזבעקן פון די זעק. ער האָט מיך אויך מכבד געווען מיט אַ מער. כ׳האָב געגריזשעט און זיך געקוויקט מיטן זיסלעכן טעם.

דער וואַגאָן האָט גערירט ווייטער אין וועג אַריין. אַלע אין וואַגאָן זענען געווען אויפן פּלאַץ. בלויז זי, אונדזער שכנטע, האָט געפעלט. זי איז טאַקע פאַר־בליבן אין טאַשקענט — אַפּנים מיט איר גלויבן אין בעסערע „גליקן" אין דער גרויסער שטאָט...

בכלל זע איך, אַז קיינער פונעם עולם האָט נישט געהאַט קיין חשק זיך אָפּצו־רייסן פון עשאַלאָן: ס׳האָט זיך איטלעכער געשראָקן פאַר דער אומבאַשטימטקייט; צו בלייבן אויף אייגענעם באַראָט. מ׳האָט אַלץ געקלערט, אַז אפשר, ווער ווייסט,

וועט מען אונדז פּאָרט ברענגען צו אַ שטיקל תכלית און מ׳וועט זיך נישט דאַרפן אַרומוואַלגערן אין וויסטן הפקר.

מיט אַ מענטש ווייניקער, איז אויף אונדזער פּריטשע געוואָרן אַ ביסל געראַמער. האָט זיך יעדער איינגעטוליעט ביינאַכט אין זיינע שמאַטעס און זיך איבערגעגעבן דעם שלאָף. האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע נאַכט. ווען עס האָבן חלומות פאַרשפּונען. גוטע חלומות וועגן זאַטקייט... וועגן אַ ווייסער בעט... און ווען עס האָבן אויף די האַרטע ברעטער און אויף דער האַרטער פּויסט געפּייניקט קאַשמאַרן. יענער האָט זיך אין אומרויקן שלאָף באַגאַסן מיט אַ שוויס און געשריגן פון שלאָף איבערן גאַנצן וואַגאָן.

אין מיטן נאַכט איז דער עשאַלאָן שטיין געבליבן. לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען. היות ווי ס׳האָט זיך מיר נישט געשלאָפן, האָב איך אַרויסגעקוקט דורכן קליינעם פענצטערל אויבן, דורך וואַנען עס האָט אַריינגעדרונגען אַ שטראָם ליכטיקייט פון לאַמטערנעס. באַלד באַמערק איך אויף איין געביידע בוכשטאַבן: אַרזאַס. מיר זענען, הייסט עס, ווידער אויף דער גרויסער קנופּן־סטאַנציע, פון וואַנען עס גייען באַנען אין פאַרשיידענע ריכטונגען. אָבער וווהין וועט גיין אונדזער עשאַלאָן? ביים מאַשיניסט פון לאָקאָמאָטיוו איז נישטאָ וואָס צו פרעגן. קיינמאָל זאָגן זיי גאָרנישט. זיי האָבן מסתמא אַ באַפעל אַזאַ. דרייען זיי זיך תמיד אַרויס פון ענטפערן, אַז מ׳פרעגט זיי.

שפּעטער דערהער איך אַ באַוועגונג און שטימען, וואָס דערנענטערן זיך.

— רעביאַטאַ, מיט די עמערס נאָך „אָביעד"! — דערהערט זיך פּלוצלונג אַ געשריי.

כהרף־עין זענען אַלע וואַך געוואָרן.

— סטאַראָסטאַ! — רופט מען אין אונדזער וואַגאָן אַריין.

— גיכער! גיכער! — האָט מען איינע די אַנדערע געאיילט.

דער סטאַראָסטאַ פון וואַגאָן האָט געכאַפּט דעם שטענדיק גרייטן עמער און אין באַגלייטונג פון נאָך אַ פּאָר מענטשן איז ער אַראָפּ אונטן.

עס האָט לאַנג געדויערט. כ׳בין אַראָפּ כאַפּן אַ בליק. פון אַלע וואַגאָנעס איז מען אַראָפּגעקראָכן און געלאָפן אָנקוקן דעם גרויסן נס: אין איינער אַ נאָנטער געביידע, אין דער „סטאָלאָוועקע" ביים וואָקזאַל, וועט מען טיילן זופּ פאַרן עשאַלאָן. אַן עמער זופּ פּאַר אַ וואַגאָן. עס דויערט זייער לאַנג. זעט אויס, די זופּ איז נאָך נישט פאַרטיק און מ׳מוז נאָך וואַרטן. ביי דער „סטאָלאָוועקע" שטייט שוין אַ לאַנגע ריי פון די סטאַראָסטאַס מיט זייערע באַגלייטערס. די נאַכט איז אַ קילע, אָבער מ׳שטייט מיט אַ סך געדולד. אַ פּאָר „נ.ק.וו.ד.׳יסטן" דרייען זיך אַרום דערנעבן. זיי שרייען אויפן עולם מ׳זאָל זיך נישט שטופּן און שטויסן — אַלע וועלן באַקומען.

— טשטאָ זאַ נאַראָד! (וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן!), — רופט איינער פון זיי אויס צו די פאַרזאַמלטע.

— ביי זיך אין דער היים זענען מיר בייגאַכט געשלאָפן... — ענטפערט אָפּ איינער מעשה־שייגעץ, — „אָביעד“ האָבן מיר שטענדיק געגעסן בייטאָג...

— דברט נישט... — וואָרנט מען פון עולם דעם דאָזיקן „שייגעץ“. — דאַנקט גאָט, אַז מען גיט אונדז אין מיטן נאַכט אַ ביסל וואַרעמס די נשמה צו דערכאַפּן.

— אַ געבענטשטע סטאַנציע אַריס, — זאָגט אַ צווייטער. — וואָלט מען אונדז אומעטום געוועקט צום „אָביעד“ באַדאַי אין מיטן נאַכט...

לסוף זיך דערוואָרט. מ׳האָט אָנגעהויבן אָנצופילן די עמערס מיט אַ הייסער פליסיקייט. ווער פון די סטאַראָסטעס עס האָט נאָר באַקומען, האָט ער זיך גלייך אַוועקגעלאָזט צו זיין וואַגאָן אין באַגלייטונג פון כמעט דעם גאַנצן אומגעדולדיקן עולם זיינעם. פון די עמערס איז אויפגעגאַנגען אַ פּאַרע. די באַגלייטערס זענען נאָכגעגאַנגען מיט הונגעריק־צעגלאָנצטע אויגן.

דאָס איז געווען אַ שיטערע פּאָסטנע הירזש־זופּ. ס׳איז אויף יעדן אויסגעקומען ביי אַ צוויי גלעזער מסתמא. מ׳האָט עס געגעסן מיט קליינע שלוקן. ס׳איז יעדער שלונג געווען ווי אַ וואַרעמער באַלזאַם פאַר די איינגעשרומפּענע געדערים.

## 10

## ווער אין יורטעס, ווער אויף אייזעלעך...

דער עשאַלאָן האָט אין פרימאָרגן ווייטער געריירט. ער האָט געשניטן די קילאָמעטערס איבער די מדבריות פון גאַלאָדנאַיאַ סטעפּ *). עס שווינדן די קישלאַקן, די ווייסע און געל־אָפּגעקראָכענע קיביטקעס. מיר זענען ווידער אויף דער קאַזאַכסטאַנער ערד. עס מאַכן מיד דאָס אויג די פוסטע שטחים. עס מאַכט מיד די לאַנגווייל, עס מאַטערט דער הונגער. אין וואַגאָן אויף די פּריטשעס וויקלען זיך די שטענדיקע שמועסן וועגן עסן. וועגן ברויט. וועגן זופּקעס. וועגן „סטאָלאָווקעס“...

אַזוי קומען מיר אָן אין דער אַלטער שטאָט טורקעסטאַן. דער עשאַלאָן שטייט לאַנג אויף דער סטאַנציע. ווי אומעטום אויף די וואָקזאַלן — סטאַלינס ביוסט אויף אַ נידעריקער זייל. סטאַלין, דוכט, קוקט זיך צו צו די עשאַלאָנען, וואָס גייען פאַרביי; צו די מענטשן אין די טראַנספּאָרטן, וואָס ראַיען דאָ אויף דעם פּעראָן, זוכנדיק אַ שטיקל ברויט. ער שמייכלט, דוכט, אונטער די וואָנצעס, דער „טאַטע פון

*) הונגעריקער סטעפּ — נאָמען פון דער געגנט.

די פעלקער״: עס געפעלט אים אַפנים דאָס דאָזיקע בילד. די גרויע הונגעריקע מאַסע...

מען וואָרנט אונדזער עולם מ׳זאָל זיך נישט צעקריכן: באַלד פאָרט מען ווייטער. וווהין און ביז וואַנען? מען ווייס אַלץ נישט. בלויז דער מאַשיניסט פון לאָקאָמאָטיוו ווייס יאָ דעם סוד. מ׳האָט געזען ווי אַן „נ.ק.וו.ד.׳יסט״ האָט מיט אים איינגע־טענהט.

דערווייל באַלאַגערט מען דאָס פענצטערל פון דער „סטאָלאָווקע״ ביים וואָק־זאַל. אָבער נאָר די ערשטע האָבן אַריינגעכאַפּט אין די קעסעלעך אַ וואַסערדיקע זופּקע. דאָס פענצטערל האָט זיך באַלד פאַרהאַקט: „ניעטו באָלשע!״ (נישטאָ מער!).

— וולעזאַי וו׳וואַגאָני! (קריך אַריין אין די וואַגאָנעס!), — צעטראָגט זיך באַלד אַ געשריי לענג־אויס דעם עשאַלאָן.

מיר פאָרן ווייטער. דער עולם אין וואַגאָן איז צערייצט פון הונגער. קריגט מען זיך, שרייט מען. צווישן אַ פּאָר פאַרשווינען דערגייט עס שיער נישט צו אַ געשלעג.

זייגער זעקס פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ סטאַנציע פון פּרונזער ראַיאָן. אויף דעם פּעראָן דרייען זיך אום „נ.ק.וו.ד.׳יסטן״ און ציווילע פאַרשווינען, וועלכע האָבן, זעט אויס, אָפּגעוואַרט אונדזער עשאַלאָן. זיי ריידן צווישן זיך, גייען־דיק פאַרביי אונדזערע וואַגאָנעס און אַריינקוקנדיק אינעווייניק. אין „נ.ק.וו.ד.׳יסט״ מאַכט עפּעס נאָטיצן אין אַ פּאַפּיר. מיר פאַרשטייען, אַז עפּעס וועט שוין דאָ געשען.

— ווילעזאַי! (קריך אַרויס!) — דערהערט זיך אַ געשריי.

די „נ.ק.וו.ד.׳יסטן״ מאַכן צו אונדז מיט די הענט מיר זאָלן אַרויסקריכן פון די וואַגאָנעס. דאָ, הייסט עס, איז אונדזער מקום. דאָ האָט זיך עס געענדיקט אונ־דזער וועג. ס׳איז טאַקע אמת דער קלאַנג, אַז מען וואַרפט אונדז איבער פון אוז־בעקיסטאַן אויף קאַזאַכסטאַן. מיט וואָס דער „סטאַן״ וועט זיין בעסער פון יענעם „סטאַן״ וועלן מיר שוין שפּעטער זען...

עולם קריכט אַרויס פון די וואַגאָנעס. יעדער שלעפּט זיך מיט זיין אָרעמקייט: מיטן רוקזאַק אָדער זעקל אויף די אַקסלען. לענג־אויס דעם עשאַלאָן ווערט דער פּלאַץ פאַרפולט מיט אַ ראַיענדיקער מאַסע.

— מיר זענען הונגעריק! — זאָגט איינער צו אונדזערע „גאַסטגעבער״.

— גיט אונדז ברויט! — מאָנט אַ צווייטער.

— ברויט! ברויט!

די „נ.ק.וו.ד.׳יסטן״ האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק און זענען פאַרבייגע־גאַנגען ווייטער. בלויז איינער פון זיי האָט צוגעוואָרפן אַ פראַזע:

— אין קאָלכאָז וועט מען אייך אָנקאָרמענען...

# אברהם זאַק

ביים שפּיץ פון עשאַלאָן דערהערט זיך אַ רוף:

— העי, סיודאַ! ווסיע סיודאַ! (העי אַהער! אַלע אַהער!).

די מאַסע האָט זיך פּאַמעלעך גענומען באַוועגן. מ׳איז נאָכגעגאַנגען אַזוי נאָך די קאָלכאָזניקעס — ברייט־פּנימדיקע קאַזאַכן אין גרויסע פוטערנע „פּאַפּאַכעס״ מיט לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע עקן, די אויערן־שיצער. מ׳איז אַרויסגעקומען אויף אַ געוויסן מרחק פון דער סטאַנציע, אויף אַ פרייען פוסטן פעלד, לענג־אויס דעם באַן־וועג. דאָס גאַנצע פעלד איז געווען באַלאַגערט פון פורלעך, איינגעשפּאַנטע אין פערד, אין קעמלען. אַ מאַסע פורלעך, ווי צו אַ מאָביליזאַציע. קאַזאַכן אויף „יעשאַקעס״ (אייזעלעך) האָבן זיך געפּאַרעט, געשריִען איינע צו די אַנדערע אויף זייער אומפאַרשטענדלעכן לשון, געגעבן קאָמאַנדעס.

מען האָט צעטיילט די מאַסע אויף באַזונדערע גרופּעס. יעדע גרופּע איז אי־בערגענומען געוואָרן פון אַ קאַזאַך. יעדער קאַזאַך האָט זיין גרופּע צוגעפירט צו זיינע פורלעך. מ׳פּאַקט זיך אַריין אין ענגשאַפט זאַלבע זיבן, זאַלבע אַכט אין אַ פורל. די פורלעך לאָזן זיך אַרויף אויף אַ דאָרפּישן שליאַך. מען פאָרט. אַזוי פורל נאָך פורל. אַ ריזיק לאַנגער „אָבאָז״. מען זעט גאָרנישט דעם עק. אויפן וועג צע־קריכן זיך די וועגענער אין פאַרשיידענע ריכטונגען, מיט די זייטיקע סטעפּישע וועגן.

„אפשר — טראַכט איך — וועט מען שוין טאָקע לסוף אָנקומען צו אַ מקום מנוחה? וויפל איז דער שיעור?״

— נאָן באַר? (ברויט איז פאַראַן?) — פרעגט דעם קאַזאַך עמיצער אינעם פורל.

— קאָלכאָז... קאָלכאָז... — לאַכט דער קאַזאַך און שטשירעט אויס זיינע שיטערע טונקעלע ציין. דאָס שפּיציקע שיטערע בערדל שאָקלט זיך צו ביי אים אַזוי קאָמיש.

— וואַרט, וואַרט, — וויצלט זיך ווער אין וואָגן, — מ׳האָט פאַר אונדז זיכער צוגעגרייט אין קאָלכאָז אַ געבראָטענעם אינדיק...

— כ׳האָב מורא, — זאָגט צו מיר ה., — אַז אויך דאָ וועט מען אונדז מכבד זיין מיט אַ געפּאַלענעם קעמל אַזוי ווי אין טאַליסאַוועט...

— נישט היינט געדאַכט...

— פון וואַנען זאָל דאָ זיין ברויט? — טוט ה. אַ וויַיז. — זעט, ס׳אַראַ וויסטע סטעפּעס. זעט אויס, אַז מען זייעט דאָ גאָרנישט.

ס׳איז שוין געווען נאַכט, בעת מיר זענען אָנגעקומען בשכנות פון אַ גרופּע היזקעס. אונדזערע עטלעכע וועגענער בלייבן שטיין פון דער ווייטנס אויף אַ פעלד. מיר קריכן אַראָפּ. די פורלעך פאַרשווינדן. ס׳איז שוין גוט פינצטער. איין קאַזאַך

בלייבט מיט אונדז. ער הייסט אונדז פאַרנעמען די יורטעס. דאָס זענען קאַזאַכישע וואַנדער־געצעלטן, געפלאָכטענע פון ריטער און שטרוי־מאַטעס. זיי זעען אויס ווי קאָנוסן, אונטן ברייט און אויבן שמאָל, מיט אַ געפלאָכטענער טירל ביים אַריינגאַנג און מיט אַן אָפענעם לאָך פון אויבן. עס איז נישקשהדיק קאַלט. דער קאַזאַך מאַכט אין די יורטעס שייטערס און צינדט אָן. מ׳זעצט זיך אויס אַרום פייער. דער רויך ציט אַרויף דורך דער עפענונג. „שיין דערלעבט — טראַכט איך — מיר זענען געוואָרן די אמתע נאָמאַדן, ווי די ווילדע סטעפּ־מענטשן״. דאָס פייער פלאַקערט, קנאַקט. מ׳לייגט צו פרישע ריטער, שטענגלעך פון „כלאָפּאָק״. דער הונגער לאָזט אָבער נישט רוען. מאָנט מען ביים קאַזאַך:

— מיר זענען הונגעריק... ברויט... לעפיאָשקאַ...

— זאָווטראַ... קאַלכאָז... — ענטפערט ער.

פרווּוט מען זיך גיין צו די כאַטעס אין דער שכנות — פאַרהאַקט, פאַרשלאָסן. נישטאָ צו וועמען צו ריידן. מ׳רעדט זיך ווי עס איז צונויף מיטן קאַזאַך ביי די יורטעס און מיר ווערן געוואָר, אַז דאָ בלייבן מיר נישט; אַז דאָ איז דער „סעלסאָווער״; אַז מאָרגן וועט מען אונדז צעשיקן איבער די קאָלכאָזן. ליגט מען אַרום ברענענדיקן שייטער און עס גייט אַ גערייד ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין.

אין מיטן נאַכט ווייזן זיך אַ פּאָר אַנדערע קאַזאַכן מיט אַ נייס: ווער עס וויל שוין פאָרן אין קאַלכאָז, באַקומט אַ „יעשאַק״.

— קאָלכאָז יאַכשי? — פרעגט מען זיי.

— יאַכשי, יאַכשי... — לאַכן זיי, ווילעריש אונטערווינקענדיק. — קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש״ יאַכשי...

זיי דערציילן, אַז ביזן קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש״ איז 16 קילאָמעטער. אינדערפרי וועט מען גיין אַהין צופוס און די אַלטע און פרויען וועלן פאָרן אין פורלעך. טיילט זיך אויס אַ גרופּע, וואָס איז גרייט שוין אַהין צו פאָרן אויף „יעשאַקעס״. איך שטיי אויך צו צו דער דאָזיקער גרופּע. די קאַזאַכן ברענגען עטלעכע אייזעלעך מיט אַ יונגן קאַזאַכל ווי אַ פירער.

מיט דער גרויסער בענקשאַפט נאָך מנוחה, נאָך אַ ווינקל, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, לאָזט מען זיך רייטנדיק אין דעם חושך פון נאַכט. די אייזעלעך קריכן אין אַ שורה איינער הינטערן אַנדערן. פון ערגעץ זעט מען אַפילו נישט קיין פייערל פון אַ קיביטקע, אַ זכר כאַטש פון אַ היים.

אין מיטן וועג פאַרעקשנט זיך מיין אייזעלע און בלייבט גאָר שטיין. איך טרייב אים אונטער מיטן צווייג אין דער האַנט, פרווו אים טאָן אַ לייכטן שמיצל — עס העלפט נישט. דערווייל האָבן די איבעריקע אייזעלעך פון פאַרנט זיך שוין דערווייטערט. כ׳וויל דאָך נישט בלייבן אַליין אין וועג און קריך אַראָפּ. כ׳צי מיין אייזעלע

פאַר די לייצעס. ער שטעלט בלויז עטלעכע טריט און בלייבט ווידער שטיין. איך שטויס אים און שטופּ אים — לאו! ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען דעם פּשט פון „איינגעשפּאַרט ווי אַן אייזל"...

— טאָ גיי זשע צו אלדי רוחות! — ווער איך בייז. איך טו אים אַ שמיץ און לאָז איבער דעם „יעשאַק" אין נאַכטיקן סטעפּ. איך אייל זיך צו דעריאָגן מיינע וועג־חברים. יענע אייזעלעך גייען פּאַמעלעך, אָבער זיי גייען, בלייבן נישט שטיין אַזוי ווי מיינער. איך קום צו צו ה. און גיי נאָך ביי דער זייט פון זיין אייזעלע.

— וואָס וועט איר זאָגן, אַז מען וועט פון אייך פאָדערן דעם „יעשאַק"?

— כ'וועל זיי שיקן צו אים אין סטעפּ. ס'איז דאָך זייער סטעפּ און זייער „יעשאַק"...

— אויב איר זענט מיד, וועל איך אייך אָפּטרעטן מיין „יעשאַק".

— אַ שיינעם דאַנק. כ'וויל שוין מער נישט האָבן צו טאָן מיט קיין אייזלען...

און אַזוי בין איך נאָכגעקראָכן אין דער פינצטערניש, טריט ביי טריט, נאָכן אויסטערלישן נאַכט־קאַראַוואַן.

## 11

## אין „קאָלכאָז אימעני קאַגאַנאָוויטשאַ"

אין גרויסן באַגינען זענען מיר אָנגעקומען צו אַ גרופּע כאַטעס. דאָס יונגע קאַזאַכל, דער פירער, איז אַראָפּגעקראָכן דער ערשטער פון זיין אייזעלע: דאָ איז דער „קאָלכאָז אימעני קאַגאַנאָוויטשאַ". אין איינער פון די כאַטעס איז די קאַנצעליאַריע. אָבער זי איז נאָך געשלאָסן. האָבן מיר זיך דאָרט אויסגעלייגט ביי דער וואַנט און זיך געטוליעט צו איר אין מידקייט, קעלט און הונגער. שפּעטער איז צו אונדז צוגעריטן עפּעס אַ פאַרשוין אויף אַ פערד אין אַ ריזיקער שעפּסענער פּאַפּאַכע ביז איבער די אויערן.

— פרעדסיעדאַטיעל? (פאָרזיצער?) — פרעגן מיר.

— בריגאַדיר. — ענטפערט ער.

ער ציילט אונדז איבער — ווייניק מענטשן. ער ווייס, אַז עס דאַרפן קומען נאָך מענטשן. מיר דערציילן אים, אַז די אַנדערע וועלן אָנקומען שפּעטער מיט פורן.

— לאַדנאָ.

— מי גאַלאָדניע... (מיר זענען הונגעריקע...). — זאָגט אים ווער.

— לאַדנאָ... — זאָגט ער ווידער תמעוואַטע, טוט אַ שמיץ דאָס פערדל און פאַרשווינדט אין סטעפּ.

אין שפּעטן פרימאָרגן זענען אָנגעקומען די פורלעך מיטן רעשט מענטשן. אַלע זענען שוין דאָ. דער בריגאַדיר וואַקסט ווידער אויס. ער טיילט אונדז פאַנאַנ־דער אין גרופּעס און פירט יעדע גרופּע אין אַן אַנדער כאַטע. איין כאַטע איז היפּש אָפּגערוקט פון דער אַנדערער, אויף אַ מהלך. עפּעס זעט מען דאָ כלל נישט קיין דאָרף, קיין קאָמפּאַקטע שורה הייזער. נאָר סתם צעוואָרפענע קיביטקעס דאָ — דאָרט איבער דער פוסטעניש פון סטעפּ.

אין מיין גרופּע געפינען זיך צוועלף פאַרשוין: פינף איינזאַמע, מיטן גאַלי־ציאַנער „רבל" אין דער מיט, און אַ גאַנצע פאַמיליע פון זיבן פאַרשוין: אַ טאַטע־מאַמע און קינדער, דערוואַקסענע און קליינע; דאָס עלטסטע מיידל שוין נאָך די צוואַנציק. די דאָזיקע פאַמיליע איז פון גאַליציע; איז בעת די „אָבלאַוועס" אויך פאַרנומען געוואָרן אין אַן עשאַלאָן און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אין אַ „פּאָ־סיאָלאָק".

מ'האָט אונדז אַלעמען אָפּגעגעבן אַ באַזונדער קיביטקע. כמעט אַ פּוסטע אָן שום מעבל. בלויז אַן אַלט טישל פון פּרימיטיוו צונויפגעקלאַפּטע ברעטלעך ביים פענצטער און אַ פּאָר פּראָסטע בענק, געמאַכט פון נישט געהובלעוועטע ברעטער. אַפילו קיין פּריטשעס צום שלאָפן זענען דאָרט נישט געווען. מיר האָבן אָנגעטראָגן אַ ביסל שטרוי פון עפּעס אַ שאָפּע און עולם האָט זיך אויסגעבעט ביי די ווענט.

— ווידער אַ „היים".

— אומשטיינס געזאָגט... — קרעכצט די ייִדענע.

— ביז ווי לאַנג וועלן מיר זיך אַזוי אַרומוואַלגערן? — פרעגט דער בעל־משפחה, אַן עלטערער איינגעהויקערטער ייִד, און ער פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ: — אוי, טאַטע־פאָטער!

— וואָס וועט פאָרט זיין מכוח אַכלען? — פאַלט אַ פראַגע.

— אַדרבה... — כאַפּט זיך אָן דער ייִד, וואָס ליגט שוין אָן איינגעדרייטער אויפן שטרוי, — אדרבה, ייִדן, זייט זיך משתדל ביי „נאַטשאַלסטווע". שוין צייט צו מאַכן „המוציא", כ'לעבן . . .

— געדאַוונט האָט איר שוין, ר' ייִד? — פרעגט אים דער גאַליציאַנער „רבל".

— וואָס שייך... נאָך אין וועג האָב איך געדאַוונט, כאָטש אָן טלית און תפילין. אַז מ'איז אין גלות, ווי זשע קאָן מען מקיים זיין אַלע מצוות? זאָל אונדז דער רבונו של עולם מוחל זיין פאַר די זינד. ס'איז דאָך שלא ברצון.

אַ „דעלעגאַציע" פון אונדז, איינזאַמע, איז אַרויס זוכן דעם בריגאַדיר. מ'האָט אים קוים געפּאַקט ערגעץ ביי אַן אַנדער כאַטע.

— טאָוואַרישטש ברינאַדיר, מי גאָלאָדניע.

— סיטשאַס, סיטשאַס... — ענטפערט ער אויף זיין צעקאַליעטשעטן רוסיש.

און ער האָט צוגעריטן צו אַ כאַטע בשכנות פון אונדזער קיביטקע, איז אַריין מיט אונדז אינעווייניק און גערעדט דאָרט לאַנג מיט דער „כאַזייקאַ", — אַן על־טערע קאַזאַכקע. וואָס זיי האָבן גערעדט האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען; נאָר באַלד דרייט ער זיך אויס צו אונדז און טוט ווידער אַ זאָג:

— סיטשאַס... סיטשאַס...

און פאַרשווינדט.

די „כאַזייקאַ", זעט אויס, קאָן נאָך ערגערריידן רוסיש, ווייזט זי אונדז מיט האַנט־באַוועגונגען מיר זאָלן גיין:

— קיביטקאַ... לעפיאָשקאַ... קיביטקאַ...

דאָס הייסט, פאַרשטייען מיר, אַז זי וועט אונדז שוין באַזאָרגן אין שטוב אַריין „לעפיאָשקעס". גייען מיר אַוועק מיט דער גוטער בשורה אין אונדזער נייער „היים".

עס האָט געדויערט זייער לאַנג — אפשר שעהן — ביז זי האָט לסוף אונדז אַריינגעבראַכט צוועלף קליינע „לעפיאָשקעס".

— קיפּיאַטאָק קאָסאַן... קאָסאַן... — גיט זי צייכנס מיט דער האַנט צום דרויסן.

דאָס הייסט, אַז מיר קאָנען נאָך נעמען „קיפּיאַטאָק" פון קעסל.

מ'איז אַרויס נאָך איר און זי האָט געוויזן ווו דער זידנדיקער קאָסאַן שטייט. יעדער פון אונדז האָט אָנגענומען אין זיין „קאָטיאָלאָק" דאָס הייסע וואַסער און מ'האָט זיך אויסגעזעצט אין שטרוי פּראָוען די אָרעמע סעודה. דאָס פלעצל האָט איטלעכן געקלעקט אויף אַ צאָן. געענוג איז נאָר געווען דער „קיפּיאַטאָק"...

— וואָס זשע זאָגט איר עפּעס צו דעם שיינעם „קבלת פנים"?... — פרעגט דער גאַליציאַנער „רבל".

— דאַכט זיך, אַז מען דאַרף גאָרנישט בענטשן, ווייל ס'איז אַפילו נישט געווען קיין כזית... — ענטפערט דער בעל־משפּחה.

— געמיינט, — זאָגט איראָניש דער „רבל" — אַז דער קאָלכאָז „קאַגאַנאָ־וויטש" איז אַ ייִדישער קאָלכאָז... אַז מ'וועט דאָ טרעפן ייִדן... אַ בית־מדרש... אַ מנין צום דאַוונען... אַ הכנסת־אורחים... דער סוף... בלויז די ווילדע קאַזאַכן...

— טוט אַ זוך, — רופט זיך אָפּ אַן אַנדערער, — אפשר וועט איר געפינען אַ מנין.

— נאָך אַזאַ „זאַטער" סעודה איז נישטאָ קיין כוח צו זוכן...

— שוין גלייכער אַזוי איידער דאָס פעטע קעמל־פלייש אין טאַליסאוועט...

זייט זיכער, אַז נאָכן פלעצל מיטן „קיפּיאַטאָק" וועלן מיר נישט דאַרפן „לויפן"...

נאָכן מאָגערן „מאָלצייט" און נאָכן אויסטענהן זיך האָבן זיך אַלע ווי איינער

איינגעגורעט אינעם שטרוי. מידע, פאַרחלשטע, זענען אַלע איינגעשלאָפן אין אַ האַרטן שלאָף.

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גוט טונקל. ביים פענצטערל זענען געשטאַנען דער „רבל" און דער עלטערער ייִד, דער בעל־משפחה, און ביידע האָבן געזאָגט מיט אַ ניגון:

— והוא רחום...

## 12

## אַ פרייטיק־צו־נאַכט

ווידער אַ טאָג און ווידער — הונגער...

מיר האָבן אויסגעזוכט דעם בריגאַדיר און גערעדט מיט אים וועגן „תכלית": מיר ווילן אַרבעטן, אָבער מיר ווילן אויך עסן. ער האָט אונדז אָנגעקוקט מיט טעמפע בליקן; אָבער ער האָט אונדז פאַרשטאַנען. ער האָט אונדז — צוויי „דעלעגאַטן" — געהייסן מיטגיין מיט אים אין קאַנצעליאַריע. ער האָט גערימן פאָרויס אויף זיין פערד און מיר, די „דעלעגאַטן" פון קיביטקע, זענען אים נאָכגעגאַנגען. עס איז געווען אַ מהלך ווייט, זיכער אַ פיר קילאָמעטער. אַזוי זענען עס דאָ צעוואָרפן די הייזער, אָן אַ סדר, אָן אַ טאָלק.

ביי אַ טיש אין קאַנצעליאַריע איז געזעסן דער שרייבער פון קאָנטאָר, גראָד אַ רוס. קאָן מען זיך מיט אים כאָטש צונויפריידן. יענער פרעגט אויס און פאַרשרייבט וויפל מענטשן מיר זענען; וויפל דערוואַקסענע און וויפל קינדער.

— וויפל נפשות? — פרעגט ער נאָך איבער דעם בריגאַדיר.

— צוועלף.

— לאַדנאָ. איר וועט באַקומען יעדן טאָג צו 400 גראַם ווייץ אויף אַ פערזאָן.

— ווייץ?! וואָס וועלן מיר טאָן מיטן ווייץ?

— איר וועט זיך שוין אַן עצה געבן. — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל.

— גיט אונדז בעסער ברויט.

— מיר האָבן נישט קיין בעקעריי.

— טאָ גיט אונדז כאָטש מעל.

— קיין מעל האָבן מיר נישט — אונדזער קאָלכאָז־מיל אַרבעט נישט. זי איז קאַליע.

— און אַ חוצן ווייץ?

— וואָס האָט איר נאָך געוואָלט? מער האָבן מיר נישט.

איך קוק אויף מיין קיביטקע־חבר, יענער אויף מיר און מיר דריקן מיט די אַקסלען: אַ שיינע פּערספּעקטיוו!

— זאַ מנאָיו! (נאָך מיר!) — גיט אַ קאָמאַנדע דער קאָנצעליאַריע־שרייבער און פירט אונדז אַרויס פון קאָנטאָר. ער גייט מיט אונדז אַריין אין אַ דערנעבנדיקן שפּייכלער און וועגט אונדז אָפּ די נאָרמע ווייץ — 12 מאָל 400 גראַם.

— נעמט אייך דערוויל אין אונדזער זעקל, — זאָגט ער, — מאָרגן מוזט איר אים אָפּברענגען צוריק. אַנדערש קריגט איר נישט קיין פרישן „פּאַיאָק".

מיר זענען געקומען מיט דער „גאַב" פון קאָלכאָז אין דער קיביטקע. אַלע, זייער אויסגעהונגערטע, האָבן זיך קוים דערוואַרט אויף אונדז.

— נאַט, עסט! —

אַלע זענען צוגעפאַלן צו עפענען דאָס זעקל.

— ווייץ גאָר?! — האָט מען אויף אונדז אויסגעשטעלט פאַרחידושטע אויגן.

— איר זעט דאָך... ווייץ, ווייץ... דאַנקט גאָט דערפאַר...

— וואָס הייסט? ווי שיקט זיך דאָס?

— אדרבה, ווי שיקט זיך ד'אָס? אפשר וועט איר עפּעס אַנדערש פּועלן? פּרוווט.

— אַן איינפאַל אַ ביסל פון די עשו'ס... — זאָגט דער „רבל".

האָט מען געמאַכט אַן „אַסיפה" און אַריינגעטראַכט וואָס מען קאָן אַלץ טאָן מיטן ווייץ. איז געבליבן מ'זאָל גיין צו דער שכנה נאָך אַן עצה. האָט זי אונדז אויסגעבאָרגט אַ פּרימיטיווע שטיינערנע „זשאָרנע", וואָס איז באַנוצט געוואָרן פאַרצייטן, און אונדז געוויזן ווי אַזוי צו מאַכן מעל. מיר האָבן די „זשאָרנע" אַריינגעשלעפּט צו אונדז אין קיביטקע און זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַן אַרבעט אַ פאַמעלכדיקע און אַ שווערע. נישט פאַר אויסגעהונגערטע, נישט פאַר די אָפּגעשוואַכטע מוסקולן. אַלע ווײַלע האָט מען געמוזט טוישן די מענטשן. קיין סך זיצן ביים דרייען דעם שטיין האָט קיינער נישט געקאָנט. און קיין סך מענטשן צום דרייען זענען אויך נישט געווען. פון די צוועלף פאַרשוין האָבן זיך נאָר אויסגעטיילט פינף, וואָס האָבן זיך געשטעלט צו דער „זשאָרנע": די בעלי־המשפחה זענען שוין געווען צו אַלט דערצו. די קינדער ווידער זענען נאָך געווען צו יונג. דאָס דערוואַקסענע מיידל האָט געטענהט, אַז זי איז נישט געוווינט צו אַזאַ האָרעוואַניע. איז דער גאַנצער יאָך פון דער „זשאָרנע" געפאַלן אויף אונדז, „בחורים". אָבער סיי־ווי־סיי אויך פאַר די איבעריקע מענטשן האָט זיך געפונען אַרבעט: ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אויך מיט וואַסער און „טאָפּקאַ" (הייצונג) איז נישט קיין קליינע צרה. קיין ברונעם איז אַזוי נאָנט נישטאָ. מ'האָט געדאַרפט שלעפּן עמערס וואַסער פון אַ ברונעם, וואָס געפינט זיך אַ מהלך ווייט פון דער קיביטקע. און מיט וואָס צו הייצן איז אויך נישט געווען — נישט קיין האָלץ, נישט קיין קוילן. האָט

מען געדאַרפט גיין אין סטעפּ און אָנרייסן טרוקענעם בוריאַן (ווילד־געוויקס). דערצו האָט מען נאָך געדאַרפט קאָכן און באַקן, — כאָטש אומשטיינס געזאָגט וואָס מ׳האָט שוין דאָ געקאָנט קאָכן און באַקן! די דאָזיקע אַלע אַרבעטן האָט אויף זיך גענומען די פאַמיליע. דאָס קאָכן געהערט דאָך על פּי יושר צו די ווייבער.

די שכנה האָט אונדז אויך אויסגעבאָרגט אַ קעסל און מ׳האָט אים ווי עס איז איינגעשטעלט אויף דריי שטיינער און געמאַכט אונטער אים אַ פלאַץ צום אונטערלייגן די „טאָפּקאָ״.

האָט מען אָנגעטראָגן וואַסער און געמאַכט דאָס ערשטע פייער.

אָבער וואָס קאָכט מען? וואָס באַקט מען? פונעם ביסל מעל, וואָס מ׳האָט אָנגעמאַלן, האָט מען געקאָנט אַרויסבאַקומען איינס פון דיביידע: אָדער „לעפּיאָשקעס״ אָדער אָפּקאָכן אַ קעסל „גאַלושקעס״ (קלאָצקעס). איז אַלעמען געפעלן געוואָרן בעסער דאָס צווייטע — „גאַלושקעס״. מ׳קאָן אָנגיסן אַ פול קעסל וואַסער און אָפּקאָכן גענוג פאַר אַלעמען צום כליאָבען.

אַזוי האָט מען טאָקע געטאָן דעם ערשטן טאָג. דעם אַנדערן טאָג האָט מען געפּרוּווט אָפּבאַקן „לעפּיאָשקעס״, איז אויסגעקומען נישט שפּאָרעוודיק. בלויז צו איין נישט גרויסער „לעפּיאָשקע״ אויף אַ מענטשן. מ׳האָט זי גלייך אויפגעגעסן מיטן „קיפּיאַטאָק״, וואָס מ׳האָט געמאַכט, און געבליבן הונגעריק אַ גאַנצן טאָג. איז מען ווידער איבערגעגאַנגען צו „גאַלושקעס״. ס׳איז פּראַקטישער און בעסער. מ׳גיסט אָן דעם בויך מיט אַ היפּשער פּאַרציע און דער הונגער מאַטערט נישט אַזוי. נישטאָ אַזאַ פּוסטקייט אין די געדערים...

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פינף „בחורים״, די אַרבעטנדיקע, זענען באַשעפטיקט אַ גאַנצן טאָג: סיי ביים ברענגען צו שלעפּן די צוטיילונג פון קאָנצעליאַריע, סיי ביים מאָלן, און אַמאָל אויך ביים ברענגען וואַסער אָדער „טאָפּקאָ״ — כאָטש דאָס האָט אויף זיך גענומען די פאַמיליע. אָבער דער אַלטער פלעגט דאָס רוב זיך אַרויסדרייען מיט כלערליי תירוצים: דאָ האָט ער געהאַלטן אין דאַוונען, דאָ האָט אים „געכאַפּט אַ קאָפּ־ווייטיק, נישט פאַר קיינעם געדאַכט״... צו די קינדער האָט מען גלאַט נישט געקאָנט האָבן קיין טענות.

איין פרימאָרגן קומט צו רייטן דער בריגאַדיר און רופט אונדז:

— רעביאַטאַ, נאַ ראַבאָטו! (חברה, צו דער אַרבעט!).

— וואָס פאַר אַן אַרבעט?

— ביים אַריק (קאַנאַווע).

מיר ווינקען זיך איבער איינער צום אַנדערן: ווער וועט טאָן אונדזער אַרבעט אין קיביטקע?

מיר מאַכן דעם בריגאַדיר דעם „חשבון״: ווער זאָל גיין אַרבעטן? די אַלטע

לייט קאָנען נישט גיין; די נישט־דערוואַקסענע קינדער אויך נישט. די ייִנגערע, די פעיִקע צו אַרבעט, מוזן גיין נאָך ווייץ, מוזן מאָלן דעם ווייץ, וואָס עס דויערט גאַנ־צענע שעהן; מען מוז גיין נאָך וואַסער, נאָך „טאָפּקאָ“. אַלע זענען אַ גאַנצן טאָג באַשעפטיקט. היינט ווער זשע זאָל אַרויסגיין צו דער אַרבעט?

— יאַק ראַבאָטאַ — יאַק פּשעניצאַ... — זאָגט דער בריגאַדיר האַלב קאַזאַכיש — האַלב רוסיש. דאָס הייסט, אויב איר וועט נישט אַרבעטן, וועט איר קיין ווייץ אויך נישט באַקומען...

געמאַכט די וואָרענונג, איז דער בריגאַדיר פאַרשוווּנדן גאַלאָפּ אויף זיין פערדל אין וויטן סטעפּ אַריין.

אַזוי פלעגט ער אַלע טאָג צורייטן צו אונדזער קיביטקע און אָנקלאַפּן אין פענצטערל:

— רעביאַטאַ, נאַ ראַבאָטו!

אַ פּאָר מענטשן פלעגן אַרויסגיין צו אים מיטן שטענדיקן חשבון:

— ווער זאָל גיין אַרבעטן?

פלעגט ער אַזוי אַוועקפאָרן מיט דער דראָאונג. אָבער דערווייל פלעגט די קאָנ־טאָר נאָך אַרויסגעבן יעדן טאָג די 400 גראַם ווייץ אויף אַ מענטשן — אויף נישט צו לעבן, נישט צו שטאַרבן פון הונגער. מענטשן האָבן געשמאַכט און איינגעגאַנ־גען פון טאָג צו טאָג. ווי קאָן מען באמת גיין אין סטעפּ גראָבן אַריקן, אַז נישטאָ שוין קיין כוח די אייגענע פיס צו שלעפּן. פון דעם שיסל „גאַלושקעס“ קאָן מען דען לאַנג אָנציִען?

אָבער כל־זמן די קאָנטאָר גיט נאָך אַרויס דעם „פּאַיאָק“ — נעמט מען, מאָלט מען, שלעפּט מען וואַסער, צופּט מען בוריאַן אויף די סטעפּעס, ברענט אַ שייטער און דער קעסל קאָכט. אַן אַרבעט נאָר פאַרן אייגענעם גוף, כדי אײַנגאַנצן נישט אומצוקומען.

פונדעסטוועגן אויף פרייטיק־צו־נאַכט האָט אונדזער באַלעבאָסטע, די גאַ־ליציאַנערין, אָפּגעבאַקן פון אַ ביסל מעל עטלעכע „לעפּיאָשקעס“ אויף קידוש פאַר די פרומע צוויי מאַנסביל. אַזוי האָבן זיי פאַרלאַנגט און אַזוי האָט זי געטאָן, ווי אַ פרומע אשה. איז ערב שבת דער קעסל געווען שיטערער ווי אַלע טאָג, מיט גאָר ווייניק „גאַלושקעס“. כאָטש נ[illegible] לאָז זיך אַוועק שווימען נאָך אַ „גאַלושקע“...

מ'האָט יענעם טאָג אויסגעבעטלט ביי דער שכנה דער קאַזאַכקע אַ קליין פלעשעלע מיט אַ ביסעלע נאַפט. מ'האָט אַריינגעשטעקט דערין אַ קנייטל פון עט־לעכע אויסגעצופּטע פעדים פון אַן אַלטן בגד און אָנגעצונדן פייער לכבוד שבת. אַ קליין קאָפּטשענדיק פייערל האָט גנבעכדיק געציטערט איבערן פלעשעלע. דאָס

אָרעמע טישל איז באַדעקט געוואָרן מיט עפּעס אַ שטיקל שמאַטע. די ייִדענע איז געשטאַנען פאַרן פּלעמל, פרום פאַרשטעלט זיך די אויגן און געבענטשט „ליכט".

אין דער טונקעלער קיביטקע איז אַריינגעטראָטן די מלכה שבת... זי קומט צו ייִדן אַפילו אין דער גרעסטער אָרעמקייט, אין די חושכדיקסטע ווינקעלעך, ווו ייִדן גאַרן זי נאָר. מיר האָבן אַלע געשפּירט ווי אַ הייליקייט שפּרייט זיך צווישן די אָרעמע ווענט. עס איז, דאַכט זיך, אויך ליכטיקער געוואָרן מיט אַמאָל פון זיך אַליין...

מיר איז געוואָרן מאָדנע וואַרעם אויף דער נשמה: שוין לאַנג נישט געווען אין אַ ייִדישער שטוב, ביי אַ ייִדישער משפּחה.

און אַז אָוונט איז געוואָרן, האָט זיך דער קראָקעווער, דער „רבל", געשטעלט זאָגן „לכו נרננה". ער האָט געזאָגט מיטן עכטן סקאַרבאָוון ניגון, מיט אַזוי פיל מתיקותדיקייט אין דער שטים, גלייך ווי נאָכן „מעריב" וואָלטן געוואַרט אויף אים די טראַדיציאָנעל־ייִדישלעכע לאָקשן מיט יויך, מיט עוף און מיט מערן־צימעס...

— גוט שבת! גוט שבת, ייִדן! — האָט ער אַלעמען געזאָגט ביים ענדיקן דאַווענען.

— גוט שבת! גוט שבת, ייִדן! — רופט אויך אויס דער בעל־המשפּחה, — זאָל דער רבונו של עולם געבן, אַז מיר זאָלן נאָך דערלעבן פּראַווען שבתים און ימים טובים אין די אייגענע ד' אַמות.

די באַלעבאָסטע האָט גענומען ווישן די אויגן. אויך ביי טייל מאַנסבילן זענען די אויגן פייכט געוואָרן.

קידוש האָבן געמאַכט ביידע פרומע. דער בעל־המשפּחה צוערשט און נאָך אים דער „רבל". זיי האָבן זיך געשאָקלט איבער די איבערגעדעקטע „לעפּיאָשקעס", גלייך ווי אונטערן צודעק וואָלטן געלעגן די אמתע ייִדישע קוילעטשן... די קידוש־מאַכער האָבן אויסגעטיילט איטלעכן צו שטיקל פּלעצל, כדי יעדערער זאָל נהנה זיין פונעם געבענטשטן ברויט. די באַלעבאָסטע מיט דער עלטערער טאָכטער האָבן דאַן דערלאַנגט איטלעכן אין זיין קעסעלע אַ פּאָרציע „גאַלושקעס". די „גאַלושקעס" זענען היינט געווען דינע, אַזוי ווי גראָבע לאָקשן. דאָס האָט זי היינט געמאַכט אַזוי לכבוד שבת.

דער אַלטער האָט גענומען דערציילן מעשׂיות פון רבין. דער „רבל" איז נישט געבליבן הינטערשטעליק. מיטאַמאָל האָט דער אַלטער פאַרצויגן אַ ניגון פון שבת־דיקע זמירות:

יום זה מכובד מכל הימים...

עולם האָט אונטערגעכאַפּט. די קיביטקע איז פול געוואָרן מיט ייִדישן געזאַנג.

## 13

# מיר האָבן אַ גאַסט, — טיפוס!...

מיר האָבן שוין אויך אַ חולה אין אונדזער קיביטקע: אונדזער באַלעבאָסטע איז קראַנק געוואָרן. ס'איז איר ביים קעסל נישט גוט געוואָרן און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. איר פּנים איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ בלייכקייט. אָפּגעשוואַכט פון הונגער! מ'האָט זי אַריינגעפירט אין שטוב און זי אַנידערגעלייגט אינעם שטרוי אונטער איר פּערענע: ווי אַ פאַמיליע, האָט מען זיי ביים פאַרנעמען צום עשאַלאָן געגעבן צוויי שעה צייט מיטצונעמען געוויסע נייטיקע זאַכן פון שטוב. איז וואָס זשע כאַפּט אַ יידענע? כאַפּט זי די פּערענע... האָט זי טאַקע איצט אונטער וואָס צו ליגן...

— קינדער, די כוחות גייען מיר אויס... — האָט זי זיך ווי געבעטן.

אָבער ווי ראַטעווען? מיט וואָס ראַטעווען? אַז אונדז אַלעמען דערוואַרט דער זעלבער גורל — ווערמען פריִער, ווערמען שפּעטער...

די קראַנקע איז שוין אַזוי געבליבן ליגן. אַז זי האָט זיך דעם אַנדערן טאָג געפּרוווט אויפהייבן, האָט זיך איר דער קאָפּ פאַרדרייט און זי האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— האַלט זיך, האַלט זיך, מומעשי! — זאָגט איר דער „רבל״.

— עס גלוסט זיך דאָ נישט שטאַרבן... — רעדט זי ווי צו זיך אַליין, — נישט קומען צו קבר־ישראל...

— אָט האָט זי זיך איינגערעדט. — רופט זיך אָפּ דער אַלטער.

— איך פּיל, איך פּיל... ס'חיות גייט מיר אויס...

— מ'מוז עפּעס טאָן. אפשר פאַראַן דאָ אַ דאָקטער? — זאָגט די טאָכטער.

— מ'דאַרף ריידן מיטן בריגאַדיר.

מיר האָבן אויסגעזוכט דעם בריגאַדיר און אים אַליאַרמירט:

— באַלנאַיאַ... וראַטשאַ... (אַ קראַנקע... דעם דאָקטער...).

יענער דערציילט, אַז אין קאָלכאָז גופא איז קיין דאָקטער נישטאָ, נאָר אין „סעלסאָוועט״. אַ קיימא־לן פון אַ 16 קילאָמעטער.

— און וואָס איז דאָרט פאַר אַ „וראַטש״? אַן אמתער דאָקטער? — פרעגט מען אים.

פון זיינע שטאַמלענדיקע רייד ווערן מיר געוואָר, אַז דאָרט אין „סעלסאָוועט״ איז פאַראַן אַן אמבולאַטאָריע, וווּ עס נעמט אויף אַ פעלדשער. און דאָס איז דער

„וואַטש". אַן ערנסט קראַנקן קאָן אַזאַ „דאָקטער" נאָר העלפן שטאַרבן. אַז מ'וויל דווקא אָנקומען צו אַ דאָקטער, מוז מען פאָרן אַזש אין ראַיאָן.

פונדעסטוועגן בעטן מיר דעם בריגאַדיר ער זאָל זען אַרויסרופן דעם „וואַטש" פון „סעלסאָוועט". אויב נישט העלפן ווי אַ דאָקטער, וועט ער כאָטש קאָנען אפשר פאַראָרדענען אַז מען זאָל דער קראַנקער אַרויסגעבן עפּעס צו דער אכילה: אַ ביסל מילך, אַן איי, אַ שטיקל פּוטער... און אפשר וועט דאָס טאַקע זיין די בעסטע רפואה?

ער שיקט אונדז אין דער קאָנטאָר. דאָרט הייסט אונדז דער פּאָרזיצער, אַן עלטערער קאַזאַך, פירן די קראַנקע אין „סעלסאָוועט".

— פּאַזשאַלויסטאַ, גיט אונדז אַ פור.

— די פורן זענען ביי דער אַרבעט אין סטעפּ.

— טאָ ווי אַזוי זשע קאָנען מיר פירן די קראַנקע?

— און גיין קאָן זי נישט?

— ווי אַזוי? אַז יענע ליגט אָן כוחות.

— הייגט האָבן מיר נישט קיין פור. אפשר מאָרגן. קומט צו גיין מאָרגן.

מיר זענען אָוועק מיט גאָרנישט. די איינציקע זאַך, וואָס מיר האָבן יאָ גע־פועלט ביי אים, איז אַ „ספּראַווקע" (צעטל) אין דער קאָלכאָז־פערמע מ'זאָל אונדז אַרויסגעבן צו פעסטע פרייזן אַ ליטער מילך פאַר דער קראַנקער.

אויף די מילך־פערמע האָט זיך געפונען אַ מהלך רב פון אונדזער קיביט־קע. וועלכער מטורף האָט עס צעשאָטן אַזוי ווילד און כאַאָטיש די אָרעמע ליימיקע הייזקעס? וואָרום נאָר אַ מטורף האָט עס געקאָנט אָפּטאָן די מענטשן אַזאַ שפּיצל, כדי זיי סתם צו פייניקן און פטרן זייער צייט. עס האָט געקאָסט אַ שיינע פאָר שעה ביז מיר זענען צוריקגעקומען מיטן „טראָפּיי" — מיט דער פלאַש מילך.

ערשט דעם דריטן טאָג האָט מען אין קאָנטאָר „אויסגעוויינט" אַ פורל אויף איבערצופירן די קראַנקע. ביינאַכט האָט זי גערעדט פון היץ. די טעמפּעראַטור האָט שטאַרק ביי איר אַרויפגעטאַנצט. האָט מען שטאַרקער אַליאַרמירט און ווי עס איז אויסגעפועלט ביים פּאָרזיצער, דעם אַלטן קאַזאַך. מיט דער קראַנקער זענען מיטגע־פאָרן דער אַלטער מיט דער עלטערער טאָכטער. שפּעט ביינאַכט איז דער אַלטער צוריקגעקומען אַליין מיטן פורל. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַלטע האָט גע־פאַקט אַ פלעק־טיפוס און מ'האָט זי איבערגעשיקט אין אַ שפּיטאָל אין ראַיאָן. מיט איר איז מיטגעפאָרן בלויז די טאָכטער. יענע איז צוריקגעקומען מיט אַ טאָג שפּע־טער. ווען זי האָט דאָרט ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, וואָלט זי געבליבן בשכנות פון דער מאַמען; אָבער אונטערן פרייען הימל קאָן זי דאָך נישט בלייבן.

אין אונדזער קיביטקע איז געוואָרן נאָך טרויעריקער. האָט זיך שוין אויך דער טיפוס אַריינגעכאַפּט צווישן אונדז. נאָך דאָס האָט געפעלט. אַלע זענען געווען

פאַרזאָרגט וועגן גורל פון דער אַלטער: וועט זי קאָנען אויסהאַלטן? די טאָכטער פלעגט אַרייַנוואַרפן מיט טרערן:

— אַזאַ אָפּגעשוואַכטער אָרגאַניזם.

און דער אַלטער גיט צו:

— איין קרבן שוין איבערגעלאָזט אין „פּאַסיאַלאָק".

— וועמען מיינט איר עס?

און ער דערציילט וועגן טויט פון אַ זון, אַ בחור אַ ברען. דער טיפוס האָט אים דאָרט אַוועקגעלייגט.

— באַשערט אים צו ליגן, — זאָגט ער, — ערגעץ אין סיביר. אַ קליין ברעטל נאָר שטעקט ביי זיין בערגל...

האָט יעדערער אין קיביטקע געלעבט אין שרעק: ניט פריילעך, אַז טיפוס כאַפּט זיך אַריין. די דאָזיקע שרעק האָט נאָר מיך אויסגעמיטן: איך בין גראָד געווען אימוניזירט. שוין געהאַט דעם טיפוס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דאַ־מאָלס האָט מיך געטראָפן דאָס דאָזיקע „גליק".

מ'האָט די אַרבעט אין קיביטקע ווייטער געטאָן: געגאַנגען נאָך ווייץ, געמאָלן אויף דער „זשאָרנע", געבראַכט וואַסער, בוריאַן. ביים קעסל האָט אָבער שוין גע־פּעלט דאָס „אויג" פון דער אַלטער. אויך די טאָכטער איז נישט אַלע טאָג געווען ביים קעסל. יעדע עטלעכע טעג פלעגט זי זיך אַריבערכאַפּן צופוס טאָן אַ בליק אויף דער מאַמען. זי פלעגט צוריקקומען אַ בלאַסע, אָנגעלאָדן מיט צער און ווייטיק. צום קריזיס איז נאָך ביי דער קראַנקער נישט געקומען. ווער ווייס, ווער ווייס?...

דער בריגאַדיר, וואָס איז ווידער געקומען געוואָר ווערן, צי מיר וועלן אַרויס־גיין צו דער אַרבעט, האָט אַוועקגעריטן אַ וואָרטשענדיקער. מיר האָבן אים דער־קלערט, אַז, אדרבה, אונדז פעלן נאָך אויס צוויי פּאָר הענט, כדי צו באַזאָרגן די שטוב. הייַנט ווי קאָן גאָר זיין אַ רייד וועגן אַרויסגיין אין סטעפּ? אויב ער וויל, אַז מיר זאָלן האָבן צייט צו גיין אַרבעטן, זאָל ער זען אונדז באַזאָרגן מיט ברויט אָדער מיט מעל, נישט מיט קיין ווייץ, וואָס נעמט אונדז צו די צייט און די כוחות.

די שווערסטע אַרבעט איז טאַקע געווען דאָס מאָלן דעם ווייץ. די מוסקולן האָבן ווי געטאָן. אויפן שטערן פלעגט אַרויסטרעטן אַ שווייס. פלעגט מען זיך אַלע ווײַלע בייטן. נאָר איינער האָט „מאַנקירט" און פלעגט זיך כסדר אַרויסדרייען פון דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס איז געווען דער גאַליציאַנער „רבל". ווי נאָר מ'פלעגט צוטרעטן צו די שטיינער, פלעגט ער זיך גראָד שטעלן דאַוונען...

— פעטער, יעמוד... צו דער אַרבעט! — פלעגט מען אים רופן.

— נו, אָ, מפסיק... — פלעגט ער מאַכן צייכנס מיט די הענט.

אַז מ׳פלעגט אים נאָכאַמאָל דערמאָנען, פלעגט ער זיך אַנידערשטעלן שמונה־עשרה...

— פעטער, אַזאַ לאַנגע שמונה־עשרה ביי אייך?

יענער פלעגט שוין גאָרנישט ענטפערן. ער פלעגט זיך נאָך שטאַרקער צעשאָקלען ביי דער וואַנט און זיך צעזינגען אויף אַ קול:

— ולירושלים עירך ברחמים תשוב...

נישט תמיד האָט מען עס אים געקאָנט שענקען און עס פלעגט קומען צו אַ קריגעריי. דער עיקר האָט ה. נישט געקאָנט פאַרטראָגן די עוולה.

— ר׳ ייִד, דאָ איז נישט קיין חסידים־שטיבל... שטענדיק ווען מען דאַרף דרייען די „זשאַרנע״, דאַוונט ער...

אַז דער „רבל״ פלעגט שוין יאָ צוגיין צו די שטיינער, פלעגט ער אַלע ווײַלע אָפּשטיין:

— נישט פאַר מיין קראַנק האַרץ... מ׳דאַרף האָבן דערצו עשו׳ס כוח...

— איז ווער זשע וועט עס פאַר אייך אַרבעטן? — לאָזט אים ה. נישט אָפּ. — צו עסן זענט איר, דאַכט זיך, אַ גלייכער שותף... אדרבה, אויב איר ווילט, קאָנט איר ביי אונדז פועלן מיר זאָלן אייך אַרויסגעבן אייער חלק ווייץ און טוט דערמיט וואָס אייך געפעלט.

דער לעצטער „אַרגומענט״ האָט שוין גערעדט צום „רבלס״ שכל הישר. און ער האָט זיך נעבעך געמוזט אונטערגעבן דעם גורל. ער פלעגט אָבער ביי דער אַרבעט מוראדיק קרעכצן און כסדר ווישן דעם שטערן. און הגם מ׳האָט ווייניק געגלויבט זיינע קרעכצן, פלעגט זיך דאָך געפינען עמיצער פון אונדז, וואָס פלעגט נישט קאָנען צוקוקן ווי ער פּלאָגט זיך און פלעגט אים פאַרבייטן:

— גייט אייך, פעטער. גייט בעסער קלייבן „טאָפּקאָ״...

— „טאָפּקאָ״? בכבוד גדול... — פלעגט זיך יענער אָנכאַפּן.

קלייבן בוריאַן איז נישט געווען קיין שווערע מלאכה. מ׳פלעגט גיין איבערן סטעפּ און אַרויסשלעפּן דעם אויסגעטריקנטן בוריאַן מיט די וואָרצלען אינאיינעם אָדער אונטערשניידן מיט אַ מעסער. מ׳פלעגט זיך אַזוי אַרומשפּאַצירן איבער די סטעפּעס, שפּילנדיק זיך מיט דער אַרבעט. אַז מ׳האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ היפּשן פּאַק, פלעגט מען עס צונויפבינדן און אַוועקשלעפּן אויף די פּלייצעס צו דער קיביטקע. אָפּגעלייגט איין בינטל — און געגאַנגען ווייטער קלייבן. מ׳האָט כסדר געדאַרפט אונטערלייגן אונטערן קעסל. דער בוריאַן פלעגט שנעל אויסברענען און דאָס פייער האָט פאַרצערט אַ סך „טאָפּקאָ״.

איין טאָג בין איך געווען ביי דער דאָזיקער אַרבעט גראָד בעת אַ בוראַן. די שטורעם־ווינטן זענען אָפּטע געסט אין די קאַזאַכישע סטעפּעס. איך האָב מיך

קוים דאַן געהאַלטן אויף די פיס. דער ווילדער ווינט האָט מיך דורכגענומען און ממש אונטערגעיאָגט. נישט געלאָזט איינשטיין אויף אַן אָרט. דאָס קלייבן דעם בוריאַן איז דעריבער אָנגעקומען שווער. אַז כ׳האָב ווי עס איז צונויפגעקליבן אַ בונט און גענומען אים אויף די פּלייצעס, האָט מיך דער בוראַן שיער נישט אָפּגע־ריסן פון דער ערד. כ׳האָב זיך געראַנגלט און איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות דעם פּאַק אויף זיך. לסוף האָט די ווילדע סטיכיע גובר געווען און אַרויסגעשמיסן דעם פּאַק פון מיינע הענט. די שטענגלעך זענען באַלד צעטראָגן געוואָרן אין אַלע פיר זייטן. גיי יאָג זיי נאָך. איך האָב דאָס מאָל געמוזט רעזיגנירן פון מיין אויפגאַבע און בין צוריקגעקומען אין קיביטקע מיטליידיקן.

## 14

## צווישן פאַמיליעס

איין טאָג לאָז איך זיך אַליין אַוועק בלאָנקען איבער די סטעפּעס. אין דער ווייטנס האָט מיך אינטריגירט עפּעס אַ געביידע. אַ גרויסע, לאַנגע געביידע, וואָס האָט פון דערווייטנס אויסגעזען ווי אַ פּריציש הויז, מיט גרויסע פענצטער. כ׳האָב געפּרעגט אַ קאַזאַך אין סטעפּ וועגן דעם הויז, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שולע. אָבער כ׳האָב גאָרנישט באַמערקט, אַז דאָרט זאָלן זיך אומדרייען קינדער. דערוואַקסענע האָבן זיך יאָ געזען בשכנות.

אַז כ׳בין צוגעקומען נאָענט, האָב איך דערזען ביי דער געביידע — נישט קיין קאַזאַכן, נאָר אַ היימישן טיפּ מענטשן. פּוילישע. יידן — פּליטים. מ׳רעדט יידיש, פּויליש. כ׳נעם ריידן מיט איינעם, מיט אַ צווייטן. איך פרעג זיך נאָך: פון וואַנען?
— ווער איך געוואָר, אַז דאָס זענען וואַרשעווער יידישע פאַמיליעס.

כ׳גיי אַריין אינעווייניק — אַ טומל, אַ יאַרידל. אויף דער פּאָדלאָגע זענען אָנגעוואָרפן קישנס, פּערענעס, קאָלדרעס. היימיש, פּויליש בעטגעוואַנט. אויפן בעט־געוואַנט וואַלגערן זיך קינדער. דערוואַקסענע זיצן אויף פּעקלעך, אויף קעסטלעך. מענטשן נישט אין לאַגער־קליידער. אמת, נישט קיין געהויבענע מלבושים, אַלטע אָפּגעטראָגענע, אָבער דאָך היימישע. נישט אין אַזעלכע לאַגער־טראַנטעס וואָס איך טראָג. אַ פּאָר פרויען האָבן אַפילו געשמינקטע ליפּן... האַ?...

— פון וואַנען נעמט איר זיך דאָ? — וואַרף איך אַ פראַגע צו אַ רעדל מענטשן.

— מיר זענען פּליטים.

— דאָס זע איך. אָבער פון וואַנען קומט איר אַהער?

— פון אַ „פּאָסיאָלאָק״.

— ווי אַנדערש, — זאָג איך, — זעען אויס מענטשן נישט פון קיין לאַגער, נאָר פון אַ „פּאַסיאָלאָק". איר האָט דאָך נישט פאַרלוירן דעם צלם מענטש...

— און איר? — פרעגט מען מיך.

— איר זעט דאָך אָן מיין הולך, אַז איך קום פון אַ לאַגער... וואָס־זשע, איר האָט דען געמיינט, אַז איך בין אַ „בראָדיאַגע" פון אָבות אבותי?...

— מיר מיינען גאָרנישט. — רופט זיך אָפּ איינער פון רעדל. — מיר ווייסן גאַנץ גוט וואָס דאָ טוט זיך. מ׳האָט פון אונדז אַלעמען געמאַכט „לייט"...

דער דאָזיקער איינער, וואָס האָט עס געזאָגט, האָט געהאַט אַ בעסער אויסזען. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן מאַנטל — אַ גאַנצן, אָן איין ריס. און — פלאי פלאים! — אין אַ פיינעם אויבער־העמד מיט אַ קראַוואַט און שאַל אויפן האַלדז.

— אייך איז מקנא צו זיין. — זאָג איך צו אים טאַקע מיט קנאה. — איר זעט נאָך אויס ווי מענטשן... בעטגעוואַנט... אין לייטישע מלבושים...

— טאַקע גאָט צו דאַנקען... דעם גרעסטן טייל זאַכן האָבן מיר שוין פאַר־קויפט און דאָס, וואָס איר זעט, איז שוין דאָס לעצטע, וואָס מיר האָבן. אַ קישן אונטערן קאָפּ — דאָס האָבן מיר נאָך גערעטעוועט פאַר זיך...

— כ׳זע — זאָג איך צו אים, — אַז מיר, די לאַגערניקעס, די „זע־קאַ", האָבן געהאַט די ערגסטע „דאָליע". אָט האָט מען מיך אַרעסטירט אין גראָדנע און נישט געלאָזט גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך. איר אָבער...

— יאָ, אונדז האָט מען געגעבן אַ צוויי שעה צייט מיטצונעמען די סאַמע ניי־טיקסטע זאַכן. דאָס האָט אונדז שוין נישט איין מאָל גערעטעוועט פון אַ הונגער־טויט... גאָט צו דאַנקען דערפאַר... אויך דאָ אין קאָלכאָז האָבן מיר פאַרקויפט דער פרויס אַ פּאָר „שמאַכטעס" און מיר באַקומען דערפאַר איצט „לעפּיאָשקעס", מילך. פאַראַן דאָך אַ יונג קינד. מען מוז עס דערהאַלטן ביים לעבן...

דער דאָזיקער יונגערמאַן באַגלייט מיך אַרויס פון דער געביידע און הייבט מיך אָן אויספרעגן. אַז איך זאָג אים ווער איך בין, טוט ער איבערראַשט אַ פּאַטש מיט די הענט:

— גאָט מיינער! דאָס זענט איר?! איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלויבט. איך געדענק אייך דאָך פון וואַרשע... פון „טלאָמאַצקיע"...

דערהערט „טלאָמאַצקיע". — ווער איך אַליין אויך איבערראַשט.

— און ווער זענט איר? — פרעג איך געשפּאַנט.

— איך... נישט קיין שרייבער. אָבער נאָענט צו דער וואַרשעווער שרייבער־משפּחה. איך האָב מיטגעאַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע פון „היינט".

גייט אַוועק אַ גערייד וועגן דעם, וועגן יענעם. מ׳גיט זיך אָפּ איינער דעם

אַנדערן גרוסן פון געמיינזאַמע באַקאַנטע. עס טוט אויף מיר אַ ווי מיט היימיש־קייט. באַלד קומט צו צו אים אַ פרוי.

— זייט באַקאַנט! דאָס איז מיין פרוי.

אַ סימפּאַטיש יונג פּנים, אַ ליבלעכער שמייכל.

— און איר זענט אַליין? — פרעגט ער מיך.

— אַליין... מיין פרוי און קינד זענען געבליבן אין וואַרשע...

— אין וואַרשע?... — חזרט איבער די פרוי מיט אַ באַדויערן אין דער שטים.

— ווער ווייס... ווער ווייס...

— גאָט וועט העלפן... ער קען העלפן אומעטום. — טרייסט דער מאַן אירער.

עס קומט באַלד צו צו זיי אַ יונג יינגל.

— אייער זינדל?

— יאָ, אונדזער קדיש, — שמייכלט דער פאָטער.

— מאַמע, כ׳בין הונגעריק. — חנעוועט זיך דאָס זינדל.

— קיין אַפּעטיט פעלט דאָ נישט, קיין עין־הרע... — זאָגט די מוטער.

און צום קינד זאָגט זי:

— מוזט וואַרטן, קינד מיינס, ביז שפּעטער. מ׳דאַרף מיר ברענגען צוויי „לע־פּיאָשקעס".

— כ׳בין הונגעריק, — חזרט איבער דאָס קינד.

— הונגעריק... אַ באַקאַנט לידל, האָ? — קוקט אויף מיר די פרוי. — מיר קאָנען עס שוין אויף אויסווייניק...

— זינדיקט נישט... איר זענט כאַטש מיטן מאַן... מיטן קינד...

— יאָ, גערעכט. סיי צו גוטס, סיי צו שלעכטס איז נישטאָ קיין גרענעץ. אָט זענען דאָ מיט אונדז פאַראַן אַ פּאָר פאַמיליעס, וואָס האָבן שוין לאַנג נישט וואָס צו פאַרקויפן און גייען ממש אויס פון הונגער. אַ צער צו קוקן. איך ווייס טאַקע נישט וואָס מיט אונדז וועט זיין מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער. מיר האָבן שוין אויך נישט וואָס צו פאַרקויפן. גיי לעב פון די 400 גראַם ווייץ. די „גליקלעכע" קאָל־כאָזן... ווער וואָלט עס אַמאָל געגלויבט...

כ׳האָב נאָך לאַנג פאַרבראַכט מיט די דאָזיקע מענטשן. דער יונגערמאַן האָט מיר נאָך דערציילט, אַז אין וואַרשע איז ער געשטאַנען נאָענט צו „מזרחי". נישט אומזיסט, הייסט עס, רעדט ער אָפט מיט גאָט. מיר האָבן אַרומגעשפּאַצירט אַנט־קעגן דער געביידע, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שולע און איצט איז זי אַ מקום מקלט פאַר פאַרוואָגלטע נשמות — פאַר יידישע פּליטים פון פּוילן. ווי די ציגיינער זענען זיי דאָ אַלע אויס אויף דער פּאָדלאָגע. זיי טרינקען „קיפּיאַטאָק" פון קאָנסערוון־

פושקעס און ווילן אָפּנאַרן דעם הונגער. דאָך האָב איך זיי אַלעמען מקנא געווען: זיי זענען צוזאַמען. מאַן און ווייב און קינד... אויב נישט אין פרייד, איז אין לייד...

ווי פיינלעך ווערט אַמאָל צו שלעפּן אַליין דעם וויסטן יאָך! — — — — — —

כ׳בין צומאָרגנס ווידער געקומען אין דער געביידע; האָב ווידער געשמועסט מיט מיין נייעם באַקאַנטן און זיין חנוודיק ווייבל. פון איר שמייכל האָט געפּלאָסן אַ וואַרעמקייט. אונטער אַזאַ שמייכל איז אפשר דאָס לעבן נישט אַזוי שוואַרץ...

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — ווענד איך זיך צום מאַן, — פון וואַנען האָט איר עס אַזאַ פריש־געגאָלט פנים?

— ווייל איך ראַזיר מיך יעדע עטלעכע טעג.

— זעט, — טו איך אים אַ ווייז אויף מיין באָרד. — ווי פאַרוואַקסן איך בין. אַז איך האָב נישט מיט וואָס זיך צו גאָלן.

— און איך האָב יאָ, — זאָגט ער, ווי באַרימענדיק זיך. — אדרבה, איך קאָן נאָך אייך שענקען אַ ראַזיר־מעסערל.

— אַ דאַנק! אַ דאַנק! כ׳וועל אייך אין וואַרשע אָפּגעבן... — שפּאַס איך.

— למען השם וואָס פריִער... אין אַ חודש אַרום... — שמייכלט אויך די פרוי.

— הלוואי!

דער מאַן איז אַריין אין געביידע נאָכן ראַזיר־מעסערל.

— אַז מ׳לעבט דאָ ווי די חיות. — זאָג איך איר ווי זיך צו פאַרענטפערן צוליב מיין פאַרוואַרלאָזט אויסזען. — מ׳האָט אינגאַנצן פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע אויסזען.

— נישקשה, אין וואַרשע וועלן מיר ווערן צוריק מענטשן... — טרייסט זי מיך מיט איר זיסן שמייכל.

איר מאַן איז באַלד אַרויסגעקומען און דערלאַנגט מיר די מתנה.

— מיין גאָט! גאַנצע צוויי ראַזיר־מעסערלעך! היות ווי כ׳האָב פיינט צו זיין בעל־חוב, וואָלט איך שוין געוואָלט וואָס פריִער אייך אָפּגעבן דעם חוב אין וואַרשע...

— מסכים... בעזרת השם... — שמייכלט דער מזרחיסט.

— כ׳וועל עס אייך ברענגען אויף כלאָדנע 8, אין „היינט״...

— אויף כלאָדנע 8 אָדער אויף נאַלעווקעס 38, אין „מאָמענט״... אַלצאיינס, זאָל מען שוין האַלטן דערביי...

אַזוי האָבן מיר איינער דעם אַנדערן מכבד געווען מיט — אילוזיעס — — —

ס׳איז מיר נאָך איין מאָל אויסגעקומען צו זיין אין יענער געביידע ביי מיינע נייע באַקאַנטע. דאָס מאָל בין איך געקומען שוין אַ פריש־געראַזירטער.

— איר האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ צוואַנציק יאָר... — זאָגט מיר די פרוי אַ קאָמפּלימענט.

— מיר זעען דאָך אַלע אויס סיי־ווי־סיי ווי די פורים־שפּילער. — שפּאַסט דער מאַן.

— אפשר וועלן מיר אַמאָל ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין מענטשן...

— וואָס טראַכט איר צו טאָן? — פרעג איך זיי. — אַ תכלית צו וועגעטירן דאָ אין דעם „גליקלעכן" קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש"? ווען קאַגאַנאָוויטש קוקט אָן ווי ייִדן זעען דאָ אויס, וואָלט ער זיך זיכער פאַרשעמט.

— די לייט האָבן אָפּנים פאַרלוירן די בושה...

— פון די 400 גראַם ווייץ קאָן מען שנעל אויסצייִען די קאַפּיטעס. — גיט צו די פרוי און ענדיקט מיט אַ זיפץ.

— אָבער אונדז איז שווערער צו באַוועגן זיך, — קלאָגט זיך דער מאַן. — מיט אַ פאַמיליע... מיט אַ קינד... אין דער הינזיכט איז פאַר אַן איינזאַמען דאָ גרינגער... ער גייט אַהער, אַהין... ער פּרוווט...

— יאָ, אָבער ווו איז דאָ בעסער?...

— טאַקע ביטער. אומעטום דער זעלבער אומגליק: „נאָן יאָק"... (נישטאָ קיין ברויט). אַ לאַנד, ווו עס פעלט, לא עלינו, אַ שטיקל לחם אויף אַ „המוציא"...

— און מיר דאַכט זיך, אַז זיי דאַרפן גאָרנישט, די קאַזאַכן. — רופט זיך אָפּ די פרוי. — אַז זיי לעבן דאָ ווי די ווילדע. אומשטיינס געזאָגט, זייער הולך, זייערע כאַלאַטן, זייערע „טאַפּאַטשקעס"... (שטעק־שיך). אָט זופן זיי כסדר דעם טיי און בייסן צו מיט אַ שטיקל „לעפּיאָשקע". דאָס איז זייער „עולם הזה". דאָס איז זייער לעבן... און אַז מען קאָכט נאָך אָפּ אַ „פּשענאָ", אָדער ווען־נישט־ווען אין אַ יובל — אַ „בישמאַרמאַק" *), איז דאָך שוין אַ גרויסער יום־טוב... חי געלעבט...

אַזוי האָט מען צוזאַמען גערעדט, אַזוי האָט מען געשמועסט און זיך בישט געקאָנט דעררײדן וואָס אונטערצונעמען, וואָס צו טאָן, כדי אַרויסצוגיין פונעם „בלינדן געסל", וווהין מ'האָט אונדז אַריינגעוואָרפן.

אין אָוונט בין איך, אַ געטריבענער פון הונגער, אַריינגעקומען צו דער קאַזאַכקע, וואָס נעבן אונדזער קיביטקע. איך בין אַהין אַריינגעקומען מיט דער דעה צו בעטן מיר פאַרקויפן אַ „לעפּיאָשקע". כ'האָב פּונקט געטראָפן דאָס הויזגעזינד ביים אָוונט־ברויט. ווי זייער שטייגער, איז מען אויך דאָ געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע, און מ'האָט געזופּט טיי פון פאַרביקע „פּיאַלעס". צוגעגעסן האָט מען געטריקנטן ווייץ. נעבן דער קאַזאַכקע איז געלעגן איין „לעפּיאָשקע", פון וואָס

*) נאַציאָנאַלער מאכל פון געדיכטן רייז מיט שעפּסן־פלייש.

זי האָט אָפּגעבראָכן שטיקלעך און אונטערגעוואָרפן די בני־בית — ווי אַ זכר פון ברויט. די שטיקלעך זענען באַלד איינגעשלונגען געוואָרן ווי אַ דעליקאַטעס, ווי אַ נאַשוואַרג.

דאָס קאַזאַכישע הויזגעזינד האָט געזופט דעם טיי מיט אַ פייערלעכקייט. אַזוי אַלט און יונג. אַז איין „פּיאַלע" איז געוואָרן ליידיק, האָט די באַלעבאָסטע אויף ס׳ניי צוגעגאָסן. אַזוי כסדר. און דאָס הייסט היימישער אָוונט־ברויט? און דאָס הייסט געגעסן? ואכלת ושבעת?...

און צוקוקנדיק זיך צום דאָזיקן בילד, האָב איך שוין קיין מוט נישט געהאַט צו ריידן וועגן פאַרקויפן מיר אַ „לעפּיאָשקע". האָב איך געזאָגט עפּעס אַ תירוץ און בין צוריק אַרויס פון דאָרט אַ הונגעריקער און זיך געלייגט אַזוי אינעם קאַלטן ביסל שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע.

## 15

## אין אַלטן טורקעסטאַן

שוין אַ צוויי וואָכן ווי מיר געפינען זיך אין קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש". יעדער פון אונדז פילט ווי די כוחות פאַרלאָזן. אַ שוואַכקייט ברעכט אונטער די פיס... — הגם מען זיצט אויף אַן אָרט און מען גייט נישט צו קיין אַרבעט. דער אָרגאַניזם וויל פון גאָרנישט וויסן. ער פאָדערט דאָס זייניקע, די נייטיקע צאָל קאַלאָריעס. ווען נישט, איז וועגעטאַציע, אַ פּאַמעלעכדיק אויסגיין.

הונגער! די דאָזיקע קללה איז אויף אונדז אַלעמען געפאַלן, אויף די אַלע פּליטים, וואָס בלאָנקען אויף די אַלע וועגן... איבער די קאָלכאָזישע סטעפּעס... און, דאַכט זיך, אַז נישט נאָר מיר אַליין, די פּליטים, זענען געפּלאָגט פון דער דאָזיקער קללה — אויך זיי, די קאָלכאָזניקעס, זענען דאָך נישט צופיל זאַט... אומשטיינס געזאָגט זייער עסן, זייער דזשאָבען די געברענטע ווייץ־קערנדלעך, די פּיצלעך „לעפּיאָשקע".

הונגער! אין אַזאַ לאַנד, אין אַזאַ גרויס לאַנד, מיט אַזאַ רחבות פון פעלדער, פון שוואַרץ־ערד... הונגער — אַפילו אין די קאָלכאָזן; אַפילו ביי מענטשן, וועלכע זיצן ביי דער סאַמע ערד, וואָס געבוירט; פון וואַנען עס שפּראָצט און וואַקסט.

הונגער! ווו שטעקט דאָס טראַגישע רעטעניש? ווו ליגט דער סוד פון דער קללה!— — —

ליגן מיר ביינאַכט אינעם שטרוי. מיר, די איינזאַמע, אָן פאַמיליעס, און שמו־עסן צווישן זיך, ריידן און מעדיטירן. אַנטקעגן ליגט די פאַמיליע. יענע ריידן אין

דער שטיל וועגן דער קראַנקער, וואָס ליגט אין שפּיטאָל; מיר ריידן וועגן „תכלית"... וואָס איז פּאָרט דער תכלית צו וואַלגערן זיך דאָ אין דער קיביטקע און ווערן ביס־לעכווייז אויסגעלאָשן?

מאַכט איינער אַ פּאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן אַוועק פון דאַנען.

— וווהין?

— אַ נפקא־מינה. וווהין די אויגן וועלן טראָגן. דאָ וועלן מיר דאָך גאָר גיך איינציקווייז אומקומען.

— איר האָט געזען די פייערן אין דער ווייטנס? — פרעגט איינער.

— יאָ, געזען. דאָס איז טורקעסטאַן. אפשר טאַקע לאָזן מיר זיך אַהין?

— אדרבה, וואָס האָבן מיר צו פאַרלירן?

כ'בין נישט פויל און גיי אַרויס פון קיביטקע. די נאַכט איז נאָך שוואַרץ. ס'איז אומהיימלעך, קאַלט, פייכט. אין איין זייט זע איך טאַקע אַ שורה עלעקטרישע פייערן. זיכער פון אַ גרויסן ישוב. אָבער די אַלע פייערן האָבן פאַר מיר פאַרלוירן דעם רייץ. אויך אין קאָמי, אין די לאַגער־געביטן פון די טייגעס, געדענק איך גוט, רייצן ביינאַכט פייערן. זיי רייצן — כאָטש אויסער לאַגערן, אויסער אַרבעטס־פּלע־צער פון די קאַטאָרזשניקעס איז דאָרט גאָר נישטאָ. זינט דאַמאָלס האָבן מיך ווייטע פייערן אויפגעהערט צו לאָקן...

כ'קום צוריק אַריין אין קיביטקע און דערצייל מיינע שכנים אויף דער פּאָדלאָגע:

— יאָ, כ'האָב אויך געזען די פייערן.

— טורקעסטאַן!

— זאָל זיין טורקעסטאַן, אַ גרויסע נפקא־מינה.

— לאָמיר פּרוּוון מזל.

— לאָמיר פּרוּוון.

דער פּלאַן איז טאַקע נאָך די זעלבע נאַכט אָנגענומען געוואָרן. אַלע איינזאַמע האָבן זיך דעררעדט, אַז נאָך היינטיקן אינדערפרי — צו וואָס וואַרטן? — זאָל מען זיך לאָזן אין וועג אַריין. קיין טורקעסטאַן! אַלע — אַ חוץ איינעם, דעם ייִנגסטן פון אונדז, אַ וואַרשעווער בחור. און נישט צוגעשטאַנען צו אונדז איז ער — איבער אַ ראָמאַנטישער סיבה... איבער דעם עלטערן מיידל פון דער פאַמיליע... פאַר דער צייט, וואָס מיר זענען געווען אין דער קיביטקע, האָבן זיך אַפּ[illegible] הערצער פאַרקניפּט. ער האָט גענומען פאַר איר „אוכאַזשעווען", נאָכגיין נאָ[illegible] טעפּ ביים קלייבן בוריאַן צום הייצן. געקליבן, געקליבן די „טאָפּקאַ" ביזביידע, סיי ער, דער בחור, סיי דאָס מיידל, האָבן מסתמא אויך אָנגעהויבן ברענען ווי זייער „טאָפּ־קאַ"... נישט בחנם פלעגט דער בחור ביינאַכט זיך לייגן נעבן אונדז דער לעצטער.

אויך דאָס מיידל פלעגט זיך אַריינגנבענען שפּעט ביינאַכט פון דרויסן, פונעם ראָ־מאַנטישן שפּאַציר.

בעת מיר האָבן אָפּגערעדט וועגן אונדזער מאַרגנדיקן אַרויסמאַרש פון קאָל־כאָז האָט דער בחור צוגעשטאַמלט: טע... בע... ער פילט זיך עפּעס היינט נישט גוט... ער וועט שפּעטער אונטערקומען... מילא, געזונטערהייט! וואָס מער שמחות ביי יידן... פאַראַן דאָך איצט אַזוי ווייניק שמחות...

באַלד אינדערפרי האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט מיט די שכנים אין קיביטקע — אויך מיטן וואַרשעווער — און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אין אונדזערע רוקזעק איז ביי קיינעם קיין ביסן חמץ נישט געווען. בלויז אַ פּאָר ריבן, וואָס מ׳האָט איינגעהאַנדלט ביי דער קאַזאַכקע דערנעבן. מיר האָבן געלייגט האָפענונגען אויפן אונטערוועגנס. אפשר וועט זיך אין וועג געפינען עפּעס אין מויל צו נעמען — אין אַ כאַטע, צי ביי אַן אַנבאַגעגנטן דורכפאָרער.

באַלד הינטערן קאָלכאָז פּאָרט אַן פון אַנטקעגן אַ פרוי אין אַן אַרבאַ. די זעלבע פרוי האָב איך אַמאָל געזען אין קאָלכאָז־קאַנצעליאַריע. נישט קיין קאַזאַכקע, אַ רוסין. אפנים עפּעס אַ דעלעגירטע.

— וווהין, רעביאַטאַ? — פרעגט זי.

— מיר גייען אין שטאָט אַריין.

— נאָך וואָס ?

— מיר ווילן זוכט אַרבעט און... ברויט... מיר הונגערן...

— איר טוט שלעכט. זיצט, רעביאַטאַ, אויף אַן אָרט. איר וועט זיך צוגעע־ווינען. נישטאָ אין ערגעץ קיין גליקן.

— אָבער מיר הונגערן.

— פאָלגט מיך, קערט זיך אום.

און זי איז ווייטער געפאָרן. אויך מיר זענען ווייטער געגאַנגען אונדזער וועג. הגם זי האָט אונדז געוואָרנט מיט אַ סקעפּטישן טאָן: „נישטאָ אין ערגעץ קיין גליקן"... און זי קען דאָך שוין גוט די היגע „ווירקלעכקייט"...

מיר זענען געקראָכן ווייטער, אין דער ריכטונג, פון וואַנען ביינאַכט האָבן געווונקען די עלעקטרישע פייערן. דער וועג איז געווען אַ דאָרפישער, אַ נאַסער. ווו־נישט־ווו זייער קלעפּיק. דורך דער נאַכט, דערקענען מיר, איז דאָ געפאַלן אַ שיטערער שניי, אָבער איז באַלד צעגאַנגען און איבערגעלאָזט נאָר אַ פייכטקייט, וואָס האָט אונדז נאָך שווערער געמאַכט דאָס גיין. פון איין זייט האָט אונדז געמאַ־טערט דער הונגער, פון דער צווייטער זייט — די בלאָטע. און מעשה־שטן טרעפט מען נישט אין וועג קיינעם, וואָס זאָל אונדז האָבן צו פאַרקויפן עפּעס צום עסן.

אָט נעמט ווידער פאַלן אַ נאַסער שניי. איך לעק די גרויסע ווייסע שניי־שטערן,

וואָס פאַלן מיר אויף די ליפּן. ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען עס געשעט נאָכאַמאָל יענער נס: ווען עס פאַלט אַזוי מן פון הימל... אַזוי ווי דאַמאָלס פאַר די ייִדן אין מדבר... אָבער אין דעם סאָוועטישן מדבר ווילן נישט געשען קיין נסים: אַז דאָ איז אַ לאַנד אָן גאָט — — — — — —

דער שניי האָט אויפגעהערט. נאָר ווייסע פלעקן זענען געבליבן אויף די סטעפּעס. די בלאָטע אונטער אונדזערע טריט איז געוואָרן נאָך מער קלעפּיק. עס ציט אַרויס דאָס חיות. נישטאָ קיין כוחות צו שלעפּן דעם אייגענעם גוף. האָט מען זיך אַזוי געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג איבער דעם בלאָטיקן וועג, אונטער אַ גרויען אומהיימלעכן הימל. אונדזערע „פּריוואַלן" (אָפּרוען) ביי דער זייט וועג זענען גע־וואָרן עפּטער. שווער, שווער איז דאָס וואַנדערן אין אַ „תענית", אין נאָגנדיקן הונ־גער. האָט מען נאָר אָנגענומען „קרוזשקעס" וואַסער אין די ראָוון און דערמיט זיך געפּרוווט ראַטעווען פון פאַרחלשטקייט.

איינער פון אונדזער חברה וואַנדערער האָט אָנגעהויבן מער אָפּצושטיין.

— איך פאַל... — האָט ער געמורמלט מיט אַ שוואַכן קול. — דער קאָפּ דרייט זיך מיר אַזש.

דאָס איז געווען אַ קראָקעווער, דעם „רבלס" אַ באַקאַנטער פון דער היים. גראָד דער ייִנגסטער צווישן אונדז. און גראָד איז ער תמיד געווען דער גרעסטער בריה פון אונדז אַלעמען. ביי דער „זשאַרנע" אין דער קיביטקע פלעגט ער קאָנען דרייען לענגער פון אַלעמען. איצט איז ער בלאַסער ווי שטענדיק. די אויגן גליִען ביי אים. כ'טו אים אַ טאַפּ ביים שטערן — ער ברענט!

— איר מוזט זיין קראַנק. אָבער האַלט זיך מיט אַלע כוחות. ביז דער שטאָט.

אויך דער „רבל" איז צו אים צוגעגאַנגען און אים געטאַפּט דעם קאָפּ.

— אַז דער רבונו של עולם האָט אויף אונדז אָנגעשיקט אַזעלכע ענויים קשים... — זאָגט ער מיט אַ זיפץ.

ער האָט אָנגענומען דעם אָפּגעשוואַכטן אונטערן אָרעם און האָט אים אַזוי באַגלייט אַ לאַנגע צייט.

— שטייט, ייִדן... לאָמיר אַ ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם... גאָטעניו... — פלעגט פון צייט צו צייט דער „רבל" שטיין בלייבן און זוכן מיט די אויגן ביים זייט וועג וווּ צו קאָנען צוזעצן זיך.

דער פאַרשלאַפטער האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען און איז ווי עס איז נאָכגעקראָכן פאַוואָליע נאָך אונדז. ער איז געקראָכן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ שווערע משא וואָלט אים אַראָפּגעדריקט צו דער ערד.

ס'איז שוין געוואָרן פאַרנאַכט. פון דער ווייטנס האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ צינד אָן אַ שורה פייערלעך. אַפּנים פון דער שטאָט. די זעלבע פייערלעך, וואָס

מיר האָבן געזען ביינאַכט נעבן אונדזער קיביטקע. איצט זענען די דאָזיקע פייער־לעך געווען גרעסער, נענטער.

— טורקעסטאַן!

— טורקעסטאַן!

ס'איז שוין געווען שפּעטער אָוונט, בעת מיר האָבן זיך לסוף דערשלעפּט ביז דער שטאָט. מיר זענען צוגעקומען צו די ערשטע הייזער, די ערשטע גאַס נעבן וואָקזאַל. דאָ, לענג־אויס דער סטאַנציע, ברענען עס די לאַמטערנעס, וואָס שיקן זייערע פייערן ווייט, ווייט אין לאָקן, און נאַרן אָפּ... אויך אונדזער עולם האָבן זיי עס געלאָקט און געררייצט ביינאַכט...

אויפן וואָקזאַל האָבן מיר אָנגענומען פון אַ קראַן „קיפּיאַטאָק" און זיך אַביסל דערכאַפּט מיט דער הייסער פליסיקייט. עס דרייט זיך דאָ אום אַ פרעמדער, קאַל־טער עולם. מיר דערזעען אויך אַ פּאָר אונדזעריקע פּליטים — מענטשן מיט רוק־זעק אויף די אַקסלען.

— ייִדן, אפשר ווייסט איר וווהין מען קאָן אַריינגיין איבערנעכטיקן? — פרעגט מען זיי.

— גייט אַריין אין האָטעל „בריסטאָל" אויף קראָקעווער פּאַרשטאָט...*) — מאַכט יענער שפּאַס.

— אייך לאַכט זיך.

— אַך און ווי צו מיין געלעכטער. פון וואַנען קומט איר?

— פון קאַלכאָז „קאַגאַנאָוויטש".

— אַ גרויסע נפקא־מינה, — זאָגט יענער סקעפּטיש, — פון קאַלכאָז „קאַגאַ־נאָוויטש" צי פון קאַלכאָז „קאַלינין", אָדער קאַלכאָז „רויטער שטערן". איין גרוי־סער בית־עולם! זייט רויִק, מיר האָבן שוין אַלץ דאָ געפּרוווט. איר וועט דאָ גאָר־נישט געפינען. אַרבעט יאָ, אָבער ברויט — לאָ מיט אַ ספּאָדיק...

— איז וווהין זשע גייט איר עס דאָ פּאָרן פון דאַנען? — פרעגט מען זיי.

— מיטן ערשטן־בעסטן עשאַלאָן. פון פייער אין וואַסער. אומעטום איין בראָך...

— אָבער זאָגט אונדז, ייִדן, ווו קאָן מען דאָ איבערנעכטיקן כאָטש איין נאַכט?

— פרוווט אַריינגיין אין „טשאַיכאַנאַ" נעבן באַזאַר. פאַראַן דאָרטן געגנוג מענטשן אָן אייך. מענטשן ווי מיסט... מענטשן און לייז...

אונדזערע ברידער־פּליטים אויפן וואָקזאַל האָבן אונדז אָפּגעגאָסן ווי מיט אַ קאַלטן „דוש". הגם קיינער פון אונדז האָט נישט געלייגט קיין גרויסע האָפע־נונגען אויף טורקעסטאַן...

---

*) געמיינט אין וואַרשע.

מיר האָבן נאָך געפּרוּווט אַ נישטער טאָן אויפן וואָקזאַל גופא: אפשר קאָן מען דאָ געפינען אַ פּאַסיקן ווינקל פאַר אַ נאַכטלעגער היינטיקע נאַכט? נישטאָ שוין קיין כּוח זיך צו רירן, בפרט מיט דעם פאַרשלאָפטן. יענער זיצט אַ פאַרחלשטער ביי אַ וואַנט. ווי אומעטום אויף די וואָקזאַלן איז דאָ פאַראַן אַ שיינער, געררוימער „קראַסני אוגאָלאָק״, אָבער אַ פאַרשלאָסענער. נאָר דורכן פענצטער קאָן מען אים אָנקוקן.

זענען מיר מיט די לעצטע כּוחות אַוועקגעקראָכן אין שטאָט אַריין. — צום באַזאַר, צו דער „טשאַיכאַנאַ״. זיך דערפרעגט.

מיר קומען אַריין — אַן ענגשאַפט, אַ געדראַנג. מער מענטשן שטייענדיקע, ווי ליגנדיקע אויף די נאַרעס. טאַקע מענטשן ווי מיסט. אָבער ס׳איז הייס פון אַזוי פיל עולם און מיר דערוואַרעמען זיך. אַלץ „בעזשענצעס״. אַלץ אחינו בני ישראל. פּויליש ייִדן. קרוע־בלויהניקעס אַזוי ווי מיר. די „בראַדיאַגעס״ מיט די רוקזעק און זעקלעך אויף די פּלייצעס. יעדער פון אונדז זוכט כאָטש אַ ברעג פון אַ פּריטשע, ווו זיך צו קאָנען אָנשפּאַרן אָדער זיך דאָרט אַראָפּלאָזן אויף דער פּאָדלאָגע. דער קראַנקער האָט אויך געפּאַקט אַ שטיקל פּאָדלאָגע ביי אַ וואַנט און זיך דאָרט איינגעקאָרטשעט מיט זיין פּעקל קראַנקע ביינער.

כ׳האָב זיך דערשלאָגן שפּעטער צום בופעט און געקריגן ביים קאַזאַך אַ פּאָר־ציג גרינעם טיי. געזופט, געזופט, כאָטש עס האָט זיך נישט געוואָלט טרינקען; עס האָט נאָר געפּייניקט דער כסדרדיקער הונגער.

אַזוי איז אַדורך די נאַכט אין גערייד, אין הודזשעריי, אין מחלוקת איבער אַ פּיצל פּריטשע. פון די שמועסן מיט די מענטשן ווער איך געוואָר, אַז אַלע האָבן שוין געפּרוּווט מזל אין פאַרשיידענע קאָלכאָזן און אַז אַלע זענען פון דאָרט אַנטלאָפן איבערן זעלבן טעם וואָס מיר — צוליב הונגער. מען נתנט נישט קיין עסן. אַרבעטן — פּאַזשאַלויסטאַ, וויפל דו ווילסט. מאַך זיי „אַריקן״, די קאַזאַכן... גראָב קאַנאַלן... אָבער עסן קדחת... 400 גראַם ווייץ, אַ פּאָר ריבן אָדער בוריקעס — און דאָס גאָר. אַפּנים שוין אַזאַ „נאָרמע״ פאַר די „בעזשענצעס״ אין די אַלע היגע קאָלכאָזן.

אין דער פרי בין איך אַרויס אין באַזאַר און געפּאַקט קויפן אַ „לעפּיאָשקע״. נאָר אַ פּוסטע „כימערע״: עפּעס אַזאַ גרינגע, אָנגעבלאָזענע „לעפּיאָשקע״, גאָר־נישט זעטיק, ווייניק מעל אין איר. מער לופט ווי מעל.

איך דריי זיך אַרום איבער דער שטאָט. די אַלט־שטאָט זעט אויס ווי אַ פאַר־צייטיקער ישוב. בלינדע ליימיקע מויער־ווענט צו דער גאַס, אָן טירן, אָן פענצטער. די טירן און פענצטער זענען צום הויף־צו. די מויער־ווענט זענען לאַנג, דערמאָנען אַ פעסטונג. אַ פאַרצייטיקע וועלט.

אין נייעם שטאָט־טייל זעט מען שוין נאָרמאַלע הייזער. אָבער גאַנץ פּרימיטיוו, פּראָווינציעל. עס וווינען דאָ, זעט אויס, נישט ווייניק רוסן. הערט מען אויך אין גאַס דאָס רוסישע לשון.

אויך דאָ, ווי אומעטום, באַגעגן איך אונדזערע פּליטים. יעדער זוכט עפּעס. וואָס זוכט מען? קודם־כל ווו אָפּצועסן. אַ „סטאָלאָווקע". מען זוכט אַרום אַ שטיקל ברויט, אַ „לעפּיאָשקע". ווער עס באַט אַן געלט, ווער עס בעטלט פּשוט:

— דאַיטיע פּאָקושאַט', כאַזייקאַ... (גיט, באַלעבאָסטע, עפּעס צום עסן...).

גיבן אַנדערע „כאַזייקעס" אַ ביסל „שטשי" פון רחמנות־וועגן אַ הונגעריקן נע־ונדניק.

אויפן באַזאַר זע איך, ווי טייל פון אונדזערע פּליטים האָט שוין געכאַפּט דעם „שגיט" פון מסחר. אַנדערע האָט די נויט אויסגעלערנט; אַנדערע זענען מסתמא סוחרים פון דער היים. ווער עס טראָגט אים צו פאַרקויפן אַ פּאָר שיך, ווער אַ פּאָו קאַלעסאָנען, ווער אַן אייבער־העמד. הייסן הייסט עס. אַז מען פאַרקויפט עס פון זיך, כדי צו קאָנען קויפן פאַרן געלט עסנוואַרג. אָבער נישט אַלע סחורות, זע איך· זענען פון פּוילישער אָפּשטאַמונג. אָט פאַרקויפט, למשל, איינער אַ פּופּייקע, און אין פּוילן איז דאָך אַזאַ מלבוש כלל נישט געווען בנמצא. אַ ריין־רוסיש „נאַציאָנאַלע" טראַכט.

אָפּגעוואָלגערט זיך עטלעכע טעג אין דער „טשאַיכאַנאַ". פּליטים האָבן זיך געטוי־שט. ווער געקומען, ווער אַוועק. איך פרעג זיך אַלץ נאָך אויף אַרבעט, אויף אַ מענטשלעכער אַרבעט· ווו מ׳זאָל קאָנען פאַרדינען כאָטש אַ מינימום עקזיסטענץ: אַ שטיקל ברויט צו דער זאַט און אַ דאַך איבערן קאָפּ. אָבער אומעטום הערט מען איין תשובה: „גיי אין קאָלכאָז"... אָבער דעם טעם פון אַ קאָזאַכישן קאָלכאָז ווייס איך דאָך שוין. איז וואָס־זשע טוט מען פאַרט מיט זיך?

אויסגענוצט פאַר דער צייט אַ געלעגנהייט און פאַרכאַפּט אַן אָרט אויף דער פּריטשע. אַ גאַנצן מעת־לעת בין איך פון דער פּריטשע נישט אָפּגעטראָטן און האָב כסדר געדרוט. געדרוט פאַר דער גאַנצער צייט. אויסגעצויגן זיך אין דער גאַנ־צער לענג, מיט די הענט אונטערן קאָפּ און אַריינגעטראַכט אין דעם ביטערן גורל. געטראַכט און זיך צו גאָרנישט געקאָנט דערטראַכטן. וואָס זשע טוט מען פאַרט מיט זיך? וווהין גייט מען? צו וועמען ווענדט מען זיך? ביי וועמען קאָן מען מאָנען? ווער טראָגט די אַחריות פאַר דיין לעבן? — — — ווער טראָגט די אַחריות פאַר די מענטשן אין הפקר? — — — — — — — — —

דער קראָקעווער, דער חולה, איז אויך געלעגן דערנעבן. ער איז געלעגן אין הויכער טעמפּעראַטור. ער געפעלט מיר נישט. אַן ערנסטע קראַנקייט מסתמא.

— איר וואָלט אפשר געפּרוּווט אַריינגיין אין אַן אַמבולאַטאָריע. — זאָג איך אים.

דער קראַנקער שווייגט, גלייך ווי נישט וועגן אים וואָלט געווען די רייד. קרענקלעכע רעזיגנירטקייט. רייד איך מיטן „רבל״, וואָס איז צוגעקומען, אַז ער וואָלט געדאַרפט זיין פריינט באַגלייטן אין אַן אַמבולאַטאָריע. יענער איז מסכּים.

— איר זענט גערעכט.

— און צום קראַנקן זאָגט ער:

— קומט, גלאַזמאַן, צו אַ דאָקטער.

דער קראַנקער רירט זיך נישט. דער „רבל״ נעמט אים וועקן און ציט אים ביסלעכווייז אַראָפּ פון דער פּריטשע.

— איר זאָלט אָבער אָפּהיטן זיין פּלאַץ! — פאַרזאָגט ער מיר.

זיי זענען אַוועק. אָבער צוריקגעקומען איז בלויז איינער — דער „רבל״. דער חולה איז געבליבן דאָרט אין אַמבולאַטאָריע: טיפוס...

אין „טשאַיכאַנאַ״ האָט זיך דערווייל צוגעקלעפּט צו מיר אַן אַנדער „שותּף״ — עפּעס אַ יונגער בחור פון ווילנע. יענער האָט אין זיין אומדערפאַרנקייט און הילפלאָזיקייט געזוכט „שוץ״ ביי אַן עלטערן. האָב איך זיך לסוף צונויפגערעדט מיטן דאָזיקן בחור און מיר זענען אַוועק פון דער „טשאַיכאַנאַ״ מיט איר טיפוס. מיר זענען אַוועק צום וואָקזאַל פּרוּוון גליק.

מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין אַביידל צווישן די וואַגאָנעס פון אַ פּראַכט־עשאַלאָן, וואָס איז געגאַנגען קיין טשימקענט. אין טשימקענט, האָט מען אונדז געזאָגט, איז פאַראַן אַ גרויסער „עוואַקאָפּונקט״. איז אפשר זאָרגט מען דאָרט יאָ פאַר די מענטשן פון הפקר?

איז היידאַ, קיין טשימקענט!

וואָס שטעלן מיר דען איין אינעם הפקר? — — —

## 16

## אין בערגיקן טשימקענט

אָפּגעפאָרן אַ גאַנצן טאָג אין האַלב־אָפענעם ביידל צווישן די וואַגאָנעס. ס׳איז געווען פּראַקטיק־קאַלט. וואָס ווייטער מיר זענען געפאָרן, אַלץ מער שניי איז געלעגן אויף די פעלדער. אין אונדזער הולך האָבן מיר געכאַפּט דעם אמתן ציטער און זיך געטרייסלט פון קעלט. אין געלויף האָט דער עשאַלאָן אַנגעמאַכט אַ ווינט און דער ווינט האָט אַריינגעדרונגען צו אונדז און אונדז געשניטן ווי מיט מעסערס.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אַריס און פון דאָרט האָט זיך דער עשאַ־לאָן פאַרנומען צו טשימקענט — אויף דער טראַסע פון דזשאַמבול און אַלמאַ־אַטאַ. דאָ איז דער „טורסיב״ — טורקעסטאַניש־סיבירער אייזנבאַן־שליאַך.

דערשלאָגן זיך צו טשימקענט זענען מיר אין מיטן נאַכט. דער „עוואַקאַפּונקט״ געפינט זיך דאָ נישט ווייט פון וואָקזאַל און מיר האָבן זיך גלייך אַהין דערפרעגט. די געביידע זעט אויס ווי אַ גרויסע קאַזאַרמע. מיר גייען אַהין אַריין — אַ ריזיקער „זאַל״. שוואַרצע, אָפּגעלאָזענע ווענט. אַ קאַרגע באַלייכטונג. אויף דער פּאָדלאָגע וואַלגערט זיך די מאַסע פּליטים, וואָס זעען אויס אין שלאָף ווי בערגלעך טראַנטעס, ווי אָנגעוואָרפענער מיסט.

אָרט אויף דער פּאָדלאָגע איז נאָך פאַראַן גענוג און מיר ציִען זיך אויס, אייַנ־דרייענדיק זיך ווי קנוילן און זוכנדיק אין זיך אַליין אַ ביסל וואַרעמקייט נאָך דער קאַלטער נסיעה אינעם וואַך־ביידל פון עשאַלאָן. ווי עס איז דערוואַרעמען זיך די אויסגעפרוירענע ביינער און עס קומט דער געגאַרטער שלאָף, די געגאַרטע ביסל רו...

אינדערפרי האָט אויפגעוועקט די באַוועגונג פון מענטשן. דער עולם האָט זיך אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע. קיין באַקאַנטע פּנימער זע איך נישט. איך שמועס מיט דעם, מיט יענעם — אַלץ פּוילישע ייִדן. אַלע וואַלגערן זיך דאָ נאָך וואָכן פון נע־ונד. מען פרוווט פאָרן פון שטאָט צו שטאָט. מען זוכט אַ שטיקל ברויט. אַ שטיקל מקום מנוחה. כ׳בין נישט איינער אין פּיין און וואָגל...

די אמתע צרת רבים...

די האָפענונג, אַז דער היגער „עוואַקאַפּונקט״ זאָל באַזאָרגן די פּליטים, איז צערונען געוואָרן. נישט אַזוי לייכט איז עס דאָ אָנגעקומען אַפילו צו קויפן פאַר געלט אַ שטיקל ברויט. דער „לאַראָק״ פון „קאָמערטשעסקי״ ברויט איז געווען היינט פאַרשלאָסן. נישט אַזוי אָפט ווערט ער געעפנט. האָט מען געמוזט אַרומזוכן ברויט אויף אַ שכנישן באַזאַר און צאָלן וויפל מען האָט נאָר געבעטן.

מיט מיין קאַסע האַלט עס שמאָל. פון מיין געלט, וואָס איך האָב אַרויסגענומען פון לאַגער־דעפּאָזיט, איז מיר געבליבן שוין גאָר־גאָר ווייניק. איך האָב זיך די גאַנצע צייט געראַנגלט מיטן געדאַנק צו פאַרקויפן מיין איינציקן איבערבלייבעכץ פון וואַרשע — מיין זייגער, וואָס מ׳האָט מיר צוריקגעגעבן ביי דער באַפרייאונג. אָבער איצט מוז איך דאָס שוין טאָן. נישטאָ קיין אַנדער ברירה. וואָס טויג מיר דער זייגער, אַז איך פּיל — איך פאַל פון הונגער.

האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַריין. דער צענטער שטאָט איז נישט געווען אַזוי נאָנט. מ׳האָט געדאַרפט קריכן דורך טאָל און באַרג. טשימקענט ליגט אין אַ בערגיקן מקום, די שטאָט איז צעוואָרפן פיטאָרעסק איבער באַרג און טאָל.

גיי איך באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. אַלץ ליגט דאָ אין שניי. ס׳איז גראָד היינט אַ לינדערער טאָג. די זון האָט זיך העל צעשיינט. די לופט שמעקט אַזוי מחיהדיק. וואָלט נאָר דער הונגער אַזוי נישט געפּייניקט.

אַרויפגעקומען אויף אַ באַזאַר. אַרויסגענומען דאָן מיין זייגער פון דער ספּע־ציעל־געמאַכטער געהיימער קעשענע.

— פּראָדאַיאָש? (פאַרקויפסטו?), — פרעגט מען מיך.

— פּראָדאַיו.

איז אַוועק אַ דינגעניש. איך האָב מיר „גענייט אַ בייטל״. געמיינט, אַז מען וועט מיך אָפּגילטן פאַרן זייגער. אָבער קעגן מיין דערוואַרטונג האָט מען מיר נישט פאַרגעלייגט קיין גוטן פּרייז: די רוסן האָבן ליב אַ זייגער, וואָס זאָל בליש־טשען — מעג עס זיין אַ קאַליקע. און מיין זייגער — הגם פון זייער אַ גוטער מאַרקע — איז אָבער נישט געווען קיין נייער און דאָס דעקל האָט שוין נישט גע־גלאַנצט מיט קיין נייקייט. דערצו נאָך האָבן שוין די פּליטים אָנגעבראַכט אַזוי פיל זייגערלעך און האָבן קאַליע געמאַכט דעם פּרייז... די קאַזאַכן ווידער זענען סתם שלעכטע קונים. גרויסע קבצנים און קאָנען זיך באַגיין אָן אַ זייגער. אַ חוץ טיי דאַרפן זיי גאָרנישט. איז פון מיין פּלאַן גאָרנישט געוואָרן און כ׳האָב צוריק דער־ווייל פאַרשטעקט מיין זייגער אין דער געהיימער קעשענע.

בין איך סתם אומגעקראָכן איבער דער שטאָט. כ׳בין אַריינגעפאַלן אין סאָמע צענטער. פאַראַן דאָ עטלעכע שיינע פּאַראַדנע גאַסן: די לענינסקאַיאַ, די סאָוועטס־קאַיאַ. אומעטום אין סאָוועט־רוסלאַנד חזרן זיך איבער די דאָזיקע נעמען. נישט אַזוי די הייזער — די הייזער גלאַנצן נישט מיט באַזונדערער עלעגאַנץ. דער עיקר די שורות טאָפּאָלן, פּרעכטיקע, שלאַנקע טאָפּאָלן ציִען זיך לענג־אויס די אַלייען.

און אַזוי אומבלאָנקענדיק איבער די גאַסן בלייב איך שטיין פאַר איין הויז, ווו עס הענגט איבער דער טיר אַ שילד: „סטאָלאָוואַיאַ״.

אַזאַ כישוף־וואָרט ציט צו... כ׳פּרוּוו אַהין אַריינגיין.

און כ׳האָב טאַקע געטראָפן. אַרום לאַנגע טישן און ביי קלענערע טישלעך זיצט אַ פאַרשיידנאַרטיקער עולם. רוסן, קאַזאַכן, ייִדן. טאַקע פּוילישע היימישע ייִדן. מ׳דערקענט באַלד. מ׳רעדט ייִדיש, מ׳רעדט פּויליש. כ׳זעץ מיר צו ביים זעלבן טיש, ווו עס זיצן ייִדן. עס דויערט לאַנג ביז די „אָפיציאַנטקע״ (קעלנערקע) קומט צו צו מיר. קיין ברויט איז נישטאָ, נאָר אַ זופּ פון הירזש. גוט, גם זו לטובה. כ׳בעט גלייך צוויי פּאָרציעס.

— נאָר איין פּאָרציע, גראַזשדאַנין, — זאָגט זי מיר אָפּ.

זי בעט ביי מיר קויציע־געלט — 10 רובל — פאַרן לעפל. ווייל די געסט גנבע־

נעץ די לעפל פון דער „סטאָלאָוואַיאַ"... אויף וואָס הונגעריקע קוואַפּען זיך, בעת עס איז נישטאָ עפּעס בעסערס צו גנבענען!...

אַ שיטערע הירזש־זופּקע, אָן קאַרטאָפל אַפילו. ס'איז נישט געגעסן, נאָר געטרונקען. און דער הונגער איז דערפון נאָך מער אויפגעוועקט געוואָרן...

כ'פאַרפיר אַ שמועס מיט די יידן ביים טיש.

— פון וואַנען זענען יידן? — פרעג איך.

— פון אייזן... — באַקום איך אַן ענטפער פון אַ לץ.

מ'איז טאַקע „פון אייזן", אַז מען האַלט עס אויס... יידן קאָנען שפּאַסן אין זייערע צרות.

די פּאָר יידן, מיט וועלכע איך רייד, זענען אויס עפּעס לייטישער, זענען בעסער אָנגעטאָן. פון וואַנען? פון ווייטערדיקן שמועס ווער איך געוואָר, אַז זיי זענען נישט קיין געוועזענע לאַגערניקעס, נאָר עוואַקויִרטע פון לעמבערג. דערפאַר האָבן זיי נאָך בעסערע מלבושים אויף זיך. און נישט נאָר אויף זיך, נאָר אויך צו פאַרקויפן אויפן באַזאַר און פאַרן געלט קויפן עפּעס צו דער אכילה. אַ ביסל שפּעטער דערוויס איך זיך, אַז זיי האַנדלען אונטער נישט נאָר מיט זייערע אייגענע זאַכן, נאָר מיט געקויפטע... מען קויפט, מען פאַרקויפט... „סיידן אַזוי, — טראַכט איך — דעריבער גיבן זיי זיך אַן עצה און דעריבער זענען זיי אַזוי אויס"...

— זענט איר אין דער היים אויך געווען סוחרים? — פרעג איך.

— נישט אונדזערע אבות אבותינו זענען געווען סוחרים און נישט מיר... דאָ אָבער... מיר וואָלטן שוין לאַנג די פיס אויסגעצויגן, ווען מיר וואָלטן נישט אונ־טערגעמסחרט . . .

— און ווי זעט עס דאָ אויס אין די קאָלכאָזן אַרום טשימקענט? — פרעג איך.

— אין די קאָלכאָזן קאָנען נאָר זיין „יעשאַקעס", וואָס קייען גראָז...

— סטייטש ?

— מער ווי 400 גראַם ווייץ אַ טאָג קריגט מען נישט אין קאָלכאָז.

— יאָ, איך קען שוין די 400 גראַם ווייץ.

— און דאָ אין שטאָט קאָן מען געפינען אַרבעט? — פרעג איך ווייטער.

— יאָ, אַרבעט פּאַזשאַלויסטאַ, וויפל איר ווילט, אָבער עסן — קדחת. 400 גראַם ברויט און — באַסטאַ !

— אין שטאָט, הייסט עס, גיט מען שוין ברויט, נישט קיין ווייץ?

— מ'האָט זיי אין דער אדמה מיט זייער אַרבעט און מיט זייערע 400 גראַם ברויט. — וואַרפט אַריין אַ צווייטער.

— אויב איר קומט פון אַ לאַגער, — זאָגט מיר דער ערשטער, — וועט מען אייך סיי־ווי־סיי אין שטאָט נישט געבן קיין „פּראָפּיסקאַ" (איינמעלדונג).

„הייסט עס, — טראַכט איך, — אויך אין טשימקענט האָב איך נישט וואָס אויפצוטאָן".

נאָכן הונגעריקן מיטאָג האָב איך זיך נאָך לאַנג אומגעדרייט איבער די גאַסן, איבער די אַלייען מיט די שיינע טאָפּאָלן. כ'האָב געפּרווּווט אָפּשטעלן אין גאַס נאָך אַנדערע פּליטים, זיך נאָכגעפרעגט אויף אַרבעט, אויף „תכלית"; אָבער פון אַלע־מען געהערט איין און דאָס זעלבע לידל: קאָלכאָז... הונגער...

בין איך צוריק אַוועק אין „עוואַקאַפּונקט". פון הונגער איז נישטאָ קיין כוח צו שלעפּן די פיס. דאָרט ליגט מען כאָטש אויף דער פּאָדלאָגע. אָפּגעוואַלגערט זיך נאָך אַ נאַכט, האָב איך אין דער פרי געפּרווּווט אַריינגיין אין קאַנצעלאַריע נאָך אַ „נאַפּ־ראַוולעניע" ערגעץ אויף אַרבעט. דער באַאַמטער — גראָד אַ ייִד — פאַרשרייבט מיך אין אַ רשימה.

— גיט מיר, גראַזשדאַנין, עפּעס אַ בעסערן אַרבעט־פּלאַץ. — בעט איך אים.

— וואָס הייסט ביי אייך אַ „בעסער אַרבעט־פּלאַץ"? — מעסט ער מיך אָפּ מיט אַ בליק פון איראָניע. — אַן אָרט, ווו מען דאַרף נישט אַרבעטן?

אין זיין ענטפער פיל איך ציניזם: ער ווייס דאָך יאָ די „גליקן" פון די אַר־בעט־פּלעצער, — היינט וואָס זשע דרשנט ער אַזוי שיין? צו וואָס די איראָניע?

— אַ בעסער אַרבעט־פּלאַץ, — זאָג איך מיט אויסדרוק, — מיינט פּשוט: אַן אָרט, ווו מ'גיט פאַר דער אַרבעט עסן צו דער זאַט.

— כ'קאָן אייך נאָר פאַרשרייבן אין אַ קאָלכאָז. — ענטפערט ער שוין זאַכלעך.

— אפשר ערגעץ אַנדערש?

— ניין, נישטאָ ערגעץ אַנדערש.

— אין וואָסער קאָלכאָז?

— אין פרונזער ראַיאָן.

דערהערט „פרונזער ראַיאָן", ווערט מיר טרויעריק: דערזעלבער ראַיאָן, ווו מ'האָט מיך געשיקט אין קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש", פון וואַנען כ'בין אַנטלאָפן.

— דאָס איז שוין דער בעסטער ראַיאָן?

— דער בעסטער. מיר שיקן איצט אַלע „בעזשענצעס" אַהין. ס'איז זייער אַ גרויסער ראַיאָן.

און ער שרייבט מיר אויס אַ צעטל אַהין, אין פרונזער ראַיאָן.

כ'האָב מיט אים מער נישט דיסקוטירט. צו וואָס? כ'וועל דאָך סיי־ווי־סיי נישט גיין אין קיין קאָלכאָז. צו עפּעס אַנדערש וועט ער מיך דאָך נישט שיקן. האָב איך נאָר לפנים־וועגן גענומען פון אים די „נאַפּראַוולעניע".

כ'בין ווידער געוואָרן אַליין. מיין באַגלייטער, דער ווילנער יונגער בחור, איז באַלד ערגעץ נעלם געוואָרן. ער האָט געטראָפן באַקאַנטע פון זיין שטאָט און זיי האָבן

אים מיטגענומען ערגעץ מיט זיך. אַזוי ווי כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן צופעליק, אַזוי צופעליק איז ער פאַרשוווּנדן. אַזוי איז עס שוין מיט די היימלאָזע אין זייערע וואַנדער־וועגן. די פאַרבינדונג מיט צופעליקע, פרעמדע מענטשן איז תמיד אַ לויזער.

אויפן דריטן טאָג פון מיין זיין אין טשימקענט האָב איך שוין געזען באַשיינפּערלעך, אַז איך האָב דאָ מער נישט וואָס צו טאָן. בין איך אַוועק אויפן וואָקזאַל און האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן ערשטן־בעסטן עשאַלאָן, וואָס איז געגאַנגען צו אַריס. אָנקומענדיק אין אַריס, האָב איך געדאַרפט אויסוויילן: פאָרן אין דער ריכטונג צו טורקעסטאַן, צו פרונזער ראַיאָן *), אָדער אין פאַרקערטער ריכטונג — צו טאַשקענט.

כ׳האָב אויסגעקליבן טאַשקענט. דעם הונגער פון טורקעסטאַן קען איך שוין גוט. איצט בלייבט מיר צו פּרוּוון טאַשקענט, די רעזידענץ פון אוזבעקיסטאַן.

האָב איך זיך אין אַריס אַרויפגעכאַפּט אויף די טרעפּ פון פּאַסאַזשיר־צוג „מאָסקווע־טאַשקענט". פאָרן נאָרמאַל, מיט אַ באַן־בילעט, האָב איך נישט געקאָנט: מ׳האָט געמוזט האָבן דערצו צוויי זאַכן: אַ „קאָמאַנדיראָווקע" און געלט. און איך האָבביידע זאַכן נישט געהאַט.

אַ פּאָר מאָל האָט מיך דער „פּראָוואָדניק" (וואַגאָן־אויפזעער) אויף די סטאַנציעס אַראָפּגעטריבן. כ׳בין שוין אָבער וויניק נתפּעל געוואָרן. כ׳בין דאָך געוועזן אַ מענטש פון הפקר. כ׳האָב געטאָן וואָס אַלע פּליטים, וואָס אַלע היימלאָזע און „בראָדיאַגעס" טוען אין אַזאַ פאַל: ווי נאָר דער צוג האָט גערירט פון אָרט, האָב איך זיך ווידער אַרויפגעכאַפּט אויף אַ טרעפּל. און אין לויף פון צוג קאָן שוין דער „פּראָוואָדניק", אָדער קאָנדוקטאָר, מיט מיר גאָרנישט מאַכן...

דאָס איז שוין די „פּריווילעגיע" פון הפקר־מענטשן.

אַזוי האָב איך זיך דערשלעפּט מיטן פּאַסאַזשיר־צוג ביז טאַשקענט.

## 17

## „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט"...

כ׳בין אַריין אין גרויסן וואָקזאַל און דורכן מענטשן־געדראַנג אַרויס אויף יענער זייט, אויפן פרייען וואָקזאַל־פּלעצל.

*) פרונזער ראַיאָן — נישט ביי דער שטאָט פרונזע, וואָס ליגט גאָר אין דער ריכטונג צו אַלמאַ אַטאַ; אויך היגטער טורקעסטאַן איז פאַראַן אַ ראַיאָן מיט אַזאַ נאָמען.

פּלוצלונג, ביי מיינע ערשטע טריט אויפן פּלעצל — אַן אומגעריכטע באַ־געגעניש.

ס׳לויפט צו מיר צו אַ נידעריק יידל, מיט אַ ווילד־באַוואַקסענער באָרד, אַנגעטאָן אין לאַכעס. אויסרופנדיק מיט איבערראַשונג מיין נאָמען, פאַלט ער אַרויף אויף מיר זיך קושן.

כ׳בין צעטומלט. נאָך דער ערשטער איבערראַשונג האָב איך אים קוים דערקענט —

מ. אָ.! דער יונגער דיכטער און עסייאיסט פון וואַרשע...

מ. אָ. האָט זיך אַזש צעכליפּעט און, כליפּענדיק, גערעדט:

— זעט... זעט... דאָס זענט איר?... וואָס איז פון אייך... פון אונדז געוואָרן?...

כ׳בין אויך געוואָרן זייער גערירט. אויך מיינע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ פייכטקייט.

נאָך די ערשטע רגעס, בעת מיר זענען שוין ביידע געווען רויִקער, האָבן מיר איינער דעם אַנדערן בקיצור דערציילט וואָס און ווען.

ווייזט זיך אַרויס, אַז מ. אָ. דרייט זיך דאָ אויפן וואָקזאַל צוליב „תכלית״: ער טראָגט צו אַ פּעקל פון אַ בעסערן פּאַסאַזשיר און כאַפּט דערפאַר אַ פּאָר רובל...

— זאָגט מיר, — פרעג איך אים, — נאָך וואָס האָט איר עפּעס פאַרלאָזן אַ באָרד? ווי קומט איר דערצו?...

— פרעגט נישט קיין קשיות. אַזוי איז עס. כ׳טראָג אַ באָרד, דאַוון אין אַ טלית...

— אַ טלית אויך?

— יאָ, אַ טלית, אַ טלית... אַלע טאָג דאַוון איך אין אַ טלית... איר וווּנדערט זיך אַוודאי: אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע?!...

— יאָ, איך ווונדער זיך טאַקע: איר, מ. אָ.? און ווען? אין אַזאַ גאָטלאָזער צייט?...

— זעט איר, דווקא אין דער גאָטלאָזער צייט איז עס מיט מיר געשען אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע. מיר וועלן נאָך שמועסן מכוח דעם...

איך האָב זיך באמת גאָר נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין חשבון, ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען אַזאַ ענדערונג ביי אַ מענטשן, וואָס האָט צווישן די „יונגע״ אויף טלאָמאַצקיע 13 זיך געחנדלט מיט „פּראָגרעסיוויקייט״ און איז שיער נישט פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ „רויטן״.

איך קוק אָן זיין באָרד. אַפילו נישט צוגעשוירן אַ ביסל. זי וואַקסט ווילד, מיט שפּיצן אַזוי ווי ווילדגראָז. ווילד און פאַרוואָרלאָזט ווי אונדזער גאַנצער שלע־פּערישער הולך, ווי אונדזער הפקרדיק לעבן...

איך פרעג אים ווייטער:

— ווו וווינט איר דאָ? איר האָט כאָטש אַ דאַך איבערן קאָפּ?

— יאָ, יאָ, גאָט צו דאַנקען. איך ווין אָט דערנעבן. איר וועט דאָרט אויך קאָנען וווינען.

— טאַקע? אויסגעצייכנט!

— קומט! — זאָגט ער.

און ער פירט מיך אַריין אין סעדל, וואָס נעבן וואָקזאַל. דאָרט איז געשטאַנען אַ גרויסע געביידע.

— אָט דאָ ווין איך.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז דער טאַשקענטער „עוואַקאָפּונקט"...

— קומט אַריין!

מיר גייען אַריין אינעווייניק. אַ ריזיקער „זאַל" מיט קאָלאָנעס. אַזוי ווי אַ פּאַרלאָזן פּריצישער פּאַלאַץ. אויף דער פּאָדלאָגע וואַלגערן זיך מענטשן אין ענג־שאַפט און שמוץ. ס'דערמאָנט מיר איינעם פון די „זאַלן" אינעם קאַגאַנער „עוואַ־קאָפּונקט".

— אָט דאָ נעבן פענצטער איז מיין פּלאַץ, — טוט ער מיר אַ וויז. — וואָלט געווען אָרט, וואָלט איר זיך געקאָנט לייגן נעבן מיר. אָבער דערווייל איז דאָ אַלץ פאַרנומען. אפשר וועט עמיץ אַוועקגיין, וועט איר פאַרכאַפּן.

מ. אָ. זוכט פאַר מיר לענג־אויס אַ שטיקל פּלאַץ אויף דער פּאָדלאָגע און געפינט נישט — אַלץ באַליגט, פאַרנומען.

מיר גייען צוריק אַרויס אין „סאַדיק", ווו מיר געפינען אַ פּיצל באַנק צום זעצן זיך.

אין ווייטערדיקן שמועס דערציילט מיר מ. אָ., אַז דאָ אין טאַשקענט איז אויך פאַראַן נאָך אַ יונגער שרייבער פון וואַרשע — צ. ז.; אַז צ. ז. טראָגט אויך אונטער אַ פּעקל פון וואָקזאַל...

— ער דאַרף טאַקע דאָ באַלד זיין. ער וועט זיך דערפרייען מיט אייך...

און אַזוי ווי מיר שמועסן קומט טאַקע אָן צ. ז. אויך ער ווערט שטאַרק איבערראַשט, דערזעענדיק מיך אינעם לאַגער־הולך... מיר האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען אין ביאַליסטאָק, פאַר אונדזערע אַרעסטן און לאַגער, בעת מיר האָבן נאָך אַלע געהאַט אַן אויסזען פון נאָרמאַלע מענטשן.

זיצן מיר אַלע דריי אין „סאַדיק" און מ'רעדט זיך אויס די הערצער. יעדער דערציילט זיין מגילה... די פּיינען, וואָס יעדער האָט דורכגעמאַכט אין לאַגער אין די מרחקים. אין די טייגעס פון קאָמי, צי ערגעץ אַרום אַרכאַנגעלסק.

איך פֿריי זיך באמת, וואָס דער צופֿאַל האָט מיך צונויפֿגעפֿירט מיט איי־גענע, מיט פּען־מענטשן פֿון וואַרשע.

נאָך דעם זעלבן אָוונט זענען מיר אַלע דריי געזעסן אויף אַ פּריטשע אין אַ „טשאַיכאַנאַ", אין אַ געסל בשכנות פֿון וואָקזאַל, און מ'האָט זיך געלאָזט „וואויל־גיין": מ'האָט געטרונקען גרינעם טיי און צוגעביסן מיט ברויט, וואָס צ. ז. האָט אויך מיך — ווי אַ גאַסט — מכבד געווען.

און זיצנדיק אַזוי אין דער וואַרעם, ביים גרינעם טיי, האָט מען זיך אויך צערעדט וועגן „תכלית". וויזט זיך אַרויס, אַז אויך זיי האָבן שוין געפּרוּווט מזל אין קאָלכאָזן, ביי פֿאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעטן; אָבער ווי אומעטום — מ'צאָלט מיט הונגער פֿאַר אַרבעט . . .

— אַז זיי אַליין, די אוזבעקן, האָבן קיין ברויט נישט... עסן קדחת... — זאָגט צ. ז. אַ רעזיגנירטער. — היינט וואָס זשע קאָנען זיי אונדז געבן?

און מ'דערציילט זיך איינע די אַנדערע „בלימלעך" וועגן די קאָלכאָזן, וועגן אַנדערע מינים אַרבעט־פּלעצער, ווו יעדער איינער פֿון אונדז האָט שוין געהאַט געפּרוּווט מזל.

קומען מיר אַלע צום אויספֿיר:

— דער איינציקער אויסוועג איז — האַנדל! מען מוז אונטערהאַנדלען אַ ביסל.

— אַ פּאַראַדאָקס: אין כלומרשט סאָציאַליסטישן לאַנד מוז מען האַנדלען.

— אַ ביטערער אמת! נישטאָ קיין אַנדער עצה: אָדער אונטערטראָגן אַ פּעקל פֿון וואָקזאַל, אָדער האַנדלען. אַנדערש וועט מען נישט דערלעבן אַמאָל אַהיים צו פֿאָרן... אָבער אונטערטראָגן אַ פּעקל מאַכט זיך נישט אַזוי אָפֿט. נישטאָ דאָ קיין סך אַזעלכע „פּריצים"...

וויזט זיך אַרויס, אַז צ. ז. האַנדלט טאַקע אויך אונטער אַ ביסל מיט „קאָ־מערטשעסקי" ברויט, וואָס מען קריגט אַמאָל אין די „לאַרקעס" ביים „סאַדיק". ער לייגט אונדז ביידן פֿאָר, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ שותפֿות: צוויי פֿון אונדז זאָלן כסדר שטיין אין די „אָטשערעדן" ביי די געוועלבלעך און דער דריטער זאָל דאָס באַקומענע ברויט טוישן אויף עפּעס אָדער פֿאַרקויפֿן אויפֿן באַזאַר. אַזוי לויט אַ ריי. אַזוי אַרום וועט מען קאָנען פֿאַר זיך אַליין אָפּשפּאָרן אַ שטיקל ברויט און פֿאַרן אָפּגעלייזטן געלט וועט מען זיך קאָנען קויפֿן דאָס בויטיקסטע.

ממש אַ „שמאַלץ־גרוב" . . .

און אַזוי איז טאַקע געווען שוין פֿון מאָרגן אָן. דאָס „שותפֿות" איז געשלאָסן געוואָרן.

ערגער איז געווען פֿאַר מיר מיטן נעכטיקן. אין די נעכט האָב איך ווייטער קיין תקומה נישט געהאַט.

צ. ז. האָט נאָך פון פריִער פאַר זיך אויסגעזוכט אַ שטיקל דירהלע: אַ ווינקל ביי אַן אוקראַינער אין דער פעריפעריע פון דער שטאָט. ער נעכטיקט דאָרט אומ־לעגאַל, אָן אַ „פּראָפּיסקאַ״. קיין פּליטים, בפרט געקומענע פון לאַגערן, ווייל מען אין שטאָט נישט צושרייבן.

דריי איך זיך אַזוי כסדר אַרום אין די נעכט אַ וואָכער: פון „עוואַקאַפּונקט״ אין „סאַדיק״ און פּאַרקערט. קיין פּיצל פּאָדלאָגע באַפרייט זיך נאָך אַלץ נישט פאַר מיר, ווייל קיינער האָט דאָך נישט וווהין צו גיין... בעת עס פלעגט מיך דורכ־נעמען די קעלט אָדער אַ רעגן, פלעג איך זיך אַריינשטופּן אינעווייניק אין „עוואַ־קאַפּונקט״, זוכנדיק ערגעץ אַ שטיקל אָרט צו קאָנען כאָטש שטיין.

און אַזוי שטייענדיק פלעג איך נישט איין מאָל זיין אַן עדות פון אויסטער־לישע סצענעס: קליינע „פּאַצאַנעס״ (יונגנטלעכע) — גנבימלעך פלעגן באַפאַלן אין דער שטיל די שלאָפנדיקע און מיט ראַזיר־מעסערלעך אויפשניידן קעשענעס, רוקזעק, פּעקלעך און אַרויסציִען וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט. אונטערזאָגן אַ שלאָפנדיקן איז נישט שייך: מ׳האָט פאַר אַזאַ מעשה געקאָנט באַקומען אַ מעסער אין זייט. אַפילו אַז אַ מיליציאָנער פלעגט עס באַמערקן, פלעגט ער זיך אויך אָפּט מאַכן נישט זעענדיק. קיינער האָט זיך נישט געוואָלט אָנהייבן מיט דער דאָזיקער זלידנער הפקר־באַנדע קליינע „בראָדיאַגעס״ און „זשוליקעס״. ערשט אין דער פרי, בעת דער עולם האָט זיך גענומען ראַיען ווי פונעם מיסט, האָבן זיך פון דאָ און דאָרט דערהערט געשרייען. מענטשן האָבן זיך געכאַפּט, אַז מ׳האָט זיי ביינאַכט באַגנבעט: וועמען אַ „קניפּל״ מיט אַ פּאָר רובל, ווועמען סתם עפּעס אַ חפץ, צי מלבוש.

בעת מ. אָ. האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן צוקאָפּנס זיין טלית און זיך אין אים איינגעוויקלט צום דאַווענען, האָב איך זיך דאַמאָלס אויסגעצויגן אויף זיין געלע־גער — אויף זיין שטיקל האַרטן דיל — און אַ ביסל זיך אויסגערוט פון מיינע נאַכטיקע וואָגלונגען: פון קאַלטן „סאַדיק״ אין „עוואַקאַפּונקט״ און פון „עוואַקאַ־פּונקט״ אין „סאַדיק״.

איך ליג און קוק זיך צו צו דעם דאַווענדיקן מ. אָ.: פון אַ יונגן בחור אויף טלאָמאַצקיע 13 איז דאָ געוואָרן — אַ בערדיקער ייִד, אַ דאַווענדיקער בערדיקער ייִד, וואָס זעט אויס ווי אַ זקן. ער איז אויסגעדרייט צו דער וואַנט, שאָקלט זיך צו אַ ביסל און דאַווענט מיט כוונה:

— ראה נא בענינו וריבה ריבנו וגאלנו גאולה שלמה...

איך וואַרף אַ בליק לענג־אויס דעם גרויסן „זאַל״: איך באַמערק נאָך אַ פּאָר עלטערע ייִדן אין טליתים. אַפּנים אין דער בהלה פון עוואַקואַציע האָבן די דאָזיקע

ייִדן־זקנים געהאַט איין מחשבה: ראַטעווען מיט זיך דעם טלית. ווייל ווי קאָן זיך אַ ייִד לאָזן אין אַזאַ געפערלעכן וועג מיט ליידיקע הענט?...

כ׳בין אַזוי אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ האַרטן שלאָף, מיט מיין מאָגערן רוק־זאַק צוקאָפּנס.

אויפגעוועקט האָבן מיך מיינע „שותפים". מ׳האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז היינט זענען אָפּן צוויי „לאַרקעס"; אַז מ׳פאַרקויפט איטלעכן צו צוויי קילאָ העלן ברויט.

— שנעלער! לאָמיר פאַרנעמען אַ פלאַץ איןביידע „אַטשערעדן".

פאַרפאַלן, פּרנסה איז בילכער ווי שלאָף...

די „אַטשערעדן" זענען געווען לאַנגע, וויאַרסטיקע. אַלט און יונג איז גע־שטאַנען אויסגעצויגן אין דער אומענדלעכקייט. מיר האָבן פאַרנומען ערטער אין סאַמע עק; אָבער גאָר גיך איז די ריי נאָך לענגער אויסגעוואָקסן הינטער אונדז. פון הימל האָט געטריפט אַ פויל רעגנדל, וואָס האָט דורכגענומען די ביינער. דערצו נאָך אַ נאַכט אָן שלאָף... אָבער מ׳מוז שטיין. פון די „לאַרקעס"־פענצטערלעך זענען אַלע ווילע אָפּגעגאַנגען מענטשן מיטן „קאָמערטשעסקי" ברויט. מ׳איז אַזוי אָפּגע־שטאַנען לאַנגע שעהן. די ריי האָט זיך באַוועגט זייער לאַנגזאַם. אָבער זי האָט זיך באַוועגט. מיר ווערן שוין נענטער, נענטער צום ציל.

מ. אָ. האָט אָבער קיין מזל נישט געהאַט: ווען ער איז שוין געווען גאָר נאָנט פון זיין „לאַראָק", האָט זיך דאָס פענצטערל פלוצלונג אַראָפּגעלאָזט.

— ניעטו באָלשע... (נישטאָ מער...).

אין דער לאַנגער ריי איז געוואָרן אַ ברומעריי און אַ זידלעריי אויפן חשבון פון דער פאַרקויפערין:

— וואָט בליאַד׳! (אָט אַ זונה!).

— גאַד! (שלאַנג!).

— פּאַראַזיט!

איך האָב געהאַט מער מזל: איך בין יאָ דערגאַנגען צום פענצטערל און באַקומען מיינע פּאָר קילאָ ברויט. כמעט ווייסע ברויט! אָבער דערביי איז מיט מיר שיער נישט געשען קיין אומגליק: ביים פענצטערל איז געוואָרן אַזאַ געדראַנג און מ׳האָט מיך צוגעקוועטשט צו אַ וואַנט. כ׳האָב געפילט, אַז איך ווער דערשטיקט. אין ביידע הענט האָב איך געהאַלטן צוויי „לחמאס", צוויי שטיקער ברויט. די הענט זענען געווען אַראָפּגעלאָזטע אינאיינעם מיטן ברויט. אַ געדיכטע מענטשן־מאַסע, ווי אַן אייזערנער מויער, האָט געפּרעסט אויף מיר, מוראדיק געפּרעסט: אויפן קאָרפּוס, אויף די זייטן, אויף די אָרעמס, אויף די הענט — מיטן ברויט... כ׳האָב געשריען, אַז איך ווער דערשטיקט; אַז כ׳קום אום. אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט

צו מיינע קולות. די משא אויף מיר איז געוואָרן אַלץ שווערער, דריקנדיקער. די ווייטיקן אין די ביינער, אין אַלע גלידער — אַלץ שניידיקער. כ׳קאָן שוין כמעט ניט אָטעמען... אַלץ האָט זיך געשטופּט, געריסן צום פענצטערל... פאַרויס... פאַרויס...

דאָס האָט עמיצער אַ זאָג געטאָן, אַז אין „לאַראַק" איז שוין באַלד קיין ברויט נישטאָ, — האָט מען עס געוואָלט אויף כוח זיך דערשלאָגן וואָס גיכער צום פענצ־טערל, אונטערן ליאַרעם פון וויסטע קולות און קללות. נעבן מיר, זע איך, ווי אַ פאַרחלשטע פרוי פאַרוואַרפט שוין מיטן קאָפּ. „כ׳בין פאַרלוירן"... — בליצט אַדורך אַ געדאַנק.

עס איז אָבער געשען מיט מיר אויך אַ נס: די שיקסע אין „לאַראַק", די פאַר־קויפערין, האָט פּלוצלונג אויסגעשריִען:

— גראַזשדאַניע, כליעבאַ באָלשע ניעטו... (בירגער, קיין ברויט איז מער נישטאָ).

און האָט פאַרהאַקט דאָס פענצטערל.

זידלערייען האָבן זיך אויף איר געשאָטן פון אַלע זייטן:

— סוואָלאָטש!

— אַטקראַי, בליאַד׳!... (עפן, זונה!...).

דער אייזערנער דרוק אויף מיר איז געוואָרן תיכּף לויזער און ביסלעכווייז האָט ער אינגאַנצן נאָכגעלאָזט. כ׳האָב זיך באַפרייט פון די קלאַמערן אַרום מיין גוף. אַלץ האָט מיר ווי געטאָן: די זייטן, די הענט, די פיס. אין די הענט אָבער האָב איך מעשה־זיגער פעסט געהאַלטן די „לחמאס": איין שטיק ברויט איז געווען אינגאַנצן צעקוועטשט, צעפּלאַטשיקט, כמעט ווי אַ „לעפּיאָשקע"...

עס זענען צוגעלאָפן צו מיר מיינע „שותפים". זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז זיי האָבן זיך געריסן מיך צו ראַטעווען; אָבער זיי זענען געווען הילפלאָז קעגן אַזאַ ווילדער מאַסע...

דאָס צעפּלאַטשיקטע ברויט האָבן מיר אויסגענוצט פאַר זיך אַליין צום עסן און דאָס גאַנצע — צום פאַרקויפן, כדי אָפּצוהיטן אונדזער „האַנדלס־גלייכגעוויכט"...

און אַזוי איז אַנגעגאַנגען אונדזער „מסחר" אין טאַשקענט, — „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט"...

די ערגסטע מערכה האָב איך אָבער געהאַט: כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין פּיצל פּאָדלאָגע אין „עוואַקאַפּונקט". קיינער האָט זיך נאָך אַלץ נישט גערירט פון אָרט; אַדרבה, עס זענען נאָך צוגעקומען פרישע פּאַרטיעס פּליטים, וואָס האָבן געלויערט און געגנישטערט צווישן ראַיענדיקן עולם אויף דער פּאָדלאָגע און גע־זוכט ווי מיט ליכט וווּ זיך צו קאָנען אַריינקוועטשן אין דער געדיכטער מאַסע.

קיינער איז פון זיין אָרט נישט אָפּגעטראָטן. איינער האָט געהיט דעם פּלאַץ

פון זיין חבר. אַזוי האָט מען זיך געטוישט אין דער וואָך. מ׳האָט געהיט דאָס אָרט און די אָרעמע ביסל שמאַטעס, וואָס אַנדערע האָבן נאָך געהאַט מיט זיך.

מ׳האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווייל וווהין גיין? וווהין? אַז אומעטום איז הונגער, קעלט, רעגן, וואָגל... האָב איך געקאָנט רוען אויף מ. אַ.׳ס פּלאַץ נאָר בייטאָג. בייטאָג — ווען די „לאַרקעס" פון „קאָמערטשעסקי" ברויט זענען געווען פאַרשלאָסן.

איין נאַכט האָב איך געפּרוווט פאַרקלייבן זיך אויף דער סטאַנציע, אין אַ פּוסטן וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף זייטיקע שינעס. געווען דאָרט אַ גאַנצע גרופּע פּליטים. אָבער אין משך פון דער נאַכט זענען דאָרט פאַרגעקומען מוראדיקע סצענעס; רוסישע „בראָדיאַגעס", מעסער־העלדן, זענען צוגעקומען צו יעדן פּליט פאָדערן געלט, חפצים, פּאַפּיראָסן. נישט איינער פון די פּליטים האָט געכאַפּט פון די „זשוליקעס" קלעפּ. צו מיר איז צוגעקומען גאָר אַ פּאַליאַק און גענומען צופּן ביי מיר דעם רוקזאַק פון אונטערן צוקאָפּנס:

— פּאָקאַזש, צאָ טאַם מאַש... (ווייז וואָס האָסטו דאָרט...).

— ווי שעמסטו זיך נישט? ביי אַ „ראָדאַק"?... — פּרוּוו איך אים מוסרן.

יענער האָט זיך אָבער נישט „געשעמט" און איז ווייטער געווען צודרינגלעך. כ׳בין קוים פון אים לויז געוואָרן. הגם ווען ער קוקט אַריין אינעווייניק אין מיין „באַגאַזש", וואָלט ער שטאַרק אַנטוישט געוואָרן: אַ חוץ אַן אַלט העמד, אַ צעריסענעם האַנטוך מיט אַ פּאָר „פּאָרטיאַנקעס" (אָניצעס צו די פיס) איז דאָרט מער נישט געווען. איך האָב נאָר מורא געהאַט פאַר מיין זייגער אין דער געהיימער קעשענע; מיין לעצטע רעטונגס־ברעט...

אין וואַגאָן האָב איך מער ווי איין נאַכט נישט גענעכטיקט: צומאָרגנס האָט מען אין איינעם פון יענע וואַגאָנעס געפונען איין פּליט מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז.

האָב איך זיך בעסער ווייטער געוואַלגערט אין „סאַדיק" אויף אַ באַנק, אָדער — אויב ס׳האָט גערעגנט — געפּלאָנטערט זיך צווישן דער שלאָפנדיקער מאַסע אין „עוואַקאָפּונקט". כ׳פלעג זיך קוים דערוואַרטן ביז מ. אַ. פלעגט זיך אויפהייבן פון זיין „רחבותדיקן" געלעגער — ער פלעגט זיך אַמאָל צוליב מיר אויפהויבן אַ ביסל פריִער — און זיך שטעלן ביים פענצטער דאַוונען אַן איינגעהילטער אין טלית. דאַמאָלס פלעגט קומען מיין ריי, מיין ביסל רו...

איין פרימאָרגן כאַפּט זיך מ. אַ., אַז ער האָט נישט דעם טלית... פון אונטער זיין צוקאָפּנס האָט אים ביינאַכט אַ „פּאַצאַן" אַרויסגעלקחנט. יענער האָט אַוודאי געמיינט מי יודע וואָס פאַר אַ „מציאה" ער האָט דאָ געפּאַקט: „מאַנופאַקטור"! אַ קלייניקייט! קיין טלית האָט דאָך יענער קיינמאָל מסתמא פאַר די אויגן נישט אָנגע־

קוקט. וועט ער עס אַרויסטראָגן אויפן באַזאַר און פאַרהאַנדלען. אָדער עס וועט קויפן אַ קאַצאַפּקע ווי אַ זומער־טוך, אָדער אַ פּאַניע וועט עס איינהאַנדלען אויף „פּאַרטיאַנקעס"...

פאַר מ. אַ. איז עס געווען אַן אמתער קלאַפּ: זיך אַזוי שוין איינגעלעבט מיטן טלית... אַזוי געשמאַק געדאַוונט אין אים... מיט אַזוי פיל הנאה געמאַכט אַלע טאָג אין דער שטיל די ברכה „להתעטף בטלית"... און דאָ — אַן אומגליק! ווו וועט ער דאָ קריגן אַן אַנדער טלית? ווי דערשלאָגט מען זיך ווידער דערצו? וועגן תפילין איז דאָך נישט שייך... וועגן דעם טראַכט ער אַפּילו נישט... אַמאָל נאָר אין אַ יובל באָרגט ער עס ביי אַ ייִדן, אויב ער זעט עס ביי אים. גיין ווידער באָרגן אַ טלית ביי יענע זקנים דאָרט אין אַנדער עק איז אים אויך נישט געווען עפּעס צום האַרצן: זיי טראָגן אַזעלכע אַלטע, צעשאָטענע, פאַרשמאַלצענע טליתים... ווי וואַרפט מען אַרויף אויף זיך יענעמס אַ זאַך? יעדער האָט דאָ ברוך השם זיינע אייגענע לייז... בפרט אַז דער טיפּוס שפּאַצירט שוין אום פראַנק און פריי איבער דער שטאָט...

אַזוי אָרום איז מ. אַ. געבליבן אָן אַ טלית און ס'איז אים פאַרשטערט געוואָרן די הנאה פון זיינע תפילות ביים דאַוונען...

## 18

## טאַשקענטער טעג און נעכט

אין טאָג קומט צ. ז. צו אונדז מיט אַ גוטער בשורה: ער האָט געפּועלט ביי זיינע באַלעבאַטים די אוקראַינער, אַז אויך מיר, איך און מ. אַ., זאָלן קומען אַהין אויף נאַכטלעגער. ס'איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסע שמחה, אַ קלייניקייט, נעכטיקן אין אַ שטוב, אין אַ פּריוואַטער שטוב! כאָטש קיין גרויסע אילוזיעס וועגן דער שטוב האָבן מיר זיך נישט געמאַכט: ווי צ. ז. דערציילט, איז עס אַן אָרעמע ליים־כאַטע, אַ קיביטקע אין די פאַרוואָרפענע הינטער־געסלעך פון טאַשקענט. און קיין בעטן מיט מאַטראַצן זענען דאָרט אויך נישטאָ... ער, צ. ז., ליגט דאָרטן אין אַ ווינקל, צווישן וואַנט און פּיעקעליק און פאַר אונדז איז דאָרטן דאָ אַ פּאָדלאָגע.

אָבער אויך גוט. אַבי אונטער אַ דאַך. אַבי נישט אין „סאַדיק" אונטערן רעגן. אַ גאַנצן טאָג בין איך געווען אין פריידיקער דערוואַרטונג.

קומען פרי אַהין האָט מען נישט געקאָנט: די באַלעבאַטים האָבן מורא געהאַט. מיר זענען דאָך אָן אַ „פּראָפּיסקאַ" (נישט געמאָלדן). זענען מיר אַרויסגעפּאָרן אַהין

זייגער 10 ביינאַכט. לאַנג, זייער לאַנג האָט אונדז דער טראַמווײַ 10 געפירט. אַזאַ פאַרוואָרפנקייט אַ ביסל, ערגעץ אין אַ פאָרשטאָט. אַז מיר זענען אויסגעשטיגן האָט מען נאָך געדאַרפט אַ היפּש ביסל קריכן צופוס דורך די חושכדיקע געסלעך.

לסוף האָט אונדז צ. ז. צוגעפירט צו יענעם „פּאַלאַץ" אין עפּעס אַ בלינד געסל, אַ קליינע נידעריקע קיביטקע.

— ש־ש־ש־ש... — האָט ער אונדז געוואָרנט מיר זאָלן נישט ריידן און גיין פאַרזיכטיק און שטיל, נישט מאַכן קיין רעש מיט די טריט. צ. ז. קלאַפּט אָן פּאַ־מעלעך אין פענצטערל. עמיצער עפנט.

נאַכטיקער חושך. קיין פייער ברענט דאָ נישט.ביים אַריינגיין הייסט אונדז צ. ז. זיך איינבויגן: די טיר איז זייער אַ נידעריקע. ער גייט דער ערשטער און מיר נאָך אים. מיר זענען שוין אינעווייניק. אויך אינעווייניק צינדט זיך נישט אָן קיין פייער ביי אונדזער אַריינקומען. וואָסער פּנים דער באַלעבאָס האָט זעט מען נישט. מ'זעט נאָר ווי אַ שאָטן פון אַ מענטש.

— טאָוואַרישטשי... — זאָגט צ. ז. ווענן אונדז ביידן צום שאָטן.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ... לאָזשיס סיודאַ נאַ פּאָל אָקאָלאָ זשענשטשין... (גוט, גוט. לייגט זיך דאָ אויף דער פּאָדלאָגע, נעבן די פרויען...).

און דער שאָטן פאַרשווינדט.

— זייט פאָרזיכטיק, — זאָגט צ. ז., — טרעט נישט אַרויף אויף די פרויען...

און אַליין פאַרשווינדט ער אויך אויף זיין פּלאַץ הינטערן פּיעקעליק.

איך קוק אַראָפּ צו דער פּאָדלאָגע, שטרענג אָן די בליקן, און אַז איך ווער שוין אַ ביסל צוגעוווינט צום חושך, דערזע איך אונטן אַזוי ווי אַ הויפן אָנגעוואָר־פענע שמאַטעס: דאָס זענען עס די „זשענשטשינעס". איך בין צוגעגאַנגען פון איין זייט פון די שמאַטעס, מ. אַ. — פון דער אַנדער זייט. כ'האָב אַראָפּגענומען פון זיך דעם בושלאַט, זיך פּאַמעלעך אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע און זיך איבערגע־דעקט מיט מיין לאַגער־בגד. צוקאָפּנס — דעם רוקזאַק און די פּויסט.

ליגנדיק האָב איך געקוקט פאַר זיך אין חלל. פונעם חושך האָט זיך אויסגע־טיילט אַ קליין פענצטערל. דורך די שייבלעך האָבן זיך געזען ווייטע פייערלעך. אין דער שטילקייט האָט זיך געטראָגן אַ שנאָרכן פון די שלאָפנדיקע שכנטעס. די וואָס פון מיין זייט איז געשלאָפן „אויפן קול": זי האָט געכאָרכלט מיטן האַלדז, געפייפט מיט דער נאָז. נעבן אַזאַ שכנה און אונטער אַזאַ „מוזיק" וואָלט אַיעטוועדער מאַנס־ביל באַוואָרנט געווען פון זינדיקע מחשבות...

לסוף איז אויך צו מיר געקומען דער שלאָף. אין דער וואַרעמקייט, געשיצט פון דרויסנדיקער קעלט און רעגן, בין איך אַריינגעפאַלן ווי אין אַ לעטאַרגיע.

אויפגעוועקט האָב איך זיך ווען ס'איז שוין געווען ליכטיקלעך. אָן אויסגע־

דאַרטער פאַרשוין, מיט אַ לאַנג נישט־געגאָלט פּנים, אין אַן אַלטער פּופּייקע האָט זיך געפּאָרעט ביים „באַראַכלאָ״ (שמאַטעס) אויף אַ בענקל נעבן פענצטערל. דאָס ווייב מיט אַ קינד איז נאָך געלעגן אין אייזערנעם בעט, אונטער עפּעס אַ ברוי־דיקן צודעק.

— דו גייסט שוין? — קומט אַ פראַגע פון בעט.

— שוין צייט אויף דער „פּראַאיזוואָדסטוואָ״ (אַרבעט־פּלאַץ).

דער באַלעבאָס פאַרשווינדט פון כאַטע. אויף אַ געוויסער צייט ווערט ווידער שטיל. באַלד ווערן מיינע שכנות וואַך און ריידעוודיק. ערשט איצט כאַפּ איך אַ קוק אויף זיי. די, וואָס פון מיין זייט, איז אַן עלטערע, אָדער פאַרעלטערטע פרוי. אַ צעקנייטשט פּנים, גרויע אויגן מיט זייער שיטערע ברעמען. יענע פון דער אַנדערער זייט איז גראָד אַ יונגע, נישט קיין מיאוסע. אַ פרישן פּנימל מיט שמייכל־דיקע אויגן. זיי ריידן צווישן זיך אוקראַיניש. מיין שכנה גרעגערט אַזוי, אַז עס גריילצט מיר אַזש אין קאָפּ פון אירע שאַרפע ריש׳ן. און מעשה־שטן רעדט זי אַזוי געדיכט. זי דערציילט עפּעס אַ מעשה וועגן אַ „זאַווכאָז״ אַ מנוול, וואָס האָט באַ־גזלט די אַרבעטער. אַ מעשה, וואָס ענדיקט זיך גאַרנישט. וואָלט שוין בעסער גע־ווען דאָס פייפן מיט דער נאָז ווי דאָס געדיכטע, סופּלאָזע ריידעריי... די יונגע וואַרפט אויך אַריין אַ וואָרט. לאַכט מער ווי זי רעדט.

— חבר אַ., איר שלאָפט? — שיק איך אַ פראַגע איבער די צוויי ווייבער.

מ. אַ. דרייט אויס צו מיר דעם קאָפּ. זיין שוואַרצע באָרד איז נאָך מער צע־קנאָדערט ווי תמיד.

— זיי לאָזן דען שלאָפן, די ערלטעס? האַלטן איין איין גריליצן.

— אָבער איר האָט געהאַט מער מזל פון מיר. — זאָג איך אין שפּאַס: — איר זענט געלעגן נעבן אַ יונגער שכנה...

— וואָס אייך ליגט אין זינען!...

מ. אַ. איז טאַקע גערעכט: ווען מען קאָנען עס איצט ליגן אין זינען אַזעלכע זאַכן, ווען מען איז אַ „בראָדיאַגע״... אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן... דער עיקר הונגעריק, הונגעריק!

אָבער מ. אַ. האָט נאָך אַן אַנדער זאָרג: ער מוז אַלץ טראַכטן וועגן זיין אבדה — וועגן טלית, וואָס די „פּאַצאַנעס״ האָבן אים צוגעלקחנט אין „עוואַקאָ־פּונקט״ און ער האָט איצט נישט אין וואָס צו דאַוונען.

כ׳פאַרפּיר נאָכדעם אַ שמועס מיט מיין שכנה. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז אַן עוואַקויִרטע פון אוקראַינע. געוויס זיכער, אַז זי איז אַ דאָרפס־פּויערטע; אָבער צו מיין איבערראַשונג זאָגט זי מיר, אַז זי איז אַ ייִדין. איך שטעל אויף איר אויס פאַרווונדערטע אויגן:

— ס׳קאָן נישט זיין.

כדי מיך צו איבערצייגן רעדט זי אַרויס אַ פּאָר פראַזן אין יידיש. אמת, אין אַ שווערן צעקאַליעטשעטן יידיש. גיי ווייס ווּהין די מלחמה־זאַוויערוכע פאַרטראָגט יידן... אַפּנים, פאַראַן שוין אין רוסלאַנד אַזעלכע יידן, וואָס האָבן שוין דעם צלם ייד פאַרלוירן... מ׳דאַרף זיי גוט אַ טרייסל טאָן, כדי אַרויסצובאַקומען פון זיי אַ סימן ייד . . .

די צווייטע, די יונגע, איז אַן אוקראַינערין. זי איז אויך אַן אַנטלאָפענע פון הינטער קיִעוו. עס האָט זי מיטגענומען אַן אָפיציר, וועלכער האָט זי אויפן וועג געמוזט איבערלאָזן איבער דינסט־טעמים. פאַרזוכט זי איצט אויך דעם טעם פון נע־ונד.

אויך די באַלעבאָסטע איז שוין אויפגעשטאַנען און זיך גענומען פאָרען אַרום איר באַלעבאַטישקייט. אַ פרוי מיט אַ קרענקלעך גרין פנים, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, אין אַלטע מאַנסבילשע שטיוול.

דאָ באַווייזט זיך אויך צ. ז. פון הינטערן פּיעקעליק:

— חברה, מ׳מוז שוין עוקר זיין פון דאַנען. צופיל זיצן דאָ איז נישט געזונט... די באַלעבאַטים זענען זייער אַנגעשראָקן...

מיר האָבן באַצאָלט פאַרן נאַכט־לעגער און זענען איינציקווייז אַרויס אויף דער גאַס. מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין — צו דער „פרנסה”: צו די לאַנגע „אָטשערעדן”, ווו מענטשן אין די הונדערטער, הונדערטער וואַרטן תמיד אויפן „קאָמערטשעסקי” ברויט.

אָבער אַ שלימזלדיקער טאָג איז היינט. די פענצטערלעך פון די „לאַרקעס” זענען געשלאָסן. קיין ברויט פאַרקויפט מען נאָך נישט. מען ווייס כלל נישט צי מען וועט גאָר היינט פאַרקויפן. און דערצו איז נאָך דער הימל אַזוי וויינענדיק. עס קאַפּעט כסדר אַ דראָבנער רעגנדל און עסט זיך איין אין די ביינער. אָבער די מענטשן אין די רייען פאַרלאָזן נישט דעם פלאַץ: „אַוואָס׳ ”... (אפשר...) אפשר וועלן זיך פלוצלונג יאָ עפענען די פענצטערלעך... מען ווייס דאָך קיינמאָל נישט ווען זיי דאַרפן זיך עפענען. קיין מעלדונגען אויף די געוועלבלעך זענען דאָך קיינמאָל נישטאָ. טרעפט, אַז אַמאָל עפענען זיי זיך גאָר ערשט ביינאַכט... אַרום 12 ביינאַכט... דאַמאָלס זענען די מענטשן ווייניקער און די שאַנסן גרעסערע... אָבער גיי זיי אַ נביא און ווייס ווען עס וועט זיך אָן עפן טאָן דער „שער הרחמים” און ס׳וועט זיך באַווייזן דאָס פנים פון דער שיקסע — דער פאַרקויפערין פון די הייס־געגאַרטע און הייס־געבאַקענע ברויט־פאַרציעס!

היות ווי מיר זענען דאָך זאַלבעדריט, איז געבליבן, אַז נאָר צוויי זאָלן שטיין אין צוויי „אָטשערעדן” און איינער זאָל זיין פריי. נישט אינגאַנצן פריי, נאָר ער

וועט טוישן אין געוויסע שעהן די צווי. אַזוי אַז יעדער פון אונדז האָט געהאַט די זעלבע שאַנסן. האָב איך אויסגענוצט מיינע עטלעכע פרייע שעה און בין אַוועק אין גאַס אַריין. כ׳האָב דאָך געמוזט פאַרקויפן מיין זייגער — דעם איינציקן זכר פון וואַרשע... ווי זשע קאָן מען לעבן אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה? בפרט אַז איצט מוז איך דאָך האָבן יעדע נאַכט געלט אויף צו באַצאָלן פאַרן נאַכט־לעגער ביים אוק־ראַינער.

ארומגעקראָכן איבער באַזאַרן און באַזאַרלעך און לסוף געפּאַקט אַ בעלן. באַקומען 300 רובל. דעם דאָזיקן טאָג מוז איך אַ „הוליע טאָן״... מ׳מוז נהנה זיין פון „עולם הזה״... קודם־כל בין איך אַריין אין אַ „פּאַריקמאַכערסקאַיאַ״. אַ בלאָנדע בתולה אין ווייסן (אויך דאָ אַרבעטן פרויען אין די שערערייען) האָט מיך אָפּגעשוירן, אָפּגעגאָלט און אַפילו באַגאָסן מיט קעלניש וואַסער. זיצנדיק אויפן שטול אַן אַרומגעהילטער אינעם ליילאָך האָב איך זיך אָנגעקוקט אין גרויסן שפּיגל און זיך אַליין נישט דערקענט. די לאַגער־מלבושים — אַ חוץ די קאַגאַנער הויזן... — זענען דאָך געווען פאַרהילט. דאָס פּנים אַליין, דערמאָן איך זיך, איז אַ ביסל יאָ ענלעך צו מיין אויסזען פון אַמאָל... שוין כמעט ווי געהאַט פאַרגעסן מיין אַמאָ־ליק אויסזען... איך קוק מיך אָן און אָן אומעט, אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט באַפאַלט מיך: געווען דאָך אַמאָל אַ מענטש... געווען — — —

לאַנג, לאַנג האָב איך זיך נאָכדעם אַרומגעדרייט איבער די טאַשקענטער שיי־נע גאַסן, באַפּוצטע מיט די שלאַנקע טאָפּאָלן ביי די זייטן. איך זע פרעמדע פּנימער מיט קאַלטע מעלאַנכאָלישע אויסדרוקן. פאַרוואָס אַזאַ אומעט אין שטאָט? ביי די מענטשן אין די אויגן?...

כ׳פאַרהאַלט זיך ביי אַ קליינעם טיי־הויז און גיי אַריין אינעווייניק. כ׳פאַרנעם אַ קליין טישל. כ׳זע מ׳עסט דאָ מיקראָסקאָפּישע פּאָרציעס ברויט מיט וווּרשטלעך און מ׳פאַרטרינקט מיט טיי. באַשטעל איך אויך אַ פּאָרציע פון אַלעם גוטן. די „אָפיציאַנטקע״ דערלאַנגט עס מיר מיט אַ צוגאָב — אַ שמייכל...

דאָס זיצן אינעם טיי־הויז האָט ביי מיר געשאַפן אַ שטיקל אילוזיע פון אַ מענטשלעכער סביבה. בלויז די באַזוכערס שלינגען עפּעס אַזוי אויסגעהונגערט דאָס קאַרגע עסן. קיינעם ליגט דאָ נישט אין זינען דער „באָן־טאָן״... ראשית דער הולך פון די דאָזיקע באַזוכער: ווי באַשיידן, ווי אָרעם די מענטשן זענען אָנגעטאָן. עס דאָמינירן, ווי אומעטום, אין דער הלבשה די פופייקעס. געמיינט, אַז נאָר אין לאַגער טראָגט מען פופייקעס; לסוף זע איך זיי אויך דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, אין דער רעזידענץ פון אַ רעפּובליק! עפּעס וואַרפט זיך שוין צופיל אין די אויגן דאָס שייכות פון די לאַגערן מיט די שטעט פון ברייטן און גרויסן רוסלאַנד. און צו־קוקנדיק זיך צו די פופייקעס אַרום מיר, האָב איך זיך אויפגעהערט צו זשענירן

מיט מיין הולך — מיט מיין געלאַטעטן בושלאַט און מיט מיינע „קאָרדאָווע" *) שיך. עס פעלט מיר נישט קיין סך צו זייער אַלעמענס הולך. בלויז איין פרוי מיט אַ קינד אין אַ ווינקל טיילט זיך אַ ביסל אויס פון די אַרומיקע. זי איז אָנגעטאָן אין בעסערע קליידער. אמת, נישט קיין נייע, אָבער שטאָטיש, „פּאָ מיעשטשאַנסקי". אַפּנים אַן איבערבלייבעכץ פון די אַלטע גוטע צייטן... דערפאַר איז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין דעם פיזישן אויסזען פון דער דאָזיקער פרוי: בלאַס ווי דער טויט, אויסגע־צערט. די אויגן קוקן מיט אַ קראַנק פייערל. אויך מסתמא אַ געוועזענער מענטש. אַ מענטש אַ יורד גלייך ווי אַנדערע טויזנטער און מיליאָנען געוועזענע מענטשן אין דאָזיקן לאַנד...

געפּרוווט ביי דער שמייבלדיקער „אַפּיציאַנטקע" באַשטעלן נאָך אַ פּאָרציע — נישט צוליב דעם טיי, נאָר צוליב די 200 גראַם ברויט... — אָבער אָן דערפאָלג: קיין צוויי פּאָרציעס ברויט קאָן זי נישט אַרויסגעבן. נישטאָ אַזוי פיל. איז מילא, מוז מען זיך באַנוגענען. אַן אויסגעוואַרעמטער פונעם טיי אָן צוקער (צוקער האָט מען געמוזט האָבן אייגענעם...), מיט עטלעכע הונדערט רובל אין קעשענע, בין איך אַ מער זיכערער אַוועק צו מיינע חברים אין דער „אָטשערעד". כ'האָב שוין געדאַרפט טוישן איינעם פון זיי. קיין ברויט האָט מען נאָך היינט נישט פאַרקויפט. די פענצטערלעך פאַרהאַקט. „ניע אַטפּוסקאַיוט" — הייסט עס דאָ אינעם לשון פון די „לאַרקעס".

— אוי, דלות, דלות! — קרעכצט מ. אָ., — אַ הונגעריק לאַנד, נעבעך...

— נאָן יאָק!... (נישטאָ קיין ברויט).

— מ'וואָלט געדאַרפט, — זאָג איך, — קאָריגירן יענעם מחבר: אָנשטאָט „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט" דאַרף מען ענדערן: „טאַשקענט — די שטאָט פון „קאָמערטשעסקי" ברויט"...

בלייבט, אַז מיר זאָלן רעזיגנירן היינט אינגאַנצן פון „אָטשערעד": שוואַכע שאַנסן. גייען מיר אַוועק אין דער „טשאַיכאַנאַ", וואָס אינעם געסל בשכנות פון „עוואַקאָפּונקט". מ'הייסט זיך געבן גרינעם טיי און מ'זעצט זיך ברייטלעך אויף אַ פּריטשע. בשותפותדיק ברויט איז נאָך אויך געווען. האָט מען געזופּט און צו־געביסן, ביז אין אָוונט אַריין. די „טשאַיכאַנאַ" איז פול געוואָרן מיט אוזבעקן. אַ גערייד, אַ געברום. ביז צ. ז.'ס זייגערל (איך בין שוין זייגערלאָז...) האָט געוויזן 10, — די צייט, ווען מ'קאָן שוין פאָרן צום אוקראַינער אויף נאַכט־לעגער.

די נאַכט בין איך שוין געשלאָפן נישט נעבן דער אַלטער פאַרגוויִשטער ייִדע־

*) לאַגער־שיך פון עפּעס אַ מאַסע.

נע, וואָס האָט מיר אַ גאַנצע נאַכט אונטערגעפייפט מיט דער נאָז און געשפּילט אויף מיינע נערוון, נאָר פון דער אַנדער זייט, נעבן דער יונגער אוקראַינערין.

— נישקשה, — זאָג איך אין שפּאַס. — מ. אַ. מיט דער פרומער באָרד מעג ליגן נעבן דער אַלטער...

— צי בין איך די נאַכט בעסער געשלאָפן? —

איך ווייס אַליין נישט וואָס פאַר אַן אויסטערלישע, אומזיניקע נאַכט איז עס געווען. אַ געמיש פון עלנט, אומרו, גופישע לעכצעניש נעבן אַ יונגער, כלומרשט־שלאָפנדיקער פרוי, וואָס האָט אַרויסגעאָטעמט הייס־בלוטיקייט; וואָס איר קערפּער האָט קיין מחיצה נישט געוווּסט אין דער שכנות פון אַ ווילד־פרעמדן מאַן...

***

אַ וואָך צייט לערך האָט געדויערט אונדזער נאַכט־אַזיל ביים אוקראַינער אויף דער פּאָדלאָגע.

איין נאַכט קומען מיר צוגיין, ווי תמיד, זייגער 11. אָבער צו אונדזער גרויסער אַנטוישונג האָט אונדז דער באַלעבאָס אָפּגעוואַרט פאַר דעם אַריינגאַנג און די טיר נישט געעפנט.

— ראַדי באָגאַ... (אום גאָטעס ווילן) דערבאַרימט זיך... גייט אַוועק... כ׳בעט אייך... — האָט ער זיך געבעטן.

— וואָס איז געשען, גראַזשדאַנין?

— מ׳האָט מיך געמסרט... די מיליץ קאָן יעדע מינוט אָנקומען... פּאָמילויטיע... (דערבאַרימט זיך...).

און ער האָט אין גרויס אַנגסט פאַרהאַקט די טיר.

מיר זענען געבליבן אין קאַלטן, פייכטן דרויסן, אָפּהענטיקע, אָן אַן אויסוועג. ווו טוט מען אַהין דאָס פּעקל ביינער? מ׳איז זיך אַליין געווען איבעריק, ווי אַ באַ־לאַסט. די קאַלטע, האַרטע פּאָדלאָגע אין דעם אוקראַינערס קיביטקע איז געבליבן ווי אַ מיראַזש, ווי אַ ווייטער חלום...

איז עס געווען אַ נאַכט פון וואַנדלען. שעהן־לאַנג האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט איבער די הינטערשטעטישע גאַסן און געסלעך אָן ציל, אָן זינען. באַלויכטענע פענצ־טער דאָ און דאָרט האָבן פאַרפירט. מיר האָבן אַלץ געמיינט, אַז אפשר איז עס אַן אָרט, ווו מ׳קאָן דעם מידן גוף אַוועקלייגן. אַזוי גאַס־איין, גאַס־אויס. ווו־נישט־ווו אויף ווייסטע פּלעצער האָבן זיך הינט צעבילט. פאַרוואָגלטע הינט, וואָס האָבן אויך אין דער נאַכט געזוכט ערגעץ אַ נאָרע. אין די דאָזיקע רגעס זענען אונדז די וואָיענ־דיקע הינט געוואָרן נאָנט... אייגן און נאָנט זייער אויסגעשריענער ווייטיק פון נע־ונד...

ס׳איז שוין געווען אפשר דריי ביינאַכט, ווען מיר זענען אין ערגעץ אַ פּאַר־שטאָט שטיין געבליבן פאר אַ „טשאַיכאַנאַ״. זי איז אָבער געווען פול געפּאַקט. דורך די פענצטער האָט מען געזען ווי אַלע פּריטשעס זענען פאַרנומען. אויך צווישן די פּריטשעס אין די דורכגעגנג האָבן זיך געוואַלגערט מענטשן. ווייבער, מאַנסבילן, קינדער. פון וואַנען נעמען זיך דאָ אַזוי פיל היימלאָזע מענטשן?... אַזוי פיל שוצ־לאָזע?... אָבער פאַרוואָס זענען זיי דאָ פאַראַן אין דאָזיקן „סאָציאַליסטישן״ לאַנד?... פאַרוואָס זאָרגט מען נישט פאַר זיי? פאַרוואָס אַזוי פיל מענטשן אין הפקר? — — —

מיר האָבן געמאַכט פּרוּוון זיך אַריינצובאַקומען אינעווייניק, אָבער ביי דער טיר איז געשטאַנען עפּעס אַן אוזבעק און נישט געלאָזט. מ׳האָט אים געבעטן:

— לאָז אַריין, אַקאַ (ברודער)! מיר ווילן זיך נאָר אַ ווייל אָנוואַרעמען...

— סטופּאַי! (אַוועק!).

ס׳איז אָבער שווער געווען אַוועקצוגיין פון דער דאָזיקער קאַרג־באַלויכטענער פאַרטער־געביידע. האָבן מיר גענישטערט פון אַלע זייטן. פון הינטן איז אין פענצ־טער געווען אַן אַ שויב, פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע. האָבן מיר בשתיקה אַרויסגע־צויגן די שמאַטע און איינער פון אונדז האָט אַריינגעשטעקט אַ האַנט און, ווי אַ גנב, אָפּגעקייטלט און אָן עפן געטאָן אַ האַלבע פענצטער. דורך אָט דעם פענצטער האָבן מיר זיך אַלע דריי אַריינגעכאַפּט אינעווייניק. אינעם טומל און יאַריד איז עס דורכגעגאַנגען בשלום. מיר האָבן אַפילו אויסגעזוכט אַ שטיקל ווינקל אויף דער פּאָדלאָגע און זיך אַהין אַריינגעקוועטשט.

אין גרויען פרימאָרגן זענען מיר ווידער אַוועק צום צענטער און פון דאָרט — צום „סאַדיק״, צום „עוואַקאָפּונקט״. מ. אַ., ווי אַ געוועזענער „תושב״ דאָרט, האָט זיך אַרומגעקריגט מיט זיינע שכנים פאַר „זיין״ פּלאַץ און לסוף האָבן זיך די שכנים צונויפגעקוועטשט און מ׳האָט אים צוריק אָפּגעגעבן זיין „דירה״... איך מיט צ. ז. זענען געבליבן אויף דרויסן, אין קאַלטן דרויסן.

די אַנדערע נאַכט איז געווען אַ שוידערלעכע. מיר האָבן זיך געוואַלגערט אויף אַ באַנק אין „סאַדיק״, געטוליעט זיך אין זיך אַריין, מיט די הענט אין די אַרבל פאַררוקט, זוכנדיק אַ ביסל וואַרעמקייט ביי זיך אַליין... אָבער פון וואַנען האָט זי געקאָנט קומען, די וואַרעמקייט? נישט פון די קאַלטע נאַכטיקע גאַסן, נישט פונעם הימל. אַדרבה, דער הימל האָט נאָך געטריפט מיט אַ זלידנעם רעגנדל און די פייכט־קייט איז אַריין אין די ביינער.

זענען מיר אין מיטן נאַכט אַוועק צום שכנותדיקן וואָקזאַל, געזוכט דאָרט אַ מקלט. אָבער ס׳איז געווען דאָרט אַזאַ ענגשאַפט, נישט געווען אַפילו וווּ זיך צו־צוזעצן. מ׳האָט זיך נאָר געקאָנט שטויסן צווישן אַ געדיכטן עולם פּאַסאַזשירן — ציווילע און רויטאַרמייער. דער „קראַסני אוגאָלאָק״ איז, ווי אומעטום אויף די

וואָקזאַלן, געווען פאַרשלאָסן. דורך אַ גלאָז־טיר האָט מען געזען ווי דער זאַל אינעװייניק פוסטעוועט, אַ פאַרפּיצטער מיט רויטע פּענער אויבן־אָן, ווו עס שטייען די ביוסטן פון לענין און סטאַלין. ביידע האָבן זיי געקוקט מיט פאַרשטיינערטער רו־קייט צו די עלנטע אויף יענער זייט טיר און האָבן געשוויגן. געשוויגן צופרידענע פון זייער אָקטאָבער־טריומף, גלייך ווי אָט דער טריומף וואָלט שוין געבראַכט דאָס אויסגעחלומטע גליק אויף דער רוסישער ערד...

איז געגאַנגען ביי אונדז אַ כסדרדיקע וואַנדערונג: פון וואָקזאַל אין „סאַדיק”, פון „סאַדיק” אין איבערפולטן „עוואַקאָפּונקט” און פאַרקערט. עס האָט געטריבן דער עלנט, עס האָט געיאָגט די נאַכטיקע קעלט, די מידקייט אין די ביינער.

אין די דאָזיקע טעג איז עס אונדז אויך געגאַנגען שלימזלדיק מיט „פּרנסה”: די ברויט־געוועלבלעך זענען כסדר פאַרשלאָסן: נישטאָ קיין ברויט! די „אָטשע־רעדן” זענען שוין קלענער. מענטשן פאַרלירן דאָס געדולד און די כוחות צו שטיין דאָרט אַזוי גאַנצענע טעג און נעכט אָן רעזולטאַט. צעגייען זיך אַ סך אין רעזיגנאַציע.

אַזוי צעטרענצל איך יעדן טאָג אויף די באַזאַרן דאָס ביסל געלט, וואָס כ'האָב פונעם פאַרקויפטן זייגער. זיך איינגעהאַנדלט אויך ראַזיר־מכשירים. אָבער נישטאָ פשוט ווו זיך צו ראַזירן. גיי איך אַריין אין שערערייען. אויב נישט קיין אָנשטענדיקע מלבושים, איז גלוסט זיך כאָטש האָבן אַ מענטשלעך פּנים...

איין טאָג באַמערק איך ביי אַ געביידע, אין דער געגנט פון וואָקזאַל, עפּעס אַן „אָטשערעד” פון פּוילישע. אַן „אָטשערעד” — דאַרף מען אַ קוק טאָן: אפשר גיט מען עפּעס... „אָטפּוסקאַיוט”...

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָ איז אַ „פּוילישער פּונקט”. געבן גיט מען גאָרנישט, נאָר מען רעגיסטרירט. סתם אַזוי לשם סטאַטיסטיק... אַז מ'פרעגט די באַאַמטע וועגן הילף, וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, דריקן זיי מיט די אַקסלען: זיי ווייסן גאָר־נישט... אפשר שפּעטער... זאָל מען ווידער אַהער קומען געוואָר ווערן.

נישט ווייט פון דעם דאָזיקן „פּוילישן פּונקט” האָב איך איין מאָל געטראָפן צופעליק אַ באַקאַנטן פון וואַרשע: דעם בונדישן טוער, דעם ציין־דאָקטער יוסף ליפשיץ. ליפשיץ איז געווען אין אַ זייער קלעגלעכן מצב: איינגעהויקערט, צעבראָכן, אָפּגעשוואַכט, אָנגעלענט אויף אַ שטעקן. כ'פרעג אים אויס, הער איך, אַז ער איז עס נאָך אַ דורכגעמאַטן פלעק־טיפוס. ער איז אינגאַנצן אַ רעזיגנירטער און טוט אַ מאַך אויף אַלץ מיט דער האַנט. ווי איינער רעדט: שוין אַלץ פאַרפאַלן... ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין מוט זיך צו טיילן מיט אַ וואָרט, זיך אַראָפּצורײדן פון האַרץ... אַזוי האָט ער, אַן אָנגעשפּאַרטער אויף זיין שטעקן, פאַמעלעך זיך פון מיר דערווייטערט אין טריבן, רעגנדיקן טאָג, אין דער געגנט פון „סאַדיק”.

דעם זעלביקן טאָג האָב איך געטראָפן נאָך אַ היימישן.

דאָס איז געווען ביי אַ שטאָטישער באָד, ווּהין איך בין אַוועק זיך צו ראַטע־ווען אַ ביסל פֿונעם שמוץ און צו דעזינפֿעקצירן די כמו־מלבושים. אויך דאָרט איז געווען אַ ריזיק־לאַנגע „אָטשערעד" צום אַריינגאַנג, און דאָרט האָב איך געטראָפֿן אַן אַקטיאָר פֿון גראָדנע — דעם יינגערן פֿון די ברידער־אַקטיאָרן כאַש. ער איז אויך אויסגעמאַטערט און אויסגעפּייניקט פֿון הונגער.

אָבער כאַש זעט דאָך אויס לייטישער אַ ביסל: ער איז אין קיין לאַגער נישט געווען — אַן עוואַקויִרטער נאָר — און איז דעריבער אָנגעטאָן אין היימישע מלבושים.

איך זאָג עס אים.

— זייט מיר נישט מקנא, — ענטפֿערט ער, — אָט זעט, קוקט אָן מיין מאַנטל, מיין אָנצוג... אָט־אָט דאַנקען זיי אָפּ... און דאַמאָלס?...

און ער „דעמאָנסטרירט" פֿאַר מיר די לעכער און צויטן אין זיינע מלבושים.

— אייגנטלעך, איר קאָנט גאָרנישט שפּילן ערגעץ טעאַטער?

— ווען? ווו? אין די דאָזיקע כאַאָטישע טעג? ווער דאַרף עס איצט? אַז מענטשן זענען הונגעריק. אַז דאָס שטיקל ברויט איז די איינציקע דאגה ביי איטלעכן. אַ כפּרה טעאַטער, אַ כפּרה די קונסט פֿאַר אַ „פּייקע" ברויט... אַגב, די טעאַטערן האָבן זיך עוואַקויִרט און זוכן נאָך אַלץ „באַזעס"... אַלץ איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער מדינה... אפֿשר מיט דער צייט... דערוויילע איז ביטער... מ'גייט איין פֿון טאָג־צו־טאָג... וואָלטן נאָר כוחות געקלעקט איבערצוטראָגן די פּלאָגן.

ס'איז דערגאַנגען צו אונדזער „אָטשערעד" און מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אינעווייניק. ס'האָט אונדז איפּגענומען אַ וואַרעמע פּאַרע. דאָס קאַרגע הייסע וואַסער, וואָס כ'האָב געקאָנט אָננעמען מיט מיין קעסעלע, האָט ווייניק באַרויִקט דאָס אויפֿגערעגטע, צערייצטע לייב. אַז ס'איז נישטאָ קיין ברויט צו דער זאַט — איז דאָס ביסל הייסע וואַסער אויך אַ שטיקל תענוג. אויב נישט פֿאַרן מאָגן, איז כאָטש פֿאַרן מאָגער געוואָרענעם, אויסגעדאַרטן לייב...

## 19

## „גריס מיך ניכט אונטער דען לינדען"...

איין טאָג קומען צו מיר אין „סאַדיק" צ. ז. און מ. אָ. מיט אַ נייס: זיי זענען געווען אין שטאָט און זענען געוואָר געוואָרן, אַז אין טאַשקענט געפֿינען זיך

איצט פרץ מאַרקיש, דוד בערגעלסאָן און אַנדערע ייִדישע שרייבער פון מאָסקווע; אַז אַלע ווײַנען זיי דאָ אין האָטעל „נאַסיאָנאַל".

זיי האַלטן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר גדול איך זאָל זיך זען מיט מאַרקישן, מיט וועמען איך קען זיך פון זײַנע וואַרשעווער יאָרן. אפשר וואָלט ער געקאָנט עפּעס טאָן פאַר אונדז.

— אמת, — זאָג איך, — איך קען זיך טאַקע גוט מיט פרץ מאַרקישן. ער איז אַפילו געווען ביי מיר אין שטוב אויף אַן אויפנאַמע פאַר שרייבער בעת אַ פאַמיליע־שמחה. פרץ מאַרקיש און י. י. זינגער האָבן דאַמאָלס אַזוי „איבערגע־כאַפּט די מאָס" ביי דער משקה, אַז זיי האָבן ביי מיר געמוזט בלייבן נעכטיקן. און צומאָרגנס אין דער פרי — ווידער ביי משקה און וואַרשעווער ייִדישע פיש — האָבן זיי געכאַפּט אַ שמועס מיט מיין פרויס פאָטער, אַ קאָצקער חסיד, וועגן חסידות און רביים.

— איז דאָך גוט, איז דאָך טאַקע גוט, — כאַפּט זיך אָן מ. אַ., — דאַרפט איר זיך טאַקע זען מיט מאַרקישן.

— וואָס וועט זיין פון אונדז דער תכלית? — האַלט אונטער צ. ז. — אפשר וועט עפּעס געטאָן פאַר שרייבער? כ׳מיין אויך, איר דאַרפט זיך זען מיט מאַרקישן.

— אַלץ גוט, אַלץ וויל, — זאָג איך, — אָבער פונדעסטוועגן וועל איך צו מאַרקישן נישט גיין.

— סטייטש, פאַרוואָס ?

— ראשית וויל איך אים נישט „קאָמפּראָמיטירן"... אין מיין לאַגער־הולך זאָל איך זיך ווייזן פאַר אים? אַ מענטש פון לאַגער?... איר ווייסט וואָס דאָס באַדייט?... ס׳קאָן אים זיין שטאַרק „אומבאַקוועם"... איר קענט נישט דאָס ווערטל: „גריס מיך ניכט אונטער דען לינדען"? די דייטשן זענען טאַקע מנוולים, באַנדיטן; אָבער אויך זיי האָבן כאַראַקטעריסטישע ווערטלעך. דאָס איז איינס. והשנית טראָג איך אַ האַרץ אויף מאַרקישן, ווי אויף אַלע אַנדערע סאָוועטיש־ייִדישע שרייבער, פאַרוואָס זיי האָבן אין 1940 גאָרנישט געפּרווּט ראַטעווען די ייִדישע שרייבער־פּליטים פון די תפיסות און לאַגערן... איר האָט שוין פאַרגעסן?...

— פונדעסטוועגן . . .

— ניין, איך וועל צו מאַרקישן נישט גיין! — האָב איך געזאָגט קאַטעגאָריש.

— איך וויל זיך גאָרנישט ווייזן פאַר קיינעם פון די מאָסקווער שרייבער.

און כ׳בין טאַקע נישט געגאַנגען. מיינע גלידער זענען טאַקע געווען דורכ־גענומען פון קאַלטער פייכטקייט, פון טאַשקענטער דעצעמבער, פון הונגער און פיין אינעם „סאַדיק", צווישן מענטשישן אָפּפאַל און הפקר — און כ׳בין נישט

געגאַנגען נישט צו מאַרקישן און אַוודאי נישט צו קיינעם פון די אַנדערע מאָסקווער יידישע שרייבער.

(אַגב אורחא: איצט, מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווייס איך שוין ווויל, אַז זיי זענען נעבעך גאָרנישט שולדיק געווען; אַז זיי האָבן לחלוטין גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגן אונדזערע אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס אין די לאַגערן; אַז אין סאָוועטן־לאַנד דאַרף מען קוקן און שווייגן... קיין פּיפּס נישט טאָן קעגן עוולות — אויב מען וויל אַליין נישט ווערן קיין קרבן... און אויב זיי וואָלטן יאָ איינגעשטעלט זייער לעבן און וואָלטן יאָ פּראָטעסטירט, וואָלט עס געהאָלפן פּונקט אַזוי ווי עס האָבן געהאָלפן אונדזערע געשרייען און פּראָטעסטן אין דער גאַנצער וועלט, ווען זיי, די יידישע שרייבער פון מאָסקווע, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן אין די זעלבע לאַגערן, וואָס מיר....).

זענען מיר געזעסן אין „סאַדיק" און געזוכט עצות און תחבולות, ווי אַזוי פּאָרט אַרויסצוגיין פון אַזאַ מצב. אַז אין שטאָט גיט מען נישט די פּליטים פון די לאַגערן קיין וווין־רעכט; און אויב אַפילו מ'זאָל יאָ דאָ איינמעלדן — פון וואַנען זשע לעבט מען? פון די „אָטשערעדן"?... אין די קאָלכאָזן ווידער איז אַ הונגער; קיין דאַך איבערן קאָפּ איז נישטאָ. איז וואָס זשע בלייבט צו טאָן אין דעם שיינעם טאַשקענט? ווי לאַנג קאָן מען זיך אַזוי אַרומדרייען איבער די שיינע גאַסן, צווישן די טאָפּאָל־אַלייען — צוזאַמען מיט די אַלע פינצטערע שאָטנס־פּליטים פון אַלע עקן: פון פּוילן, פון ווייסרוסלאַנד, פון אוקראַינע, פון הינטער מאָסקווע און לענינגראַד?...

מיר בלעטערן אַ „פּראַוודאַ". לויט דער „סוואָדקאַ" (קריגס־באַריכט) איז עס גאָרנישט פריילעך. די מלחמה האָט צעטרייסלט דאָס גרויסע לאַנד. די ברוינע לאַווע פון די היטלעריסטישע חיילות צעגיסט זיך ברייטער און טיפער. די פראָנטן ציִען זיך אויס אַלץ מער... בלוט גיסט זיך אין טייכן... און פון פּוילן דרוקט מען אויך טרויעריקע ידיעות... הריגות, הריגות!... יידישע קהילות ווערן חרוב...

אַ קאָשמאַר! וואָס וועט זיין פון די מענטשן? וואָס וועט זיין פון אונדזער אָרעם ביסל יידן? — — — — — —

ביינאַכט איז אין שטאָט געווען אַ „פּאַרטונקלונג". מיר זענען געקראָכן איבער פינצטערע גאַסן און געקוקט מיט פאַרדאַכט צום חשכות פון הימל. ס'האָט זיך געדוכט, אַז די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט טויט... פון ערגעץ האָבן געשניטן דעם הימל רעפלעקטאָרישע פאַסן. דאָס האָט מיר דערמאָנט די סוף־אויגוסט־טעג 1939 אין וואַרשע — פאַרן מלחמה־אויסברוך. און איצט דערגרייכט דער געשפּענסט פון טויט אויף טויזנטער, טויזנטער קילאָמעטערס...

אַז מיר זענען צוגעקומען נאָענט פון „סאַדיק", האָבן מיר דערהערט פון דאָרט קולות און געוואַלדן:

— גנבים! גנבים!

— מיין טשעמאָדאַן!

— מיין רוקזאַק!

— מיין קישן! מיין מאַנטל!

דאָס האָבן די „פּאַצאַנעס" און אונטערוועלט־העלדן אויסגענוצט די פינצ־טערניש פון דער „פּאַרטונקלונג" און „באַאַרבעט" די אַלע פּליטים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין „סאַדיק". מ'האָט געגנבעט נישט נאָר פון די, וואָס האָבן געכאַפּט אַ דרימל, נאָר אַפילו פון וואַכע האָט מען פּשוט פון די הענט געריסן זייערע זאַכן און נעלם געוואָרן אין חשכות. אויף די געשרייען אין „סאַדיק" איז קיינער נישט געקומען צו הילף — קיין סימן נישט פון אַ מיליציאָנער. קיין הילף און קיין שוץ. אַז מענטשן זענען געוואָרן הפקר, הפקר — — —

***

אין איינעם אַ פּאַרנאַכט קערט זיך אום מ. אָ. פון שטאָט כמעט מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים. מיר שטייען ביי אַ וואַנט פון „עוואַקאַפּונקט", שיצנדיק זיך פון רעגן, און ער דערציילט:

— איר ווייסט, מיר קאָנען איצט געהאָלפן ווערן.

איך און צ. ז. ווערן געשפּאַנט:

— וואָס, אַ שטייגער?

— הערט, חברים: אין טאַשקענט שאַפט זיך איצט אַ כמו־קהילה. פאַרשטייט איר מיך, ס'זענען אַהער אָנגעפאָרן אַ סך ייִדישע פּליטים. פאַראַן צווישן זיי על־טערע, פרומע ייִדן. און ייִדן שטאַרבן... אוי שטאַרבן ייִדן... נו, שאַפט זיך דאָ איצט אַ מין ועד מיט אַ בית־עולם. נו, איז פאַר דעם דאָזיקן בית־עולם דאַרף מען האָבן קברנים...

— נו?...

— נו, איז מעגלעך, אַז מיר זאָלן אָננעמען די דאָזיקע אַרבעט... איר פאַר־שטייט? — מאָלט מ. אָ. די „גליקן", — מיר וועלן פאַר דער אַרבעט באַקומען 800 גראַם ברויט אַ טאָג... געזיכערטע 800 גראַם! נישט קיין קלייניקייט... נו, און די מלבושים פון די טויטע... איר ווייסט דאָך, אַז קיין מתים פעלן איצט נישט ל"ע אין שטאָט... דער טיפוס שטעלט צו אַלינקע טאָג... נו, וועלן אונדז אויך נישט פעלן קיין מלבושים... איר ווייסט וואָס דאָס הייסט?...

— אַ שמאַלץ־גרוב!... — רופט אויס מיט ביטערער איראָניע צ. ז.

— אַ גאָלדענע „קאַריערע"!... — גיב איך צו אין זעלבן טאָן.

— סטייטש? — חידושט זיך מ. אָ. אויף אונדזער איראָניע. — סטייטש? ביי היינטיקן טאָג? איר האָט בעסערע „גליקן"? איר זעט דאָך: די „לאַרקעס" זענען פּאַרהאַקט זינט טעג... קיין „קאָמערטשעסקי" ברויט זעט מען שוין נישט פאַר די אויגן. איז וואָס זשע בלייבט אונדז צו טאָן? איר האָט נאָך כוח צו הונגערן?... פאַרגעסט נישט, אַז מיר וועלן אויך פאָדערן אַן „אָבשטשעזשיטיע" (קאָלעקטיווע דירה).

— ווו, חבר אָ.? אפשר אויפן בית־עולם?...

— איר מאַכט דערפון גאַר אַ שפּאַס?

איך קוק אָן מ. אָ. און זיין ווילדע שוואַרצע באָרד. ווּהין די באָרד האָט שוין אָנגעשפּאַרט! ער האָט שוין דערשנאַפּט די פרומע, רעליגיעזע ייִדן אין דעם פרעמדן טאַשקענט — און שוין, ער האָט זיך דערערעדט מיט זיי אַרום אַ דבר שבקדושה, אַרום דעם ענין פון מת־מצווה... מת־מצווה און — פּרנסה אויך... אַ „פּייקע" ברויט — זיכערע 800 גראַם! — און מלבושים! עפּעס אַ שפּילעכל?...

— נו, וואָס זאָגט איר, חברים, האַ? — פרעגט ער.

— מוחל די „גליקן"...

— מוחל טובות... זאָלן אַנדערע באַגראָבן ייִדן...

— און איך בין יאָ גענייגט, — זאָגט מ. אָ. — מ'דאַרף עס נישט נעמען אַזוי לייכט... פאַרגעסט נישט, אַז מיר וועלן זיכער באַקומען אַ שטיקל ווינקל, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן... ווי לאַנג קאָן מען לעבן ווי די הפקרע הינט?...

— געזונטערהייט...

— פּרוּווט איך, אַדרבה, חבר אָ.!

און אַזוי האָט זיך אונדזער „דריילינג" געשפּאָלטן. די ווייטערדיקע דיס־קוסיע אַרום דעם ענין־קברנות האָט נישט געבראַכט צו אייניקייט. ס'איז געוואָרן אָוונט און מ. אָ. איז אַרייַן אינעווייניק אין „עוואַקאָפּונקט" צו פאַרכאַפּן זיין „אָרט" — זיין „דירה"... — אויף דער פּאָדלאָגע, און מירביידע זענען אַוועק — צום הפקר... אין „סאַדיק"... מיר האָבן אויסגעזוכט אַ פּלאַץ אויף אַ באַנק און יעדער פון אונדז האָט זיך איינגענורעט אין זיין קאַלטן קאָלנער. פון טונקעלן הימל האָט עס דין־דין געזיפּט. אָבער מיר זענען אַזוי כסדר געזעסן: די אַלע בלאָנדזשענישן איבער די טאַשקענטער נאַכטיקע גאַסן קאָנען אונדז סיי־ווי־סיי נישט ברענגען אונטער אַ דאַך... די מידע גלידער האָבן געחלשט אַ ביסעלע רו, אַ ביסעלע שלאָף, אַ ביסעלע זיך אָפּצורייסן פון דער גרויליקער וואָר — — —

שפּעט אין דער נאַכט, אין מיטן פון אַזאַ מין האַלב־דרימל, דורכן אַנגעגאַ־

סענעם שווערן בליי אין מוח, רייסט זיך דורך אַ הילכיקע שטים דורך אַ מעגאַ־פאָן פון דער נאָנטער סטאַנציע:

— עשאַלאָן קיין סאַמאַרקאַנד, קאַגאַן...

ווי אַ בליץ איז אַדורך אַ געדאַנק דורכן נעפּל פון מוח. אָן וואַקלונגען האָב איך זיך פּלוצלונג אויפגעריסן פון אָרט און אויסגערופן:

— שנעל! קומט אין עשאַלאָן זיך אויסשלאָפן...

„זיך אויסשלאָפן"... וואָס נאָך האָט אַ פאַרוואָגלטער, אַ דאַכלאָזער געקאָנט וועלן אין אַזעלכע רגעס? אַ טרוקן וואַרעם ווינקל אויף אַ פּאָדלאָגע אָדער פּריטשע. פאַראַן דען אַ שענערער חלום?...

אויך צ. ז. האָט זיך תיכף אויפגעשטעלט אַן אַנטשלאָסענער:

— קומט!

און מיר האָבן שנעל אָוועקגעשפּרייזט צום וואָקזאַל דערנעבן, פון וואַנען דער מעגאַפאָן האָט געגערופן.

מיר האָבן אויסגעזוכט יענעם עשאַלאָן צווישן די אַנדערע צוגן און עשאַלאָנען און זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ „טיעפּליושקע". ס'איז שוין אומעטום געווען פול מיט פּליטים; אָבער מיר האָבן זיך נאָך ווי עס איז אַריינגעקוועטשט צווישן דער אויסגעלייגטער שורה קוויטיקע מענטשישע גופים.

אַ מחיה. וואַרעם. אין אַזעלכע מינוטן האָט אויך דאָס געהייסן גליק...

וווהין פאָרן? צו וואָס פאָרן? צו וועלכן ציל? אָבער וועמען אַרט עס? אַבי דערווייל זענען מיר שוין נישט אונטערן קאַלטן הימל, אונטערן רעגן — — —

און ווען דער עשאַלאָן האָט גערירט אין וועג אַריין, האָט זיך אונטערן טאַקט פון די רעדער, גענומען פּלאָנטערן אין מיין דמיון אַ טריוויאַלער „עפּיגראַם" פון איינעם אַ „לץ" אין טאַשקענטער „עוואַקאָפּונקט" און כ'האָב עס געזאָגט אויפן קול צו מיין חבר אין וואָגל:

טאַשקענט, טאַשקענט!
האָסט געמעגט ווערן פאַרברענט,
איידער כ'האָב דיך דערקענט — — —

הגם איך האָב גאָרנישט געמיינט און גאָרנישט געוואָלט עס זאָל אַזוי זיין: וואָרום וואָס איז נעבעך שולדיק טאַשקענט — די הונגעריקע שטאָט? — — —

## 20

## דער יאָסער וואַגאַבונד

ווידער טעג און נעכט אין עשאַלאָן.

אַ ווילדער עשאַלאָן. קיינער זאָרגט נישט, אַז די מענטשן פון די וואַגאָנעס זאָלן באַקומען אין וועג אַ ביסל געקעכץ, אַ שטיקל ברויט. ווער עס האָט אַ פּאָר רובל, כאַפּט זיך אַראָפּ אויף די סטאַנציעס און זוכט עפּעס צו קויפן. ווער עס איז אינגאַנצן „נקי", נישטערט אַרום אויף די דערנעבנדיקע באַזאַרלעך, כאַפּט עפּעס ביי די אוזבעקן פון די זעק. ווער עס פאַלט גאָר אַוועק אין הויכער טעמפּעראַטור און מ׳לאָזט אים איבער ערגעץ ביי אַן אַמבולאַטאָריע. דער עשאַלאָן שטייט אומע־טום לאַנגע שעהן, אַמאָל אַ גאַנצן טאָג, און עס קלעקט צייט אויף אַלץ.

איין טאָג איז דער עשאַלאָן שטיין געבליבן אין אַ מיטן סטעפּ אויף אַ גאַנצן מעת־לעת. מ׳האָט אַדורכגעפירט אַ „סאַן־אָבראַבאָטקאָ" איבער די מענטשן. די איינציקע גוטע זאַך... דער עשאַלאָן האָט פאַרמאָגט אַן עקסטראַ „וואַגאָן־באַניאַ" (באָד־וואַגאָן), איינגעאָרדנט מיט דוש־קאַבינעס, מיט אַ „דעז־קאַמעראַ" (דעזינ־פעקציע־קאַמער) פאַר איטלעכנס מלבושים, בעת מען נעמט דעם דוש. אַגב, פאַרן אַריינגיין אין דוש האָט מען כמעט איטלעכן אָפּגעשוירן די ווילד־פאַרלאָזענע און פאַרלייזיקטע האָר.

אויף אַן אומגעריכטער חסד!

דער דאָזיקער „וואַגאָן־באַניאַ" איז געווען אַ נס מן השמים פאַר די אומגליק־לעכע מענטשן פון נע־ונד. אָבער ווי זעלטן האָבן געטראָפן אַזעלכע נסים אין דעם אויסטערלישן לאַנד!

אויף איינער אַ גרעסערער סטאַנציע, ווו דער עשאַלאָן איז געשטאַנען לענגער ווי אומעטום, האָבן מיר זיך באַקענט אויפן פּעראָן מיט אַ טשיקאַוון פאַרשוין, אַ ייִד פון רומעניע, פון יאַס. אַן עוואַקוּירטער פון טשערנאָוויץ. אַ ייִד פון די מי־טעלע יאָרן, מיטן נאָמען פּיסאַטי. ער איז געווען אָפּגעלאָזן און פאַרוואָרלאָזט, מיט מלבושים אין צויטן און לאַטעס — גלייך ווי אַלע פּליטים. אָבער פון זיין ריידן האָט מען באַלד באַקומען דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ ווילער, פאָלקסטימלעכער ייִד, אַ בכבודיקער וואַגאַבונד...

פּיסאַטי דערציילט אונדז, אַז מיט אים איז געשען אַן אומגליק: בעת דער עוואַקואַציע פון טשערנאָוויץ האָט ער אין דער מלחמה־בהלה זיך פאַרלוירן פון זיין פאַמיליע — אַ פרוי מיט פיר קליינע קינדער. ער איז ערגעץ אויף אַ סטאַנציע

געלאָפן אויפן באַזאַר זוכן עפּעס קויפן צום עסן פאַר זיינע נפשות אין וואַגאָן; אָבער אין מיטן איז געוואָרן אַ „טרעוואָגע" — אַ לופט־אָנגריף. דעם עשאַלאָן האָט ער אויף דער סטאַנציע שוין נישט געפונען און — ווי אין וואַסער אַריין! ער ווייס עד היום נישט ווו זיין פאַמיליע איז אַהינגעקומען. ער איז עס איצט געווען זוכן זיי אין טאַשקענט, אין סאַמאַרקאַנד; אָבער — קיין שפור נישט פון זיי. פאַר דער צייט איז ער שוין עטלעכע חדשים אָפּגעווען אין דערבענט, ביי מכאַטש־קאַלאַ, אין דאַגעסטאַן, אויף יענער זייט פון קאַספּישן ים. ער האָט אָבער נישט געקאָנט איינ־רוען און איז געפאָרן זוכן זיין פאַמיליע. איצט, בלית ברירה, וואָלט ער געוואָלט זיך ווידער אַהין דערשלאָגן, ווייל דאָרט אין דערבענט האָט ער נישט געהונגערט אַזוי ווי דאָ אין אוזבעקיסטאַן. דאָרט, ביים ים, זענען פאַראַן קאָנסערוון־זאַוואָדן; מ׳באַקומט אַרבעט; מ׳האָט פיש צום עסן און מ׳איז זאַט.

— אַ גאָלדן לאַנד דאַגעסטאַן, האַ?...

— לגבי אוזבעקיסטאַן זיכער אַ גאָלדן לאַנד.

און פּיסאַטי רעדט אונדז צו מיר זאָלן מיט אים אויך מיטפאָרן אַהין, קיין דערבענט — וועלן מיר פאַרשפּאָרן אַרומצוואַלגערן זיך. מיר וועלן דאָרט האָבן אַן „אָבשטשעזשיטיע", לעבן ווי מענטשן אויף אַן אָרט און נישט הונגערן.

— אדרבה, לאָמיר פאָרן אין יענעם גן־עדן...

איז אָבער פאַראַן אַ צרה; שווער זיך צו דערשלאָגן אַהין. עס איז אַזוי ווייט. איבער מרחקים, איבער אַ ים. עס איז נויטיק געלט. אַ סומע געלט. ער, פּיסאַטי, איז „נקי". אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. און אויך מיט אונדז האַלט עס נישט בעסער. מען מוז דאָך האָבן אַ סומע אויף צו פאָרן ביז קראַסנאָוואָדסק, — ביזן קאַספּישן ים. ס׳איז אַ מהלך רב. און פון דאָרטן מיט אַ שיף. מילא, מיט דער באַן איז אַ האַלבע צרה: שמוגלט מען זיך אָן אַ באַן־בילעט, פאָרט מען אויף די בופערן צווישן די וואַגאָנעס, אָדער אויף די וואַגאָן־טרעפּ. וואַרפט מען אַראָפּ פון איין וואַגאָן, קריכט מען אַריין אין אַ צווייטן; גע־לינגט נישט מיט איין צוג, פּרוווט מען מזל מיט אַ צווייטן, מיט אַ דריטן. צייט האָט מען דאָך; פאַרשפּעטיקן פאַרשפּעטיקט דאָך קיינמאָל נישט אַזאַ איינער ווי מיר... און אַז די נסיעה וועט דויערן אַ וואָך און צוויי, איז וואָס די נפקא־מינה? עמיץ וואַרט דען אויף אונדז?... אָבער ערגער איז מיט דער שיף. מ׳מוז פון קראַסנאָוואָדסק פאָרן אַ מעת־לעת מיט אַ שיף, און אין האַפן איז די קאָנט־ראָל זייער אַ שטרענגע. פאַראַן דאָך נאָר איין אַרויפגאַנג דורך אַ שמאָל בריקל, און אָן אַ בילעט איז אוממעגלעך מ׳זאָל זיך קאָנען אַריינבאַקומען אין דער שיף אַריין. און אַ בילעט דאַרף קאָסטן ביי אַ הונדערט רובל. איז ווו זשע נעמט מען אַ סומע אויף גאַנצע דריי בילעטן? דאָס ביסל געלט, וואָס מיר איז נאָך

געבליבן פון פאַרקויפטן זייגער, וואָלט שוין איצט נישט געקלעקט אויף איין בילעט אַפילו. נישט בעסער איז אויך צ. ז.׳ס „קאָסע־באַשטאַנד״. פּיסאַטי ווידער פאַרמאָגט נישט קיין האַלבן גראָשן ביי דער נשמה. ער איז אינגאַנצן „גאָלע״ און האָט נישט אַפילו צו באַצאָלן פאַר אַ פּאָרציע גרינעם טיי אין אַ „טשאַיכאַנאַ״. אדרבה, ער מיינט גאָר, אפנים, אַז נעבן אונדז קאָן ער אויך אויפגעריכט ווערן...

דערבענט! דערבענט! עס איז אונדז אַריין אין קאָפּ דאָס וואָרט. דאָס בילד פון זיצן ערגעץ אויף אַן אָרט, אַרבעטן אין אַ קאָנסערוון־זאַוואָד, האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און עסן צו דער זאַט — האָט אונדז ממש פאַרבלענדט, און מיר האָבן שוין פּיסאַטין פון זיך נישט אָפּגעלאָזט...

— פריינט פּיסאַטי! — זאָג איך צו אים אין אַ שפּאַסיק־פּאַטעטישן טאָן, — זייט אונדזער פירער און גואל און פירט אונדז אַריין אין דערבענטער גן־עדן!...

מיר האָבן פּיסאַטין — דעם פריש־געבאַקענעם מנחם־מענדל... — אַריינגענומען אין אונדזער וואַגאָן, אַריינגעקוועטשט אים צווישן אונדז אויף דער פּריטשע און ער איז געוואָרן — אונדזער דריטער שותף... אין יענעם טאָג איז גראָד געווען ברויט אין אונדזערע רוקזעק און מיר האָבן זיך געטיילט מיט אים מיטן ביסן. אַ קלייניקייט, אונדזער דערלייזער... דערבענט!...

מיר זענען אַזוי זאַלבעדריט אָנגעקומען מיטן עשאַלאָן פּליטים ביז קאַגאַן. פון זעלבן קאַגאַן האָט מען, אַזוי ווי אונדז פון קזיל־טעפּע, אַלע פּוילישע ערשט נישט לאַנג צוריק משלח געווען אויף אַזאַ אומזיניקן, רשעותדיקן אופן... איבער־געוואָרפן אין דעם נאָך מער הונגעריקן קאַזאַכסטאַן, ווי אַ שטייגער, אין יענעם פרונזער ראַיאָן, הינטער טורקעסטאַן, אין קאָלכאָז „קאַגאַנאָוויטש״.

אין קאַגאַן האָט זיך דער עשאַלאָן אויפגעלייזט און די מחנה פּליטים האָט זיך צעקראָכן אויף גאָטס באַראָט. דער גרויסער „עוואַקאָפּונקט״ אינעם פּאַלאַץ פון די אַמאָליקע בוכאַרער עמירן איז שוין אויך ליקווידירט. דאָרט איז איצט אַ מיליטערישע קאַזאַרמע פאַר יונגע רעקרוטן, וועלכע מ׳גרייט צו פאַרן פראָנט. קיין אַנדער „עוואַקאָפּונקט״ איז דאָ נישטאָ. גייען מיר אין „טשאַיכאַנאַ״ — קיין שפּילקע נישט אַריינצושטעקן. פול געפּאַקט. אויפן באַזאַר זעט עס אויך אויס ערגער ווי דאַמאָלס, בעת כ׳בין דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל. ברויט אַ שטיקל איז שוין דאָ אַ יקר־המציאות. די „סטאָלאָווקע״ איז נאָך פאַראַן; אָבער אַ חוץ אַ שיטערע „שאַל־ראַם״־זופּקע קריגט מען דאָ נישט. דערצו איז דאָ אַ געוואַלדיקע ענגשאַפט. אַלע טישלעך פאַרנומען. איבער יעדן טישל וואַרט מען עס זאָל ווערן אַ פרייער פּלאַץ. די עסער דאָ, זעט מען, זענען מענטשן היימלאָזע, מענטשן פון נע־ונד. מען זעט עס אָן די פּנימער און אָן די קליידער. אָן זייערע רוקזעק. עס פעלן דאָ אויך נישט

קיין פוילישע, אונדזערע פּליטים. אומעטום זענען זיי איצט דאָ, אין אַלע לעכער, אין אַלע שטעט, אויף אַלע באַזאַרן, אין אַלע „טשאַיכאַנאַס", אויף אַלע וואָקזאַלן.

דרייען מיר זיך אום אויפן באַזאַר און געפינען דאָך עפּעס צו קויפן: אַ פּאָר ריבן און „לאַפּ־לאַפּ" (געפּאַרעטע צוקער־בוריקעס). „לאַפּ־לאַפּ" האָט די מעלה, וואָס עס איז זיס און עס פאַרשלאָגט אַ ביסל דעם אַפּעטיט. אַגב בייסט מען עס צו — אָנשטאָט צוקער — ביים טרינקען דעם גרינעם טיי. דערמיט געלינגט אויך אָפּצונאַרן אויף אַ ווייל דעם מאָגן...

אויפן באַזאַר הערן מיר פון ייִדישע פּליטים, אַז אין בוכאַרע איז פאַראַן אַן „עוואַקאַפּונקט", וואָס גיט אַרויס „נאַפּראַוולעניעס" אין קאָלכאָזן. דערביי באַקומט יעדער פּליט אַ קילאָ ברויט צו „קאָמערטשעסקי" פּרייזן. צי די קאָלכאָזן זענען גוט, איז נאָך אַ גרויסע פראַגע... עס גלויבט זיך נישט... געהאַט שוין גענוג דער־פאַרונג... אָבער דער קילאָ ברויט איז דאָך ממש אַ גליק! באַשליסן מיר גלייך, אַן קווינקלענישן, צו פאָרן אַהין, קיין בוכאַרע, וואָס ליגט דאָך פון דאַנען אַזוי נאָענט — בסך־הכל צוואַנציק מינוט פאָרן מיט דער הינטערשטאָטישער באַן. און פון באַזאַר לאָזן מיר זיך גלייך אַוועק צום וואָקזאַל. די „בוכאַרקע" — אַזוי הייסט די הינטערשטאָטישע באַן — גייט אָפּ אין אַ פּאָר שעה אַרום. אָבער צייט פעלט אונדז נישט — מיר דערוואַרטן זיך.

מיר פאָרן. דאָס מאָל ווי פּריצים, מיט בילעטן: עס לוינט נישט צוליב קליינ־געלט צו זיין אַ נישט־געבעטענער פּאַסאַזשיר...

עס אינטריגירט מיך שטאַרק די שטאָט. זיך אַ סך אָנגעהערט וועגן איר. און איצט וועל איך זי באַלד זען.

אין זעלביקן וואַגאָן פאָרן נאָך אונדזעריקע פּליטים. יעדער פון זיי זוכט — אַזוי ווי מיר — אַ מקום מנוחה...

די צוואַנציק מינוט זענען שנעל פאַרביי. מיר קריכן שוין איבער די בוכאַ־רער גאַסן. עמיץ פון די פּליטים — שוין אַ געניטער אַרומפאָרער, וואָס איז שוין דאָ נישט איין מאָל געווען, איז דער מורה־דרך און ער פירט אונדז אַריין ערגעץ אין אַ „טשאַיכאַנאַ". דאָ, ווי אומעטום, אַ סך עולם. אָבער אונדז געלינגט נאָך צו געפינען אַן אָרט אויף דער פּאָדלאָגע ביי אַ וואַנט. מיר טרעטן שוין נישט אָפּ פון דאַנען און היטן די פּלעצער. ווען מיר לאָזן זיך היינט אין גאַס, פאַרלירן מיר זיכער אונדזער „טעריטאָריע" אין „טשאַיכאַנאַ". אַ קלייניקייט, וויפל היימ־לאָזע עס טשאַטעווען אויף אַ שטיקל פּאָדלאָגע...

אין שטאָט זענען מיר געגאַנגען ערשט צומאָרגנס, אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט אַ שלאָף. באַקוקט די שטאָט אויבנאויפיק: מיר האָבן דאָך עפּעס היינט צו דערליידיקן אַזאַ וויכטיקן ענין — באַקומען צו קילאָ ברויט... האָבן מיר

זיך דערפרעגט צום „עוואַקאַפּונקט״. אַריינגעפּאַלן דאָרט אין ריזיקע „אַטשערעדן״ צו אַ פּאָר פענצטערלעך. געפּטרט דאָרט מער ווי אַ האַלבן טאָג. אָבער — מיט דערפאָלג: מיר האָבן טאַקע באַקומען. באַקומען „נאַפּראַוולעניעס״ אין אַ קאַלכאָז און צעטלען אין אַ מאַגאַזין אויף ברויט.

וויזט זיך אַרויס, אַז אונדזער שותף פּיסאַטי איז — אַ „שמאַלץ־גרוב״: בעת איך מיט צ. ז. האָבן געקריגן צו איין קילאָ ברויט האָט ער באַקומען גאַנצע זעקס קילאָ! פּלאי פּלאים! זעקס קילאָ ברויט! און געשען איז עס מחמת דעם, וואָס זיין פּאַס איז אַ פאַמיליע־פּאַס, ווו עס זענען פאַרשריבן זעקס נפשות: ער, זיין ווייב און די פיר קינדערלעך. אַז ער האָט געוויזן דעם באַאַמטן דעם פּאַס, האָט אים יענער גלייך אַרויסגעגעבן אַ צעטל אויף זעקס קילאָ.

מיט די „פּייקעס״ ברויט זענען מיר ערשט אַוועק זוכן אַ באַקוועמערע „טשאַי־כאַנאַ״, ווו מ׳זאָל זיך קאָנען לייטיש אָפּרוען אויף אַ פּריטשע.

און מיר האָבן טאַקע געפונען.

אַ קליינע „טשאַיכאַנאַ״ אויף אַ זייטיקן געסל. אויף דער פּריטשע איז דאָרט געזעסן אַ קליינע גרופּע אוזבעקן ביי טיי מיט „קיש־מיש״. מיר האָבן אויך פאַר־נומען אַ ווינקל אויף דער פּריטשע און זיך ברייטלעך אויסגעזעצט ביי גרינעם טיי. עפּעס אַנדערש איז דאָרט נישט געווען. אָבער אַבי מיר האָבן ברויט. קאָנען מיר דאָך פראַווען אַ סעודה. ברויט מיט טיי — אַ לוקסוס־מאָלצייט!

נאָכן עסן איז געקומען אַ האַרטער דרימל אויף די טרוקענע ברעטער. אַ דרימל וואָס האָט געדויערט ביז רעכט פאַרנאַכט. אַז מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען טונקל. אויף דרויסן איז געווען אַ פייכטע קעלט. האָט זיך גאָר־נישט געגלוסט צו פאַרלאָזן די „טשאַיכאַנאַ״. צו וואָס ריזיקירן, אַז מ׳האָט נאָך אַ זיכערע נאַכט אונטער אַ דאַך?... בפרט, אַז ברויט אין רוקזאַק איז דאָך נאָך אויך פאַראַן אַפילו אויף מאָרגנדיקן טאָג.

פּיסאַטי איז געווען אין גאָר גוטן הומאָר. איז עס דאָך געווען זיין ערשטער שאַנס זינט אונדזער שותפות. ביז איצט האָבן מיר אים מכבד געווען; איצט קאָן ער זיך רעוואַנשירן.

— לאָמיר נאָך אַמאָל באַשטעלן טיי און עסן אַוונט־ברויט, — לייגט ער פאָר.

— איך האָב דאָך עפּעס אַ סך ברויט.

היינט איז ער ביי אונדז דער „העלד פון טאָג״...

און אַזוי בלייבט עס. פון „טשאַיכאַנאַ״ גייען מיר שוין נישט אַרויס. מיר באַשטעלן טאַקע טיי און נעמען זיך צו דער אכילה.

פּיסאַטי לייגט אַרויס זיין גרויסע לחמא אויף דער פּריטשע:

— שניידט, חברים, און עסט!

— כ׳געדענק שוין נישט ווען איך האָב געזען פאַר די אויגן אַזאַ לחמא...

— ווער ווייס ווען מיר וועלן עס ווידער זען... — באַמערקט צ. ז. — אַזעלכע נסים טרעפן דאָך נישט אַלע טאָג...

— רעדט נישט און שניידט... — איז פיסאַטי האַפּערדיק. — נישקשה, נישט געדאגהט. ווער עס האָט געהאָלפן אברהם אבינו אין קאַלך־אויוון, וועט אונדז אויך העלפן...

אין מיטן דער סעודה כאַפּן מיר זיך, אַז היינט ביינאַכט איז ניי־יאָר. ערב 1942. דאָס האָט דער הילכער פון ראַדיאָ דערמאָנט מיט זיין ניי־יאָר־אוידיציע.

— אַ גוטער סימן, חברים, — זאָגט פיסאַטי, — צו ניי־יאָר האָבן מיר ברויט... אַ סך ברויט... טאָ עסט, חברים...

ס׳האָט מיך זייער גערירט פיסאַטיס טאָן. געווען אין אים אַ סך מענטשלעכע וואַרעמקייט. געווען אויך אין אים זשעסט פון אַ באַהעמיער.

מיר האָבן געגעסן און געטרונקען, גלייך ווי מען עסט און מען טרינקט בעת אַ פייערלעכן מאָלצייט. און גלייך ווי נישט קיין ברויט מיט גרינעם טיי וואָלטן מיר געגעסן, נאָר דעליקאַטעסן, צוגעטרונקען מיט שאַמפּאַניער...

מיר עסן און טרינקען און דורכן ראַדיאָ־הילכער הערן מיר טרייסט־ווערטער צום נייעם יאָר — הגם אויף די פראָנטן גייט עס אַלץ נישט פויגלדיק.

מיר הערן אַ שטים:

..."די פעלקער פון אונדזער גרויסן פאָטערלאַנד, צוזאַמען מיט אונדזערע פאַרבינדעטע, די פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער פון מערב, וועלן באַזיגן די נאַצישע הארדעס"...

— הלוואי, אָמן! — כאַפּט ווער אונטער.

— די איראָניע פון גורל; — פאַלט אַ באַמערקונג; — פריִער, פאַר היטלערס איבערפאַל, האָט מען דאָ נאָר געהערט „מלחמה־אונטערצינדער" און איצט — „פרייהייט־ליבנדיקע פעלקער"...

מיר פאַרטראַכטן זיך און פאַרטיפן זיך אין דער ראַדיאָ־אוידיציע: יעדער פון אונדז וויל דאָך אַזוי געטרייסט ווערן... איטלעכנס האַרץ איז דאָך צעבראָכן...

— ווער ווייס, צי אונדזערע פאַמיליעס אין וואַרשע האָבן כאָטש אַ שטיקל ברויט?

— ווער ווייס, צי זענען זיי כאָטש געזיכערט מיטן לעבן?

— און ווער ווייס ווו איז מיין פאַמיליע... מיינע קינדערלעך... — דערמאָנט זיך פיסאַטי, — איך זיץ דאָ איבער אַ לחמא... און זיי... ווער ווייס... צי האָב איך אַ רעכט צו עסן?...

פּיסאַטי ווערט זייער גערירט און ווישט זיך אָפּ אַ טרער. פּלוצלונג טוט ער זיך האַסטיק אַ באַוועג און אַ מאַך מיט דער האַנט:

— מען טאָר גישט אַריינטראַכטן. עסט, חברים! איר וועט זען, מיר וועלן האָבן אַ זאַט יאָר...

— הלוואי!

פּיסאַטי פאַלט צוריק אַריין אין זיין גוטער שטימונג און צעזינגט זיך אויף זיין רומענישן שטייגער:

פּרונזע ווערדע,
פּרונזע ווערדע...

ער האָט אַן אָנגענעמע שטים. איז אַ שטיקל מנגן. ער קען אַ סך פאָלקס־לידער פון פאַרשיידענע זשאַנערן. ער „לופּטערט" פאַר אונדז זיין רעפּערטואַר. ער זינגט פאָלקס־לידער, קופּלעטן פון גאָלדפאַדען. און אָט פּאַרציט ער אַ ליד פון איציק מאַנגערן. מאַנגערן, דערציילט ער דערביי, קען ער פּערזענלעך פון יאַס. ער האָט אַפילו געקענט דעם טאַטן זיינעם, דעם „שניידערמייסטער" — ווי מאַנגער אַליין באַטיטלט אים.

אין דאָזיקן אָוונט איז מיר פּיסאַטי געוואָרן אַ סך, אַ סך נענטער, ממש משפּחהדיק.

## 21

## צווישן די טויערן פון בוכאַרע

מיר דרייען זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג איבער די גאַסן און געסלעך פון בוכאַרע. עס אינטריגירט די טיפּישע מזרח־שטאָט מיט איר אַלטקייט, מיט אירע פעסטונגס־ווענט, וואָס שיצן ערטערווייז די שטאָט. די דאָזיקע פעסטונגס־ווענט זענען שוין טיילווייז צעקרישלט, צעפאַלן אין חורבות. דאָ־דאָרטן סטאַרטשען טורימער, מע־טשעטן. פיר ריזיקע טויערן טיילן איין אין באַזונדערע פערטלען די אַלטע שטאָט.

אָט איז דער הויכער „טויטן־טורעם". פון דאָזיקן טורעם פלעגט מען אין די אַלטע צייטן — אין די צייטן פון די עמירן — אַראָפּוואַרפן פאַרמשפּטע צום טויט. אַזאַ מיתה־משונה־שטייגער דאָ אַמאָל געוועזן...

אין די גאַסן שמידן צו מיינע בליקן די אוזבעקן — מענער און פרויען — אין זייער נאַציאָנאַלער טראַכט. מענער אין פאַרביקע כאַלאַטן, מיט גאַרטלען אַרום די לענדן, מיט אַבאַיעס אויף די קעפּ. טייל פרויען מיט אַראָפּגעלאָזטע פאַראַנדזשאַס איבער די געזיכטער. בלויז לויט די הענט קאָן מען דערקענען צי דאָס זענען

זקנות, אָדער יונגע... דער גרעסטער טייל פרויען גייען שוין מיט אַנטבלויזטע פּנימער, מיט אַ סך דינע שוואַרצע צעפּלעך אַרומגעוויקלט אַרום קאָפּ. אויגן שוואַרצע, גלייענדיקע. קיילעכדיקע פּנימער. צווישן אוזבעקישן עולם אויף די גאַסן וואַרפן זיך אויך אין די אויגן רוסן — תושבים און אַנגעפּאַרענע אין דער מלחמה־צייט. הערט מען ריידן אַ חוץ דעם אומפאַרשטענדלעכן אוזבעקיש אויך דאָס רוסישע לשון, — דאָס לשון, וואָס געוועלטיקט אומעטום, אַפילו אין די אַלע סאָוועטישע עקזאָטישע רעפּובליקן. אין די אַלע „אוטשרעזשדעניעס", ווו עס אַרבעטן אַפילו נאָר אוזבעקן, קאָן מען אויך ריידן רוסיש. זיי ריידן אַ שלעכטן, אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש, אָבער זיי ריידן.

אויפן ריזיקן באַזאַר אַ געדראַנג. טויזנטער מענטשן שטויסן זיך, שטופּן זיך. מ'קויפט, מ'פאַרקויפט. אויף דעם ספּעציעלן באַזאַר פון „באַראַכלאַ" ווערט געהאַנדלט מיט אַלץ: מלבושים, שיך, „אָטרעזן", קילימס, טיבעטייקעס (יאַרמלקעס), שטוב־חפצים און כלערליי אַנדערע זאַכן. מ'שטייט ביי סטראַגאַנעס, ביי ביידלעך, ביי געשטעלן. טייל סוחרים טראָגן זייערע סחורות אין דער האַנט, אָדער אָנגעהאַנגען אויפן האַלדז, אויף די אַקסלען. עס גייט אַ משא־ומתן. אַ געשריי, אַ געטומל. פון אַלע זייטן הערט מען אוזבעקישן גערייד. עס מישן זיך אַריין רוסישע פראַזן: „פּראָשו"... „דיעלאָם"... „דאָגאָוואָריליס"... „סטשיטאַי דיענעזשקי"... (איך בעט... צו דער זאַך... מסכים... צייל מזומן...).

אין דעם פּראָדוקטן־באַזאַר איז דער געדראַנג נאָך גרעסער. אוזבעקן פאַרקויפן די פּראָדוקטן פון זעק: מערן, בוריקעס, ריבן, „לאָפּ־לאָפּ". דאָס זענען פּראָדוקטן פון זייערע היימישע גערטנדלעך, פון וואָס זיי „זשיוויען" זיך.

אָט איז אַ גאַנצע שורה מיט „סאַמאָסייקע". מענטשן שטייען ביי יעדן זאַק. יעדער בעט ביים אוזבעק צו פאַרזוכן. מ'דרייט איין אַ ביסל „סאַמאָסייקע" אין צייטונגס־פּאַפּיר, מ'קלאַפּט די „קאַטיושאַ" (אייזנדל, שטיינדל און קנייטל) צו באַקומען פייער און מ'פאַררויכערט. אַנדערע האָבן גאָרנישט בדעה צו קויפן. מ'קומט סתם אַזוי „פאַרזוכן" און זיך אָנרויכערן בחנם ביי די אוזבעקן.

אין אַן אַנדער אָרט אויפן גרויסן באַזאַר — אַ לאַנגע שורה זעק מיט געטריקנטע פרוכטן: „קיש־מיש", אוריוק, אבריקאָזן. אויך דאָ פעלן נישט קיין בעלנים, וואָס בעטן צו פאַרזוכן.

צווישן בונטן עולם אוזבעקן דרייען זיך אויך אַרום אונדזעריקע — די פּוילישע יידן, די פאַרוואָגלטע פּליטים. אין זייערע צעשאָסענע פופייקעס, מיט די צעלעכערטע שיך. מיט הונגעריקע אויגן נישטערן זיי אַרום צווישן די פיל אויסגעשטעלטע זעק.

ווי די שאָטנס דרייען זיי זיך דאָ אַרום אָן תכלית, אָן ציל און אָן זינען. מיר

ריידן מיט דעם און מיט יענעם — אַלע זענען פאַרצווייפלט. קיינער ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט זיך אינעם הפקר... ווער עס פּרוּווט גיין אין אַ קאַלכאָז, קאָן ער זיך דאָרט נישט אויפהאַלטן: דער הונגער יאָגט אַוועק. לויפט מען ווי פון פייער אין וואַסער.

ביי די „סטאַלאָוזקעס" דאַ־דאָרט אין שטאָט שטייען ריזיקע „אָטשערעדן". און אַז מען באַקומט זיך שוין אַריין אינעווייניק, קריגט מען קוים אַ שיטערע זופּקע — דאָס גאַר. אָפט ווערט די „אָטשערעד" אין מיטן דרינען אויפגעלייזט: „באַלשע ניע אָטפּוסקאַיוט" (מער גיט מען נישט אַרויס). די קעסלען האָבן זיך אויסגעשעפּט. און ביז מ'וועט אויפקאָכן אַנדערע, איז פאַלג מיר אַ גאַנג. „אויף מאָרגן מיט אַן איי"... צעגייט זיך דער עולם אַן אויפגערעגטער, אַ וואָרטשענדיקער.

רעדט מען, זוכט מען עצות, פרעגט מען נאָך. זאָגט איינער, אַז אין גיזש־דוואַנער ראַיאָן — אַזוי האָט ער געהערט — זענען פאַראַן נישט קיין שלעכטע קאָלכאָזן.

— מיט וואָס זענען זיי גוטע? — פרעגט אַ סקעפּטיקער.

— צי קאָנען זיי דען זיין גוטע? — האַלט אים אונטער אַ צווייטער. — העכסטנס קריגט מען דאָ אַ „לעפּיאָשקע" אַ טאָג, וואָס קלעקט אויף אַ צאָן.

— אָבער אַ „לעפּיאָשקע" אַ טאָג קריגט מען יאָ? אין אַן עת צרה וואָלט אפשר געלוינט צו פּרוּוון, — באַמערקט פּיסאַטי.

— אפשר טאַקע יאָ.

מיר קוקן אַריין אין אונדזערע „נאַפּראַוולעניעס" — טאַקע אין גיזשדוואַנער ראַיאָן.

— לאָמיר פּרוּוון גליק!

— גוט, שוין אַזוי פיל מאָל געפּרוּווט, קאָן מען נאָך אַ מאָל פּרוּוון.

— אַי דערבענט! ווען מיר קאָנען זיך דערשלאָגן קיין דערבענט. — רעדט פּיסאַטי ווי צו זיך אַליין.

ער קאָן גאָרנישט פאַרגעסן זיין דערבענט.

— אפשר... אויב דער קאָלכאָז איז טאַקע אַ גוטער, וועלן מיר עפּעס אָפּ־שפּאָרן אויף דער רייזע קיין דערבענט... — זאָגט צ. ז.

— הלוואַי!

בלייבט עס אַזוי ביי אונדז: מיר פאָרן אין גיזשדוואַנער ראַיאָן „פּרוּוון גליק". הגם קיינער פון אונדז האָט אין האַרצן לחלוטין נישט געגלויבט אין די „גליקן" פון די קאָלכאָזן — ס'האָט שוין יעדערן פון אונדז געקאָסט רבי־געלט, — פונדעסט־וועגן זענען מיר ווידער גרייט זיך לאָזן אָפּצונאַרן אַן איבעריק מאָל. מיר האָבן דאָך סיי־ווי־סיי קיין ברירה נישט און מיר שטעלן דערביי גאָרנישט איין.

נאָך אַ נאַכט אין דער „טשאַיכאַנאַ״ — און באַלד צומאָרגנס לאָזן מיר זיך אַוועק זאַלבעדריט אין „ראַיאָנני צענטר״ גיזשדוואַן.

דער וועג אַהין איז דורך קזיל־טעפע. מיר כאַפּן זיך אַרויף אויף דעם ערשטן־בעסטן צוג און דערשלעפּן זיך אַהין. פון דאָרט צופוס. נישט קיין קורצער וועג. מיר פרעגן ביי די אוזבעקן אויפן וועג, לייגט יעדער צו אַ ביסל קילאָמעטערס.

פּיסאַטי האָט אויפן וועג נישט אויפגעהערט צו חלומען אויפן קול:

— אַך, ווען מיר וואָלטן געקאָנט האָבן קפיצת הדרך! מיר וואָלטן זיך אַוועק־געלאָזט צום קאַספּישן ים.

— אדרבה, פּיסאַטי. אפשר זענט איר גוט חבר מיטן רבונו של עולם?...

— אַך, ווען עס געשעט דער נס! ווען מיר קאָנען אַריבערקומען די ווייטע נסיעה!

אין אונדזערע אויגן האָבן פּיסאַטיס חלומות אויסגעזען ווי די חלומות פון בנימין השלישי...

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר אַזוי געקראָכן. געמיטן אויפן וועג קישלאַקן, גע־מאָסטן מדבר־וועגן. טרוקענע וויסטע פעלדער אָן אַ סימן פון אַ געוויקס. בלויז אַן עלנטער סאַקסאַול ביי דער זייט פון אַ וועג האָט אונדז אויפגענומען צום אָפּרוען זיך אונטער זיינע טויטע, אויסגעטריקנטע צווייגן.

ערשט פאַרנאַכט, מידע און אויסגעשעפּטע, האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער ראַיאָן־שטאָט גיזשדוואַן. אַ נס, וואָס אין איינער אַ „טשאַיכאַנאַ״ האָבן מיר געפונען אַ שטיקל פּלאַץ אויף אַ פּריטשע. די פיס זענען ווי געשוואָלן געווען פון לאַנגן וועג. איז מען געלעגן פאַרשמאַכטע ביז אין פרימאָרגן אַריין.

אינדערפרי זענען מיר אַרויס איבער דער שטאָט. גיזשדוואַן איז אַ קאָפּיע פון אַנדערע אוזבעקישע שטעט: מיט ליימיקע קיביטקעס אין אַלטן שטאָט־טייל און מיט עטלעכע הויפּט־גאַסן, וואָס באַזיצן שוין נייערע הייזער; מיט אַ פּאָר מע־טשעטן און מיט אַ גרויסן באַזאַר. דער אַריינגאַנג צום באַזאַר איז דורך אַ מין טויער.

מיר גייען דורך דאָס הפקרע הויפל פון אַ מעטשעט. דאָ איז אפנים געווען אַמאָל אַ בית־עולם: עס וואַלגערן זיך דאָ פון אויבן־אויף מענטשלעכע ביינער. אָט זע איך אַ שאַרבן פון אַ מענטשלעכן קאָפּ. אַ קליינער שאַרבן. פון אַ קינד מסתמא...

עס שוידערט פונעם חילול־המתים — כאָטש דאָס זענען ביינער פון אַלטע צייטן. עס איז אָבער אַ שרייאיקער צייכן פון הפקר... פון פאַרשוועכונג... שטייען דאָ אויפן דאַזיקן פּלעצל וועגענער פון קאַלכאָזן און „יעשאַקעס״ טרעטן אויף מענטשלעכע ביינער.

איבעריקנס, וואָס פאַר אַ פּיעטעט קאָן מען דאָ האָבן צו מענטשלעכע רעשטן, נאָך פון דורות צוריק, ווען די לעבעדיקע מענטשן, די מענטשן פון היינט, האָבן דאָ אַ קנאַפּע חשיבות?... ווען די ביליקסטע זאַך איז דאָ דער מענטש — — —

ווי אין אַלע שטעט אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז אויך דאָ דער ווילקסטיקסטער און דער לעבעדיקסטער פונקט — דער באַזאַר. דרייען מיר זיך אַרום אויף דעם פרעמדן יאַריד. אוזבעקן האַנדלען־וואַנדלען. מ׳האַנדלט בפרהסיה, אָפּן מיט פאַר־שיידענערליי סחורות. די אוזבעקן, זע איך, האָבן גאָר קיין מורא נישט. איך כאַפּ אַ שמועס מיט אַ פּליט — אַ ייִד פון אוקראַינע. איך פרעג אים, ווי אַזוי טאָלע־רירט עס די סאָוועטישע מאַכט אַזאַ אָפענעם האַנדל? דערקלערט ער מיר, אַז די אוזבעקן האָבן אַ באַזונדער „פּריווילעגיע“.

— וואָס הייסט? פאַרוואָס אַזאַ זכות?

דערציילט מיר דער ייִד, אַז דאָס שטאַמט נאָך פון דער „קאָלעקטיוויזאַציע“־צייט, בעת מ׳האָט דאָ איינגעפירט קאָלכאָזן. ס׳איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטער קאַמף מיט די אוזבעקן אין משך פון יאָרן. נישט ווייניק בלוט האָט זיך דאָ אומע־טום געגאָסן... און זינט יענער צייט קוקט די מאַכט דורך די פינגער און מאַכט זיך נישט זעענדיק ווי די אוזבעקן פּראַווען זייערע מסחרים. אין גאַנץ רוסלאַנד וויס מען נישט פון אַזאַ פרייהייט.

מיר פאַרזאַרגן זיך אויפן באַזאַר מיט „סאַמאָסייקע“ (אויך אַ מיטל אויף אָפּ־צונאַרן אַמאָל דעם הונגער...) און לאָזן זיך גיין אין „ראַיאיספּאָלקאָם“ מיט אונ־דזער פּאַפּירל פון בוכאַרער „עוואַקאָפּונקט“, כדי צו קריגן אַ צעטל אין אַ קאָל־כאָז. דאָרט הייסט מען אונדז פריִער גיין אין באָד אַריין מאַכן אַ „סאַן־אָבראָבאָט־קאַ“: זיך אויסבאָדן און דעזינפעקצירן די מלבושים. אַנדערש שיקט מען נישט אין קאָלכאָז. גאַנץ פיין, אדרבה.

אָבער אַ שיינע באָד איז עס געווען און אַ שיינע „סאַן־אָבראָבאָטקאַ“!

אין באָד האָט מען זיך אויסגעטאָן אין אַ קאַלטן האָל. אַ מוראדיקע קעלט. דאָס לייב האָט זיך אַזש געדונצלט פון קעלט און ס׳האָט איטלעכן געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. די „דעז־קאַמערע“ האָט איבערהויפּט נישט געאַרבעט: עס האָט אויסגעפעלט „טאָפּקאַ“. אויך אין באָד גופא איז געווען אַ קעלט. קיין פּאַרע איז לחלוטין נישט געווען. פון איין קראַן האָט מען קוים אַרויסבאַקומען אַ ביסל לוי־לעך וואַסער צום איינזייפן זיך. באַלד האָט דער קראַן „פאַרשטרייקט“ און ס׳איז שוין נישט געווען מיט וואָס אָפּצושווענקען פון לייב די „מידלינעס“... דאָס ברו־דיקע לייב איז נאָך געוואָרן מער צערייצט. האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַ קאַלטן קראַן, און דאָס קאַלטע וואַסער האָט געשניטן דאָס לייב ווי מיט מעסערס. נישט באַוויזן רעכט אַראָפּצוּוואַשן דעם זייף פון לייב און מיר האָבן אין דער גיך אָנ־

געטאָן צוריק די שמוציקע טראַנטעס... אַז מען האָט נישט געכאַפּט קיין לונגען־אָנצינדונג, איז עס געווען אַ נס מן השמים.

אָבער אַ צעטל וועגן אַדורכגעמאַכטער „סאַן־אָבראַבאָטקאַ״ האָט מען אונדז אין באָד יאָ אַרויסגעגעבן. „פּאָ זאַקאָנו״. כּדת וכדין...

און אַז מיר האָבן שוין געהאַט דאָס פּאַפּירל פון באָד, האָט מען אונדז אין „ראַיאיספּאָלקאָם״ באַלד אַרויסגעגעבן אַ „נאַפּראַוולעניע״ אין אַ קאָלכאָז — אַ 5 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. אין קאָלכאָז „וואָראָשילאָוו״.

אָנגעקומען אין קאָלכאָז שוין פינצטערלעך. זיך דערפרעגט אין קאָנטאָר. אַן אוזבעק האָט אונדז אַריינגעפירט אין עפּעס אַ שפּייכלער — גיכער אַ שטאָל — צום איבערנעכטיקן.

— דאָ אין שטאָל?! — פרעגן מיר אַנטוישטע.

— מאָרגן וועט קומען דער ראַיס (פּאָרזיצער).

— אַקאַ, מיר זענען שרעקלעך הונגעריק!

— זאַווטראַ... (מאָרגן...).

— מיר זענען היינט הונגעריק.

— שוין דריי טעג נישט געגעסן. — פּרווון מיר אים „איבערשרעקן״.

— זאַווטראַ... — חזרט יענער איבער, גלייך ווי ער וואָלט נאָר דאָס איינע וואָרט געקענט.

— אפשר כאָטש אַ „לעפּיאָשקאַ״?

— זאַווטראַ...

און דער אוזבעק איז פאַרשוווּנדן.

מיר זענען געבליבן אין טונקעלן שטאָל.

— אַ שיינעם קבלת־פּנים האָבן אונדז די אוזבעקן געמאַכט. — באַמערקט פּיסאַטי. — אויף יענער וועלט זאָל מען זיי אַזוי באַגעגענען, די שלימזלדיקע אוזבעקן.

— וואָס האָט איר געוואָלט, מ׳זאָל אייך באַגעגענען מיט אַן אָרקעסטער?

— אויב נישט מיט קיין אָרקעסטער, איז כאָטש מיט ברויט און זאַלץ...

— איך פאַרשטיי, אַז איר מיינט עס בוכשטעבלעך: מיט ברויט און זאַלץ ממש...

— איר האָט טאַקע געטראָפן. אָבער ווו האָבן זיי ברויט, די „לעפּיאָשקאַ״־פרעסער?

— און „לעפּיאָשקעס״ האָבן זיי דען צו דער זאַט?

— קאָלכאָזן האָבן זיי, נישט קיין ברויט...

אַזוי האָט זיך געפּלאָכטן צווישן אונדז דער שמועס אין די ערשטע מינוטן פון פאַרביטערונג.

— אָבער, רבותי, ווו לייגט מען דאָ אַנידער דאָס פּעקל ביינער?

מיר האָבן געגישטערט אין דער טונקלקייט און אויסגעפונען אין אַ ווינקל עפּעס אַן אַלטן ברעזענט. מיר האָבן עס אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע און זיך אַלע דערויף אויסגעצויגן.

גייט אַ גערייד אין דער פינצטער:

— אַבי אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ.

— אָבער גיי שלאָף איין מיט אַ ליידיקן מאָגן.

— און וואָרעם איז אויך נישט.

— דאָס זענען, הייסט עס, די „גליקן" ביי די אוזבעקן.

— שוין די זעכסטע צייט אויסגעלייזט צו ווערן. צו פאָרן אויף נאָכטלעגער קיין וואַרשע...

— און איך קיין טשערנאָוויץ... — וואַרפט אַריין פּיסאַטי.

— חלומות... פּוסטע חלומות...

ס'איז שטיל געוואָרן. דער שלאָף איז דאַך געקומען. אָבער נישט אויף לאַנג. אין מיטן נאַכט הער איך, ווי פּיסאַטי רעדט ווי פון שלאָף. עפּעס פּלאָנטערט ער מיט דער צונג. ווערטער, וואָס קלעפּן זיך נישט. בוידעם, קלאָץ... אויך צ. ז. שלאָפט נישט און באַמערקט אין דער שטיל:

— איר הערט, ווי ער דברט?

פּיסאַטי האָט זיך גענומען וואַרפן אומרויק פון איין זייט אויפן אַנדערן.

— איר שלאָפט נישט, פּיסאַטי?

יענער האָט אָבער ווייטער גערעדט נישט צו דער זאַך. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. עס ווערט אונדז לסוף קלאָר: ער רעדט נישט פון שלאָף, נאָר פון היץ...

— מסתמא זיך צוגעקילט אין באָד ביי דער „סאַן־אַבראַבאַטקאַ"... — פאַלט אַ השערה.

גראָד איז פּיסאַטי געלעגן אין דער מיט, צווישן אונדז ביידן, און מיר האָבן ביידע געפילט זיין וואַרפן זיך. קוים זיך דערוואַרט אויף טאָג. פּיסאַטי גליט אין גאַנצן. הויכע טעמפּעראַטור.

— וואָס איז אייך, פּיסאַטי?

יענער האָט אויפגעריסן די אויגן, ווי פון אַ קאָשמאַר. האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר געקרעכצט אין זיך אַריין.

מיר לאָזן אים ליגן און גייען אין קאָנטאָר.

דער ראַיס איז נאָך אַלץ נישטאָ. דער שרייבערל הייסט אונדז וואַרטן.

— מיר האָבן אַ קראַנקן, — זאָגן מיר אים, — אונדזער חבר איז שווער קראַנק.

— האָט זיך איבערגעפרעסן?... — מאַכט יענער שפּאַס.

— יאָ, זיך איבערגעפרעסן מיטן „אוזשין״, וואָס איר האָט אונדז צוגעגרייט...

דער שרייבערל האָט דערפילט דעם שטאָך און האָט זיך שוין מער נישט געחכמעט.

— פאַראַן דאָ אַ „וראַטש״?

— פירט אים אין ראַיאָן.

— אָבער ווי אַזוי? ער ליגט אין הויכער טעמפּעראַטור.

— ניטשעוואָ...

— גיט אונדז אַ פורל.

— ווו וועל איך אייך נעמען פורלעך? די אַרבאַס זענען אין סטעפּ ביי דער אַרבעט.

— אָבער אַ מענטש איז קראַנק.

— וואַרט. דער ראַיס וועט קומען.

מיר זענען אַוועק צו פּיסאַטין. יענער רעדט נאָך אַלץ וועגן נעכטיקע טעג. שפּעט אין טאָג אַריין איז געקומען לסוף דער ראַיס. מ׳האָט אונדז פאַר־שריבן און געהייסן וואַרטן ביז דער בריגאַדיר וועט קומען.

— מיר זענען דאָך הונגעריק. דערצו האָבן מיר אַ קראַנקן.

— דער „זאַווכאָז״ וועט אייך אָנקאָרמענען.

— אָבער ווו איז דער „זאַווכאָז״?

— ער איז צוגעלאָפן אין שטאָט. ער וועט אין גיכן אָנקומען.

— גיט אונדז דערווייל אַ פורל אָפּצופירן דעם קראַנקן אין ראַיאָן.

— מאָרגן.

אומעטום — „מאָרגן״... דער פאַרשאָלטענער „מאָרגן״...

ווידער אַ טאָג אָן עסן און מיט אַ קראַנקן אַ צולאָג. מיר האָבן געקריגן ביי אַ „כאַזייקאָ״ אַ ביסל „קיפּיאַטאָק״ און אַ שטיקל „לעפּיאָשקע״ פאַרן חולה. מיט גרויס מי איז עס אונדז אָנגעקומען אים אַריינצושטופּן אין מויל אַריין דאָס צו־בייסעכץ.

פאַרנאַכט איז אַראָפּגעקומען דער „זאַווכאָז״ פון שטאָט. מיר האָבן אים גע־פּאַקט אין קאָנטאָר און אַליאַרמירט:

— מיר זענען הונגעריק!

ער האָט אויסגעפרעגט וועגן אונדז דעם שרייבערל און יענער האָט אים

געהייסן אונדז אַרויסגעבן פּראָדוקטן. איז ער אַוועק מיט אונדז און אונדז אַרויס־געגעבן אויף אַ פּאָר טעג אַ ביסל דזשיגאַרי־מעל, אַ ביסל ריבן און בוריקעס.

— נו און ברויט?

— נישטאָ קיין ברויט.

— און „לעפּיאָשקע״?

— נישטאָ קיין „לעפּיאָשקעס״. איך גיב אייך דאָך מעל, טאָ מאַכט אייך „לעפּיאָשקעס״.

אָבער ווו מאַכן? ווען מאַכן? מיט וואָס? אין שטאַל?

גריזשען מיר דערווייל די רויע ריבן, די בוריקעס. פּיסאַטי נעמט גאָרנישט אין מויל אַריין. מיר שטופּן אים מיט געוואַלד אַ שטיקל ריב.

מיר גייען ווידער אין קאַנטאָר וועגן אַ שטיקל דירה, וועגן אַ פורל פאַרן קראַנקן. אײן תשובה — „זאַווטראַ״...

ווידער אַ נאַכט אין שטאַל. אין אַ געוויסן מאָמענט איז פּיסאַטי געקומען צו זיך און האָט מוראדיק געקרעכצט:

— דער קאָפּ... דער קאָפּ ווערט מיר צעשפּאָלטן פון יסורים... שלעכט, חברים... איך שטאַרב...

— זייט רויק, פּיסאַטי. אין דער פרי וועלן מיר אייך פירן צום דאָקטער.

די נאַכט איז געווען נאָך אַ שווערערע פאַרן קראַנקן. ער האָט ווידער גערעדט פון היץ. ער האָט ממש געברענט.

— נישט קיין חכמה, מיר מוזן אים פאַר יעדן פּרייז צופירן אין שפּיטאַל.

— מען מוז ריידן מיט די אוזבעקן אין אַ שאַרפערן טאָן.

אָבער אונדזער אַליאַרם אין דער פרי האָט ווידער נישט געהאַט קיין באַלדיקן דערפאָלג. מ׳האָט אונדז געהייסן וואַרטן ביז נאָך מיטאָג. מיט דער אַרבאַ איז דער „זאַווכאָז״ געפאָרן אין שטאָט אַריין באַלד באַגינען.

— פירט אים צופוס, — עצהט אונדז דער שרייבערל, — ס׳איז דאָך נישט ווייט. צו וואָס זאָלט איר וואַרטן?

ווי אומזיניק און רשעותדיק דאָס איז נישט געווען — אָבער קיין אַנדער עצה האָבן מיר טאַקע נישט געהאַט. מיר האָבן דעם קראַנקן גענומען אונטער די אָרעמס און געפירט צופוס קיין גיזשדוואַן. אויפן וועג האָט דער קראַנקער פון שוואַכקייט זיך נישט איין מאָל אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. האָבן מיר גערוט אַ ביסל און ווייטער אים געשלעפּט, גערוט און ווייטער געצויגן אונטער די אָרעמס, שעהן האָט עס געדויערט ביז מיר זענען אין גרויסע אַנגסטן און מאַטערניש אָנגע־קומען מיטן חולה אין שטאָטישן שפּיטאַל.

אַריינגעפירט אים אין הויף אַריין, ביז צו די טרעפּ פון שפּיטאָל־בנין. עס ווייזט זיך אַ „סעסטריצאַ" (שפּיטאָל־שוועסטער).

— סעסטריצאַ, מיר האָבן געבראַכט פון קאָלכאָז אַ שווער קראַנקן.

— ניעט מעסט... (נישטאָ קיין ערטער).

— אַ ביעזשעניעץ... אָן אַ היים...

— ניעט מעסט...

— אָבער ראַדי באָגאַ, זאָל אים אַ דאָקטער אַ קוק טאָן.

די קראַנקן־שוועסטער איז אַריין אינעווייניק אין שפּיטאָל. מיר באַשליסן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז, מירביידע זאָלן כלומרשט נעלם ווערן פון אויג, דער קראַנקער זאָל אַליין בלייבן ליגן אויף די טרעפּ — אַזוי אַז מען וועט אים שוין מוזן אַריינגעמען אין שפּיטאָל. מיר זאָגן עס פּיסאַטין און גיבן אים צו פאַר־שטיין אונדזער „טריק". יענער קוקט אונדז אָן מיט קראַנקע אויגן און שווייגט. צי פאַרשטייט ער אונדז? צי איז ער איצטער ביים קלאָרן באַוווסטזיין? ווער ווייס? מיר זאָגן אים פאַרן דערווייטערן זיך, אַז מיר וועלן שטיין אויף יענער זייט טויער און אַז אויב עס וועט קיין ברירה נישט זיין, וועלן מיר צו אים ווידער צוקומען.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. מיר האָבן זיך ביידע שנעל אַרויסגערוקט פון הויף און אַריינגעקוקט בגנבה דורך די שפּאַרעס פון טויער. מיר האָבן באַלד דערנאָך געזען ווי די זעלבע „סעסטריצאַ" איז אַרויסגעקומען שוין נישט אַליין, נאָר אין באַגלייטונג פון אַ מאַן אין אַ ווייסן כאַלאַט. יענער האָט זיך איבערגע־בויגן איבערן חולה, גענומען אים ביים פּולס; די „סעסטריצאַ" האָט אים אַריינ־געשטעקט אַ טערמאָמעטער אונטערן אָרעם. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט. באַלד הויבן זיי ביידע אים אויף און פירן אים אַריין אונטער די אָרעמס אינעווייניק. דער „טריק", הייסט עס, האָט געהאָלפן. אַ שווערער שטיין איז אונדז אַראָפּ פון האַרצן: געראַטעוועט פּיסאַטין. לאָקירט אים אונטער אַ דאַך, אונטער מעדיציני־שער אויפזיכט.

אַ ביסל שפּעטער זענען מיר צוריק אַריין אין שפּיטאָל־הויף און אָפּגעוואַרט די „סעסטריצאַ". אַז זי האָט זיך געוויזן אויף די טרעפּ, האָבן מיר זי געפרעגט:

— נו, וואָס איז מיט אונדזער חבר?

— אָטשען פּראָסטאָ, סיפּנאָי טיף! (גאָר פּשוט, פלעק־טיפוס!) — ענטפערט זי גלייכגילטיק־געשעפטלעך און גייט ווייטער איר וועג.

מיר האָבן זיך אומגעקערט זאַלבענאַנד אין קאָלכאָז אַריין. אויפן וועג האָט צ. ז. גערעדט מיט שרעק:

— געשלאָפן אַ פּאָר נעכט מיט אַ טיפוס־קראַנקן... געטיילט זיך מיט די לייז... ווער ווייס צי עס וועט אָפּגיין גלאַטיק...

אָבער אַוועק אַ פּאָר טעג און — ניטשעוואָ! דער רוח האָט אונדזביידן נישט גענומען.

זענען מיר שוין, הייסט עס, זאַלבענאַנד. דער בריגאַדיר פון קאָלכאָז האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ קליינער, פּוסטער קיביטקע, וואָס האָט פריִער געדינט פאַר אַ שפּייכלער. פאַראַן דאָרט אַ קליינע פּריטשע. אַ טייערע זאַך. ס'וועט זיין ווו זיך אויסצוציִען. אין אַ ווינקל איז געווען אויך איינגעמויערט אַ קאַסאַן (קעסל) מיט אַ פּרימיטיוון אויוועלע צום אונטערהייצן. איז ווידער גוט: מ'וועט קאָנען אָפּקאָכן וואַסער און אפשר עפּעס „אויסקאָמבינירן" פונעם דזשיגאַרי־מעל. די איינציקע זאַך, ווייזט זיך אַרויס, וואָס מיר קאָנען קאָכן, איז אַ „באַלאַנדע", אַזאַ מין „זאַציערוכע". פשוט אַריינגעשאָטן דאָס מעל אין וואַסער, געמישט מיט אַ לעפל, עס זאָלן נישט ווערן קיין פאַרהאַרטעוועטע קנײדלעך. עס האָט זיך אַזוי געקאָכט ביז עס איז געוואָרן אין קעסל אַ מין קלעפּעכץ... מיר האָבן אויך געפּרוּווט מאַכן אויפן דעק פון קאַסאַן „לעפּיאָשקעס", אָבער ווייניק מזל־ברכה איז דערפון אַרויסגעקומען: אַ פּאָר „לעפּיאָשקעלעך", וואָס האָבן געקלעקט קוים אויף איין צאָן און — ווידער הונגעריק. מיט אַ „באַלאַנדע" אָבער קאָן מען אָנפילן דעם מאָגן. וואַסער פעלט דאָך נישט — אַפילו אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד... גיסט מען אָן אין קעסל וואָס מער — און מען זופּט, מען זופּט. אַי עס גיט גאָרנישט — איז מילא. די אילוזיע פון עסן איז דאָך פאַראַן...

עס האָט אויך נישט פאַרמינערט אונדזער הונגער דער טעות פון „זאַווכאָז": ער פלעגט אונדז כסדר אַרויסגעבן די פּראָדוקטן פאַר דריי — אויך פאַר פּיסאַטין — הגם יענער איז דאָך געווען אין שפּיטאָל. מיר האָבן אים מיט אַ כיוון פון טעות נישט אַרויסגעפירט: מחמת דעם הונגער־„פּאַיאָק", וואָס מיר קריגן, האָבן מיר עס נישט געהאַלטן פאַר קיין זינד. אָבער אויך מיטן דריטן „פּאַיאָק" האָבן מיר נישט געקאָנט קיין סך געדיכטער מאַכן די „באַלאַנדע" אין קאַסאַן.

אַ זייער נישט־אָנגענעמע אַנטוישונג האָבן מיר געהאַט מיט בעטגעוואַנט. באַלד די ערשטע נאַכט האָט אונדז דער בריגאַדיר, וועלכער האָט געוווינט בשכנות, אָנגעוואָרפן אויף דער פּריטשע אַ גאַנצן שטויס קאָלירטע קישעלעך און קאָלדרעס, אויסגעשטאָפּטע מיט וואַטע: קיין „כלאָפּאָק" פעלט דאָך דאָ נישט אויף די סטעפּעס. אַ ביליקע זאַך דאָ. מיר זענען אַ גאַנצן טאָג געווען אין זיסער דערוואַרטונג: אַ קלייניקייט, בעטגעוואַנט! שוין לאַנג, לאַנג נישט געלעגן אויף אַ ווייכן געלעגער, מיט אַ קישעלע צוקאָפּנס און נאָך מיט אַ קאָלדרע צוגעדעקט.

עס האָט פונעם בעטגעוואַנט געקלעקט אויף אַלץ — אויף אונטערבעטן און אויף צוצודעקן זיך.

מיר האָבן זיך ביינאַכט אויסגעטאָן — שוין לאַנג זיך נישט אויסגעטאָן צום שלאָפן גיין — זיך אויסגעצויגן מיט רחבות, אַריבערגעצויגן די קאָלדרע כמעט איבערן קאָפּ און זיך „פּאַסמאַקעוועט":

— האַ, וואָס זאָגט איר?

— טעם גן־עדן.

— אַ מחיה, ווייך.

— אַ חיות, וואַרעם.

לאַנג האָט אָבער דער תענוג נישט געדויערט. נישט אַפילו קיין שעה. מינוטן סך־הכל:

ווי נאָר איך האָב זיך דערוואַרעמט, האָב איך דערשפּירט ווי אויפן לייב און אויפן פּנים באַוועגט זיך עפּעס, קריכט עפּעס... עס פּאַלט ממש אויפן פּנים ווי אַ דראָבנער האָגל...

— איר פּילט?

— יאָ, איך פּיל עפּעס. איר אויך?

— האַ, וואָס איז דאָס?

באַלד דערשפּיר איך דינע ביסעלעך... בררררר...

— פּרעהס דריטע מכה!

— חזיריי...

מיר זענען פּלוצלונג ביידע אויפגעשפּרונגען אויף דער פּריטשע און שנעל אַראָפּגעשמיסן אויף דער פּאָדלאָגע דעם גאַנצן אוזבעקישן „רחבות": די וואַטענע קישעלעך מיט די קאָלדרעס...

— פּאַשאָל!

— פּאַשאָל וואָן!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האָבן מיר זיך אין דער פינצטער צוריק אָנגעטאָן אין אונדזערע טראַנטעס. מילא, די אייגענע כנים גריזשען אונדז מיט חסד, נישט מיט אַזאַ אכזריות, אויף אַ מאַסנהאַפטן אופן...

זענען מיר ווידער געלעגן אויף די האַרטע ברעטער מיט די רוקזעק צוקאָפּנס.

ווי קורץ עס האָט געדויערט דער חלום. דער חלום פון בעטגעוואַנט! — — —

## 22

## מיר גראָבן אַריקן

אונדזער אַרבעט אין קאָלכאָז איז באַשטאַנען אין גראָבן אַריקן. די פעלדער ליידן פון טריקעניש. וויניק רעגן פאַלט זומער־צייט אין אוזבעקיסטאַן. מוז מען אָנקומען צו קינסטלעכער באַוואַסערונג. גראָבט מען אַריקן. אַז עס רעגנט, זאַמלט זיך אין זיי וואַסער אויף פייכטער צו מאַכן די ערד. די אַריקן ווערן געמאַכט אין קוואַדראַטן. ווען זיי זענען אָנגעפילט מיט וואַסער, זעט עס אויס פון אַ פּערס־פּעקטיוו ווי דער שטח איז צעטיילט דורך זילבערנע ראַמען.

האָבן מיר אַלע טאָג געגראָבן אַריקן. די אויסגעגראָבענע ערד האָבן מיר גע־שלעפּט מיט אַ זאַנזיבאַר (טראָג־קעסטל) און פלאַנירט די קוואַדראַטן. ערשט ביי דער אַרבעט האָבן מיר דערפילט די רעזולטאַטן פון הונגער: נישטאָ קיין כוחות! אַלע ווילע ווערן אָפּגעחלשט די הענט, די פיס. און מ׳מוז זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער ערד אָפּצורוען אַ ביסל. פון וואַנען זאָל מען האָבן כוחות? פון דער שיטערער „באַלאַנדע״? פון די עטלעכע ריבן און בוריקעס? אַז קיין ברויט זעען מיר ממש נישט פאַר די אויגן. האָבן מיר געגראָבן און גערוט, געגראָבן און גערוט. אמת, ס׳איז נישט געווען ווי אין לאַגער. קיין „נאָרמעס״ האָבן מיר דאָ נישט געהאַט. פונדעסטוועגן פלעגט דער בריגאַדיר צוקומען כאַפּן אַ קוק וואָס מיר האָבן אויפ־געטאָן פאַרן טאָג.

— פּלאָכאָ... פּלאָכאָ ראַבאָטאַיעש... (שלעכט... שלעכט אַרבעטסטו...), — פלעגט דער אוזבעק דרייען מיטן שיטערן בערדל.

— נאָן יאָק, לעפּיאָשקאַ יאָק —ראַבאָטאַ יאָק... — פלעגן מיר אים אַרייַנ־שרייען אין זיין ציגענעם בערדל אַריין.

ס׳איז געווען שוין יאַנואַר. דער ווינטער איז דאָ אַ משוגענער. איין טאָג קאָן זיין קאַלט, ווינטיק; בוראַנען רייסן זיך אָפּ ווי פון אַ קייט. אַ טאָג ווידער הייס. די זון באַקט ווי אין תמוז. אין אַזאַ טאָג גיסט זיך דער שווייס פון פּנים און רינט אַראָפּ פון קין. מיר וואַרפן אַראָפּ פון זיך די פופייקעס און אַרבעטן אין די בלוזעס. און אַז מיר ווערן גאָר אָפּגעשוואַכט פון הונגער, טוען מיר כעסיק אַ שמיץ אַוועק די רידלען מיטן זאַנזיבאַר און ציִען זיך אויס אויפן פריש־אָנגעשאָ־טענעם בערגל ערד מיטן פּנים צו דער זון און פראַווען „דאַטשע״...

— כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער! יאָקאַ פּלאַצאַ, טאָקאַ פּראַצאַ... (ווי מ׳צאָלט, אַזוי אַרבעט מען...).

מידע און פאַרחלשטע קומען מיר פאַרנאַכט פון דער אַרבעט און נעמען זיך קאָכן די „באַלאַנדע״. פריִער אָבער, איידער מ׳נעמט זיך צום קאָכן, מוז מען נאָך אַרויסגיין אויף די דערבייאיקע פעלדער קלייבן אויסגעטריקנטע שטענגלעך פון „כלאָפּאָק״ צום אונטערהייצן אונטערן קאַסאַן. איז עס אָפּט פייכט, בלאָזט מען פון זיך די נשמה אַרויס, כדי צו צעצינדן דאָס פייער. דויערט עס לאַנג, לאַנג איידער עס דערוואַרעמט זיך דער קעסל. ערשט שפּעט אין דער נאַכט נעמען מיר זיך צום שיטערן און מאַגערן מאַלצייט. מען זופּט, מען זופּט, מען פילט אָן דעם בויך מיט דער פליסיקייט, וואָס גיט גאָרנישט — און מ׳לייגט זיך אויף דער פּריטשע, אויסגעשעפּטע, מיטן אייביקן הונגער. נאָר ווען עס קומט דער שלאָף, פאַרגעסט מען זיך, פייניקט עס נישט. ווען מען וואָלט געקאָנט אַזוי אַדורכשלאָפן די צייט! טעג, וואָכן, חדשים און נישט פילן, גאָרנישט פילן! — — — — — — — — — — — — —

***

זונטיק איז ביי אונדז „וויכאָדנאָי״. אַ טאָג פון רו. גייען מיר געוואָר ווערן וואָס עס מאַכט פּיסאַטי.

מיר קומען אין שפּיטאָל. צו אים אין פּאַלאַטע לאָזט מען אונדז נישט אַריין — ס׳איז אַנשטעקנדיק! אָבער די „סעסטריצאַ״ זאָגט אונדז, אַז מיר קאָנען אים זען דורכן פענצטער: גראָד ליגט ער פאַרנט, אין פאַרטער. מיר גייען צו צום פענצטער און קוקן אַריין. די קראַנקן־שוועסטער גייט אַריין אינעווייניק און ווייזט אים אָן אויף אונדז. פּיסאַטי פאַלט צו צו דער שויב.

— וואָס מאַכט איר, פּיסאַטי?

יענער ענטפערט מיט אַ שוואַכן קול:

— מ׳האָט מיך אַרעסטירט... מ׳האָט ביי מיר צוגענומען די מלבושים... די שיך... כ׳וויל פאָרן קיין דערבענט...

ער איז, הייסט עס, אין סאַמע ברען פון טיפוס. רעדט פון היץ. פון זיין דערבענט . . .

נישטאָ מיט וועמען צו ריידן.

מיר פאָכען צו אים מיט די הענט:

— זייט געזונט, פּיסאַטי!

— דאָ סאָלידאַניאַ אין דערבענט!

פון שפּיטאָל זענען מיר אַוועק צום באַזאַר. פול געפּאַקט דאָרט. אָנגעפּאָרן אַן עולם אוזבעקן פון אַלע קאָלכאָזן אַרום. אַ האַנדל־וואַנדל. סחורות, פּראָדוקטן מכל המינים. דער עיקר ירקות, געטריקנטע פּרוכט. אָבער ווי אומעטום דאָ —

קיין ברויט זעט מען נישט פאַר די אויגן. מען דאַרף גוט אַרומזוכן ביז מען קריגט ווו צו קויפן פאַר גוט געלט אַ „לעפיאָשקע״.

גייען מיר אַריין אין אַ „טשאַיכאַנאַ״. ס׳איז דאָרט פול אויף אַלע פריטשעס מיט אוזבעקן. מיט די געקומענע צום באַזאַר. מ׳טרינקט גרינעם טיי מיט „קיש־מיש״ און מ׳לאָבט זיך אַלע ווײַלע מיט „נאַס״ אונטער דער צונג. ס׳גייט אַ גע־דיכט געררייד. אין דאָזיקן פרעמדן יאַרידל קאָנען מיר זיך נאָר פאַרגינען אַ פּאָר־ציע גרינעם טיי. זופּן מיר מיט כוונה. אָבער דער הונגער לאָזט זיך נישט אויף לאַנג אָפּנאַרן.

און אַזוי קערן מיר זיך אום נאָך פּאַר ליכטיקן אין קאָלכאָז. אויפן וועג, אין עק שטעטל, געפינען מיר אין זאַמד אַ היפּשן „לאָפּ־לאָפּ״. אליהו הנביא׳ס אַרבעט... מיר האָבן די „מציאה״ ניט אַדורכגעלאָזט: צו הונגעריק זענען מיר געווען, מיר זאָלן זיך קאָנען רעכענען מיט היגיענע אָדער עסטעטיק. האָבן מיר פונעם געפּאַרעטן צוקער־בוריק אַראָפּגעשיילט די אויבערשטע שאָלעכץ מיטן זאַמד, זיך צעטיילט און תיכף אויפגעגעסן.

אַבי מיר האָבן כאָטש צו רויכערן. געפּאַקט אויפן באַזאַר אַ ביסל „סאַמאַ־סייקע״. פּאַררויכערן מיר מיט דער „קאָטיושע״. דאָס שטיקל שטאָל מיטן קרעמען און קנייטל ראַטעווען אונדז תמיד מיט זייערע פונקען. אַ ספּעציפישע דערפינ־דונג אינעם רוסישן דלות. הלוואי וואָלט מען אַזוי געקאָנט אַרויסקלאַפּן פונעם שטיינדל ברויט אַנשטאָט פונקען...

## 23

## די עקזעקוציע איבער הינער

האָבן זיך געצויגן טעג ביי דער אַרבעט, ביי די אַריקן. נישט געווען שוין קיין כוח צו גראָבן מיט די רידלען און קעטמאַנס (שאַר־אייזנס) די ערד, צו שלעפּן די זאַנזיבאַרס, צו פּלאַנירן די קוואַדראַטן. די 200 גראַם דזשיגאַרי־מעל, די עטלכע ריבן און בוריקעס אויף אַ מאַן האָבן נאָר נישט געלאָזט שטאַרבן פון הונגער; אָבער לעבן דערפון — און דערצו נאָך אַרבעטן — האָט מען אויך נישט געקאָנט. אונדזער אַרבעט האָט זיך דעריבער ווייניק אָנגעזען. דער בריגאַדיר פּלעגט קומען באַקוקן און האָט געוואַרטשעט צו זיך אַליין. מיט די געציילטע רוסישע ווערטער, וואָס ער האָט געקענט, האָט ער נישט געקאָנט אויסדריקן זיין גאַנצע אומצופרידנקייט מיט אונדז — האָט ער געמוזט זיך צערײדן אויף זיין

שפּראַך, אויף אוזבעקיש, וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אָבער גוט גע־פילט אין דעם טאָן זיינעם.

— נאָן יאָק... גאַלאַדניע... — חזרן מיר אים איבער אונדזער טענה. — נישטאָ קיין כוח צו אַרבעטן.

— ראַבאָטאַ יאַמאַן... יאַמאַן... (די אַרבעט איז שלעכט, שלעכט...), — שאָקלט ער מיטן קאָפּ.

— גאָלאָד יאַמאַן... יאַמאַן... (דער הונגער איז שלעכט... שלעכט...), — ענטפערן מיר אים מיט אַ פּאַראַפראַזע פון זיינע פּאָר ווערטער.

— ראַבאָטאַי יאַכשי! (אַרבעט גוט!), — זאָגט דער בריגאַדיר באַפעלעריש.

— דאַי לעפּיאָשקו — ראַבאָטאַ יאַכשי... (גיב אַ „לעפּיאָשקע", וועט די אַרבעט זיין גוט...), — ענטפערן מיר אים, ווי זיך שפּילנדיק מיט אים.

— לעפּיאָשקאַ יאָק... — ענטפערט ער מעשה־תם, פינטלענדיק מיט די קליינע שוואַרצע אויגעלעך און צושאָקלענדיק מיטן ציגענעם בערדל. — יאָק... יאָק...

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַרויפגעקראָכן אויף זיין „יעשאַק" און אַוועקגעריטן. מיר האָבן זיך, ווי תמיד, אויסגעצויגן אויפן אָנגעשאָטענעם זאַמד, פאַרריסן די קעפּ צום בלויען הימל און געשלונגען די קלאָרע לופט.

— ווי גוט וואָלט געווען, ווען די לופט וואָלט געקאָנט זאַט מאַכן.

— גראָד פאַרקערט: די לופט מאַכט נאָך שאַרפער דעם אַפּעטיט.

און אַזוי ליגנדיק אויפן בערגל זאַמד, און אַזוי קוקנדיק אין דער הימלישער בלויקייט, האָבן מיר זיך געטוישט מיט רייד און לסוף געקומען צום אויספיר, אַז אויך דער דאָזיקער קאָלכאָז איז ניט פאַר אונדז; אַז מיר קאָנען דאָ, אַ חוץ הונגער, גאָרנישט דערוואַרטן. ווער רעדט נאָך וועגן אָפּשפּאָרן עפּעס, כדי צונויפזאַמלען די בויטיקע סומע אויף דער געפּלאַנטער נסיעה אין דערבענטער „גן־עדן"... איז גלייכער וואָס פריִער זיך צו געזעגענען מיטן קאָלכאָז „וואָראָשילאָוו".

מיטן דאָזיקן באַשלוס זענען מיר אַוועק יענעם טאָג פון דער אַרבעט. שבת האָבן מיר אָפּגענומען ביים „זאַווכאָז" דאָס ביסל דזשיגאַרי־מעל, וואָס אונדז קומט און צומאָרגנס — אין „וויכאָדנאָי" — „דאָ סווידאַניאַ!" שוין אויף תמיד. מיר זענען אַוועק אין שטאָט און פאַרקויפט אויפן באַזאַר די פּרוכט פון אונדזערע „טרודאָדני" אומשטיינסגעזאָגט.

מיר זענען אַריין אין אַ „טשאַיכאַנאַ" „אַ הוליע טאָן" ביי גרינעם טיי מיט אַ „לעפּיאָשקע". מיר זיצן דערביי בהרחבה אויף אַ נאַרע בשכנות פון אַ גרופּע אוזבעקן. באַלד קומען צו צו אונדז צוויי פּוילישע יידן, כמעט אינעם זעלבן הולך וואָס מיר — ממש אַ קאָפּיע פון אונדז...

מען צערעדט זיך. אויך זיי ביידע זענען וואַרשעווער. אויך זיי קומען עס פון אַ שכנישן קאַלכאָז. אויך זיי האָבן דאָרט געהאַט זאַלבענאַנד אַ באַזונדער קליינע קיביטקע, מיט אַ נאַרע, מיט אַן איינגעמויערטן קאַסאַן.

און אויך זיי זענען לסוף אַוועק — לצמיתות! — פון זייער „גליקלעכן לעבן״... און געשען איז עס טאַקע היינט.

און איינער פון זיי דערציילט די געשיכטע פון זייער עוקר זיין פון קאַלכאָז. זיינע רייד זענען געמישט מיט תליה־הומאָר; מיט בולטע סימנים פון אמתדיקער אינטעליגענץ. ער רעדט בילדלעך, מעשה־אַקטיאָר, גיט איבער אויך זיין חברס רייד און שטים, זייער גאַנצע רעפּליק:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„איין טאָג קומען מיר, ווי געוויינלעך נאָך זון־פאַרגאַנג, אין דער קיביטקע. מיר מאַכן פייער אונטערן קאַסאַן און גרייטן צו די אָרעמע נאַכטיקע סעודה — די שיטערע „באַלאַנדע״. ביז וואָס־ווען, ביז עס וועט אויפקאָכן דאָס וואַסער האָבן מיר נאָך גענוג צו וואַרטן. קוקן מיר דערווייל אַרויס פון דער אָפענער טיר אויף דעם אַרום. רעכטס פון אונדז איז אַ טויבע וואַנט פון עפּעס אַ גרעסערער קי־ביטקע. אַ וואַנט אָן פענצטער. אַ פּאָר ביימער דערנעבן. קיין מענטשן זעט מען דאָ נישט. בלויז קאַלכאָזנע הינער שפּאַצירן דאָ אַרום און דזשאַבען מיט זייערע פּיקערס און נישטערן אין דער ערד. אַ פּאָר הינער האָבן זיך שוין אַרויפגעכאַפּט אויף אַ בוים — צום נאַכטלעגער.

אונדזערע בליקן שטעלן זיך אָפּ אויף די אַרומשפּאַצירנדיקע הינער.

— איר זעט? הינער.

— קאַלכאָזנע הינער.

מיר קוקן זיך אַ ווייל אָן — מיר האָבן זיך ביידע אין דער רגע פאַרשטאַנען. איין און דער זעלבער געדאַנק איז אונדז ביידן גלייכצייטיק איינגעפאַלן.

— הינער... האַ?

— ווי מיינט איר?...

— אפשר אַ פּלאַן?...

— כ׳מיין אויך אַזוי. אַ מצווה אויפן קאַלכאָז. זיי, די אוזבעקן, הייסן אונדז גראָבן אַריקן און לאָזן אונדז הונגערן.

— גערעכט לכל הדעות.

— אַפילו פאַרן „לא תגנב״.

אַזוי האָט זיך געוועבט אונדזער דיאַלאָג אין אָנבליק פונעם גרויסן נסיון — די קאַלכאָזנע הינער, וואָס האָבן זיך אומגעדרייט אַנטקעגן אונדזער טירל און געוועקט אונדזער יצר־הרע.

— לאָמיר שחטן אַ הינדל און מאַכן יום־טוב.

— לאָמיר... אַ מצווה, כ'לעבן...

מיר זענען ביידע פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גלענצנדיקער „אידייע". מיר האָבן עס איינער דעם אַנדערן קלאָר אויסגעטייטשט און „פאָרמולירט":

„גנבה" ביי די סאָוועטישע באַדינגונגען שטייט בכלל אויף אַן אַנדער פלאַך. די געזעלשאַפט האָט אַן אַנדער באַגריף און אַן אַנדער פאַרשטעלונג וועגן דעם. דער אמתער „לא תגנב" איז באַשאַפן געוואָרן פאַר נאָרמאַלע באַדינגונגען, פאַר זאַטע מענטשן; אָבער נישט פאַר הונגעריקע, וואָס געפינען זיך פערמאַנענט אין סטאַדיע פון פּקוח־ נפש... דאָס גאַנצע לאַנד דאָ טוט אַלץ, אַבי זיך צו ראַטעווען פון אַ הונגער־טויט. דאָ לעבט מען נישט, נאָר מען ראַטעוועט זיך... און ווער עס קאָן זיך נאָר „אַן עצה געבן", רעספּעקטירט ניט דעם אַכטן געבאָט פון די „עשרת הדברות"... ווייל ס'איז דאָך אויך נישטאָ אין דעם לאַנד קיין נאָרמע, וואָס פאַר־זיכערט דעם אַרבעטער ברויט צו דער זאַט. איז פאַרוואָס זשע זאָל דער אַרבע־טער יאָ אָפּהיטן דעם „לא תגנב" לגבי זיין באַלעבאָס, בעת דער באַלעבאָס זיינער זינדיקט פאַרברעכעריש לגבי אים און לאָזט אים הונגערן פאַר זיין אַרבעט? די שולד, די זינד איז נישט פונעם הונגעריקן אַרבעטער, נאָר פון די, וואָס צאָלן דעם אַרבעטער מיט הונגער. פאַראַן, הייסט עס, אַ לאָגישער „היתר" פאַר אַלע הונגע־ריקע. איז דעריבער טאַקע „אָרדנט" זיך יעדער איין ווי אַזוי נאָר ער קאָן. אויב פאַר די אָרטיקע, פאַר די סאָוועטישע בירגער, איז לייכטער זיך „איינצו־אָרדענען"; יעדער איינער ווייס דאָך „ווו־איין און ווו־אויס" — איז אָבער פאַר די מענטשן פון נע־ונד, פאַר די פּליטים, דער ענין נישט אַזאַ לייכ־טער. בפרט פאַר די יעניקע, וועלכע אַרבעטן אין די קאָלכאָזן. אומשטיינס געזאָגט, מיט וואָס זיי קאָנען זיך דאָ „ראַטעווען". מיט דער אויסגעגראָבענער ערד פון די אַריקן? מיט די וויסטע שטענגלעך פונעם „כלאָפּאָק"? מיטן ווילדן גראָז אויף די סטעפּעס?

אויפן באַזאַר אין גיזשדוואַן האָט אַן אונדזעריקער, אַ פּליט פון פּוילן, אונדז דערציילט: די הונגעריקע פּליטים פון זייער קאָלכאָז האָבן געכאַפּט אויפן פעלד אַ קאָלכאָזנעם ראַסאָוון הונט און אים געשאָכטן. געשאָכטן, צורעכט געמאַכט, אָפּ־געבראָטן און אויפגעגעסן. איז געוואָרן אַ טומל אין קאָלכאָז. דער ראַיס איז אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע אין „נ.ק.וו.ד." אָבער גראָד די „נ.ק.וו.ד." האָט נישט רעאַגירט: זי האָט אַ האַרץ אויף די אוזבעקן צוליב די „אַלטע חשבונות". אדרבה, די „נ.ק.וו.ד." האָט נאָך אויסגעמוסרט דעם ראַיס: „אויב די מענטשן אַרבעטן — קאָרמע זיי". דער דאָזיקער פאַל האָט דערמוטיקט אַ ביסל די פּליטים פון דער געגנט און מ'האָט געטאָן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אַבי נישט אויסצוגיין פון הונגער.

ס׳האָט שוין געטראָפן אין אַנדערע שכנותדיקע קאָלכאָזן, אַז די פּליטים־אַרבעטער האָבן בגנבה „פּאַרטיק געמאַכט" שעפּסן, קעלבער. דער הונגער האָט גאָרנישט געלאָזט טראַכטן, צי ס׳איז גוט אַזוי, אָדער שלעכט. אין אַן עת־צרה ראַטעוועט מען זיך אויב מ׳קאָן. אין סאָוועט־רוסלאַנד גנבעט מען נישט — מען ראַטעוועט זיך...

דאָס אַלץ האָבן מיר איינער דעם אַנדערן מסביר געווען — הגם ס׳איז שוין לאַנג קלאָר געווען דער דאָזיקער ענין, — סיי פאַר מיר, סיי פאַר מיין אח לצרה.

און נאָך אַזאַ „טעאָרעטישער" אויסטייטשונג און „פּרעלודיע" הויבן מיר אָן צו „פלירטעווען" מיט די הינער...

— טשיפּ־טשיפּ־טשיפּ!... — רופן מיר ביידע אַ הון, וואָס האָט זיך דער־נענטערט צו אונדזער קיביטקע. אַ ווייסע הון, אַ ווייסע כפּרה...

— טשיפּ־טשיפּ־טשיפּ!...

מיר גייען אַריין אינעווייניק, מאַכן פריי דאָס טירל און נעמען שיטן פון אויבן אַראָפּ אַ ביסל זאַמד, זי זאָל מיינען, אַז דאָס זענען קערנדלעך. די הון פאַרריסט דאָס קעפּל, קוקט אונדז אַ ווײַלע אָן, ווי מיט אַ פרעג־צייכן, ווי איי־נער זאָגט: איר מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת?...

— טשיפּ־טשיפּ־טשיפּ!...

די נאַרישע הון האָט זיך לסוף דעצידירט און אַריינגעטאַנצט צו אונדז אין קיביטקע אַריין. מיר האָבן שנעל פאַרמאַכט די טיר.

דער שוחט איז געווען מיין חבר און איך האָב די הון „כשר געמאַכט". מ׳האָט זי שנעל אָפּגעפּליקט, די פעדערן פאָרזיכטיק אַריינגעלייגט אין אַ טאָרבעלע, עס זאָלן נישט בלייבן קיין שפּורן. אין טאָרבעלע האָבן מיר אויך אַריינגעוואָרפן דעם דרויב: דאָס קעפּל, פיסלעך, מעגעלע. אַלץ פאַרפּאַקט. און אַז ס׳איז גוט פינצטער געוואָרן, האָט מיין חבר פאָרזיכטיק אַרויסגעטראָגן דאָס טאָרבעלע און פאַרגראָבן אויפן פעלד.

די צורעכט געמאַכטע הון איז געגאַנגען אין קאַסאַן. מיר האָבן פלייסיק אונטערגעלייגט די טרוקענע „כלאַפּאַק"־שטענגלעך אונטערן קעסל און אומגע־דולדיק געוואַרט אויף דער יום־טובדיקער סעודה.

שפּעט ביינאַכט האָבן מיר זיך בשתיקה און אין דער פינצטער גענומען צו דער אכילה. מיר האָבן געגעסן די הון אַזוי ווי קימפּעטאָרינס: אָן ברויט... וואָלט געווען כאָטש אַ פיצל „לעפּיאָשקע" צו דער הון! אַ ביסעלע זאַלץ! מיר האָבן די הון שנעל אויפגענאַשט און נאָכדעם גענומען זיך צו דער „גאָלדענער יויך"... אָבער צופיל וואַסער געווען אין קעסל עס זאָל אויף אַ סך ענדערן דעם טעם...

קוים, קוים... מ׳האָט זיך געדאַרפט גוט אַריינטיפן אינעם טעם, כדי אַרויסצו־פילן די הון...

— איר פילט די הון אין דער יויך? — פרעגט מיין חבר.

— דאַכט זיך, אַז יאָ...

— נישט געווען אַזאַ פעטע הון... אַפילו די הינער אין קאָלכאָז עסן זיך נישט איבער...

— פונדעסטוועגן זענען מיר געוואָרן פליישיק...

— טאַקע נאָר פליישיק; אָבער נישט זאַט.

— וואָס זשע ווילט איר, אַז די אָרעמע הון זאָל נאָך אייך באַזאָרגן מיט אַ „לעפּיאָשקע״, כדי איר זאָלט פון איר מער הנאה האָבן?

— יאָ, דאָס וואָלט שוין מצד דער הון געווען לפנים משורת הדין...

מיט דעם דאָזיקן אָוונט האָט זיך די „שחיטה״ נישט געענדיקט. איין מאָל טועם געווען — האָט אונדז דער יצר־הרע ווייטער געלאָקט. אויף דרויסן, אַנט־קעגן אונדזער קיביטקע, האָבן דאָך אומגעשפּאַצירט נאָך אַנדערע הינער — בלויז מיט איינער ווייניקער. בשכנות אויף די עטלעכע ביימער איז דאָך זייער נאַכט־לעגער געווען.

האָט זיך עס ווייטער איבערגעחזרט. מיין חבר איז געווען דער שוחט און איך — דער „כשר־מאַכער״...

עטלעכע נעכט האָבן מיר אַזוי געפּראַוועט אַ יום־טובדיקע סעודה מיט עוף. מיר האָבן זיך שוין בעסער איינגעאָרדנט: פון דער דזשיגאַרי־מעל האָבן מיר מער נישט געמאַכט קיין „באַלאַנדע״, נאָר אַ פּאָר „לעפּיאָשקעס״. „לעפּיאָשקע״ מיט הון האָט שוין געהאַט מער זין און מער טעם. מיר האָבן שוין נישט געגעסן אַזוי ווי די קימפּעטאָרינס. אַגב האָבן מיר שוין ווייניקער וואַסער אָנגעגאָסן אין קאַסאַן און ערשט איצט האָבן מיר דערפילט דעם טעם פון אַ „גאָלדענער יויך״... קיין זאַלץ האָבן מיר נאָך אָבער אַלץ נישט געהאַט. אין אונדזער קאָלכאָז זענען קיין זאַלץ־גרובנס נישטאָ און אויב מען דאַרף עס ברענגען פון ערגעץ אַנדערש — פעלט עס שוין, איז עס נישטאָ. „נישטאָ קיין טראַנספּאָרט״!... — איז תמיד דער ענטפער. איז מילא, איז אָן זאַלץ. זאָל זיך אונדז דאַכטן, אַז מיר זענען נירן־קראַנקע...

איין אָוונט האָבן מיר געהאַט אַ פיינלעכע פּאַסירונג: נאָכן שעכטן אַ הינדל האָט דער „שוחט״ עס אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל, הינטערן קאַסאַן. ס׳איז נאָך געווען ליכטיקלעך און מיר האָבן, פון זיכערקייט־וועגן, געוואָרט נאָך אַ ביסל מיטן מאַכן עס צורעכט. מיר האָבן דערוויילע געעפנט דאָס טירל פון קיביטקע און אַרויסגעקוקט ביי דער שוועל צום פאַרנאַכט. פּלוצלונג דערשפּירן מיר, ווי עפּעס

אַ לעבעדיקע זאַך טוט זיך אַ שאַר צווישן אונדזערע פיס און פליט אַרויס אין דרויסן: די הון! די הון! ווייזט זיך אַרויס, אַז דער „שוחט" האָט זי נישט דערשאָכטן.

די הון פּאַטשט מיט די פליגל איבער דער ערד, פּרוווט לויפן. פון העלדזל קאַפּעט בלוט און לאָזט נאָך זיך אַ רויטן שפּור פון אונדזער קיביטקע און ווייטער.

מיר זענען ביידע בלאַס געוואָרן פון שרעק. מיין חבר כאַפּט זיך גלייך וואָס עס בלייבט צו טאָן: ער טוט זיך שנעל אַ יאָג נאָך דער הון. צו גיך לויפן האָט זי שוין אָפּנים נישט געקאָנט. ער האָט זי באַלד געכאַפּט, אַ נעם געטאָן פאַרן העלדזל זי זאָל נישט מאַכן קיין גוואַלד און — צוריק אין קיביטקע אַריין. אַ נס, וואָס קיין ילוד אשה האָט זיך בעת־מעשה נישט געוויזן.

די הינער האָבן אונדז טאַקע געשמעקט ביינאַכט צו דער וועטשערע; אָבער קיין צופיל כוחות צו דער אַרבעט ביי די אַריקן איז אונדז נישט צוגעקומען. איז וואָס זשע דער תכלית צו זיצן דאָ אין קאָלכאָז און מיט יעדן טאָג וועגעטירן, פאַרצערט ווערן?... וואַרטן ווידער, אַז אין קאָלכאָז זאָל קומען אַ פאַרבעסערונג? ס'זעט זיך נישט פאַר. נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן פון די אוזבעקן... אַז זיי אַליין ווערן די כפרה פאַר אַ „לעפּיאָשקע"... „נאָן יאָק"... — הערט מען רק פון זיי דאָס קלאָג־לידל... היינט וואָס זשע קאָן אונדז געבן דאָס וואַרטן און פאַרלירן די כוחות ?

האָבן מיר באַשלאָסן עוקר צו זיין פון קאָלכאָז, און טאַקע גלייך דעם ערשטן „וויכאָדנאָי".

היינט זענען מיר אויפגעשטאַנען באַגינען, פריִער ווי תמיד. מיר האָבן אַריינגענאַרט נאָך אַ הינדל — ווי אַ „צידה לדרך"... די דאָזיקע הון האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו שעכטן, נאָר צו טוישן אין גיזשדוואַן אויף ברויט. נישקשה, פאַר אונדזער פּראַצע ביי די אַריקן קומט אונדז אַ סך אַ גרעסערער שכר ווי אַ הינדל, בפרט אַז פאַר די לעצטע טעג האָבן מיר אַפילו קיין דזשיגאַרי־מעל אויך נישט באַקומען. ס'האָט אויסגעפּעלט אין מאַגאַזין. אַפילו דאָס ביסל דזשיגאַרי־מעל באַטרעפט דאָך מערער. דאָס גיט אונדז אויך אַ היתר...

האָבן מיר אַריינגעלייגט די הון אין אַ רוקזאַק און — הולך! געגאַנגען! אַ ביסל האָב איך געטראָגן יענעם רוקזאַק, אַ ביסל מיין חבר, כדי צו טיילן זיך אויף גלייכע חלקים אויך מיט דער שרעק און געפאַר...

אַוועק מיטן וועג צום שטעטל, צום גיזשדוואַנער באַזאַר.

אויפן וועג גייען אונדז אַנטקעגן פון דער ווייטנס עטלעכע אוזבעקן. מיר האָבן מורא געהאַט די הון זאָל זיך נישט לאָזן הערן פון רוקזאַק. ווייל אַ פּאָר מאָל אויפן וועג האָט זי זיך שוין געהאַט צעקוואָקעט. זענען מיר געפאַלן אויף אַ „טריק": ווי נאָר די אוזבעקן האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט, האָבן מיר זיך

כלומרשט געגומען קריגן אויף אַ הויכן קול. מיר האָבן געמאַכט מיט די הענט, געשריִען איינער אויפן אַנדערן און — פאַרשריִען די קוואָקעכע אין רוקזאַק.

מיר זענען אָנגעקומען בשלום אויפן גיזשדוואָגער באַזאַר. מיר האָבן גענומען זוכן אַ פּאַסיקן קונה. גראַד טרעפן מיר אָן אַן עלטערן ייִד מיט אַ באָרד.

מיר פאַרפירן מיט אים אַ שמועס. מיר פרעגן כלומרשט ווו עס איז דאָ פאַראַן אַ „סטאָלאָווקע".

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? איך עס נישט אין קיין טריפהנע „סטאָלאָווקעס".

— איז אייך גוט, זיידעשי, אַז איר האָט אַ היים... אַ שטוב...

— ווער האָט דאָ אַ שטוב? מיין שטוב איז שוין איצט ביים דייטש ימח שמו.

— אַ „ביעזשעניעץ"?

— ווי דען?

— פון וואַנען?

— פון הינטער מינסק.

— זענען נאָך פאַראַן ביי אייך ייִדן מיט בערד?... פרומע ייִדן?...

— קיין סך טאַקע נישטאָ... נאָר זקנים... אַזוי ווי איך... פרעגט זשע בעסער נישט... און איר זענט מסתמא פון פוילן?

— געטראָפן, זיידעשי.

— ייִדן זענען נעבעך פאַרוואָגלט געוואָרן. באַשערט אייך נעבעך אריינצופאַלן אין אונדזער מדינה...

— גלייך אין גן־עדן אַריין, זיידעשי.

— לאָמיר בעסער נישט ריידן.

אַז מיר האָבן שוין פאַר זיך אַ ייִד, פרעגן מיר אים אפשר וויס ער ווער עס קאָן זיין אַ בעלן אויף אַ הון.

— אַ טויטע? איך עס נישט קיין טרפות.

— ניין, אַ לעבעדיקע.

— אדרבה, ווייזט, לאָמיר אָנקוקן.

— ווער וועט אייך שעכטן די הון?

— ווער? גראַד בין איך אַליין אַמאָל געווען אַ שוחט.

— איז דאָך גאָר גוט. טאָ קומט צו אייך אין הויז, וועלן מיר אייך ווייזן.

— אדרבה.

זענען מיר אַוועק מיט דעם ייִדן צו אים אין שטוב אַריין. אויפן וועג פרעגט ער אונדז נאָך, צי מיר האָבן אפשר אויך אַ ביסל ווייץ.

— צו וואָס דווקא ווייץ?

— כ׳וויל מיר עס באַהאַלטן אויף פּסח צו מצות. די מעל איז דאָך דאָ חמצדיק.

— אַזוי פרי? ס׳איז נאָך ערשט יאַנואַר.

— דאָ איז גלייכער אַנצוגרייטן באַצייטנס. ס׳איז נישט שטענדיק אַזוי לייכט צו קריגן.

— ניין, ר׳ ייִד, מיט קיין ווייץ האַנדלען מיר נישט. מיר האָבן נאָר דאָס הינדל.

געקומען אין שטוב אַריין. אַ קיביטקע אין אַ העק. אין דער דאַזיקער קי־ביטקע האָט דער ייִד אַ קעמערל צוזאַמען מיט זיין אַלטער. אַ זייער פאַרעלטערטע ייִדענע, וואָס ליגט אויף אַ פּריטשע צוגעדעקט מיט שמאַטעס.

— ווי לעבט זיך אייך דאָ, ר׳ ייִד, אין דאַזיקן „פּאַלאַץ״?

— לאַכט נאָר נישט אָפּ פון אונדזער דלות. וואָלט נאָר געווען אַ שטיקל ברויט אין שטוב.

— וואָס הייסט? איר לעבט גאָר אָן ברויט? זאָגט אונדז ווי אַזוי, וועלן מיר אויך אַזוי טאָן...

— מיר קריגן אויף „איזשדעווענטשעסקי״ *) קאַרטאָטשקעס צו 400 גראַם ברויט אַ טאָג; מער גאָרנישט. צי קאָן מען לעבן דערפון? איז טאַקע די אַלטע קראַנק, נישט פאַר קיינעם געדאַכט. ליגט מער ווי זי גייט אַרום. זאָל דער אויבערשטער געבן כוחות אויסצוהאַלטן. אַז מ׳איז געזעסן אין דער היים, האָט מען זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. די קינדער פלעגן עפּעס אַריינברענגען אין שטוב אַריין, פלעגט זי האָבן וואָס אָפּצוקאָכן. איצט אָבער... דאָ אין דער פרעמד... און אַלט איז מען...

— ווו זענען אייערע קינדער?

— ווו אַלע קינדער — אין דער אַרמיי. צוויי זין, זענען ביידע אויפן פראָנט. שוין לאַנג פון זיי קיין ידיעה נישט געהאַט. ווער ווייס... ווער ווייס... נו? — כאַפּט זיך באַלד דער ייִד, — וואָס קומט אייך פאַר דער הון? אויב נישט טייער וועלן מיר זי קויפן. נאָך געבליבן ביי אונדז אַ פּאָר גראָשן פאַרן פאַרקויפטן לעצטן מלבוש. אַ „קאָזשינקע״ (לעדערנע קורטקע), וואָס איז געבליבן פון איין זון.

אַ רובל אַרויף, אַ רובל אַראָפּ — מיר זענען מיטן ייִדן דורכגעקומען. האָבן מיר שוין אַ ביסל געלט און מיר לאָזן זיך צוריק צום באַזאַר.

האָבן מיר טאַקע היינט אַ זאַטן טאָג: שוין געגעסן „לעפּיאָשקעס״, געטריקנטן שאָפן־קעז, טאָמאַטן און פאַרטרונקען מיט גרינעם טיי.

---

*) ברויט־קאַרטן פאַר נישט־אַרבעטנדיקע — זקנים און קינדער.

אויך מיר זענען איצט — ווי אַלע סאָוועטישע בירגער... — דערגאַנגען דעם סוד ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

***

נאָכן „זאַט ווערן" מיטן גרינעם טיי, נאָכן אויסהערן די אויסטערלישע, קאָמישע און געוויטיקלעכע געשיכטע פון די צוויי פּליטים — אונדזערע „קאָפּיעס"... — האָבן מיר זיך מיט זיי געזעגנט.

פון „טשאַיכאַנאַ" — ווידער אויפן באַזאַר. וווּהין דען אַנדערש קאָן מען דאָ גיין? אויפן באַזאַר טרעפט מען אַמאָל צופעליק אַ היימישן ייִד.

דער באַזאַר איז ברייט און גרויס. אָבער דער עולם איז אויך גענוג גרויס און פּילט אים אויס ביז איבער די ברעגעס. פּליטים — אונדזערע פּוילישע ייִדן — פּלאָנטערן זיך דאָ און דאָרט. מען דערקענט זיי שוין אָן זייער הולך... די פּוילישע „פּאַזשיוויעץ" זיך דאָ אַרום די אוזבעקן מיט זייערע זעק פּראָדוקטן... ווער עס בעט, ווער עס בעטלט... ווער עס נעמט זיך אַליין... ווי נאָר אַן אוזבעק דרייט אויס דעם קאָפּ אָן אַ זייט, איז שוין אַ ריב, צי אַ טאַמאַט ביי אַ פּוילישן אין קעשענע... עס האָבן זיך שוין אפּנים אַ סך פון אונדזעריקע אויסגעלערנט די „מלאכה"... לכתחילה גייט מען צו צו פאַרזוכן לעגאַל אַ קליין פּעניצל „לאַפּ-לאַפּ", וואָס דער אוזבעק דערלאַנגט יעדן קונה. שפּעטער, פּלאָנטערנדיק זיך אַזוי צווישן די זעק, נוצט מען שוין אויס אַ שעת-הכושר און מ'טוט פלינק אַ כאַפּ עפּעס פון אַ זאַק...

ביי די זעק „סאַמאָסייקע" איז אַ געוואַלטיקע באַלאַגערונג. אַלע פּוילישע ווייסן שוין פון דעם „טריק": מ'גייט אום מיט אַ שטיקל צייטונג-פּאַפּיר פון זאַק צו זאַק נאָך אַ ביסעלע מאַכאָרקע צום פּרובירן, און אַנשטאָט צו רויכערן, שיט מען אויס אין קעשענע. און פון די אַלע קרישלעך ווערט אַמאָל פול די קעשענע. האָט מען דאַן פאַר זיך אַליין צום רויכערן און עס קלעקט נאָך צום פאַרקויפן אין קאָלכאָז אָדער צו טוישן אויף אַ „לעפּיאָשקע". אַלע, הייסט עס, זענען שוין די זעלבע חכמים. אַלעמען האָט דאָ די נויט אויסגעלערנט די זעלבע „טריקן" — ווי אַזוי זיך „איינצואָרדענען". עס ווייסן שוין פון דעם „אָבמאַן" (שווינדל) אויך טייל אוזבעקן, און אַז זיי דערזעען אַ פּוילישן, טרייבן זיי פון זיך:

— פּישאָל, פּאָליאַק...

און אַמאָל נאָך ערגער:

— פּישאָל, יעוורעי...

און גאָר, גאָר ערגער אויך:

— פּישאָל, זשיד...

אַזוי האָבן זיי זיך אומגעדרייט, די פּוילישע יידן, צעשפּרייטע פון שטורעם, אומעטום, איבער אַלע באַזאַרן — אין בוכאַרע ווי אין קאַגאַן, אין גיזשדוואַן ווי אין טאַשקענט און סאַמאַרקאַנד, אין אַלע שטעט און שטעטלעך פונעם גרויסן רוסלאַנד. פּליטים פון אַלע עקן פּוילן. אַחינו בני ישראל אין טראַנטעס און לאַכעס, פאַרוואָרלאָזטע. יידן פון מיין וואַרשע. יידן — געוועזענע סוחרים פון גענשע און נאַלעווקעס... געוועזענע לערערס, בוכהאַלטאָרן, אַנגעשטעלטע... אַרבעטער און איב־טעליגענץ... געוועזענע פיינשמעקער; אין אייראָפּעיִשע אַנציגער, קאַפּעליושן און עלעגאַנטע שיך... דאָ האָבן זיי אַלע דעם צלם־מענטש פאַרלוירן... אַלע אין אָפּגע־שאָסענע פופייקעס, אין אויסטערלישע היטלען מיט „באַאושניקעס", אין צעפליק־טע אַרבעטס־שיך... ביי טייל זענען די שיך ארומגעגאַרטלט מיט שטריקלעך, כדי די אָפּגעריסענע פאָדעשוועס זאָלן אינגאַנצן נישט אָפּפאַלן... מיט פּנימער פאַר־חושכטע, ווילד־פאַרוואָקסענע, זעלטן־געוואַשענע...

אַ כוואַליע פון עלנט, פון אָרעמשאַפט...

יידישע פּליטים פון פּוילן! ווי די „בראָדיאַגעס" שלאָנדערן זיי זיך דאָ אַרום אויף די וועגן... אויף די באַזאַרן... אין די „טשאַיכאַנאַס"... רק מ'זוכט, מ'נישטערט ווו עפּעס אַ כאַפּ צו טאָן, אַ ביס צו טאָן, כדי דאָס חיות צו דערהאַלטן...

בעטן זיי, בעטלען זיי:

— אקא, דאַי גאַלאָדנאַמו... (ברודער, גיב אַ הונגעריקן...).

— אפּא, דאַי שאלראם... (שוועסטער, גיב אַ ריב...).

אָט איז אַ רעדל פון פּוילישע אין אַ ווינקל פון באַזאַר. מיר בלייבן שטיין. וואָס איז געשען?

אויף דער ערד ליגט איינער אַ פאַרחלשטער. אַוועקגעפאַלן פון הונגער און דערשעפּונג. מען מינטערט אים. מען שטופּט אים אין מויל וואַסער פון אַ קעסעלע.

— וואָס גיט איר אים וואַסער? ברויט אַ שטיקל גיט אים! — רופט זיך אָפּ איינער פון רעדל.

— אדרבה, אפשר האָט איר אַ שטיקל ברויט פאַר אים?

איך קוק זיך צו צום קרוע־בלויהניק, וואָס ליגט אויף דער ערד. זיין פּנים איז געל ווי וואַקס. די הענט מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

— ווער איז ער, דער ייִד?

— אַ וואַרשעווער... פון אַ קאַלכאָז...

און אַ צווייטער גיט צו:

— ווען איר קענט אים פון דער היים... פון וואַרשע... אַ שעף אין אַ באַנק

געווען... ווען איר זעט זיין דירה אויף עלעקטאָראַלנע... זייך „שטאַט", זיין פרוי, זיינע קינדערלעך...

ס'איז צוגעקומען אַ מיליציאָנער.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ „סבאָר"?

— אַ קראַנקער... געפאַלן פון הונגער...

— פירט אים אין אַמבולאַטאָריע!

האָבן זיינע חברים פון קאַלכאָז אויפגעהויבן דעם פאַרחלשטן און אונטער די אָרעמס אים אַרויסגעפירט פון באַזאַר.

וועט אים די אַמבולאַטאָריע געבן נאָר חלשות־טראָפּנס, אָדער אויך — ברויט? — — —

מיר בלאָנקען ווייטער צווישן דער מאַסע, שמועסן מיט אונדזערע ברידער־פּליטים.

געציילטע נאָר טיילן זיך אויס פון די קרוע־בלויהניקעס. דאָס זענען די „אויסטויגער"; די וואָס קאָנען זיך אומעטום און ביי אַלע אומשטענדן אַן עצה געבן, קאָמבינירן; די וואָס האָבן אַ סוחרישע „זשילקע" אין זיך; די וואָס האָבן באַלד איינגעזען, אַז אין קאַלכאָז קאָן מען נאָר געשוואָלן ווערן פון הונגער. האָבן זיי זיך באַלד געכאַפּט צו מסחר. האַנדלען זיי, וואַנדלען זיי. גייען זיי אום צווישן דעם געדיכטן עולם אוזבעקן און פאַרקויפן: העמדער, קאַלעסאָנען, שיך, שוועבע־לעך, זייף, טיי... וואָס איינער האָט נאָר „דאָביוועט" צום האַנדל. די דאָזיקע פוי־לישע זענען טאַקע זאַט און האָבן אַן אַנדער פּנים. זיי קאָנען זיך פאַרגינען צו קויפן „לעפּיאָשקעס", אַ פלאַש מילך, אַ „פּיאַלע" קאַטיק (זויער־מילך). זיי זענען אויך בעסער אָנגעטאָן: אַ נייערע פופייקע, אַ פּאָר גוטע אַרבעט־שיך, אָדער גאָר שטיוול מיט גלאַנציקע כאַליעוועס. זיי זענען נישט קיין שלימזלס — זיי קאָנען זיך „איינאָרדענען".

מיט עטלעכע פון די דאָזיקע בעסער־סיטואירטע פּליטים, מיט די „סוחרים", כאַפּן מיר אַ שמועס. דערציילן זיי, מאַכן דעם חשבון: „אין די אַלע קאַלכאָזן איז דאָ אַ הונגער. ס'איז איינער נישט בעסער פון אַנדערן. אומעטום באַקומען די אַרבעטער דעם זעלבן „סוכאָי פּאַיאָק" (טרוקענע פּראָדוקטן): 200 גראַם דזשי־גאַרי־מעל, אַ קליין ביסל גרינוואַרג און דאָס אַלץ. קיין פלייש, קיין פעטס. נו, קאָן מען דען לעבן דערפון? לוינט זיך עס צו גיין פּראַצעווען פאַר „זיי"? זאָל „זיי" קיין גוטער יִיד נישט קענען... איז שוין גלייכער אומגיין שלינג־און־שלאַנג... קו־מען אויפן באַזאַר, כאַפּן אַ מסחרל".

און אַזוי טענהן אויך אַנדערע פּליטים, וועלכע האָבן אפילו נישט מיט וואָס צו האַנדלען־וואַנדלען. גלייכער, זאָגן זיי, צו זיין פריי. אפשר וועט פּאַרט געשען

אַ נס... אפשר וועט מען פּאַרט געפינען עפּעס אַן אַרבעט, וואָס קאָן געבן ברויט צו דער זאַט... דרייען זיי זיך אַרום הפקרדיק אויף די באַזאַרן, זוכן, נישטערן... און ווער עס ווערט מיד, ווען עס ווערט נמאס אַזאַ בראָדיאַגעווען — גיט זיך אונטער און פרוווט ווידער גיין אין קאָלכאָז. אָבער נישט אויף לאַנג: די פּראַצע און הונגער לאָזן לאַנג נישט איינזיצן. שלאָגט מען ווידער כפרות מיט די קאָל־כאָזנע „גליקן" און מ׳לויפט צוריק וווהין די אויגן טראָגן.

מיר פרעגן ביי די דאָזיקע פּוילישע ייִדן, צי האָבן זיי נישט באַגעגנט ערגעץ ייִדישע שרייבער? דערציילט אונדז איינער אַ וואַרשעווער, אַז אין בוכאַרע האָט ער געטראָפן דעם יונגן שרייבער משה וואַלדמאַן. ער וווינט טאַקע דאָרט כסדר מיט זיין פרוי און קינד. ער אַרבעט דאָרט אין אַ שניידער־אַרטעל.

עס אינטריגירט אונדז ביידן דער פאַקט: אַ שרייבער זיצט אויף אַן אָרט און אַרבעט אין אַן אַרטעל. טשיקאַווע. אפשר וועלן מיר דאָרטן אויך געפינען אַזאַ „גליק"?

מיר פאַסן ביידע שנעל אַ באַשלוס:

— קיין בוכאַרע!

— קיין בוכאַרע!

ווי גרינג זענען מיר עס געווען אויפן גאַנג! עס האָט אונדז דאָך קיין שום זאַך נישט צוגעהאַלטן אינעם הפקר: נישט קיין היים, נישט קיין פרוי, נישט קיין קינד, נישט קיין האָב און גוטס... אַז דער גאַנצער פאַרמעגן איז נאָר געווען דער רוקזאַק מיטן אַלטן פּאָרל וועש צום טוישן, מיטן שמאַטקע־האַנטוכל, מיט דער אַלטער גאָל־מאַשינקעלע אויף אָפּצוהיטן כאָטש די מענטשלעכע מראה. דאָס אַלץ! אַ לייכטער „באַגאַזש"! ער שטערט נישט, מ׳זאָל צו יעדער רגע, אַפילו אין מיטן נאַכט, זיך קאָנען גלייך לאָזן אין יעטוועדן וועג אַריין.

פון באַזאַר גייען מיר אַוועק געוואָר ווערן וואָס עס מאַכט פּיסאַטי. אפשר איז ער שוין געזונט, וועלן מיר אים אויך מיטנעמען אין וועג אַריין. קריגן מיר זיך אַריין אין הויף פון שפּיטאָל און גייען צו צו יענעם פענצטער, דורך וועלכן מיר האָבן דאָס לעצטע מאָל געזען פּיסאַטין אַ ריידנדיקן פון היץ.

יאָ, ער איז נאָך דאָ, פּיסאַטי, אין זעלבן בעטל. ער ליגט ווי אַ פאַרחלשטער, ווי אַ שלאָפנדיקער.

מיר דערוואַרטן זיך אויף דער „סעסטריצאַ" און פרעגן איר אויס וועגן אונדזער קראַנקן „טאָוואַרישטש". דערציילט זי אונדז, אַז צום טיפוס איז אים נאָך צוגעפאַלן אַ שווערער בראָנכיט. מסתמא זענען ביי אים די לונגען אַ ביסל פאַרכאַפּט.

— אָבער, ווי מיינט איר, סעסטריצאַ, ער וועט כאָטש געזונט ווערן?

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען:
— אַ קטאָ יעוואָ זנאַיעט... זאַוויסיט... (ווער ווייס אים... עס ווענדט זיך...).
און זי איז אײליק אַוועק ווייטער.

מיר זענען נאָך אַמאָל צוגעגאַנגען צום פענצטער און געוואָרפן ווידער אַ בליק אויפן חולה, געזעגענענדיק זיך מיט אים.

— אָרעמער פּיסאַטי! צערונען דיין חלום וועגן דערבענט — — —
באַטריבטע זענען מיר אַוועק פון שפּיטאָל.

מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין אַ „טשאַיכאַנאַ" און באַלד אין דער פרי — ווידער אין וועג אַריין. צופוס קיין קזיל־טעפּע. צוריק אַהין, פון וואַנען מיר זענען געקומען און פון וואַנען מען קאָן פאָרן מיט אַ באַן קיין בוכאַרע.

קזיל־טעפּע! רויטער טורעם הייסט עס אויף אוזבעקיש. דער נאָמען איז טאַקע זייער אַ וויל־קלינגעוודיקער, אָבער ס'איז אַ גרויער, אָרעמער ישוב אויף דער אוזבעקישער פאַראָרעמטער ערד. אַ חוץ אַ „טשאַיכאַנאַ" און אַ חוץ הונגער איז דאָרט מער איצט גאָר נישטאָ...

## 24

## אַ זילבערנער לעפל...

אין קזיל־טעפּע כאַפּן מיר זיך אַריין אין אַ ליידיקן פּרימיטיוון פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס שטייט אויף אַ זייטיקער ליניע. קיין לאָקאָמאָטיוו איז צום צוג נישט צוגעטשעפּעט און מ'ווייסט נישט ווען ער וועט אָפּגיין. מילא, מיר האָבן דאָך צייט. דערוויַיל איז אויך אַ קרן צו פאַרברענגען אַ פּאָר טעג אין אַ וואַגאָן, אויף אַ באַנק, אַבי נישט אונטערן פרייען הימל. די נעכט זענען קאַלטע און נעמען דורך די ביינער. די איינציקע „טשאַיכאַנאַ" איז איבערגעפּולט מיט אַ שטענדיקן עולם היימלאָזע. די עשאַלאָנען ליפערן כסדר פון טאַשקענטער זייט די מענטשן אָן אַ היים. אַלע טאָג, אַלע טאָג קומען צו די דאָזיקע אויסגעוואָרצלטע, פאַריאָגטע פונעם מלחמה־געווירבל, וואָס בושעוועט דאָרטן וויַיט אויף מערב, ווו די זון פאַרגייט אַלע טאָג אַזוי רויט, אַזוי רויט — — —

איצטער איז די זון זיכער רויט פונעם בלוט, וואָס גיסט זיך דאָרט אין אַ מבול — — —

אין וואַגאָן זענען מיר נישט די איינציקע. פעלן דען „בראָדיאַגעס" אויף די רוסישע שליאַכן?... די אַלע בענק אויבן זענען שוין פאַרנומען פון כלערליי פאַר־

שווינען — פון כלערליי פעלקער. עס פעלן נישט, פאַרשטייט זיך, אויך אונדזערע פוילישע. אומעטום זענען זיי דאָ, די פוילישע הימלאָזע ייִדן. מיר געפינען אויס אַ פּאָר פרייע בענק אונטן און ציִען זיך אויס — שוין אויף נאַכט־לעגער. דער וועג פון גיזשדוואַן האָט אונדז נישקשהדיק אויסגעמאַטערט. אויפן וועג נישט געטראָפן קיין איין ליידיקע אַרבאַ, וואָס זאָל אונדז אַ ביסל אַרויפנעמען. דעם גאַנצן וועג דורכגעמאַכט צופוס.

ליגן מיר אין וואַגאָן און האָבן נחת פונעם געלעגער: אַ מחיה, טרוקן, וואַרעם. די פיס קאָן מען אויסציִען אין דער גאַנצער לענג. אין דער פינצטער וויקלען זיך פון אַלע זייטן ריידערייען וועגן קאָלכאָזן, וועגן באַזאַרן, וועגן „סטאַלאָווקעס״, וועגן תפיסה און לאַגער... אַלץ אַקטועלע שמועסן... אין דער געדיכטקייט פון די דאָזיקע שמועסן ווערן מיר האַרט אַנטשלאָפן.

אויפן באַגינען האָט מיך אויפגעוועקט אַ פּלוצלונגדיקער געבראַזג. איך רייס אויף די אויגן און באַמערק ווי פון דער אויבערשטער באַנק שיט זיך זילבערבאַשטעק: לעפלען, גאָפּלען, מעסערס... דער פאַרשוין, וואָס ליגט אויבן, דרייט זיך פון שלאָף, און דרייענדיק זיך, האָט ער אומגערן אויסגעשאָטן פון זיין צופּעליק־געעפנטן רוקזאַק די „סחורה״ זיינע: זיכער אַ „כשרע״ גנבה... יענער איז ווייטער געשלאָפן אַזוי האַרט, אַז דער געבראַזג האָט אים גופא נישט אויפגעוועקט. די מענטשן, וועלכע זענען געלעגן אונטן, האָבן אפּנים גוט געקענט דעם כלל: „הגונב מן הגנב פּטור״... האָבן זיי זיך געוואָרפן אויפן זילבער. יעדער איינער האָט געכאַפּט, וואָס ער האָט געקאָנט. איין ייִד איז געווען זייער „גרויסמוטיק״ און האָט מיר אויך „מכבד געווען״ מיט אַ לעפל... אַ שיינער לעפל. טאַקע זילבער. איך באַמערק די פראַבע. כ׳האָב דעם לעפל אַריינגעלייגט צו מיר אין רוקזאַק: נישקשה, דער חברהמאַן פון דער אויבערשטער באַנק וועט גנבענען אַנדערע...

וועל איך שוין, הייסט עס, האָבן מיט וואָס צו קומען אויפן באַזאַר אין בוכאַרע.

דער צוג האָט זיך פאַרמירט ערשט צומאָרגנס אין אָוונט. מיר זענען אָנגעקומען אין קאַגאַן ביינאַכט. ביינאַכט גייט נישט די הינטערשטאָטישע באַן — די „בוכאַרקע״ — קיין בוכאַרע. האָבן מיר געהאַט אַ פאַרוואָגלטע נאַכט. נישט געווען ווו זיך אָפּצורוען. די „טשאַיכאַנאַ״ אין קאַגאַן איז געווען געפּראָפּט. מ׳האָט נאָר געקאָנט שטיין ביים בופעט. איז עס נמאס געוואָרן. די פיס זענען פאַרחלשט געוואָרן. איז מען אַרויס אין דרויסן, זיך אַנידערגעזעצט פאַרן הויז און זיך געטוליעט צו דער קאַלטער וואַנט.

אין קאַלטן באַגינען זענען מיר אַוועק צו דער „בוכאַרקע״ און שוין זייגער זיבן אין דער פרי זענען מיר געווען אין בוכאַרע.

לאָזן מיר זיך קודם כל צום באַזאַר: דער איינציקער אָרט, ווו מען קאָן עפּעס כאַפּן אין מויל אַריין. אגב, האָב איך דאָך איצט מיט וואָס צו קומען אויפן באַזאַר — דעם זילבערנעם לעפל!...

דער ריזיקער באַזאַר איז ביסלעכווייז אויסגעפּילט געוואָרן מיט עולם. איך הויב אָן צו זוכן בעלנים אויף מיין „סחורה". כ'פרעג איינעם, אַ צווייטן, אַ דריטן. געפרעגט האָב איך רוסן — אוזבעקן ווילן גאָר דערויף נישט קוקן. אָבער צו מיין גרויסער פאַרוווּנדערונג האָבן זיך אויך צווישן רוסן נישט געפונען קיין בעלנים.

— גראַזשדאַנין, — לייג איך פאַר איינעם אַ רוס, אַ בעסער געקליידטן, אין אַ נייער פופייקע, — קויפּט אַ זילבערנעם לעפל. עכטער זילבער. אָט זעט די פּראָבע.

דער געפרעגטער בלייבט שטיין, קוקט, קוקט אויף ביז וווּנדער.

— דאַ, דייסטוויטעלנאָ סערעבראָ... (יאָ, אין דער אמתן זילבער...).

— קויפּט, גראַזשדאַנין.

— וויפל בעטסטו?

כ'האָב גאָר קיין פּרייז נישט געוווּסט און געפּרוּווט גלאַט אַ זאָג טאָן:

— איך בעט פּערציק.

— צו וועלכן רוח דאַרף איך עס? — באַקום איך אָן ענטפער, און יענער דערווייטערט זיך.

אַזוי אַ צווייטער, אַ דריטער.

איך האָב שוין שטאַרק אַראָפּגעלאָזט פון פּרייז; געהאַלטן שוין ביי 15 רובל; אָבער קיין בעלן נישט געפונען. איך האָב אַריינגעטראַכט און געזען, אַז איך האָב געמאַכט אַ פאַלשן חשבון: אין דער אמתן, ווער דאַרף דאָ האָבן אַ זילבערנעם לעפל? צו וואָס און צו ווען? די שיינע „פּאַטראַוועס", וואָס מען עסט דאָ?... זאָל נאָר זיין וואָס צו עסן, קאָן מען עס עסן מיט אַ הילצערנעם אָדער צינערנעם לעפל אויך. צו די מאכלים, וואָס אַ סאָוועטישער בירגער עסט, פּאַסט זיך גאָרנישט קיין זילבער־באַשטעק. אַ זילבערנער לעפל צו אַ „באַלאַנדע"? צו אַ „זאַציערוכע"? עס וואָלט זיך געפּאַסט ווי אַ טלית־קטן אויף אַ פּאָניע אָדער ווי אַ זאָטל אויף אַ קו.

האָב איך דעם לעפל צוריק אַריינגעלייגט אין רוקזאַק און מער שוין קיינעם נישט געפרעגט.

אַז בייטאָג איז אונדז געלונגען צו באַקומען אַ זופּקע אין ערגעץ אַ „סטאָ־לאָווקע" ביים „צווייטן טויער", האָב איך גופא אויך זיך געשעמט גאָר צו עסן מיט דעם זילבערנעם לעפל און האָב געגעסן מיט מיין טונקעלן צינערנעם לעפל. גיי שטעק אַריין אַ גלאַנציק־זילבערנעם לעפל אין אַ שוואַרץ, בלעכן קע־סעלע!...

נעבן אונדזער טישל איז געזעסן אַ יונגער בחור אין ברילן. ער איז געווען אָנגעטאָן נישט אין קיין פּופּייקע, נאָר אין אַן אָפּגעטראָגענעם ציוויל־אָנצוג. ער האָט זיין זופּקע געגעסן פון אַ היימיש עמאַל־שיסעלע.

איך פּרוּוו אים אַ פרעג טאָן:

— גראַזשדאַנין, אפשר זענט איר אַ בעלן?... נישט טייער... עכטער זילבער...

און כ׳ווייז אים דעם לעפל.

יענער נעמט באַקוקן און פרעגט וויפל עס קאָסט.

— אַ האַלבן טשערוואָניעץ (צען רובל).

— 5 וואָלט איך געגעבן. — ענטפערט דער פרעמדער.

— דערלייג עפּעס!

— 5 רובל! — חזרט ער איבער קאַטעגאָריש.

— נעמט!

כ׳האָב געגומען דאָס געלט און בין צופרידן געווען, וואָס כ׳בין פּטור געוואָרן פון דער „מציאה״. אַפילו אויף אַ קילאָ ברויט האָט עס נישט געקלעקט.

די נאַכט האָבן מיר ווידער גענעכטיקט אין דער זעלבער „טשאַיכאַנאַ״, וואָס דאָס ערשטע מאָל. אויך איצט וואַלגערן זיך דאָ אַ סך פּוילישע יידן. ווער עס קומט פון אַ קאָלכאָז, ווער עס גייט אין אַ קאָלכאָז. ווער עס אַנטלויפט פון אומגליק, ווער עס גייט ווידער אין אומגליק אַריין. מען רעדט דאָ אַ סך וועגן פלעקטיפוס, וואָס בושעוועט אין בוכאַרע. דער טויט ווילדעוועט. די פליטים שטאַרבן יעדן טאָג אין די צענדליקער...

צומאָרגנס לאָזן מיר זיך זוכן און דערפרעגן זיך אויף וואַלדמאַנען. מיר ווערן אויך געוואָר ווו עס איז דער אַרטעל, ווו ער אַרבעט.

מיר קומען צו אַהין און בעטן דעם „אָכראַנניק״ (שומר) אַרויסצורופן וואַלדמאַנען. עס דויערט אַ ביסל ביז ער ווייזט זיך פאַרן גאַס.

אַז וואַלדמאַן האָט מיך דערזען האָט ער זיך כמעט ווי צעכליפּעט. אַזוי שרעקלעך האָב איך אָפּנים אויסגעזען אין מיין הולך.

אין אָוונט זענען מיר שוין געזעסן ביי אים אין „פּאַלאַץ״ — אַ בוידעם־שטיבל אין עפּעס אַן אַלטן הויז אויף לערמאָנטאָוואַ 30. מיר זענען געווען אין אַ היימישער סביבה, צווישן זיין קליינער אָרעמער משפחה: ער, זיין פרוי און קינד. עס האָט וואַלדמאַנען שטאַרק ווי געטאָן: ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס אונדז, די געסט, מכבד צו זיין. אַ מוראדיקער דלות אין שטוב. וואָס צו עסן איז נישטאָ. קיין „טאָפּקאַ״ אויך נישטאָ. דעריבער איז טאַקע קאַלט. די פרוי, אַן אויסגעבלייכטע, אַ קרענקלעכע, דערציילט וועגן איר מערכה: בייטאָג גייט זי אום איבער די „סטאָלאָוואַיאַס״ — נישט אַלע זענען אָפן. און ווו ס׳איז אָפן, מוז מען שטיין

אין אַ לאַנגער „אַטשערעד", כדי זיך אַריינצובאַקומען אַהין נאָך אַ זופּקע פאַר דער פאַמיליע. דער עיקר פאַרן קינד. דאָס ברויט, וואָס מ׳קריגט אויף „קאַר־טאָטשקעס", איז דאָך נישט גענוג אויף צו שטילן דעם הונגער. די „זאַרפּלאַטאַ" (שכירות), וואָס וואַלדמאַן באַקומט, איז אַזאַ מאָגערע און דער יקרות אויפן „שוואַרצן מאַרק" אַזוי גרויס, אַז מ׳זעט קיינמאָל נישט אָן פאַר די אויגן קיין שטיקל פלייש, קיין פּיצל פעטס. אַז עס געלינגט צו קריגן אויפן באַזאַר אַ ביסל העלצלעך, קאָכט זי אָפּ אַ ביסל גרינס — און דאָס גאַנץ! תמיד, תמיד — הונגער! ס׳איז אַ צער צו קוקן אויפן קינד. צו פרי דריקט אים שוין נויט... איז ווו זשע דער אויסוועג? זוכן אַנדערע „גליקן"? אָבער ווו? און ווי קאָן מען וואַנדערן מיט אַ קינד? ווער האָט עס כוח דערצו?

אַזוי דערציילט זי, די פרוי, מיט איר שוואַכן, קרענקלעכן קול די מגילה פון זייערע פּלאָגענישן אין בוכאַרע.

— מיר זענען פון „פּאָסיאָלאָק" געקומען אַהער צעבראָכענע... — דער־גאַנצט נאָך אַ ביסל וואַלדמאַן דאָס בילד. — געקומען קוים מיטן לעבן... מיר האָבן זיך דערפרייט, אַז מיר האָבן געפונען כאָטש דאָס דאָזיקע בוידעם־שטיבל... דערצו נאָך די קראַנקייטן. דאָ די פרוי, דאָ דאָס קינד. אַזוי, חברים, זעט דאָ אויס דאָס „גליקלעכע לעבן".

— און מיר האָבן געמיינט, — זאָג איך, — אַז אייך לעבט זיך נישקשהדיק. איר זיצט אויף אָן אָרט. איר אַרבעט. איר פאַרדינט. איר האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ...

— יאָ, יאָ... — שאָקלט וואַלדמאַן מיטן קאָפּ און טוט אַ ווייז מיט דער האַנט צו די ווענט. — קוקט אָן אונדזער דלות. גלויבט מיר, אַז אייך איז בעסער. איר קאָנט כאָטש זיך באַוועגן. איז שלעכט אין איין אָרט — לויפט איר אין אַ צווייטן.

— פון פייער אין וואַסער... — וואַרפט אַריין צ. ז.

— נישטאָ דאָ וועמען מקנא צו זיין: — נישט אונדז און נישט אייך... — מאַכט אַ „פּשרה" די פרוי.

אַזוי רעדט מען, אַזוי דערציילט מען זיך אויס איינע די אַנדערע וואָס יעדער האָט איבערגעלעבט ביז איצט, זינט דער פאַטאַלער דאַטע 1939. רעדט מען, דערציילט מען פון די לאַגערן, פון די „פּאָסיאָלקעס", פון די אַלע פּיינען... עד שהגיע... ביז עס איז געוואָרן זייער שפּעט אין דער נאַכט אַריין. וואַלדמאַן מוז דאָך אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט. פאַר פאַרשפּעטיקן זיך כאַפּט מען אַ „פּראָגול"...*).

---

*) פאַרפעלטער אַרבעטס־טאָג.

מאַכט מען פריי אַ שטיקל פּאָדלאָגע פאַר אונדז, די געסט, און זיי אַליין, די פאַמיליע, בעטן זיך אויך אויס אין אַנדער ווינקל, אויבן־אָן.

זוכט מען אין שלאָף אַ ביסל פאַרגעסנקייט...

קומט אַמאָל אויך אַ חלום פון דער פאַרלוירענער היים — —

ביינאַכט האָט זיך אַ וויסטער בוראַן אָפּגעריסן. ער האָט געריסן דעם דאַך, די פענצטער. אַלץ אין בוידעם־שטיבל האָט זיך געטרייסלט. די שויבן האָבן גע־קרעכצט. אַ קעלט האָט אַריינגעדרונגען אינעווייניק און דורכגענומען די ביינער. אויף די מענטשן אויף זייערע קאַלטע געלעגערס האָבן געקרעכצט און נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. טוליעסט זיך צו דער קאַלטער פּאָדלאָגע און קאָנסט זיך נישט דערוואַרעמען...

## 25

## מיר זוכן אַ הילף...

מיר זוכן אַ הילף אין בוכאַרע. מיר פרעגן נאָך אויף אַרבעט, אויף אַ מעג־לעכקייט צו זיצן אויף אַן אָרט. אָבער אַרויסגעוואָרפענע מיר! די אַלע פּליטים וואַלגערן זיך דאָ אויף הפקר... דער „עוואַקאָפּונקט" גיט נאָר „נאַפּראַוולעניעס" אין קאָלכאָזן. אין שטאָט שרייבט מען איצט נישט צו. קיינער דאַרף זיי דאָ נישט, די אָנגעלאָפענע מענטשן פון דער פרעמד. די שטאָט האָט אַליין נישט קיין ברויט. זעלטן ווען פון די פּליטים עס געלינגט צו פאַראַנקערן זיך אין שטאָט ביי עפּעס אַ באַשעפטיקונג. אויך משה וואַלדמאַן, וואָס איז שוין דאָ אַ שטיקל תושב, קאָן אונדז דערין גאָרנישט העלפן. איבעריקנס, ער גופא איז פאַר אונדז אַ זייער טרויעריקער ביישפּיל: אַרבעט גאַנצענע טעג אין אַן אַרטעל און אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, מוז ער אַרויסלויפן מיטן קעסעלע זוכן אַ זופּקע אין אַ „סטאָלאָ־וואַיאַ" פאַר ווייב און קינד. די פרוי אַליין קרענקט אונטער אָפּט און זי קאָן עס נישט שטענדיק טאָן. אַ שיינער תכלית!

דרייען מיר זיך אַרום איבער דער שטאָט אָן ציל און אָן זינען. בלאָנקען פון איין שטאָט־טויער צום אַנדערן. פּלאָנטערן מיר זיך צווישן די האַלב־ווילדע אוזבעקן ווי אויף אַ פרעמדן יאַריד.

ביי טאָג — אין באַוועגונג. איבער די גאַסן און באַזאַרן; אין זוכענישן און פרעגענישן; ביינאַכט — ביי וואַלדמאַנען אין בוידעם־שטיבל אויף לערמאָנטאָוואַ. אמת, קיין הילף, קיין תכלית האָט ער נישט פאַר אונדז: ער איז דאָך אַליין נעבעך אויף גרויסע צרות... אָבער אַ שטיקל פּאָדלאָגע — אַדרבה ואדרבה. זיצט מען

אָפּ גאַנצענע אָונטן ביי אים אין שטיבל. מ׳רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן — ביזן שלאָפֿן גיין. ביזן „קייזערלעכן" געלעגער אויף דער קאַלטער, ערדענער פּאָדלאָגע.

איין פרימאָרגן זאָגט אונדז וואַלדמאַן „פייערלעך":

— היינט, חברים, פאַרבעט איך אייך אויף אָונט־ברויט. איך האָב נעכטן געקריגן אַ ביסל מערן. וועט מען זיי אָפּקאָכן און מיר וועלן פּראַווען אַ סעודה.

— בכבוד גדול! — כאַפּן מיר זיך אָן.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געווען אין פריידיקער דערוואַרטונג: אַ קלייניקייט, היינט עסן מיר ביי וואַלדמאַנען אַ מערן־צימעס...

מיר זענען געקומען צו די וואַלדמאַנס באַצייטנס, פריִער ווי תמיד. אָבער באַלד ביים אַריינקומען אַהין האָט אונדז וואַלדמאַן באַגעגנט אַן אַנטוישטער.

— צום באַדויערן, חברים... — פאַרענטפערט ער זיך ווי אַ שולדיקער, — מ׳האָט די מערן נישט געקאָנט אָפּקאָכן: נישט געפונען קיין ביסל „טאָפּקאָ". מילא, וועלן מיר עסן מערן רויערהייט.

— ניטשעוואָ, וואַלדמאַן... נעמט זיך נישט צום האַרצן...

און ער האָט זיך גענומען אָפּרייניקן מיט אַ מעסערל די רויע מערן, האָט זיי צעשניטן אין דינע פעניצלעך אויף עפּעס אַ בלעכענער כלי און אונדז דערלאַנגט כיבוד.

מיר האָבן נאָך געמוזט געפינען אַ „זכות" אויף די רויע מערן:

— רויע מערן, על פּי מעדיצין, האָבן מער וויטאַמינען ווי געקאָכטע...

האָבן מיר זיך אַלע געקוויקט מיט די וויטאַמינען...



איין אָונט פירט אונדז וואַלדמאַן אויף אַ פּלעצל, ווו מיר טרעפן זיך מיטן אַרבעטער־טוער פון פוילן י. אַרטוסקי. אַרטוסקי איז בעסער אָנגעטאָן ווי מיר. איז בכלל אין אַ בעסערן מעמד. מיר זענען משער, אַז מסתמא מוז ער באַקומען, דורך געוויסע קאַנאַלן, הילף פון זיינע פּאַרטיי־פריינט אין אַמעריקע. מיר כאַפּן אַ שמועס וועגן אונדזער סיטואַציע. אויך ער קאָן אונדז אָבער נאָר העלפן קרעכצן.

אַרטוסקי לייגט אונדז פאָר אַריינצוגיין אין אַ דערנעבנדיקער שטאָטישער ביבליאָטעק.

— אדרבה ואדרבה. שוין אַזוי לאַנג נישט אָנגעקוקט קיין בוך פאַר די אויגן.

גייען מיר אַריין אַהין. פאַראַן דאָרט אויך אַ לייען־זאַל, ווו מ׳קאָן איבער־קוקן צייטונגען. מיר זיצן דאָרט צווישן פּאָליצעס ביכער. איך בלעטער אַ קאַטאַ־לאָג — דאָס רוב קאָמוניסטישע ליטעראַטור. פאַראַן אָבער אויך רוסישע קלאַסי־

קער. איך זוך אויס אַ צייטונג און קוק איבער קודם־כל די „סוואָדקאַ״ פון די פראָנטן. קיין גוטע בשורות זעט מען נישט. ווי מאַסקירט, ווי פאַרזיכטיק די ידיעות ווערן נישט איבערגעגעבן — איז פון צווישן די שורות קענטיק, אַז די דייטשן אַוואַנסירן אויף אַלע פראָנטן... אומעטום גיסט זיך בלוט... און — ווי תמיד, בעת איך זע אַמאָל לעצטנס אַ צייטונג — וואַרפן זיך אויך אין די אויגן די קעפלעך וועגן די דייטשישע גרויל־אַקטן איבער ייִדן אין פוילן.

אַ שווידער גייט דורך איבערן לייב.

מיר טיילן זיך אין דער שטיל מיטן צער. גאָט! ווי ווייט מיר זענען עס געוואָרן פון אונדזער וועלט, וואָס ווערט חרוב — — — ווען זיך עס אַמאָל ענדיקן? וועלן מיר נאָך ווידער ווערן מענטשן ווי אַמאָל? צוריק אַריין אין אונ־דזערע נאָרמאַלע מענטשלעכע מלבושים? נישט אין שמוציקן, צעפליקטן בוש־לאַט, אין שיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריקל, כדי איינצוהאַלטן די זוילן? — — ווען זיך אַמאָל ענדיקן דער גלות? — — —

***

ווידער אַ נאַכט און ווידער אַ טאָג.

אין וואַלדמאַנס בוידעם־שטיבל רעדט מען מיט שרעק:

— זאָל כאָטש דער טיפוס צו אונדז נישט פאַרבלאָנדזשען...

טאָג־טעגלעך קומען „גרוסן״ וועגן טויטן, טויטן. דער טיפוס ווילדעוועט אין שטאָט אַלץ מוראדיקער. דער עיקר צווישן די פליטים. קיינער קוקט זיך נישט אום אַרום זיי. עלנטע טויטן. מענטשן גייען אויס אין די גאַסן, אין די „טשאַי־כאַנאַס״. קיינער באַוויינט נישט. קיינער באַגלייט נישט צו דער אייביקער רו... מען ראַמט אָפּ די טויטע ווי די פּגרים פון פאַרוואָגלטע הינט אויף די הפקרע פלעצער...

מאַסן שטופּן זיך אין דער שטאָטישער באָד. מ'וויל זיך ראַטעווען פונעם שמוץ, פון דער מגפה.

איך קוק אין באָד אויף מיין נאַקעט לייב. כ'דערשרעק זיך פאַר זיך אַליין — אַ סקעלעט ממש! הויט און ביינער. יעדן ריפּ קאָן מען איבערציילן. ווו נעמט מען כוח איבערצוטראָגן אַזאַ עלנט? אַזאַ פאַרוואָגלטקייט? אַזאַ הפקר? — — —

***

אויף איינער אַ זייטיקער גאַס באַמערקן מיר אַ שילד: „סטאָלאָוואַיאַ״.

מיר קוקן אַריין דורך אַ פענצטער — מענטשן זיצן אַרום טישלעך און מען איז עפּעס טועם. גייען מיר, פאַרשטייט זיך, אויך אַריין.

מיר האָבן גליקלעך געטראָפן:

דאָ באַקומט מען קאָמפּאָט!...נישט קיין זופּ און נישט אַוודאי קיין פליש, נאָר — קאָמפּאָט!... קאָמפּאָט פון „קיש־מיש". אַ פּאָרציע באַשטייט פון צוויי גלעזער שיטערן קאָמפּאָט מיט אַ צולאָג פון 25 גראַם ברויט. דער „צולאָג", פאַרשטייט זיך, איז דער עיקר. מיר באַשטעלן באַלד און זענען אויך טועם דעם קאָמפּאָט אָן צוקער. עס האָט אַ טעם ווי אַ קאַלטער, אָרעמאַנסקער באָרשטש מיט „נישט"... דאָך פּרווון מיר באַשטעלן אַ צווייטע פּאָרציע, כדי צו האָבן נאָך 25 גראַם ברויט. די „אָפּיציאַנטקע" דערלאַנגט אונדז אַ ביסל שפּעטער — אַ דריטע פּאָרציע. דאָס מאָל האָבן מיר שוין די 25 גראַם ברויט איבערגעלאָזט אין רעזערוו. מען טאָר דאָך נישט האָבן קיין „טריפהנעם האַלדז" און אויפנאַשן פאַראַמאָל...

פאַרן אַוועקגיין זענען מיר נאָך צוגעגאַנגען צו אַ צווייטער „אָפּיציאַנטקע" אין אַנדער עק פון דער „סטאָלאָוואַיאַ" און געבעטן אונדז אַרויסצוגעבן צו צוויי פּאָרציעס קאָמפּאָט אין די קעסעלעך אונדזערע. אויך דאָס איז אונדז געלונגען.

און באַלד דערויף האָט זיך דאָס „גליק" אין דער „סטאָלאָוואַיאַ" אויסגעלאָזט: די „אָפּיציאַנטקעס" האָבן דערקלערט, אַז קאָמפּאָט איז נאָך פאַראַן, אָבער שוין אָן ברויט... נאָר צו וועלכן טייוול דאַרפן דאָ די מענטשן דעם שיטערן קאָמפּאָט פון „קיש־מיש", אַז דאָ איז קאָמפּאָט — נישט קאָמפּאָט, נאָר ברויט איז קאָמפּאָט!...

## 26

## ווידער „עולה־רגל"...

און אַז קיין אויסוועג און קיין אויפריכטונג געפינט מען נישט אין בוכאַרע — כאַפּט מען זיך אָן ווידער צו ראַטעווען זיך אָן דעם זעלבן שטרוי:

קאָלכאָז... ווידער קאָלכאָז...

אין איינער אַ בוכאַרער „טשאַיכאַנאַ" ריידן מיר זיך צונויף מיט אַ גרופּע פּוילישע יידן — „בראַדיאַגעס" אַזוי ווי מיר. מענטשן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. דערציילט איינער אַ וואַרשעווער יונגערמאַן מיטן נאָמען צוקער, אַז ער האָט אויפן באַזאַר געהערט וועגן אַ „גוטן קאָלכאָז".

— ווי גוט איז ער? — פרעגט מען אים סקעפּטיש. — עס פאַלט דאָרט מן פון הימל?...

— אַט אַזעלכע גרויסע, געשוואָלענע „לעפּיאָשקעס" קריגט מען דאָרט אַלע טאָג... — מאַכט ער מיט דעם פינגער אַ קרייז אין דער לופט.

— ווער האָט זיי געמאָסטן, די „לעפּיאָשקעס"?...

— אַזוי האָט מען דערציילט אויפן באַזאַר. שווערן וועל איך נישט; אָבער פּרוּוון קאָן מען דאָך.

—יאָ, פּרוּוון קאָן מען. צייט האָבן מיר דאָך גענוג. קאָן מען זיך דורכ־שפּאַצירן אַהין. יאָ — יאָ; ווען נישט — ווער וועט אונדז דאָרט צוהאַלטן פאַר די פּאָלעס ?...

— פּרוּוון קאָן מען... — האַלט אונטער אַן אַנדערער.

— אדרבה, לאָמיר מאַכן אַ שפּאַציר אַהין.

האָט זיך אַ גאַנצע גרופּע דעצידירט צו גיין „פּרוּוון"... קנאַפּ האָט מען שוין געפּרוּווט? איז נאָך אַ פּרוּוו... ווייל וואָס פאַר אַ גרעסערער רייץ קאָן זיין פאַר הונגעריקע ווי „גרויסע, געשוואָלענע לעפּיאָשקעס"? דערצו איז דאָך שוין יעדער פון אונדז מיד און מאַט פון די פּוסטע, וויסטע וואַנדערונגען... אפשר? ... אפשר טאַקע ?...

באַלד צוזאַמענגעס אין דער פרי גייען מיר — אַ גאַנצער מנין! — אין „עוואַ־קאַפּונקט" נעמען אַ „נאַפּראַוולעניע" אין יענעם „זייער גוטן קאָלכאָז", וואָס גע־פינט זיך אין רעמיטאַנער ראַיאָן. און תיכף אין וועג אַריין. אַ וועג אויך נישט קיין קורצער. אַ גאַנצן טאָג ביז רעכט פינצטער האָט געדויערט דער „מאַרש" ביזן ראַיאָן־שטעטל רעמיטאַן. דאָרט האָבן מיר איבערגענעכטיקט אין אַ „טשאַי־כאַנאַ" און באַגינען ווייטער אין וועג אַריין. מיר האָבן נאָך אַ צען־צוועלף קילאָ־מעטער דורכצומאַכן.

אויפן וועג האָט אונדז געטראָפן אַ גליק: פאַרבייגייענדיק עפּעס אַ קישלאַק, האָבן מיר זיך אין דער שכנות אָנגעשטויסן אויף אַ קיביטקע מיט אַ שילדל: „סאַ־פּאָזשנאַיאַ" (שוסטעריי). מיר האָבן דאָ געמאַכט אַ לאַנגן „פּריוואַל" (אָפּרו) און עטלעכע פון אונדז האָבן געגעבן דעם שוסטער צו פאַרריכטן די צעשאָסענע כמו־שיך. מיינע לאַגער־שיך — די „קאָרדאָווע"־שיך — האָבן זיך שוין געגייטיקט אין אַ גרויסן „תיקון"... איך גיי דאָך שוין אַרום מיט אַ שטריקל פאַרגאַרטלט אַרום דער פּאָדעשווע... דער שוסטער־לאַטוטניק, גראָד אַ רוס, האָט מיר זיי גע־ראַטעוועט ווי עס איז: האָט צוגענייט מיט אַ שטאַרקער דראַטווע און דערצו נאָך „צוגעמאָצעוועט" מיט טשוועקלעך און די טשוועקלעך פאַרבויגן אינעווייניק, זיי זאָלן נישט דורכלעכערן דעם פוס.

אַז דער שוסטער האָט געהערט, אַז מיר זענען „ביעזשענצעס" — דערצו נאָך פון אַ לאַגער... — האָט ער לכתחילה גאָר קיין געלט נישט געוואָלט נעמען.

קוים געפּועלט ביי אים ער זאָל נעמען כאָטש עפּעס — אַבי נישט אומזיסט. פון אונדזער שמועס מיט אים ווערן מיר געוואָר, אַז אויך ער האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון לאַגער אין סיביר... אַ פינף יאָרלעך סך־הכל — „דיעטסקי סראָק" (אַ קינדערשער טערמין)... דערפאַר טאַקע אפנים האָט ער ביי אונדז קיין געלט נישט געוואָלט נעמען.

— האָט איר כאָטש געמאַכט די „נאָרמע" אין לאַגער? — פרעגט ער מיט סאַרקאַזם.

איך דערצייל אים וועגן מיין „שטראַפּנאָי פּאַיאָק" (שטראָף־פּאָרציע) — 300 גראַם ברויט אַ טאָג, וואָס איך פלעג אָפט באַקומען אין לאַגער.

— וואָט סוקינני דיעטי! (הינטישע קינדער!) — שמייכלט גוטמוטיק דער פּרימיטיווער רוס. ער שאָקלט מיטן קאָפּ און קלאַפּט ווייטער מיט זיין האַמערל.

מיר פרעגן אים אויפן קאָלכאָז, וווהין מיר גייען. זיין „גרוס" איז גאָרנישט קיין פריילעכער.

— אייערע פּאָליאַקן זענען שוין דאָרט געווען. ערשט מיט אַ וואָך צוריק זענען זיי פון דאָרט אַוועק. דער ראַיס איז אַ גרויסער פּראָכוואָסט (מנוול).

עס ווערט אונדז אומעטיק.

הערן זיך ביי אונדז שטימען:

— נו, ווו זענען די „גרויסע, געשוואָלענע לעפּיאָשקעס"?...

— אפשר מאַכן מיר „השיבנו נאַזאַד"?...

— פאַרפאַלן. מיר זענען שוין אַזוי פיל געקראָכן, טאָ לאָמיר שוין פּרוּוון.

— לאָמיר זיך כאָטש אַ ביסל אָפּרוען אונטער אַ דאַך...

זענען מיר ווייטער געגאַנגען. ס'איז שוין געווען נישט וויט. און אָט ווייזן זיך אין דער ווייטנס אַ שורה קיביטקעס.

נישט קיין גרויסער קישלאַק. עס האָבן אונדז אויפגענומען דער ראַיס און דער בריגאַדיר. דער ראַיס, אַן עלטערער אוזבעק מיט אַ ברייט פּנים און גרוילעך שיטער בערדל, אין אַ קאָלירטן כאַלאַט און אין אַ טיבעטייקע, האָט אונדז באַלד אין זיין שלעכטן רוסיש, געמישט מיט אוזבעקיש, דערקלערט זיין „דעוויז":

— ראַבאָטאַ יאַכשי — אַבכאַד יאַכשי; ראַבאָטאַ יאַמאַן — אַבכאַד יאַמאַן... (אַז די אַרבעט וועט זיין גוט, וועט אויך דער מיטאָג זיין אַ גוטער; וועט די אַרבעט זיין אַ שלעכטע, וועט אויך דער מיטאָג זיין אַ שלעכטער...).

מ'האָט אונדז געגעבן אַ קיביטקע מיט אַ טרוקענער פּריטשע. קיין קישנס און קאָלדרעס האָבן מיר שוין נישט געפאָדערט: מוחל זייערע לייז...

— מיר זענען הונגעריק. — זאָגן מיר דעם ראַיס.

— זאַווטראַ, זאַווטראַ... (מאָרגן, מאָרגן...). — ענטפֿערט ער און גייט אַוועק פֿון אונדז.

— אַ שיינער מכניס אורח, האַ? — זאָגט ווער.

און אַן אַנדערער ענטפֿערט מיט איראָניע:

— עס שטימט מיט דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע: „ווער עס אַרבעט נישט, יענער עסט נישט"... מיר האָבן דאָך היינט נאָך נישט געאַרבעט...

— פֿונדעסטוועגן איז עס אַ חזירײַ: — טענהט דער ערשטער — מענטשן קומען פֿון אַ לאַנגן וועג, מידע, הונגעריקע...

— דער שוסטער איז טאַקע גערעכט געווען: אַ „פּראָכוואָסט"...

האָט מען נאָך אַ ביסל זיך אַרומגעדרייט אַרום דער קיביטקע, געכאַפּט אַן אויבנאויפֿיקן בליק אויפֿן קאָלכאָז און אויף דעם אַרום.

און אַז אָוונט איז געוואָרן; אַז אַ טונקלקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן קישלאַק, האָט זיך אונדזער מנין נע־ונדניקעס אויסגעלייגט אויף דער פּריטשע. הונגעריק איז מען געווען, האָט דער עולם — אַנשטאָט עסן — געמוזט יוצא זײַן מיט רייד וועגן עסן...

צומאָרגנס באַלד אין דער פֿרי איז צו אונדז געקומען דער בריגאַדיר און גערופֿן צוויי מענטשן. ער האָט זיי געפֿירט אין מאַגאַזין נאָך פּראָדוקטן. דער מאַ־גאַזינער האָט אַרויסגעגעבן: פּאָר איטלעכן אַ „לעפּיאָשקע" פֿון אַ 300 גראַם און צו קליין שטיקל האַרטן, איבערגעטריקנטן קעז, וואָס איז געווען שוין דורך און דורך אין שימל. אַ חוץ דעם אַ ביסל הירזש און אַ פּאָר הויפֿנס דראָבנע ריבן צו קאָכן פּאַר אַלעמען קאָלעקטיוו אַ זופּ. דאָס אַלץ. פּאַר אונדזער קיביטקע איז געווען איינגעמויערט אַ גרויסער קאַסאַן, האָבן מיר אָפּגעקאָכט קודם כל „קי־פּיאַטאָק" און באַלד צום פֿרישטיק האָט שוין איטלעכער פֿון אונדז פֿאַרצערט די גאַנצע „לעפּיאָשקע" מיטן קאָכיקן וואַסער און צוגעביסן מיטן שטיקל פֿאַרשימלטן קעז אזוי ווי מיט צוקער... אויפֿן רעשט טאָג איז אונדז נאָר פֿאַרבליבן דאָס ביסל הירזש און די ריבלעך — צום „אַבכאָד".

דער בריגאַדיר האָט זיך ווידער געוויזן און גערופֿן אונדז צו דער אַרבעט. ער האָט אונדז געפֿירט אין סטעפּ אַריין און געבראַכט אונדז צו אַ גרויסער נישט־פֿאַרענדיקטער קאַנאַווע. אַזאַ מין גרויסער אַריק אויף צו טרייבן פֿון ערגעץ וואַסער.

האָט מען זיך געשטעלט אַרבעטן. געגראָבן, געגראָבן, פֿאַרגלייכט די ערד אין דער קאַנאַווע, פּלאַנירט די ברעגעס. די אַרויסגעשאָטענע קופּעס ערד האָט מען געשלעפּט פֿאָרוויַיז אויף זאַנזיבאַרן. מיר האָבן נישט געאַרבעט אַליין. אויך אַ גרופּע יונגע אוזבעקן און אוזבעטשקעס זענען געשטאַנען ביי דער זעלבער

אַרבעט. קיינער פון אונדז האָט נישט געאַרבעט צו גוט: פון וואַנען? פון אַזאַ דערנערונג? די הענט זענען אַלע ווײלע געוואָרן פאַרחלשט און מ׳האָט זיך גע־מוזט אָפּרוען.

דער ראַיס איז געקומען אַ קוק טאָן ווי עס אַרבעטן עפּעס די בײע „הענט"... ער האָט געקוקט, געקוקט און איבערגעחזרט פאַר אונדז זײן „דעוויז":

— ראַבאָטאַ יאַכשי — אַבכאָד יאַכשי; ראַבאָטאַ יאַמאַן — אַבכאָד יאַמאַן...

מיטן זון־פאַרגאַנג זענען מיר געקומען פון דער אַרבעט. געקומען און זיך גענומען צום קאָסאַן. מ׳האָט צונויפגענומען שטרוי, אויסגעטריקנטן בוריאַן פון סטעפּ און גענומען אונטערלייגן אונטערן קעסל. דאָס פײער האָט שנעל פאַרצערט די „טאַפּקאַ" און דער עולם האָט כסדר געמוזט ליפערן, כדי עס זאָל נישט אײנ־געלאָשן ווערן. מיד איז מען געווען פון טאָג אַרבעט, איז דאָס קאָכן געווען אַן אמתע קללה. ערשט שפּעט אין אָוונט האָט מען זיך קוים דערוואַרט, אַז דאָס קעסל זאָל אויפקאָכן און דער הירזש זאָל ווייך ווערן. מ׳האָט געזופּט, געזופּט די שיטערע זופּקע מיט די געציילטע וואַסערדיקע ריבן און, פאַרשטייט זיך, גע־בליבן הונגעריק.

אַזוי איז עס צוגעגאַנגען אַלע טאָג. איין טאָג איז געווען ענלעך צום אַנדערן. יעדן טאָג די זעלבע פאַרציע שפּײז און די זעלבע אַרבעט ביי דער קאַנאַווע — אַזאַ ריזיקע, אַזאַ לאַנגע קאַנאַווע! — און דער זעלבער הונגער. אַנדערש איז נאָר געווען אונדזער כּוח. מיט יעדן טאָג זענען מיר געוואָרן שוואַכער. די הענט און פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דינען און די הפסקות ביי דער אַרבעט זענען גע־וואָרן אָפטער און לענגער.

עס האָט „גענוקעט" דער בריגאַדיר:

— ראַבאָטאַ, ראַבאָטאַ...

— נאָן יאָק... — ענטפערט מען אים.

און איינע אַ יונגע אוזבעטשקע, מיט אַ ברייט פּנים און קליינע אייגעלעך, מיט אַ שלל צעפּלעך אַרום קאָפּ, האָט שמייכלענדיק צוגעהאָלפן דעם בריגאַדיר:

— ראַבאָטאַ יאַמאַן...

— קאָלכאָז יאַמאַן... — ענטפערט איר ווער פון אונדז, נישט בלייבנדיק איר שולדיק.

זי לאַכט, די אוזבעטשקע, און לאַכט שעלמיש:

— קאָלכאָז יאַכשי...

— קאָלכאָז יאַמאַן...

אַזוי גייט דער טרויעריקער „פלירט" מיט דער יונגער שמייכלענדיקער אוזבעטשקע.

און אַז דער ראַיס קומט אָן אין מיטן מיט זיין ברייטקייט, גיט ער נאָך צו זיין פסוק:

— ראַבאָטאַ יאַכשי — אַבכאָד יאַכשי; ראַבאָטאַ יאַמאַן — אַבכאָד יאַמאַן...

און ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט, דער ראַיס: די פּאַרציע פּראָדוקטן איז געוואָרן מיט יעדן טאָג מער איינגעשרומפּן. די „לעפּיאָשקעס" זענען נאָך קלענער געוואָרן און דער פאַרשימלטער איינגעדאַרטער קעז איז שוין אינגאַנצן ניט געווען.

## 27

## „קאָלכאָז יאַמאַן"...

איין אָוונט, נאָך דער אַרבעט און נאָכן שיטערן „אַבכאָד", האָב איך אַרומגעשפּאַצירט אַ ביסל בשכנות פון אונדזער קיביטקע. דער טיף־בלויער הימל מיט די געדיכטע צעפינקלטע שטערן האָבן שטאַרק געלאָקט. ווייט, ווייט האָט ער זיך צעשפּרייט דער הימל — איבערן קישלאַק, איבער די ווייטע אַרומיקע סטעפּעס, אין דער אומענדלעכקייט. פון איינער אַ קיביטקע האָט זיך געהערט אַ געזאַנג. אַ פרויען־שטים. מזרחדיק געזאַנג, וואָס קלינגט אַזוי מתיקותדיק.

כ'גיי צו נענטער צו דער דאָזיקער קיביטקע. דערנעבן שטייט אַ זקן מיט אַ לאַנגער באָרד, אין אַ לאַנגן כאַלאַט, אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל.

— סאַלאַם אַלייקום! — גריסט ער מיר.

— עליכם שלום... — רייסט זיך אינסטינקטיוו אַרויס ביי מיר און איך פאַרריכט באַלד: — סאַלאַם אַלייקום!

כ'בין צופרידן פון זיין, דאַכט זיך, היימישן גרוס. איך נעם עס אָן אַזוי ווי אַן אַלטן יידישן שלום־עליכם נאָך פון די תנכישע צייטן...

כ'פאַרהאַלט זיך נעבן זקן, גלייך ווי איך וואָלט טאַקע דערפילט אַ היימישן.

— ווער זינגט עס אַזוי שיין? — טו איך אים אַ וווּיז צו דער קיביטקע.

— דער ראַדיאָ.

— אַך, דער ראַדיאָ. געמיינט אַ היגע זינגערין.

באַלד דערהער איך שוין קלערער די שטים פון ספּיקער. דאָס רעדט ראַדיאָ טאַשקענט, וואָס גיט אַ קאָנצערט פון מזרחדיקער מוזיק.

כ'פאַרפיר אַ שמועס מיטן אַלטן. יענער רעדט האַלב־רוסיש, האַלב־אוזבעקיש. מיר פאַרשטייען זיך ווי עס איז.

— פון וואַנען, אַקאַ? — פרעגט ער מיך.

— פון פוילן.

— פאָלשאַ איז ווייט?

— ווייט, זייער ווייט, באַבאַי.

— פאָלשאַ באַר קאָלכאָז? (איז אין פוילן פאַראַן אַ קאָלכאָז?), — טוט ער אַ פרעג.

— ניין, נישטאָ. יאָק.

— יאָק? — פרעגט ער איבער, ווי נישט גלויבנדיק.

— יאָק, יאָק!

— יאַכשי פאָלשאַ... (ס'הייסט: אין פוילן איז גוט).

— פאַרוואָס יאַכשי?

— קאָלכאָז יאָק — פאָלשאַ יאַכשי...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו, אויסציִענדיק די ווערטער:

— קאָלכאָז יאַמאַן, יאַ־מאַ־ן... (אַ קאָלכאָז איז שלעכט).

— פאַרוואָס, באַבאַי, יאַמאַן?

דער אַלטער נעמט מיך אָן ביים אָרעם און ווייזט מיר:

— קוק, אַקאַ... אַלץ איז געווען מיינס... די קיביטקע מיינע... די ערד מיי־נע... די ווײַנטרויבן מיינע... אַלץ מיינס ... קאָלכאָז — גאָסודאַרסטוואָ... אַלץ האָט צוגענומען די גאָסודאַרסטוואָ... טיעפער פראָפאַל... יאָק... (איצט איז אַלץ פאַר־לוירן... נישטאָ...).

— דער קאָלכאָז איז דאָך דיינער, באַבאַי. די מלוכה איז דאָך דיינע — פרוּוו איך נישט־ערנסט אים ענטפערן.

— ניין, אַקאַ, — לאָזט ער זיך נישט. — יאַמאַן קאָלכאָז, יאַ־מאַ־ן...

זיינע אויגן זענען בעת מעשה אָנגעצונדן געוואָרן מיט אַ מאָדנעם פייערל. ער האָט גענומען ריידן געדיכטער, נישט באַהערשט; אָבער נאָר אוזבעקיש, וואָס איך האָב שוין נישט פאַרשטאַנען. פון די אַלע רייד זיינע האָב איך נאָר פאַר־שטאַנען איין וואָרט — „יאַמאַן", וואָס ער האָט איבערגעחזרט ווי אַ רעפריין.

— יאַמאַן קאָלכאָז, יאַ־מאַ־ן...

אין דער רגע האָב איך געזען באַשיינפּערלעך, אַז די אַלטע, אייביקע אומ־צופרידנקייט, די שנאה פון די אוזבעקן צום רעזשים טליִעט נאָך גאַנץ שטאַרק, גאַנץ טיף. גענוג אַ וואָרט, אַ רמז, פלאַמט זי אַרויס פון אינעווייניק.

אברהם זאַק

האָבן איך געזעגנט דעם אַלטיטשקן מיט זיין צאַרן און בין ווייטער אומגעקראָכן אין דער שכנהשאַפט, דורכן קישלאַק.

ביי איין קיביטקע הער איך אַן אַנדער לשון: דייטש!

האַ? ווי קומט אַהער דייטש? עס האָט מיך שטאַרק געחידושט.

כ׳גיי צו נענטער. צוויי פרויען, אַ יונגע און אַן אַלטע, שטייען ביי דער טיר און ריידן צווישן זיך, ווי זיי וואָלטן זיך געווערטלט.

איך פרעג זיי אַן צערעמאָניעס אין רוסיש:

— איר זענט דאָ געסט אָדער איינוווינער?

— מיר ווייסן אַליין נישט ווי דאָס אָנצורופן. — באַקום איך אַן ענטפער פון דער עלטערער.

— וואָס הייסט?

באַלד הער איך, אַז דאָס איז אַן אַרויסגעשיקטע דייטשישע פאַמיליע פון טאַשקענט. נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן די נעכטיקע פאַרבינדעטע סאָוועט־רוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד האָט מען פון דער אוזבעקישער הויפּטשטאָט אַרויסגעשיקט אַלע דייטשן.

— פאַראַן דאָ נאָך דייטשישע פאַמיליעס אין קאָלכאָז?

— פאַראַן נאָך עטלעכע. מ׳האָט אונדז דאָ צעזייט איבער אַלע קאָלכאָזן. גאָט ווייס פאַרוואָס...

זי ווייס נישט, די אַלטע יעקיכע; אָבער איך ווייס יאָ פאַרוואָס...

— און וואָס איז מיט די דייטשן פון וואָלגאַ־ראַיאָן? — פרעג איך כלומרשט נאַיווו.

— אָ, מיט יענע איז נאָך ערגער. יענע האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר. דאָ איז כאָטש וואַרעמער. אָבער דאָרטן... די גרויזאַמע פרעסט... מיין גאָט!...

די יונגע, באַמערק איך, האָט אַ צי געטאָן דער אַלטער ביים אַרבל, זי זאָל אויפהערן צו „דברן" מיט אַן אומבאַקאַנטן.

— צייט צו גיין שלאָפן. — זאָגט די יונגע — קום, מוטער!

— אַ גוטע נאַכט, מיין הער.

איך האָב זיי נישט באַדויערט, די דייטשן פון טאַשקענט און פון וואָלגאַ־ראַיאָן, וועלכע ריכטן אָפּ גלות. פונקט ווי זיי, די דייטשן, באַדויערן נישט מיך, דעם נע־ונדניק, מיין פאַמיליע און אַלע, אַלע יידן, וואָס געפינען זיך איצטער אונטער דער דייטשישער האַק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# 28

## מיר קלאָגן זיך אין „נ.ק.וו.ד."

עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס אין אַלע קאַלכאָזן: אַרבעט — פּאָזשאַלויסטאַ, בכבוד גדול; אָבער עסן — קדחת. פאַרלירט מען שנעל די כוחות און דאָס געדולד ביים גראָבן די אַריקן און ביים שלעפּן דעם זאַנזיבאַר. קאָן מען זיך אויף די פיס נישט האַלטן. פאַלט מען ביינאַכט אויף דער פּריטשע ווי די סנאָפּעס. געטראָפן שוין אַ פּאָר טעג און קיין „לעפּיאָשקעס" האָבן מיר אויך נישט באַקומען. „יאָק"! נישטאָ. דער תירוץ איז געווען: „נישטאָ קיין מעל. די מיל אַרבעט נישט"...

גיי שטעל פעסט, צי די מיל אַרבעט, אָדער די מיל אַרבעט טאַקע נישט. דערפון וועלן מיר דאָך סיי ווי סיי זאַט נישט ווערן.

טרעפן מיר אין סטעפּ פּליטים פון אַנדערע קאַלכאָזן. אויך דאָרטן — די זעלבע צרות. דער זעלבער הונגער. אין איין קאָלכאָז האָט מען צורעכט געמאַכט אַ באַראַן. מ'האָט אים געכאַפּט אין פעלד, אַוועקגעלייגט אים און דאָרט אויפן אָרט געמאַכט שאַשליקן.

— אַז מען גיט אונדז נישט קיין ברויט, האָבן מיר געמוזט עסן פלייש... — האָט פאַרענדיקט דער דערציילער.

מיר אָבער אַרבעטן נישט אַליין. מיר אַרבעטן ביי דער קאַנאַווע צוזאַמען מיט אוזבעקן און מיר קאָנען נישט אָפּטאָן אַזאַ קונץ וואָס יענע. אַ מצווה וואָלט עס דווקא געווען.

פּרווון מיר איין טאָג, אין „וויכאָדנאָי", צו גיין קלאָגן זיך פאַר דער „נ.ק.וו.ד." וואָס האָבן מיר דען צו פאַרלירן?

מיר שיקן נישט קיין דעלעגאַציע — אַלע גייען מיר.

מיר קומען אין ראַיאָן — אין רעמיטאָן — און שיטן זיך אַלע אַריין אין דער קאַנצעלאַריע פון דער „נ.ק.וו.ד." די „נ.ק.וו.ד'.יסטן" זענען רוסן. אַפּנים, אַזאַ אָמט געטרויט מען נישט די אוזבעקן.

— וו'טשאָם דיעלאָ? (אין וואָס גייט עס דאָ?).

קומען ענטפערס פון אַלע זייטן:

— מיר זענען געקומען מיט אַ „זשאַלאָבאַ" (אָנקלאַגע). מיר אַרבעטן אין קאָלכאָז און מען קאָרמעט אונדז נישט.

— מיר הונגערן.

— שוין דריי טעג ווי קיין „לעפּיאָשקעס" גיט מען אונדז נישט.

און איינער וואָגט אַרויסצוגיין מיט אַ „יורידישער" טענה:

— אין דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע שטייט: „ווער עס אַרבעט נישט, יע־נער עסט נישט"; אָבער מיר אַרבעטן דאָך.

— פּראָווילנאָ... — שמייכלט איינער פון די „נ.ק.וו.ד.׳יסטן".

— ווער איז דאָרט דער ראַיס? — פרעגן זיי איינע די אַנדערע.

— ווער איז עס דער מערזאַוויעץ?

זיי האָבן אונטערגעשמייכלט, די „נ.ק.וו.ד.׳יסטן", און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי בעמען אויף די גאַנצע מעשה מיט אַ ביסל חוזק.

לסוף רופט זיך איינער אָן צו אונדז מיט אַ באַפעלערישן טאָן:

— זאָגט דאָרט דעם ראַיס אין אונדזער נאָמען, אַז ער מוז אייך קאָרמענען.

— בעסער וואָלט געווען, אַז איר זאָלט אים „פריקאַזעווען"... — כאַפּט זיך אַרויס ווער פון אונדז.

— מיר וועלן אים שוין זאָגן, דעם ראַיס.

דערמיט זענען מיר אַוועק. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז עפּעס אַ „קנעפּל" יאָ געווען ביים ראַיס; אָבער וואָס זיי האָבןביידע גערעדט צווישן זיך האָבן מיר נישט געוווסט. אַלנפאַלס האָט זיך אונדזער צרהדיקע באַשפּייזונג נישט פאַרבע־סערט אויף קיין האָר.

זענען מיר אַלע איין טאָג נאָך דער אַרבעט אַריין אין קאַנטאָר פון קאָלכאָז און פאַרפירט אַ קריגערייַ מיטן ראַיס.

— די „נ.ק.וו.ד." האָט באַפוילן איר זאָלט אונדז קאָרמענען בעסער... מיר וועלן זיך גיין קלאָגן... — איז געפאַלן אונדזער דראָאונג.

יענער האָט זיך אָבער מיט אונדזער דראָאונג ווייניק איבערגענומען.

— זאָל אייך די „נ.ק.וו.ד." קאָרמענען... — האָט ער ציניש געשמייכלט.

קלאָר, אַז מיר וועלן דאָ שוין גאָרנישט פועלן. נישט מיר מיט אונדזערע אָנקלאָגעס וועלן ענדערן די „פּאָליטיק", וואָס די סאָוועטישע מאַכט פירט לגבי די פאַרביסענע אוזבעקן, לגבי די אוזבעקישע קאָלכאָזן. אַ „פּאָליטיק" פון קוקן דורך די פינגער. ווייניק בלוט האָט דאָ אָפּגעקאָסט? מיידט זי אויס, די מאַכט, אַלץ, וואָס קאָן ברענגען צו רעצידיוון.

כדי נישט אויסגיין ביסלעכווייז פון הונגער דאָ אינעם פאַרוואָרפענעם העק בלייבט אונדז איין אויסוועג — דער זעלבער אויסוועג, וואָס אין די פריערדיקע קאָלכאָזן: עוקר זיין. שלאָגן כפּרות מיט די אוזבעקן און זייערע קאָלכאָזן.

און דאָס האָבן מיר טאַקע געטאָן:

נאָך אַ ביינאַכטיקער „אסיפה" אויף דער פּריטשע זענען מיר אַלע געקומען צום הסכם, אַז גלייך אין דער פרי לאָזן מיר זיך צוריק אין וועג אַריין.

אין דער דאָזיקער נאַכט איז אַגב געשען אַ היימישע גנבה: בעת עמיצער פון דער פּריטשע איז אין מיטן נאַכט אַרויס אויף אַ וויַיל אין דרויסן, האָט ער צוריקקומענדיק נישט געפונען זיין האַלבע „לעפּיאָשקע", וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט ביי אַן אוזבעטשקע און וואָס ער האָט געהאַט ליגן אונטערן רוקזאַק צוקאָפּנס: צו וואָס הונגער האָט שוין געבראַכט! דער געליטענער האָט זיך באַלד געכאַפּט און געמאַכט אַ „טרעוואָגע". ער האָט געוואַלדעוועט און געטאַפּט אין דער פינצטער ביי אַלעמען אין די רוקזעק. דער הונגעריקער גנב האָט אָבער אפּנים תיכף, בחפזונדיק, איינגעשלונגען די גנבה און קיין שפּור נישט געלאָזט... דער געליטענער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט באַרויִקן און געשאָלטן מיט טויטע קללות:

— ווער עס האָט אויפגעפרעסן די „לעפּיאָשקע", זאָלן אים די געדערים פּלאַצן!

און נאָך אַ קליינער פּויזע אַן אַנדער קללה:

— ווער עס האָט אַראָפּגעשלונגען די „לעפּיאָשקע", זאָל מיט איר פאַרשטאָפּט ווערן לעולם ועד. הלוואי, אָמן!

און ווידער אַמאָל:

— ווער עס האָט אויפגעפרעסן די „לעפּיאָשקע", זאָל נאָך היינט איינגעמען אַ מיתה משונה. הלוואי, רבונו של עולם!

און אַזוי כסדר. אַלע ווײַלע אויפסניי:

— ווער עס האָט...

עס איז אַלעמען געוואָרן זייער פריקרע צו הערן דעם דאָזיקן מענה־לשון; אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט, כדי דער שילטער זאָל נישט מיינען, אַז דאָס רעדט אַ נוגע בדבר.

האָט זיך ביי יענעם אַ גאַנצע נאַכט גאָר דער מויל נישט פאַרמאַכט...

דעם הונגעריקן היימישן גנב איז נעבעך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. אין זיין הונגער האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און איז געשטרויכלט געוואָרן. און איצט מוז ער זיך מאַסקירן, כאָטש די „לעפּיאָשקע" אין זיינע איינגעווײדן ליגט שוין זיכער נישט איין רויִק. יעדע קללה גרימט און קאָרטשעט אינעווייניק.

ביז עס איז מיט מזל געוואָרן אינדערפרי. מיר האָבן גענומען אונדזער „באַגאַזש" — די דאַרע רוקזעק — און היידאַ אין וועג אַריין!

צוריק קיין בוכאַרע!

אין רעמיטאַן פאַרהאַלטן מיר זיך אין דער „טשאַיכאַנאַ“. דאָרט ווערן מיר געוואָר פון פּליטים, אַז דאָ אין שטעטל געפינט זיך אַ פּוילישער פּונקט. אַ פּאָר־שטייער פון דער פּוילישער דעלעגאַטור. מיר לאָזן זיך אַוועק גלייך צו אים. אפשר עפּעס אַ ישועה?

אַ קליין שטיבל אויף אַ זייטיקן געסל — דאָס איז דער פּוילישער פּונקט. ביי אַ טיש, אָנגעלייגט מיט פּאַפּירן, זיצט אַ מיטליעריקער פּאָליאַק, אין אַ מונדיר פון אומבאַשטימטער אָפּשטאַמונג.

— ראָדאַצי... (לאַנדסלייט), — באַגעגנט ער אונדז מיט אַ שמייכל. — גוט וואָס איר זענט געקומען. כ׳וועל אייך טאַקע אַלעמען רעגיסטרירן.

— רעגיסטרירן... וואָס וועט אַרויסקומען פון דער רעגיסטראַציע?

— מיט דער צייט וועט אפשר אַרויסקומען. — ענטפערט ער נאָך אַלץ אַ שמייכלדיקער.

— און וואָס איז מיט דער פּוילישער אַרמיי?

— גאָר אין גיכן וועלן מיר קאָנען שיקן מענטשן אין דער אַרמיי.

— ווו איז זי, די פּוילישע אַרמיי?

— זי איז שוין דאָ אין פאַרשיידענע פּונקטן: אין יאַנגי־יול, אין קערמינע, אין גוזאַר. מעלדעט זיך צו מיר אין עטלעכע וואָכן אַרום.

— און דערווייל? וואָס טוט מען דערווייל?

און מיר דערציילן אים וועגן די צרות אין די קאָלכאָזן. וועגן כסדרדיקן הונגער.

— איך ווייס, פּאַנאָוויע, איך ווייס. זיך געוווג שוין דאָ אָנגעהערט. פּשיאַ קרעוו!

— פּראָשען פּאַנאַ, און דער פּוילישער פּונקט גיט גאָר נישט אַרויס קיין שטיצע די פּוילישע בירגער?

דער פּאָליאַק שטאַמלט:

— המ...מ...ממ... כמעט גאָרנישט.

— אפשר?

— ניין, מיר האָבן איצט גאָרנישט. די קאַסע איז פּוסט.

זיין שטאַמלען געפעלט אונדז עפּעס נישט. מסתמא נישט פאַר אַלעמען איז די קאַסע פּוסט...

— זענט איר אַלע געווען אין לאַגער? — פרעגט ער איבער.

— געווען, געווען.

— טאַק, טאַק, פּאַנאָוויע. מענטשאָן נאַשיך ראָדאַקוו... (אַזוי, אַזוי, מיינע הערן, מ׳פּייניקט אונדזערע לאַנדסלייט...).

מיר ווייזן אים די „אודאָסטאָווערעניע” (באַשטעטיקונג) פון לאַגער. ער פאַר־נאָטירט עס אין אַ ספּעציעלער רובריק, ביי יעדערנס נאָמען.

— פּרוווט קומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, — לייגט ער פאָר. — אפשר וועט זיין עפּעס נייס.

— ווער ווייס ווו מיר וועלן זיין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

— איר זענט דאָך דאָ אין אַ קאָלכאָז.

— שוין אויס קאָלכאָז.

און מיר דערציילן אים וועגן אונדזער „ויברח”.

— טאַ פּיעקיעלנאַ טולאַטשקאַ! (דער גיהנומדיקער נע־ונדו!), — שאָקלט ער מיטן קאָפּ.

מיר זענען אַוועק פון פּוילישן פּונקט מיט גאַרנישט.

— פונדעסטוועגן, — וואַרפט ווער אַריין, — בין איך זיכער, אַז פּאַר אמתע פּאָליאַקן, נישט קיין ייִדן, האָט ער עפּעס מער ווי גוטע רייד.

— זיכער ווי גאָלד, — האַלט עמיצער אַנדערש אונטער.

— וואָס פּאָליאַקן זענען! — רופט אויס אַ דריטער. — מ׳איז צוזאַמען אין איין גלות, מ׳ליגט צוזאַמען אין ארצה, דאָך פאַרגעסן זיי קיינמאָל נישט דעם חשבון מיט ייִדן...

קריכט מען ווייטער אין וועג אַריין. רוט מען אויף „ביוואַקן” און ווייטער געגאַנגען. מ׳גייט דורך קישלאַקן. מיר פּרוון אָנקלאַפּן אין קיביטקעס. עס ווייזן זיך אין טירן בערדלדיקע אוזבעקן, געדיכט־באַצעפּלטע קעפּ פון אוזבעטשקעס.

— נאָן באַר? (פאַראַן ברויט?) — פרעגן מיר.

— נאָן יאָק.

אָדער מ׳הערט אַן אַנדער פּזמון:

— טשאַי באַר — לעפּיאָשקאַ באַר.

ס׳הייסט: אויב דו האָסט טיי, איז האָבן מיר אַ פּלעצל.

דערפאַר אַז מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ באַזאַרל ביי עפּעס אַ ישוב, האָט מען שוין יאָ עפּעס געגאַסן: אָדער אַן אוזבעק האָט מיטן גוטן ווילן מכבד געווען מיט אַ ריב, צי מיט אַ מער, אָדער ווער עס האָט געקאָנט באַווייזן פלינקייט, האָט אַליין אַרויסגעצויגן עפּעס פון די זעק...

אין איין קישלאַק גייען מיר פאַרביי אַ „לאַראָק” (געוועלבל). גלייך ווי אַלע סאָוועטישע בירגער האָבן מיר שוין אויך געוווסט פונעם כלל, אַז ווו נאָר מען זעט אַ געוועלבל, דאַרף מען אַריינגיין. אפשר איז פאַראַן עפּעס אַ „מציאה” צו קויפן.

מיר שיטן זיך אַריין אַלע מיטאַמאָל:

— וואָס פּאַרקויפסטו? — פרעגט מען דעם פּאַרקויפער, אַן עלטערער אוזבעק.

— יאָק... יאָק... — ענטפערט ער באַלד.

— וואָס הייסט יאָק? — נעמט מען אים אויף זיכער.

— יאָק... יאָק...

— און מאַכאָרקע האָסטו?

— יאָק...

— אַלץ יאָק?... נו און שוועבעלעך?

— באַר...

— באַר? דאַוואַי, דאַוואַי!

— וויפל?

— גיב צוויי... גיב דריי שאַכטלעך...

דער פּאַרקויפער האָט אַרויסגעשאַרט פון אונטערן טיש אַ קעסטל פול מיט שוועבעלעך און געגעבן דעם ערשטן. באַלד האָבן זיך געשאָטן שטימען פון אַלעמען:

— און מיר גיב דריי.

— מיר אויך.

— און מיר...

ער האָט אַלעמען געגעבן צו דריי שאַכטלעך. געקאָסט האָט עס גראָשנס — צו „גאָסודאַרסטוועננע" פּרייזן. סך־הכל פינף קאָפּיקעס אַ שאַכטל.

— וואָס האָסטו נאָך צו פּאַרקויפן, גראַזשדאַנין? זאָג, שעם זיך נישט.

— יאָק... יאָק...

מיר קוקן אויף די פּאָליצעס — טאַקע ליידיק. איין פּאָליצע איז יאָ פול, אָבער מיט אַלטע אייזנוואַרג: סערפּן, שרויפן און זאַוויאַסעס צו טירן.

מיר גייען אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום כאַפּן מיר זיך — איך און צ. ז. — אַז מ׳קאָן פּרוּוון בעטן נאָך שוועבעלעך. מיר וואַרטן אַ ביסל און גייען אַריין אַ ביסל שפּעטער בלויז צווייענדיק. מיר טוען עקסטרע אויס די היטלען ער זאָל אונדז נישט דערקענען.

—גראַזשדאַנין, שוועבעלעך!

יענער שלעפּט ווידער אַרויס דאָס קעסטל פון אונטערן טיש.

— וויפל?

— גיב אַ 5 שאַכטלעך.

ער פרעגט נישט איבער און דערלאַנגט.

— און מיר 10.

יענער דערלאַנגט.

— דערלאַנג זשע מיר אויך ביז 10.

דער אַלטער אוזבעק, כל זמן ער האָט געהאַט שאַכטלעך שוועבעלעך אין קעסטל, האָט ער פאַרקויפט. וואָס איז אים די נפקא־מינה וועד עס קויפט ביי אים? ווייזט אויס, אַז ער איז נישט געווען קיין „אויסגעפּרוווטער" פאַרקויפער און ער פאַרקויפט נישט די שוועבעלעך „אויף לינקס", אויסערן „לאַראָק", צו באַזאַר־פּרייזן. מיר ווייסן דאָך, אַז אין שטאָט איז אַ געוואַלטיקער דוחק אין שוועבעלעך — שוועבעלעך „ברענען" אויפן באַזאַר. — אַזוי אַז מיר האָבן שוין איצט מיט וואָס צו קומען קיין בוכאַרע. די שוועבעלעך וועלן אונדז געבן — ברויט! ברויט!...

נאָך אונדז זענען די אַנדערע אויך אַריין אין געוועלבל, איינציקווייז און פּאָרווייז, ביז דער קאַסטן אונטערן טיש איז געוואָרן אינגאַנצן ליידיק און דער אוזבעק האָט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט:

— ספּיטשקי יאָק...

אַ ביסל אין אַ פריילעכערער שטימונג זענען מיר אין אָוונט צוגעקומען צו די צעקרישלטע פעסטונגס־ווענט פון דער אַלטער בוכאַרע.

מיר האָבן דאָך שוין דאָ איצטער אַן אַדרעס: לערמאָנטאָוואַ 30. מידע און פאַרשמאַכטע, האָבן מיר זיך אָפּגעשיידט פון דער גאַנצער גרופּע און זענען געגאַנגען אונדזער וועג. מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט אַהין און זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די קרומע טרעפּלעך צום בוידעם־שטיבל פון די וואַלדמאַנס.

די וואַלדמאַנס נעמען אונדז אויף, ווי תמיד, מיט גוטמוטיקע שמייכלען, חבריש. מיט עפּעס אַנדערש אויפנעמען, לויטן דרך העולם, קאָנען זיי נעבעך נישט. זיי האָבן אַליין נעבעך גאָרנישט, גאָרנישט... דער דלות פייפט פון אַלע ווינקעלעך... אַ חוץ מיט אַ שטיקל קאַלטער פּאַדלאָגע צום נאַכט־לעגער קאָנען זיי אונדז, די אורחים, נישט מכבד זיין. אדרבה, דאָס מאָל האָבן מיר פּאָר זיי געבראַכט אַ מתנה: עטלעכע שאַכטלעך שוועבעלעך. ביי דער פרוי וואַלדמאַן איז עס געווען שטאַרק אָנגעלייגט: מ׳קריגט עס נישט פאַר קיין געלט. מיר האָבן דעריבער ווייניקער געהאַט אויפן געוויסן וואָס מיר נעמען נאָך צו אַ ביסל רוים פון זייער „זשיל־פּלאָשטשאַד" (וווין־שטח) אינעם קליינעם ענגן בוידעם־שטיבל.

מיר ריידן זיך אַראָפּ פון האַרץ וועגן אונדזערע נייע „גליקן" אין קאַלכאָז, פון וואַנען מיר האָבן געמאַכט „ויברח".

— פאַרפאַלן, — זאָגט וואַלדמאַן אין גוטמוטיקן שפּאָס, — איך זע, אַז מיר וועלן שוין קיינער קיין „קאַריערע" דאָ אין רוסלאַנד נישט מאַכן. מיר וועלן שוין מוזן צוריקפאָרן צום „פאַרפוילטן מערב", נעבעך...

— ווי האַלט מען שוין אָבער דערביי? ווו איז עס געהערט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט, אַז פּאַר אַרבעט זאָל מען צאָלן מיט הונגער?

— ווער וואָלט עס טאָקע געגלויבט?

— ווי מען פּאַרטומלט עס אַ וועלט מיט פּראָפּאַגאַנדע... מיט שיינער מוזיק דורכן ראַדיאָ... מיט טשייקאָווסקי... רימסקי־קאָרסאַקאָוו... מ'הערט דורכן ראַדיאָ אין די ווייטע לענדער און מ'טראַכט: „אַ גליקלעך לאַנד"...

אַזוי שמועסט מען ביז שפּעט אין דער נאַכט, ליגנדיק אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע, אין דער פינצטער, פון געלעגער צו געלעגער.

מיר דערציילן לסוף וועגן אונדזער איינגעהאַנדלטער „מציאה", ווי קאָמיש עס איז צוגעגאַנגען דער „מסחר", ווי מ'האָט אויסגעליידיקט דאָס קעסטל ביים אוזבעק.

— דאָס גאַנצע לעבן איז דאָ איין טראַגי־קאָמעדיע, — קומט אַ „דעפיניציע" פון איין געלעגער. — גוט איז אָבער יענע, וואָס קאָנען זיין בלויז צושויער פון דער ווייטן. פאַר אונדז איז עס אַ פּיין, אַ מאַטערניש.

באַלד אינדערפרי זענען מיר אַוועק מיט דער „סחורה" אויפן באַזאַר. וואַלדמאַן האָט אונדז פאָרויסגעזאָגט אַ פיינעם ריווח און ער האָט געטראָפן. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און די שוועבעלעך זענען שנעל „צעצוקערט" געוואָרן.

זענען מיר, הייסט עס, ווידער ביי אַ ביסל געלט. האָבן מיר אויך אין דעם דאָזיקן טאָג געגעסן ברויט צו דער זאַט. גלייך אויפן באַזאַר האָבן מיר איינגעקויפט „לעפּיאָשקעס". מיט די „לעפּיאָשקעס" זענען מיר אַוועק צו די געשטעלן פון מילכוואַרג און זיך „געפונדעוועט" „פּיאַלעס" קאַטיק (זויער־מילך). איין „פּיאַלע" און אַ צווייטע. אַז חי געלעבט... לסוף זיך נאָך געקויפט אַ ביסל „קיש־מיש" און אַוועק אין אַ „טשאַיכאַנאַ". פּונקט ווי די אוזבעקן האָבן מיר אויך געזופּט דעם גרינעם טיי און צוגעביסן מיט „קיש־מיש" — אַנשטאָט צוקער.

מיר זיצן אויף דער פּריטשע מיט נאָך פּליטים פון פּוילן. מיר הערן פון אַלעמען דעם „אַלטן אמת", אַז פון קיין שום אַרבעט קאָן מען דאָ נישט לעבן — נישט אין שטאָט און נישט אין קאָלכאָז; אַז דער איינציקער אויסוועג איז אָדער גנבה, אָדער מסחר. ווער עס קאָן זיך „דרייען" אַרום מסחר, יענער איז גע־ראַטעוועט...

— אָבער צו מסחר דאַרף מען האָבן געלט; מען דאַרף דאָך האָבן פּאַרוואָס צו קויפן סחורה? — זאָגט ווער.

— לאַכט זיך אויס פון געלט! — רופט אויס איינער פון רעדל פּליטים, — פון איין טויט נאָדלען, פון איין צענדליק קנעפּלעך קאָן מען דאָ אויך מאַכן אַ לעבן. אַז דאָ איז דאָך אַ לאַנד, ווו אַלץ, וואָס עס הייבט זיך אָן אויף אַ אַלף, פעלט...

למשל: אַ קנעפּל, אַ נאָדל, אַ קלעצל פאָדים, אַ שאַכטל שוועבעלעך, אַ בענדל פון אַ שוך, אַ זאָק, אַ מעסערל... ווער רעדט נאָך אַ זייגערל... אָט מיט וואָס עס לאָזט זיך, האַנדלט מען...

דער דאָזיקער „בעל־דרשן" זעט אויס צו זיין אַן אויסגעפּרוּווטער פאַרשוין, אַ „זאַכקענער" און אויסטויגער. ער אַליין גייט טאַקע בעסער אָנגעטאָן פון אונדז: אין אַ נייער פופייקע, אין גאַנצע שיך. ער האָט זיך טאַקע אַרויפגעאַרבעט ביי מסחר. און עסן עסט ער אויך בעסער פון אונדז. מיר זעען, ווי ער נעמט אַרויס פון רוקזאַק אַ היפּשע שטיק לחמא, אַ ווורשט מיט טאָמאַטן און ער פּראַוועט נישקשהדיק די סעודה.

— הערט איר, ייִדן, — רעדט ער ווייטער אַ צופרידענער, קייענדיק אויף ביידע באַקן, — ווען כ'האָב דערזען, אַז די בראָך איז גרויס, האָב איך אַ שפּיי געטאָן אויף זיי און אַוועק אויפן באַזאַר. כ'האָב זיי אין דר'ערד. איצט בין איך שוין נישט הונגעריק, גאָט צו דאַנקען.

— איר האָט פאַרגעסן מסתמא צו זאָגן: „סטאַלינען צו דאַנקען"...

— טאַקע פאַרגעסן... — זאָגט ער מיט אַ שמייכל. — און איר מיינט, אַז די וואָס זאָגן עס, גלויבן אַזוי? ווייס איך וואָס! טאָג־טעגלעך האַקט די פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין דעם בירגער אין קאָפּ אַריין און מ'מוז אַזוי ריידן — צי דו ווילסט, צי דו ווילסט נישט. נישקשה, דאָס פאָלק ווייס גוט פון זיין גרויסער בראָך...

פון „טשאַיכאַנאַ" זענען מיר — איך מיט מיין חבר — ווידער אַוועק אויפן באַזאַר. מיר האָבן געגנישטערט, געזוכט וואָס מ'קאָן עפּעס קויפן — צום טוישן אויף ברויט. האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ „מציאה" ביי אַן אוזבעק: „סאַמאָסייקע". ער בעט נישט טייער. בתנאי מ'זאָל ביי אים אָפּקויפן דאָס גאַנצע זעקעלע, וואָס ער האָט. עס לוינט צו פּרוּוון גליק. אין קאָגאַן, ווייסן מיר, פעלט גראָד אויס דער מין. קויפן מיר אָפּ ביים אוזבעק די גאַנצע סחורה: 8 טעפּעלעך האָבן מיר אויסגעמאָסטן.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער „בוכאַרקע" קיין קאַגאַן. מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ מזלדיקן באַזאַר. גראָד האָט מען דאָרט נישט אָנגעזען קיין סימן פון מאַכאָרקע. דעם גרעסטן טייל האָבן מיר פאַרקויפט פאַר מזומן — נישט אַלע האָבן געהאַט ברויט צום טוישן — און אַ ביסל האָבן מיר יאָ גע־טוישט: איינער אַ „זשעלעזנאָדאָראָזשניק", אַ רוס, האָט אונדז פאַרגעלייגט ברויט מיט „שטשי" פאַר איין גלאָז מאַכאָרקע. זענען מיר נישט פויל געווען מיט אים מיטצוגיין אין זיין כאַטע. ער האָט אונדז אָנגעקאָרמעט מיט אַ קאַלטן „שטשי"

— צווייַ פולע שיסעלעך — און מיט היפּשע צוויי פּאַרציעס ברויט. מיר זענען אויף אַן אמת זאַט געוואָרן.

— דאָס זענען ברויט פון די „קאַרטאָטשקעס", — דערציילט אונדז דער אַל־טער, בעת מיר האָבן געהאַלטן אין עסן, — מיין פּאַרציע און דעם זונס. כ'ווייס נישט, צי דער זון וועט היינט קריגן אַנדער ברויט. אָבער דער זון וועט זיין זייער צופרידן: אַן מאַכאָרקע איז אונדז שווער איבערצוקומען אַ טאָג. ערגער ווי אַן ברויט.

דער אַלטער „זשעלעזנאָדאָראָזשניק" דערציילט אונדז נאָך, אַז ער אַליין אַרבעט שוין נישט — שוין צו אַלט און די כוחות דינען נישט. קיין „באַבע" איז אין שטוב נישטאָ, איז ער עס דער קוכער און ער קאָכט דעם „אָביעד" פאַר זיך און פאַרן זון. די צרה איז נאָר וואָס נישט שטענדיק איז פאַראַן וואָס צו קאָכן...

— וואָס הייסט נישטאָ?... — „פּראָוואָציר" איך דעם אַלטן. — מ'קויפט אויפן באַזאַר אַ קילאָ פלייש און מ'מאַכט קאָטלעטן אָדער ביפשטיקס...

— אָ, גאָלובטשיק, ווער קאָן ביי אונדז טראַכטן פון אַזעלכע זאַכן... נישטאָ אַמאָליקע צייטן...

— וועלכע צייטן מיינט איר, דיעדושקאָ?

— כ'מיין אַמאָל... אַמאָל... נאָך פאַר דער רעוואָלוציע...

— איז דאַמאָלס געווען וואָס צו עסן?

— נישט צו עסן, נאָר צום פרעסן, גאָלובטשיק. ס'האָט נישט געפעלט קיין ברויט און ס'האָט נישט געפעלט קיין פלייש. אַפילו בראָנפן האָט קיינמאָל נישט געפעלט אויפן טיש. היינט אָבער... עך, גאָלובטשיק... היינט רויכערן... די בעסטע מאַכאָרקע, די בעסטע פּאַפּיראָסן... האָסט זאַט אָפּגעגעסן און פאַררויכערט דעם גוטן פּאַפּיראָס... נישט אַזאַ שטינקענדיקע „סאַמאָסייקע". און דאָס קריגט מען נישט ווען מען וויל. שוין עטלעכע טעג ווי איך קום אויפן באַזאַר, איך זוך אַרום צו רויכערן און געפין נישט. צום גליק געטראָפן היינט אייך, גראַזשדאַניע.

דער אַלטער האָט נישט אויפגעהערט צו ריידן, קוקנדיק אויף אונדז מיט דער גרעסטער דאַנקבאַרקייט, גלייך ווי ער וואָלט געפילט, אַז ער איז אונדז נאָך עפּעס שולדיק.

— אַז דער זון וועט פאַרנאַכט קומען פון דער אַרבעט, וועט ער זיך שטאַרק דערפרייען מיט דער „סאַמאָסייקע". שוין עטלעכע טעג ווי ער גייט אַרום אַ צע־חושטער אַן רויכערן. קומט אַרויף, גראַזשדאַניע, צו אונדז עפּטער. — בעט ער אונדז, דער גוטמוטיקער אַלטיטשקער.

פאַרן אַוועקגיין האָבן מיר פאַרשריבן זיין אַדרעס. גוט צו געדענקען אַזאַ הויז. די נאַכט האָבן מיר שוין גענעכטיקט אין קאַגאַן — אין דער „טשאַיכאַנאַ".

קיין פלאַץ אויף דער פּריטשע איז שוין נישט געווען. זי איז שוין פאַרנומען געווען פון אַנדערע היימלאָזע, וואָס האָבן זיך מקדים געווען. זענען מיר געזעסן שפּעט אין דער נאַכט אויף אַ באַנק ביי דער וואַנט און געזופּט גרינעם טיי מיט „קיש־מיש"; מיר האָבן דאָך שוין ווידער פאַרדינט אַ פּאָר רובל פונעם נייעם מסחר.

אין מיטן נאַכט זענען מיר עדות פון אַזאַ סצענע:

אויף דער פּריטשע ליגן אויסגעצויגן פאַרשיידענע פאַרשוינען: אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע „בראָדיאַגעס" אַזוי ווי מיר. צווישן זיי נאָר איינער אַ בעסער אָנגעטאָענער, אין אַ בעסערן אָנצוג און בעסערע שיך. ער ליגט אויפן רוקן, די פיס גלייך אויסגעצויגן ביזן ראַנד פון דער פּריטשע און מיט אַן אָפן מויל. ער שנאָרכט אויפן קול. מסתמא אויך שוין לאַנג נישט אויסגעשלאָפן זיך אונטער אַ דאַך... פוןביידע זייטן פון זיין צופוסנס זיצן צוויי חברה־לייט, וואָס פּרווון זיך אַלע ווײַלע אַ שפּיל טאָן מיט זיינע שיך. דער צוועק פון דער שפּיל מיט די שיך ווערט אונדז באַלד קלאָר: דאָס פּרווון זיי אויס, צי דער שלאָפנדיקער וועקט זיך איבער פון זייערע באַרירן, אָדער נישט. טוען זיי עטלעכע מאָל אַ שלעפּ אַ שוך און אַ פאַרקוק דערביי אים אין פּנים אַריין — יענער רירט זיך נישט. ער שלאָפט ווי אַ געהרגעטער. ווערן די צוויי חברה־לייט דרייסטער און נעמען זיך אָפּבינדן די שיך־בענדלעך. אַלץ בהדרגה און שנעל: איין צי אַרויס דעם בענדל פון די לעכלעך, אַ צווייטן צי אַרויס — און שוין, דער שוך איז שוין לויז. איינס, צוויי — און צאַפּ! אַראָפּגעצויגן פלינק דעם ערשטן שוך פון איין פוס. דעם שוך גיבן זיי שנעל אַ שטעל אונטער דערוויל אונטער דער פּריטשע. דאַן חזרט זיך באַלד איבער די שפּיל מיטן צווייטן שוך. פּאַוואָליע, פּאַוואָליע, ווי ביי דעם ערשטן. אַראָפּגעצויגן דעם צווייטן שוך, זענען ביידע חברה־לייט תיכף נעלם געוואָרן פון דער „טשאַיכאַנאַ".

דער שלאָפנדיקער קרבן איז געבליבן ליגן אין דער זעלבער פּאָזע, אַ כראָפּנדיקער, מיט אַ האַלב־אָפן מויל, מיט אַרויסשטאַרצנדיקע לאַנג־נישט־געוואַשענע פיס־פינגער דורך די צעריסענע סקאַרפּעטן.

— יענעם, זעט אויס, חלומט זיך גאַרנישט וועגן זיין אומגליק. — באַמערק איך.

— אַ טרויעריק אויפשטיין וועט ער נעבעך האָבן. — ענטפערט צ. ז.

און ווי אויסטערליש: קיינער פון די אַנוועזנדיקע אין „טשאַיכאַנאַ": נישט דער אוזבעק־„זאַווכאָז", נישט די זייטיקע פּאָר אוזבעקן, וועלכע האָבן געזופּט זייער טיי ביי אַ קליין טישל נעבן בופעט; נישט מיר ביי דער וואַנט — קיינער האָט נישט רעאַגירט אויף דער גנבה. אַלע האָבן זיך צוגעקוקט שווייגנדיק און מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן. עס האָבן שוין אפנים אַלע דאָ געוווסט דעם

כלל: זעסטו אַ גנבה; זעסטו, ווי מען „באַארבעט" עמיצן — זיי שטום ווי אַ פיש, — אויב דו ווילסט נישט כאַפּן קיין מעסער אין זייט אַריין.

## 29

## איבער שטעט און שטעטלעך

פון קאַגאַן האָבן מיר זיך צומאָרגנס געלאָזט ווידער אין וועג אַריין. דאָס מאָל אַ ביסל ווייטער — לענג־אויס דער טראַסע קאַגאַן — סאַמאַרקאַנד. אויף די גרעסערע סטאַנציעס זענען מיר אַראָפּגעגאַנגען. מיר האָבן זיך אויף די באַזאַרן נאָכגעפרעגט אויף אַרבעט, דערביי געזוכט צו כאַפּן „מציאות". אָבער שווער, שווער צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט: מיט די געציילטע לעצטע פּאָר רובל קאָן מען גאָר נישט אויפטאָן. אויף די באַזאַרן איז אומעטום אַ יקרות. ברויט ווערט טייע־רער מיט יעדן טאָג. סיידן מיט מאַכאָרקע קאָן מען נאָך עפּעס אויפטאָן. אָבער די הכנסה פון אונדזער „סאַמאָסייקע" האָבן מיר שוין אויפגעגעסן. יעדער טאָג ברענגט דאָך נייעם הונגער.

ביי יעדן אָנבאָט פון אַרבעט זענען מיר שוין געווען דערפאַרן און פרעגן גלייך:

— וואָס באַקומט מען פאַר דער אַרבעט? צי וועט זיין כאָטש אַ שטיקל ברויט יעדן טאָג?

גיין זיך בחנם איינשפּאַנען אין יאָך פון פּראַצע? — ניין!

אין קאָלכאָזן גייען מיר נישט מער: מוחל די דזשיגאַרי, מוחל די פּאָר ריבן.

זוכן מיר ווייטער. וואַנדערן מיר אַזוי איבער די שטעט און שטעטלעך, פון ישוב צו ישוב, וועלכע ליגן אויף דער דאָזיקער טראַסע. דער דאָזיקער וועג איז תמיד באַלעבט. עס גייען צוגן, עשאַלאָנען. קיין בילעטן דאַרפן מיר דאָך נישט. די וואַגאָן־טרעפּלעך נעמען אונדז שטענדיק אויף, צו יעדער צייט. דאָס איז שוין די „פּריווילעגיע" פון הפקר.

אומעטום, אין יעדער שטאָט, אויף יעדן וואָקזאַל שטויסן מיר זיך אָן אויף די וואַנדערנדיקע גרופּעס פּליטים. די מענטשן פון הפקר. דאָ־דאָרט הינטער קי־ביטקעס, הינטער וואָקזאַלן וואַלגערן זיך קראַנקע, אַזוי ווי סקעלעטן, אין הויכן פיבער. די מאַלאַריע, די צינגאַ פרעסן זיי אויף. קיינער קוקט זיך נישט אום אַרום זיי. זיי ליגן אַזוי און גייען אויס אינעם עלנט אונטערן פרייען הימל. די שפּיטאָלן זענען פול מיט טיפוס־קראַנקע. „ניעט מיעסטו!" — ענטפערט מען אומעטום אין

די אַמבולאַטאָריעס און מעד־פּונקטן. אויף הונדערטער, אויף טויזנטער קילאָמע־טער ציט זיך דער דאָזיקער עמק־הבכא — — — — — — — — — — —

גאָט, וואָס עס ווערט פון דיין יצירה!

אויך סאַמאַרקאַנד יאָגט אונדז צוריק מיט זיין הונגער. אין דער גרויסער שטאָט איז נאָך גרעסער דער דלות, דער עלנט. יאָגט אונדז, טרייבט אונדז די פּאַרצווייפ־לונג פון דער שטאָט — — —

שלעפּן מיר זיך צוריק קיין קאַגאַן.

אויף די באַנען זענען מיר שוין היימיש. די קאָנדוקטאָרן, די „פּראָוואָדניקעס" קוקן שוין דורך די פינגער אויף די פּליטים־בראָדיאַגעס. האָבן שוין לאַנג רע־זיגנירט פון קאָנען זיי אַרויסוואַרפן. זיי ווייסן שוין ווויל, אַז סיי־ווי־סיי וועט עס נישט העלפן. אַז מ'וואַרפט זיי אַרויס פון איין וואַגאָן־טיר, כאַפּן זיי זיך צוריק אַריין דורך דער אַנדער טיר. און צופיל זענען זיי, די פּליטים, און צו שווער איז פירן אַ מלחמה מיט אַזאַ עולם.

איין נאַכט פּאַקן מיר אין אַ וואַגאָן צוויי פרייע בענק סאַמע אין דער הויך. מיר קריכן אַהין אַרויף און ציִען זיך אויס אין דער גאַנצער לענג, ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן.

די דאָזיקע רו איז אונדז אָבער פאַרשטערט געוואָרן צוליב אַ גנבה אין זעלבן וואַגאָן. ביי אַ יונגער „גראַזשדאַנקע" האָט מען צוגעצויגן אַן אַלטן ירושה־רידי־קיול. זי האָט געמאַכט אַ געוואַלט, גערופן דעם קאָנדוקטאָר. דער דאָזיקער אַליאַרם האָט מיך אויפגעוועקט. פּלוצלונג באַמערק איך, ווי דער רידיקיול ליגט גאָר צו־פוסנס פון מיין שותף: דאָס האָט אַפּנים דער גנב, אַנטלויפנדיק, אַ וואָרף געטאָן אין דער הויך די גנבה און אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן. איך וועק אויף צ. ז. און זאָג אים וועגן אומגליק. און דאָ איז שוין דער קאָנדוקטאָר אין דער שכנות־דיקער קופּע. איז דאָך די גלייכסטע זאַך דערציילן דעם אמת. רופט צ. ז. דעם קאָנדוקטאָר מיטן מיידל און דערציילט זיי, אַז דאָ אויף דער באַנק ליגט דער רידיקיול, וואָס דער גנב האָט אונטערגעוואָרפן. יענע אָבער גלויבן נישט און לאָזן אים שוין נישט אָפּ. אַגב פעלט אין רידיקיול דאָס געלט — 80 רובל. אַזוי טענהט דאָס מיידל. און אַז מ'קומט אָן אויף דער ערשטער סטאַנציע, שלעפּן זיי אַראָפּ מיין חבר אין דער מיליץ.

און די באַן האָט דאָך אויף צ. ז. נישט געוואַרט. איז מיר באַשערט געווען אַליין אָנצוקומען קיין קאַגאַן. כ'דריי זיך אום ווי אויפן עולם התהו. געפרעגט אַ פּאָר מאָל אויפן וואָקזאַל ווען עס דאַרף אָנקומען אַ צווייטע באַן פון יענער ריכ־טונג, פון וואַנען צ. ז. וועט דאָך זיכער אָנקומען. כ'גיי אויך אין פּוילישן פּונקט, פרעג אויף דער פּוילישער אַרמיי:

— ראַדאַקו, כ׳האָב געהערט, אַז מ׳שיקט שוין אין דער פוילישער אַרמיי.
דער פוילישער באַאַמטער קוקט מיך אָן אַ ווייל און ענטפערט:
— נאָך נישט געקומען די צייט.
— ווען וועט זי קומען, די צייט?
— כ׳ווייס נישט.

עס ווערט מיר פאַרדעכטיק זיין טאָן, זיין אַריינקוקן מיר אין די אויגן. אַזאַ ענטפער האָט ער אַפּנים נאָר פאַר יידן... כ׳האָב דאָך געהערט די טעג פון פאַלן, אַז פאָליאַקן האָט מען יאָ געשיקט אין דער פוילישער אַרמיי — קיין קערמינע און קיין גוזאַר. די פאָליאַקן, הייסט עס, גלוסט זיך אויך דאָ צו רייטן אויפן אַנטי־סעמיטישן פערדל.

גיי איך אַוועק נאָר מיט פאַרדרוס.

איך האַלט זיך נאָנט פון וואָקזאַל אין דערוואַרטונג פון ערשטן צוג. טרעפט מיך דאָ אויך „גליק״: כ׳באַמערק דאָ ערגעץ אַן „אָטשערעד׳״ ביי אַ „לאַראָק״.
— גראַזשדאַניע, וואָס פאַרקויפט מען דאָ?
— ברויט. „קאָמערטשעסקי״ ברויט.

אַ פּאָר שעה געשטאַנען און געדולדיק געוואַרט אויף דעם גרויסן „גליק״. כ׳זע מענטשן גייען אָפּ פון פענצטערל מיט קילאָדיקע לחמאס. זאָל עס נאָר דער־גיין צו מיר. כ׳האָב כמעט ווי תפילה געטאָן אין דער מחשבה: זאָלן נאָר די „שערי רחמים״ פון „לאַראָק״ נישט געשלאָסן ווערן פאַר מיין נאָז. זאָל די שיקסע אין פענצטערל גאָר נישט אויפהערן צו שניידן און וועגן, גאָט דערבאַרימדיקער!

אין מיטן דערינען הער איך אַ פייף פון אַן אָנקומענדיקער באַן. מיינע בליקן זענען געשפּאַנט אויפן דורכגאַנג פון וואָקזאַל, פון וואַנען עס קומען אַרויס די פּאַסאַזשירן.

און צ. ז. איז טאַקע דאָ!
— האַלאָ, האַלאָ! — רוף איך צו אים אַ דערפרייטער.

יענער קומט גלייך צו מיר. ער דערציילט מיר וואָס ער האָט אַלץ געהאַט אויסצושטיין אין דער מיליץ. די שיקסע האָט רק געטענהט, אַז נישט אַנדערש, נאָר ער איז דער גנב. אַז ער האָט עס אַרויסגעצויגן די 80 רובל פון רידיקיול. גיי שריי חי וקים. גיי צערייס זיך און באַווייז, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. מ׳האָט אים לייטיש רעוווידירט — אַזוי ווי די מיליץ קאָן.
— וואָס פאַר אַ געלט האָט איר געהאַט, גראַזשדאַנקאַ?
— פיר טשערוואָנצעס *).

*) אַ טשערוואָניעץ איז 20 רובל.

אַ נס איז געווען, וואָס צווישן זיין ביסל געלט איז קיין איין טשערוואָניעץ נישט געווען.

— גיב איר כאָטש אַ פּאָר צענדליק רובל. — פּרוּווט פּסקענען דער מיליציאָנער.

— סטייטש פאַרוואָס ?

— ווידיש, ביעדנאַיאַ זשענשטשינאַ (זעסט דאָך, אַן אָרעמע פרוי).

צ. ז. האָט קוים אָפּגעשריִען די „הומאַניטאַרע פּשרה" פונעם מיליציאָנער.

— וואָס בין איך שולדיק, אַז מ'האָט ביי איר געגנבעט? — האָט ער געטענהט, — איך בין אויך אַן אָרעמאַן. אַ ביעזשעניעץ. מיר איז ערגער פּאַר איר. זי האָט דאָ אַ היים.

די פרוי האָט געהאַלטן אין איין טענהן:

— ער איז דער גנב. ווער האָט דען געקאָנט גנבענען אויב נישט ער?

קוים מיט צרות האָט ער זיך אַרויסגעראַטעוועט מיט זיין גוף און מיט זיינע לעצטע פּאָר רובל.

צ. ז. האָט אָבער אויך געהאַט מזל, וואָס דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין אַ קרימינעלן ענין; ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ חשד פון פּאָליטישן כאַראַקטער — אין קאָנטררעוואָלוציע! — וואָלט מען אים שוין נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער ליכטיקער וועלט... מען וואָלט אים שוין אָן שום טענות ומענות צוגעטשעפּעט דעם 58סטן פּאַראַגראַף און ער וואָלט שוין אַוועק צו די „ווייסע בערן"... אַהין, אַהין, פון וואַנען ער איז ערשט נישט לאַנג געקומען — — —

חשד אין גנבה — דאָס זענען נאַרישקייטן. גנבים פּוילט זיך אַפילו די מיליץ צו פאַרהאַלטן אונטערן שלאָס. בפרט פאַר גנבה ביי אַ פּריוואַט-מענטש.

שמועסנדיק אַזוי מיט מיין שותף, האָב איך אים ביסלעכווייז אַריינגעשמוגלט פאַר מיר אין „אָטשערעד". און אַזוי זענען מירביידע געהאָלפן געוואָרן מיט אַ קילאָ ברויט יעדערער.

מיר האָבן נאָך באַוויזן צו כאַפּן די לעצטע „בוכאַרקע" און היידאַ קיין בוכאַרע — אויף לערמאַנטאָוואַ 30, צו די וואַלדמאַנס.

## 30

## איך אַלאַרמיר פרץ מאַרקישן

דאָס מאָל האָבן מיר וואַלדמאַנס בוידעם-שטיבל געטראָפן אין אַ פיל ערגערן מצב. די פרוי ליגט איצטער קראַנק, אין דעם אָרעמען ביסל בעטגעוואַנט.

אַן אויסגעפּייניקטע פון דער שווערער צייט, פון כסדרדיקן נישט־דערעסן, איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ קראַנקייט. זי ליגט אַ בלאַסע, מיט קראַנקע איינגעפאַלענע אויגן. אין שטוב איז נישטאָ מיט וואָס דאָס חיות צו דערכאַפּן. עס דרייט זיך אַרום אַ מאָגער קינד, מיט אַ גרין פּנימל און דערמאָנט אָפּט, אַז עס איז הונגעריק. דער איינציקער שפּייזער פון דער פאַמיליע — וואַלדמאַן — צענעמט די הענט פון פאַרצווייפלונג. פון נישט הויכן וווקס, איז זיין קאָפּ נאָך נידעריקער געזונקען פון די ביטערע דאגות. ער שטייט אויף באַגינען און איידער ער גייט נאָך צו דער אַרבעט לויפט ער אַרויס מיט אַ קעסעלע זוכן: אפשר וועט ער עפּעס קריגן צום עסן פאַר דער קראַנקער און פאַרן קינד. דאָס זעלבע טוט ער אין אָונט, בעת ער קומט פון דער אַרבעט. ער לויפט אַרום דאַמאָלס איבער די „סטאָלאָווקעס״, זוכנדיק אַ ביסל געקעכטס פאַרן הויזגעזינד.

— וועט מען דאָ קראַנק, איז אַ קאַטאַסטראָפע! — רעדט ער מיט פאַרזאָרגטקייט — מיט וואָס ראַטעוועט מען דאָ אַ קראַנקן?

אין איינעם אַזאַ אָוונט זיצן מיר אַלע אין דעם בוידעם־שטיבל און מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ. ס׳איז אַ מצב אָן אַן אויסוועג. מען זעט פאַר זיך אַן אָפּגרונט. שטייט מען צו צו מיר:

— שרייבט צו פּרץ מאַרקישן!

— ניין, איך קאָן נישט.

— איר דאַרפט עס טאָן, דערציילט אים, אַליאַרמירט אים.

— איך האָב אין טאַשקענט נישט געוואָלט גיין צו אים און אויך איצט וויל איך צו אים נישט שרייבן. איר ווייסט גאַנץ גוט פאַרוואָס.

— איצט אָבער מוזט איר. — טוט מיר צ. ז. אַ ווינק אויף דער קראַנקער.

— שרייבט, שרייבט! — האָט זיך אויך אַריינגעמישט די קראַנקע.

די שטים פון דער קראַנקער האָט אַראָפּגעוויגן און כ׳האָב זיך אונטערגעגעבן אַלעמענס ווילן. וואַלדמאַן האָט אויסגעזוכט אַ נישט־פאַרשריבן בלעטל פון אַ העפט און איך האָב זיך גענומען שרייבן. כ׳האָב מאַרקישן דערציילט, אַז איך געפין זיך איצט אין אַ בוידעם־שטיבל ביי אַ יידישן שרייבער פון וואַרשע. עס זענען דאָ עטלעכע פּען־מענטשן, וואָס ראַנגלען זיך מיט דער גרעסטער נויט. אַז מיר שטייען ממש אויפן ראַנד פון אונטערגאַנג. אַז אין דעם אָרעמען בוידעם־שטיבל וואַלגערט זיך אַ קראַנקע פרוי אָן הילף. נישטאָ זי מיט וואָס צו ראַטעווען. אַ קליין קינד מאָנט ביי דער קראַנקער עסן... — אַ זאַך, וואָס זי אַליין האָט נישט... וואָס מיר אַלע האָבן נישט... אאַז״וו.

און נאָך עטלעכע מוסטער־בילדלעך פון דער נויט שרייב איך אין נאָמען פון די עטלעכע פּען־מענטשן:

„טוט וואָס איר קאָנט. איר זענט דאָך אַ שרייבער מיט איינפלוס אין אייער לאַנד. זאָל אײַך נישט פרעמד זיין דער טרויעריקער גורל פון דער גרופּע שרייבער אין נע־ונד, אָן אַ תקומה, אָן שוץ און אָן הילף. מיר וואַרטן אויף אייער באַלדיק שרייבן און — דער עיקר — אויף אייער אויסגעשטרעקטער האַנט"...

קיין קאָנווערט האָט קיינער פון אונדז נישט געהאַט, האָבן מיר פון בלעטל פּאַפּיר געמאַכט אַ דריי־עק — ווי אַלע אין סאָוועט־רוסלאַנד טוען — און אַדרע־סירט: פּרץ מאַרקיש, האָטעל „נאַציאָנאַל", טאַשקענט. מיר האָבן געהאַט גרויסן, אַז ער איז נאָך דאָרטן, אונטערן זעלבן אַדרעס.

איז אַוועק דער בריוו און מיר האָבן אַלע געוואַרט. געוואַרט אַ וואָך, געוואַרט צוויי. אין קול ואין עונה. ריידן מיר צווישן זיך וועגן דעם, דערקלערן זיין שווייגן, פּרוּוון עס אויסטייטשן. פאַלן תרעומות:

אמת, מאַרקיש איז אויך נישט ביי זיך אין דער היים. ער איז אַן עוואַקויִר־טער פון מאָסקווע. אָבער ביי זיך אין לאַנד איז ער דאָך יאָ... עפּעס טאָן קאָן ער דאָך... לכל הפּחות אָנשרייבן כאָטש אַ פּאָר טרייסט־ווערטער אויף אונדזער פאַרצווייפלטן רוף האָט ער דאָך אַוודאי און אַוודאי געקאָנט...

זוכט מען פאַר אים אַ זכות, אַ פאַרענטפערונג:

— דאָס איז זיכער דערפאַר, ווייל מיר זענען אַלע געווען ווו „די ווייסע בערן"... האָט ער פּשוט מורא פאַר קאָנטאַקט מיט אונדז...

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע. איטלעכער היט דאָ זיינע ביינער. מ'האָט דאָך דאָ מורא פאַר אַ שאָטן. פאַר דעם מינדסטן חשד. בפרט שרייבן צו געוועזענע „לאַ־גערניקעס"... מען מוז עס פאַרשטיין און אים מוחל זיין...

— נו, בין איך נישט גערעכט געווען? — „טריאומפיר" איך. — איך האָב עס אַזוי פאַרשטאַנען נאָך אין טאַשקענט.

דאָס שרייבן צו מאַרקישן האָט געהאַט אַ רעזולטאַט פון גאָר אַן אַנדער מין: עס האָט גורם געווען איך זאָל זען אַ זעלטענעם בוכאַרער „עקזאָטישן עקזעמפּליאַר". זייענדיק אויף דער פּאָסט ביים קויפן מאַרקעס, האָב איך דערזעבן, אויף יענער זייט פענצטערל „דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ" (פּאָסט־רעסטאַנט), באַמערקט אַ וווּנדער־לעכע אוזבעקישע שיינהייט. אַ יונג מיידל פון אַ יאָר 20־21. אַן עכטער מזרח־טיפּ. ברוין־הויטיק, שוואַרץ־אויגיק, שוואַרץ־האָריק. רעגלמעסיקע געזיכט־שטריכן. פון אירע פיין־ליניִרטע ליפּן און בלאַנקנדיקע אַלעבאַסטער־ציין האָט אַרויסגעכשופט אַ רייץ. זי האָט איר נאַטירלעכע מזרח־שיינקייט נאָך קאָריגירט מיט אייראָפּעיִשן שטייגער: מיט מאַניקירטע נעגל, מיט דער פאַררונדיקונג פון אירע שאַרף־שוואַר־צע ברעמען. אַ סינטעז פון עקזאָטיק מיט ראַפינירטן נוסח פון מערב.

כ'האָב זיך אינסטינקטיוו אויך געשטעלט אין דער ריי צו פרעגן אויף בריוו

„פּאָסט־רעסטאַנט“ — נישט ווייל איך האָב דאָ פון עמיצן דערוואַרט קאָרעספּאָנ־דענץ, נאָר סתם אַזוי. אַבי צו האָבן אַ געלעגנהייט צו טוישן זיך מיט אַ פּאָר ווערטער מיט דער „קראַסאַוויצאַ“ און אויך הערן פון דער נאָנט דעם קלאַנג פון איר שטים.

ס׳אַראַ זיסן שמייכל זי האָט פּאַר אַלעמען ביים ענטפערן. כ׳הער, זי רעדט אַ גוטן רוסיש אויך. פון וואַנען האָט זיך עס גענומען צו די האַלב־ווילדע אוזבעקן אַזאַ זעלטענער עקזעמפּליאַר פון אַ פרוי?...

— זאָגט מיר, פּאַזשאַלויסטאַ, נאַ בוקווו „ז“... — ווענד איך זיך צו איר על־פּי־רגילות לויטן „ג.ק.וו.ד.“־נוסח פון גראַדנער תפיסה...

זי נעמט אַרויס אַ פּעקל בריוו פון קעסטעלע מיטן בוכשטאַב „ז“.

זי שמייכלט. זי שמייכלט דירעקט צו מיר:

— און ווי איז אייער פאַמיליע?

איך ענטפער איר. זי נעמט זוכן, איבערוואַרפן. כ׳בין זיך מודה: כ׳האָב געוואָלט, אַז דאָס זוכן זאָל דויערן וואָס לענגער...

— נישטאָ. — ענטפערט זי, אַ ברי טוענדיק מיט אירע אויגן.

— צי דען איז טאַקע נישטאָ? — וווּנדער איך זיך כלומרשט, אַבי צו פאַרציִען כאָטש אַ קליין ביסל דעם קורצן דיאַלאָג און דער עיקר — איר שמייכל.

— ניין, נישטאָ, גראַזשדאַנין.

— כ׳וויל אייך בעטן... — זאָג איך ווייטער. — אויב איך וועל אַוועקפאָרן און וועל אַזוי גיך נישט קומען, פאַרהאַלט מיינע בריוו ביז איך וועל זיך מעלדן צו אייך.

— לאַדנאָ.

— אַ גרויסן דאַנק, גראַזשדאַנקאַ!

— פּאַזשאַלויסטאַ.

אַרויסגייענדיק האָב איך געטראַכט: „אומעטום אויפן כדור־הארץ, אין אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, זענען פאַראַן כישופן און שיינקייטן, וואָס קאָנען ברענגען דעם מענטשן גליק. ווען נישט אָבער די שלעכטע רעזשימען, וועלכע פאַרמיאוסן דאָס לעבן און ברענגען נאָר אומגליק“ — — — — — — —

אויך אין די ווייטערדיקע טעג בין איך אַ פּאָר מאָל, פאַרבייגייענדיק, אַריין אין דער פּאָסט — צי דער „עקזאָטיק“ — פרעגן אויף בריוו, וואָס קיינער שרייבט נישט צו מיר...

דער דאָזיקער „עפּיזאָד“ מיט דער אוזבעקישער „קראַסאַוויצאַ“ איז פאַר מיר געווען — אַ שמייכל צו מיין פאַרצווייפלונג... אַ שמייכל ווי פון אַ פאַרלוירענעם חלום...

# 31

## צום קאַספּישן ים

איין טאָג זיצן מיר — איך און מיין וואַנדער־חבר — הונגעריקע אין אַ „טשאַיכאַנאַ“ אין קאַגאַן. צום גרינעם טיי גריזשען מיר צו אַ פרישן מאכל — מאַקוך. מאַקוך איז אייגנטלעך אַ שפּייז פאַר בהמות, פאַר בהמהשע מאַגנס. אַז אַ צוויי־פיסיקע באַשעפעניש — דער זינדיקער מענטש — עסט עס, קריגט ער אָפּט בויך־קראַמפן. נישט ביי איינעם פון אונדזערע פּליטים האָבן זיך פון דעם מאַקוך די געדערים איבערגעדרייט און זיי זענען פון דער וועלט געגאַנגען. אָבער פונדעסטוועגן, אין די רגעס פון שווערן הונגער, גריזשען מיר עס. מיר גריזשען עס פאַרזיכטיק, אין קליינע „דאָזעס“. אפשר וועט עס דורכגיין... עס איז כמעט זיסלעך אין טעם און עס פאַרשלאָגט אַ ביסל דעם הונגער. אַ פּאָפּולערער מאכל איז דעריבער געוואָרן דער מאַקוך צווישן די פּליטים אין מיטל־אַזיע. ביי איט־לעכן אין „פּלעצאַק“ ליגט אַזאַ שטיק ברעטל פון גרינגלעכן קאָליר. דאָ, אין מיטל־אַזיע, ווערט דער מאַקוך געמאַכט פון די „כלאָפּאָק“־געוויקסן. און „כלאָפּאָק“ פעלט דאָך דאָ נישט, — פעלט אויך נישט דער מאַקוך. מ׳קריגט אים אויפן באַזאַר, אין די מאַגאַזינען פון היי, שטרוי און האָבער. אַהין קומען אויך די „פּוילישע“ קויפן מאַקוך — נישט פאַר בהמות, נאָר ממש פאַר זיך אַליין.

זיצן מיר אַזוי אין „טשאַיכאַנאַ“ איבערן טיי און מאַקוך און מאַכן דעם חשבון:

אַלץ שוין אויסגעפּרוּווט; געווען שוין אין קאָלכאָזן דאָ און דאָרט; גע־פּרוּווט שוין די גראָשנדיקע „מסחרים“... און איצט... איצט מוזן מיר גריזשען מאַקוך און שטעלן דאָס בידנע לעבן אין סכנה. און וואָס ווייטער? וואָס טוען מיר ווייטער, כדי נישט אומצוקומען?

— דערבענט! — פאַלט אַ וואָרט. דאָס באַקאַנטע „באַפליגלטע“ וואָרט.

— אָן פּיסאַטין?

— אָן פּיסאַטין. ווער ווייס ווו ער איז איצט... אפשר שוין אין אַ נאָמענלאָזן קבר און ער איז שוין פריי פון אַלץ?...

— גוט!

— קיין מכאַטש־קאַלאַ! קיין דערבענט!

מיר זענען אָבער געשטאַנען פאַר דער אַלטער האַרבער קשיא: ווי דערשלאָגט מען זיך אַהין? מילא, ביז קראַסנאָוואָדסק — ביזן קאַספּישן ים — איז אַ האַלבע צרה. מיט דער באַן וועלן מיר זיך שוין אַן עצה געבן. מיר וועלן פאָרן אָן אַ בילעט

ווי תמיד, ווי אומעטום. אָבער ווי שווימט מען אַריבער דעם קאַספּישן ים? פּיסאַטי האָט דאָך געטענהט, אַז דאָרט העלפן נישט קיין קונצן; דאָרט מוז מען האָבן אַ שיפס־קאַרטע. און אַ שיפס־קאַרטע קאָסט אַ הונדערט רובל, און פאַרמעגן פאַר־מעגן מיר אַפילו אויף קיין האַלבער קאַרטע אויך נישט.

— פאַרפאַלן, מיר מוזן פּרוּוון מזל. אפשר...

— מסכים. וואָס האָבן מיר צו פאַרלירן? אַ נפקא־מינה דאָ זיך וואַלגערן, צי ערגעץ אַנדערש.

אַזוי האָט זיך געוויקלט דער שמועס ביי אונדזביידן, און אַזוי איז געפאַלן דער באַשלוס ביי אונדז צו לאָזן זיך אין דעם נייעם וועג.

גייען מיר פון „טשאַיכאַנאַ" גלייך צום וואָקזאַל. וואַרטן מיר אויף אַ צוג. וואַרטן און דערוואַרטן זיך.

טרעפט אויך מיט אונדז אַ שטיקל „נס": עפּעס איינער אַ פּאַסאַזשיר פאַר־קויפט צוליב אַ צופאַל צוויי באַן־בילעטן ביז דער סטאַנציע דזשאַרדזשוי. ער אַליין קאָן גראָד נישט פאָרן. דאָס איז נישט ווייט פון קאַגאַן, אין דער ריכטונג צו קראַסנאָוואָדסק. באַשליסן מיר, אַז עס לוינט אויסצוגעבן אַ פּאָר רובל אויף די דאָזיקע בילעטן, כדי אַריינצוגיין לעגאַל אין צוג און זיך פאַרזאָרגן אומגעשטערט מיט גוט־סטראַטעגישע פּלעצער פאַר דער ווייטער נסיעה.

גייען מיר טאַקע אַריין ברייטלעך מיט די בילעטן אין אַ וואַגאָן און זוכן אויס פרייע אויבערשטע שלאָפבענק. פון דאָרט וועלן מיר, פאַרשטייט זיך, שוין נישט אַראָפּגיין אַפילו נאָך דער סטאַנציע דזשאַרדזשוי. קיין ברויט אויפן לאַנגן וועג האָבן מיר נישט געהאַט, נאָר מאַקוך האָבן מיר מיטגענומען. היפּשע ברעט־לעך, האַרטע ווי שטיינער. ציִען מיר זיך גלייך אויס אונטערן סאַמע וואַגאָן־סופיט. אַ באַנק נעבן אַ באַנק. דער צוג רירט אין ווייטן וועג אַריין. אַ נסיעה פון אַן ערך אַנדערטהאַלבן מעת־לעת. מיר ליגן און נאַגן, און זויגן פון גרינעם ברעטל. עס דערמאָנט מיר אַ קינד, וואָס זויגט אַ „סמאָטשעק"... (אַ מאַמקע).

מיר זענען שוין אריבערגעפאָרן דזשאַרדזשוי. דער צוג איז שוין העט ווייט. ער שניידט דורך קליינע שטעטלעך, קישלאַקן. די סטעפּעס ציִען זיך אין דער אומענדלעכקייט. דורך ברייטקייטן, דורך ווייטקייטן. אָבער מאָדנע! ווי עס לאָקן דאָ נישט די ישובים. דו ווייסט, אַז אומעטום איז מדבר. אומעטום אָרעמקייט און הונגער. אַזוי ווי אין מדבר איז פּוסט, לער, אַזוי פּוסט און לער זענען די שטעט, די קישלאַקן... מדבר... אַ לאַנד — אַ מדבר... אַ ריזיקער מדבר, אָן פרייד, אָן לעבן, אָן ברויט...

איז געוואָרן נאַכט און ווידער איז טאָג געוואָרן. איין גוטע זאַך כאָטש — אויסגעשלאָפן זיך אין דער וואַרעם. ס'איז שוין פעברואַר אויף גאָטס וועלט. דאָ

אויפן אַזיאַטישן דרום טרעפן אויך נישט ווייניק קאַלטע טעג מיט קאַלטע ווינטן — די בוראַנען, וואָס קאָנען אין דער לופטן אַוועקרייסן. אַמאָל ברענגען די ווינטן אויך אַ דראַבנעם שניי, וואָס שמייסט און דרייט זיך אין גערווירבל משוגענערווייז.

צום רויכערן האָבן מיר יאָ אַ ביסל „סאַמאָסייקע". פּיפּקעט מען, ברענט מען דאָס האַרץ מיטן ביטערן רויך. עס העלפט אויך צום פאַרטויבן דעם הונגער.

מיר זענען שוין אַפּנים אין טורקמעניע. דאָס דערקענט מען אָן די פּאַסאַ־זשירן. אויף די סטאַנציעס קומען אַריין טורקמענער אין גרויסע פעלענע פּאַפּאַכעס — אַזוי ווי זיי וואָלטן גאַנצע שעפּסן געטראָגן אויף די קעפּ. מ׳זעט שוין דאָ נישט קיין אוזבעקן אין טיבעטייקעס, אין די קאָלירטע כאַלאַטן.

איין אַלטיטשקער, מיט אַ קליין שיטער בערדל, אין אַ פּאַפּאַכע, ציט זיך אויס אויף אַן אויבערשטער באַנק בשכנות פון מיר. בלויז אַ פּאָר שיטערע ברעט־לעך טיילן אונדז אָפּ. דער זקן, זע איך, נעמט אַרויס פון אַ טאָרבע אַ היפּשע לחמא, שניידט אָפּ אַ שטיקל און נעמט עסן. די אויגן ביי מיר צעגלאַנצן זיך.

— באַבאַי, זאַקורישו? (זיידעשי, וועסט פאַררויכערן?) — שיק איך צו אים אַ פראַגע.

יענער קוקט מיך אָן ווי אַ תם. איך וויַיז אים מיין „סאַמאָסייקע" אין אַ זעקעלע.

— מאַכאָרקאַ באַר? — זאָגט ער אַ צעשמייכלטער.

כ׳האָב, הייסט עס, אַריינגעטראָפן.

— באַר, באַר. — ענטפער איך, — כאָטשעש? (ווילסטו?).

— כאָטשעש... — חזרט ער איבער אומבאַהאָלפן דאָס רוסישע וואָרט.

איך גיב אים אַ ביסל „סאַמאָסייקע" אויף עטלעכע פּאַפּיראָסן.

— פּאַזשאַלויסטאַ, באַבאַי! נאָן באַר? — מאָן איך דאָס מייניקע...

עס האָט געהייסן גאָר פשוט: איך דיר — מאַכאָרקע, דו מיר — ברויט...

דער אַלטער טורקמענער האָט מיך פאַרשטאַנען און האָט גלייך אָפּגעשניטן אַ שטיקל און מיר דערלאַנגט.

מיין שותף האָט מיר גלייך נאָכגעטאָן. אויך ער האָט צו אים אויסגעצויגן, איבער מיר, אַ האַנט מיט אַ ביסל מאַכאָרקע און אויך ער האָט באַקומען דערפאַר אַ שטיקל ברויט.

— זעט איר... מען טאָר קיינמאָל נישט פאַרלירן דעם בטחון. ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן, אַז מ׳וועט אונדז ברענגען ברויט אַזש דאָ אויף דער אויבערשטער באַנק?

— נסים.

— אמתע נסים.

טאַקע נאָר דורך נסים פלעגן מיר דערהאַלטן דעם חומר און די נשמה...

אין לאַנגן וועג איז מיט אונדז געשען נאָך אַ נס: ס׳האָט אונדז קיינער נישט באַאומרויִקט צוליבן פאָרן אָן אַ באַן־בילעט — נאָך דזשאַרדזשו. דער „פּראָוואָד־ניק״ פון וואַגאָן האָט אונדז פריי אַריינגעלאָזט צוליב אונדזערע בילעטן ביז דזשאַר־דזשו און ער האָט שפּעטער אפּנים פאַרגעסן ווו מיר דאַרפן אַראָפּגיין. איינמאָל איז אַפילו געקומען אַ קאָנטראָלער צו רעווידירן די בילעטן; אָבער מיר האָבן זיך פאַררוקט טיפער צום ווענטל אויף די אויבערשטע בענק און יענער האָט אונדז פאַרזען. אמת, ווען ער וואָלט אונדז יאָ באַמערקט און משלח געווען פון וואַגאָן, וואָלט אויך נישט געווען קיין בייז. מיר וואָלטן סיי־ווי־סיי געפאָרן און דווקא מיטן זעלבן צוג... מיר וואָלטן זיך באַנוצט מיט דעם זעלבן „טריק״ וואָס תמיד: ווען נאָר דער צוג הייבט אָן רירן פון דער סטאַנציע, כאַפּט מען זיך אַרויף אויף אַ וואַגאָן־טרעפּל. אָבער גלייכער וואָס מ׳האָט אונדז גאָרנישט באַמערקט און נישט מטריח געווען. זענען מיר געלעגן גאַנץ רויק...

ווייל די רויִקסטע זענען דאָך די מענטשן פון הפקר, וועלכע האָבן דאָך סיי־ווי־סיי נישט וואָס צו פאַרלירן.

מיר שטייען אויף דער סטאַנציע מאַרי. אויפן וואָקזאַל ראַיעט עס פון פּליטים. וווהין אונדזערע האָבן אַלץ נישט אָנגעשפּאַרט! די מענטשן פון הפקר זוכן עס אַ ווינקל אויף דער גרויסער רוסישער ערד, ווו צו קאָנען דעם קאָפּ אַנידערלייגן; אַ שטיקל ברויט צו געפינען. אויף דעם פּעראָן ביי דער וואָקזאַל־וואַנט ליגן אויס־געצויגן קופּעסווייז די מענטשן מיט די רוקזעק, מענער און פרויען. קרוע־בלויה־ניקעס, מיט אָפּגעצערטע פּנימער, פאַרוואָקסענע, פאַרלאָזענע, מיט האַלב־אויסגע־לאָשענע אויגן. ווער עס גריזשעט, פּונקט ווי מיר, מאַקוך; ווער עס זופּט פון אַ קאָנסערוון־פּושקע „קיפּיאַטאָק״.

— אפשר וואָלט מען דאָ געפּאַקט אַ זופּקע אין בופעט? — זאָגט מיין שותף.

— „קיפּיאַטאָק״ איז דאָ זיכער פאַראַן. איר זעט, אונדזעריקע זופּן.

באַלד אָבער רעזיגנירן מיר: מיר קאָנען נאָך האָבן שוועריקייטן ביים אַרויפ־גיין צוריק אין וואַגאָן. דער „פּראָוואָדניק״ קאָן נאָך הייסן ווייזן די בילעטן. איז גלייכער צו ליגן אויף אָן אָרט. מיר באַמערקן באַלד דורכן וואַגאָן־פענצטער, ווי טייל פּליטים פון פּעראָן פּלייסן זיך אַריינצובאַקומען זיך אין די וואַגאָנעס און די „פּראָוואָדניקעס״ שטייען אויף די טרעפּ און לאָזן נישט.

מיר פאַרלאָזן מאַרי. מיר פאָרן ווייטער, ווייטער צום ציל — צום קאַספּישן ים, צום „אויסגעטרוימטן״ דערבענט...

און אָט זענען מיר שוין אין אַשכאַבאַד — די הויפּטשטאָט פון טורקמעניע. דער צוג שטייט דאָ לאַנג. דער לאָקאָמאָטיוו נעמט אָן וואַסער. אייזנבאַן־אַרבעטער קאָנטראָלירן די רעדער. אויך דאָ גייען מיר נישט אַראָפּ: דאָ אויפן וואָקזאַל זענען

פּאַראַן צופּיל אויגן פון דער „ב.ק.וו.ד.״... אַזוי פיל מונדירטע מיט רויטע „אָקאָ־לאָזשקעס״ אויף די היטלען. אַשכאבאד איז נישט ווייט פון דער פּערסישער גרע־נעץ. אַ פּערציק קילאָמעטער סך־הכל. איז די שמירה דאָ אַ פאַרשטאַרקטע. אויפן פּעראָן זעט מען דאָ לחלוטין נישט קיין פּליטים. מסתמא פּילן זיי זיך דאָ נישט אַזוי באַקוועם. און ס׳וואָלט זיך גראָד געוואָלט אַראָפּגיין כאַפּן אַ קוק אויף דער אַזיאַטישער שטאָט און פּאַר איינוועגס אַגב אָננעמען אַ ביסל „קיפּיאַטאָק״ אין קעסעלע. אין האַלדז טריקנט אַזוי. שוין לאַנג קיין ביסל הייסע פליסיקייט נישט טועם געווען. אָבער גלייכער צו ליגן אויף אַן אָרט, נישט וואַרפן זיך אין די אויגן די „ב.ק.וו.ד.׳יסטן״.

עס כאַפּט זיך ביי מיר אַרויס:

— וואָס זאָגט איר, ווען מיר קענען זיך דערשלאָגן צו דער פּערסישער גרענעץ, האַ? 40 קילאָמעטער — ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

— פאַרגעסט! ביי „זיי״ גנבעט מען נישט קיין גרענעץ. קוקט „זיי״ דאָ נאָר אָן, די שומרים. עס גלוסט זיך אייך ווידער אין לאַגער?...

— יאָ, גערעכט. אָבער איך פאַנטאַזיר סתם אַזוי. ווי גוט וואָלט עס געווען אַריבערכאַפּן זיך צו דער פרייער וועלט. טוט נאָר אַ טראַכט: פּערסיע... איראַק... סיריע... און ארץ־ישראל!... האַ, ס׳אַראַ גליק וואָלט עס געווען — אַריינפאַלן אין ייִדישן תל־אביב! — — — — — — — —

— ס׳איז אַ שיינער חלום... נישט איינער האָט שוין דאָ זיכער פאַר אָט דעם חלום מיטן קאָפּ באַצאָלט...

פאָרן מיר ווייטער מיטן חלום. דער צוג פליט האַסטיק און דערווייטערט זיך אַלץ פונעם פונקט, ווו די גרענעץ איז אַזוי נאָנט געווען, אַזוי נאָנט...

עס רוקן זיך אונטער בערג. אַ גאַנצע קייט בערג. מיר פליִען אַריין אין חושך פון אַ לאַנגן טונעל. דורך אַ פּאָר אויסגעבראָכענע וואַגאָן־שויבן דרינגט אַריין רויך פון לאָקאָמאָטיוו. עס שטיקט אין האַלדז. אַרויס פון איין טונעל, זיך אַ ביסל אָפּגעפרישט פון דעם רויך און אַריין אין אַ צווייטן טונעל. אַז דער צוג קריכט אַרויס פונעם חושך זענען מיר צווישן צעשניטענע רויטלעכע פעלדזן, צווישן הויכע פעלדזיקע ווענט. דער לאָקאָמאָטיוו פייפט לאַנג און צעצויגן. עס ווייזן זיך צעוואָרפענע כאַטעס. ווו־נישט־ווו אַ זאַוואָד מיט אַ הויכן קוימען. עס באַוועגן זיך מענטשן אין „ספּעצאָווקעס״. עס רוישן מאָטאָרן.

און אָט זעען מיר שוין דורך דעם וואַגאָן־פענצטער די אויסגעשפּרייטע פּאַ־נאָראַמע פון אַ היפּשער שטאָט. —

קראַסנאָוואָדסק!

מיר זענען אַראָפּגעקראָכן פון די אויבערשטע בענק און דרייען זיך שוין אין

קאָרידאָר פון וואַגאָן. איצט האָבן מיר שוין קיין מורא נישט. איצט מעג אונדז שוין דער קאָנדוקטאָר פרעגן אַ בילעט...

אין קאָרידאָר מאַכן מיר „געשעפט": איינער אַן עלטערער רוס פרעגט אונדז, צי מיר וואָלטן נישט געוואָלט פאַרדינען עטלעכע רובל. ער האָט אַ טשעמאָדאַן מיט אַ זאַק. ער אַליין איז קראַנק און וועט זיך מיטן באַגאַזש קיין עצה נישט געבן. בעט ער אונדז, אַז איינער פון אונדז זאָל נעמען דעם טשעמאָדאַן און דער צווייטער — דעם זאַק. מען דאַרף דעם באַגאַזש צוטראָגן ביזן האַפן. ס'איז נישט ווייט פון וואָקזאַל, זאָגט ער.

מיר זענען געווען מסכּים: דער ערשטער ערלעכער פּדיון אין אַ פרעמדער שטאָט.

אַז דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט נעמט מיין שותּף דעם טשעמאָדאַן און איך דעם זאַק. מיר שלעפּן עס אַראָפּ פון די וואַגאָן־טרעפּ. ביי צ. ז. איז עס געגאַנגען לייכטער. צי ווייל זיין משא איז געווען אַ גרינגערע פון מיינער, אָדער, פּשוט, ער האָט געהאַט מער כּוחות פון מיר? איך נעם דעם זאַק אויף די אַקסלען און איך פּיל, אַז איך פאַל. דאָך ווילט זיך נישט אונטערגעבן. שלעפּ איך די משא, וואַקל זיך אויף די פיס און איך שלעפּ. אָבער נאָך געציילטע מינוטן איז עס מיר געלונגען. פּלוצלונג פאַרליר איך די גלייכגעוויכט און טו אַ פאַל אויפן פּעראָן. קוים זיך פון אָרט אויפגעהויבן.

— סלישקאָם סלאַב, דיאָדיאַ (ביסט צו שוואַך, פעטער), — זאָגט דער רוס.

איך מוז רעזיגנירן מיט גרויס באַדויערן.

דער רוס זוכט אויס עמיצן אַנדערש — פעלן דען בראָדיאַגעס?... — אָבער דאָך נעמט ער אַרויס אַ פינף־רובלדיקן באַנקנאָט און דערלאַנגט מיר.

— פאַרוואָס קומט עס מיר, כאַזיאַין?

— האָסט דאָך דעם באַגאַזש אַרויסגעטראָגן פון וואַגאָן.

— אַ שיינעם דאַנק, כאַזיאַין!

מיין חבר האָט יאָ דערטראָגן דעם טשעמאָדאַן ביזן באַשטימטן אָרט — ביזן האַפן — און ער האָט באַקומען פאַר דער טרחה אַ גאַנצן „טשערוואָניעץ". איך וואָלט עס אויך פאַרדינט, ווען עס פאַרראָטן מיר נישט די כּוחות.

און אַזוי דרייען מיר זיך שוין אַרום אין דער האַפן־געגנט. פון דערווייטנס רייצן די בלויע ים־וויטענישן. ס'אַראַ וווּנדערלעכער תּכולת! שיפן שטייען פאַר־אַנקערט ביים ברעג. מיר לייענען ערגעץ אויף אַ טאָוול דעם פאַר־פּלאַן: די טעג און די שעהן, ווען שיפן גייען אָפּ קיין באַקו, קיין מכאַטש־קאַלאַ און צו דעם פּער־סישן ברעג.

האַ? ווען מ'קאָן זיך אַזוי אַריינגנבענען אין אַ פּערסישער שיף! אָבער מ'קאָן

גאָרנישט צוקומען צום סאַמע ברעג, ווו די שיפן שטייען. אַזוי פיל באַריערן, אַזוי פיל שומרים! מ׳קוקט אַריין אין פּאַפּירן, מ׳זוכט, מ׳נישטערט.

און מענטשן, מענטשן! אַזוי פיל מענטשן אין האַפן! גרויע, אָרעמע מענטשן, אין טראַנטעס, אין שמאַטעס — אַזוי ווי מיסט! קלאָר, אַז נישט קיין פריידיקע טוריסטן זענען עס, וואָס לאָזן זיך זוכן תענוגים, עולם־הזה אין פרעמדע לענדער, אין ווייטע שטעט. דאָס זענען גרויע מענטשן, געטריבענע פון דער נויט, פון דער אָרעמקייט, פון אומגליק...

אַזוי לאַנג געטראַכט, געריסן זיך צום קאַספּישן ים — און אָט ליגט ער אונדז אַנטקעגן: אַ בלויער, אַ רחבותדיקער, אַ לאַקנדיקער!

פונעם ים הויבן אָן בלאָזן שאַרפע ווינטן. גייען מיר דערווייל ווייטער אין שטאָט אַריין. וווהין קאָנען גיין „ביעזשענצעס"? — צו אַ באַזאַר...

## 32

## אַ נייע אַנטוישונג

אויפן באַזאַר טרעפן מיר זיך מיט פליטים. היימישע ייִדן פון פוילישע שטעט, וואָס קרעכצן איצט אונטערן דייטשישן שטיוול. ייִדן נע־ונדניקעס פונקט ווי מיר. ייִדן, וואָס זוכן אויך אַרבעט און פרנסה — און געפינען נישט, פונקט ווי מיר. ייִדן, וואָס בלאָנקען אויך אום איבער קאַלכאָזן, איבער שטעט און שטעטלעך און געפינען אַלץ נישט קיין מקום־מנוחה.

מיר צערייידן זיך מיט דעם און מיט יענעם — ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך זיי זענען געווען די זעלבע חכמים ווי מיר; אַז אויך זיי האָבן זיך געוואָלט אַריבער־כאַפּן קיין מכאַטש־קאַלאַ; אָבער... געענדיקט! מ׳קאָן שוין נישט. כדי צו פאָרן אַהין דאַרף מען האָבן אַ „פּראָפּוסק" פון דער „נ.ק.וו.ד." אָן אַזאַ פּאַפּירל איז לא יזכר ולא יפקוד. מ׳פאַרקויפט נישט קיין שיף־קאַרטע און מ׳לאָזט נישט אַרויף אויף דער שיף.

— פאַרוואָס עפּעס פּלוצלונג אַ „פּראָפּוסק"? — פרעגן מיר.

— ווייל פון דאָרטן ווערן גאָר מענטשן עוואַקוירט. דאָרטן שמעקט שוין מיט פראָנט, מיט דייטשישע „נאַליאָטן". די דייטשן אַפּנים רייסן זיך פּעסט צו קאַווקאַז, צו באַקוער נאַפט.

איך טו אַ קוק אויף מיין חבר, ער — אויף מיר, און מיר פאַרשטייען זיך

ביידע. ביידע האָבן מיר געהאַט איין מחשבה: וואָס פון אונדזער „אויסגעטרוימטן" דערבעגנט איז געוואָרן!

— הא, ס'האָט געלוינט צו פאָרן אַזוי ווייט?

— פיסאַטי! פיסאַטי! ווו ביסטו איצטער? צי ביסטו כאָטש אויפגעשטאַנען פון דיין טיפוס? ווען פיסאַטי איז מיט אונדז, וואָלט ער דאָך זיכער פאַרגאָסן ביי־טערע טרערן אויף זיין דערבעגנט.

— איז וואָס זשע טוט מען, ייִדן? — ריידן מיר מיט די פּליטים אויפן באַזאַר, גלייך ווי מיט אַלטע באַקאַנטע. די זעלביקע צרה מאַכט גלייך נאָענט.

— „וואָס זשע טוט מען?" — רופט זיך אָפּ איינער אַ לץ. — אויב איר זענט גוטע שווימער, וואַרפט זיך אין ים אַריין און שווימט אַוועק קיין פּערסיע. אויף אַ שיף וועט איר נישט אַרויפקומען.

— און ווי זעט דאָ אויס ־אין די קאָלכאָזן? מסתמא האָט איר דאָך שוין אַ טאָפּ געטאָז אין וואָגן?

— נישט בעסער ווי אַרום בוכאַרע. פינצטער און ביטער. מ'פּגרט פאַר אַ שטיקל ברויט. מיר זענען דאָ געווען אין אַ קאָלכאָז און אויפן דריטן טאָג געמאַכט פּיס.

— און ווי איז עס, ייִדן, אין שטאָט גופא? דאָ האָט איר געפּרוווט מזל?

— אין שטאָט איז שווער צו קריגן אַ פּאַסיקע אַרבעט. אויב מען וויל יאָ ערגעץ צונעמען אויף אַרבעט, שמעקט עס אויך מיט הונגער. פאַראַן דאָ אַן „עוואַקאָפּונקט", וואָס גיט „נאַפּראַוולעניעס" אין קאָלכאָזן, אָדער אויף פאַרשיי־דענע „פּראָאיזוואָדסטוועס" הינטער דער שטאָט, ביי שוואַרצע אַרבעטן. אָבער ווער האָט עס כוחות צו זייער קאַטאָרגע פאַר אַ „פּייקע" ברויט? ווייניק געווען דער לאַגער אין קאָמי?

נאָך די אַלע אינפאָרמאַציעס פון אייגענע ווערט אונדז קאַלעמוטנע.

אַ סוף, הייסט עס, צו אַלע אונדזערע „אילוזיעס". אויסגערונען דערבעגנט... די פיש־זאַוואָדן... נישטאָ, הייסט עס, וואָס אויפצוטאָן.

דרייען מיר זיך גלאַט אום אויפן באַזאַר אָן ציל, אָן זין. מיר זוכן קראַס־נאָוואָדסקער „מציאות". אָבער דער באַזאַר איז דאָ אַ סך, אַ סך אָרעמער ווי, אַ שטייגער, אין בוכאַרע. ווייניק, זייער ווייניק פּראָדוקטן. און אַלץ אַזוי טייער. אַ ביסל לעבעדיקער איז אויפן „טאָלקוטש", ווו די „גראַזשדאַנעס" טראָגן זיך אַרום מיט שמאַטעס צום פאַרקויפן. עס גייען דאָ אויך אָן טוישן: מ'טוישט אַלטע שיך אויף אַן אַלט קליידל; אַן אַלטע פּופּייקע אויף אַן אַלטע פּאָר הויזן... וכדומה.

אויך אונדז איז געלונגען צו מאַכן אַ טויש. געפונען אַ בעלן, וואָס האָט

# אויף שליאַכן פון הפקר

אונדז געגעבן אַ „פּיקע״ ברויט פּאַר אַ גלעזל „סאַמאַסייקע״. טיילן מיר זיך מיטן ברויט און פאַרצערן עס גלייך אויפן באַזאַר.

פון באַזאַר פירט אונדז עמיצער פון די פּליטים אין עפּעס אַ „סטאָלאָווקע״. מיר קומען צו — מען שלאָגט זיך ביים אַריינגאַנג. אַזאַ געדראַנג איז דאָרט געווען.

— וואָס אַזוינס באַקומט מען דאָ אין דער „סטאָלאָווקע״, וואָס מען שלאָגט זיך אַזוי?

מיר וואַרטן אַ היפּשע צייט. עס ווערט שטילער, גערוימער. און אַז עס געלינגט אונדז לסוף אויך אַריינצוקריכן זיך דאָרט, ווערט אונדז קלאָר פאַרוואָס עס איז פּלוצלונג שטילער און גערוימער געוואָרן אויף דרויסן: ס׳איז שוין פּשוט גאָרנישט געווען. געווען אַ זופּ פון „לאַפּשאַ״, אָבער נישטאָ שוין מער. די „אָפיציאַנטקע״ — אַן אַלטע, פאַרקרימטע שיקסע אין אַ שמוציקן שירץ — שרייט צו די געסט מיט אַ געבייזער:

— ניעטו, טאָווארישטשי! ניעטו!

דער ייִד, וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט, גייט צו צו איר נענטער און בעט זי מיט אַ היימישערן טאָן — מסתמא איבער זיינע אָפטערע באַזוכן:

— גראַזשדאַנאָטשקאַ, אפשר אַ „כאָלאָדיעץ״? (פּעטשאַ).

— ניעטו!

— אפשר „בלינעס״?

— ניעטו!

— טאָ וואָס איז יאָ פאַראַן?

— נאָר „מאָרס״ *).

— דאַוואַי! דערלאַנג!

די „אָפיציאַנטקע״ טראָגט אונדז צו צום טיש דריי טעפּעלעך „מאָרס״. כ׳טו אַ זופּ און פאַרקרים זיך פון נישט־גוטקייט. כ׳לאָז דאָס רעשט שטיין:

— דער סאָוועטישער שאַמפּאַניער געפעלט מיר נישט...

מיר האָבן זיך שפּעטער אומגעדרייט איבער די גאַסן אָן שום ציל. אין טייל ערטער האָט זיך אונדז געוויזן פון דערווייטנס דער בלויער שפּיגל פון ים. מיר האָבן געקוקט אויף אים מיט פאַרדרוס: ער האָט אונדז מיאוס פאַרפירט, דער קאַספּישער ים.

ס׳איז געוואָרן אָוונט. דער ווינט האָט געבראַכט שניי. גרויסע שניי־פליטערלעך האָבן שנעל ווייס געמאַכט די גאַסן. ווו טוט מען זיך אַהין אויף ביינאַכט? ווו פאַקט מען אַ נאַכטלעגער? דער היגער „עוואַקאַפּונקט״, ווערן מיר געוואָר,

---

*) אַזאַ רויטלעך־געפאַרבטער קוואַס.

האָט נישט קיין לאָקאַל פאַר די פּליטים, וואָס קומען אַהער; ער האָט נאָר אַ קאַנ־צעלאַריע, וואָס גיט „נאַפּראַוולעניעס" אויף אַרבעט אין די קאָלכאָזן. איז נישטאָ וואָס צו גיין אַהין. זענען מיר אַוועק אויפן וואָקזאַל — דאָס איינציקע הויז, וווהין מען קאָן אַריינקומען נישט־געבעטענערהייט.

מיר האָבן זיך אַרויסבאַקומען צו די רעזערוו־ליניעס, ווו ס'איז געשטאַנען אַ ליידיקער פּאַסאַזשיר־צוג. מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין אַ וואַגאָן און זיך אויסגעצויגן אויף די פּוסטע בענק. אַ מחיה, כ'לעבן. טרוקן, געדרוים. מידע צע־בראָכענע פון אַרומדרייען זיך אַ גאַנצן טאָג איבער די גאַסן, זענען מיר ביידע אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

אויפגעכאַפּט האָבן מיר זיך פון אַ טרייסלעניש. דאָס האָט דער צוג גערירט פון אָרט.

מיר שפּרינגען אויף. האַ? ווי לאַנג זענען מיר געשלאָפן? אַז מיין זייגער האָב איך דאָך שוין נישט. שוין לאַנג פאַרקויפט אין טאַשקענט. און מיין שותפס זייגער האָט זיך גאָר „פאַרקילט" און גייט נישט.

אויף אַנדערע בענק זיצן פּאַסאַזשירן. גאָרנישט געהערט ווי זיי זענען אַריינ־געקומען.

— וווהין פאָרן מיר עס, גראַזשדאַניע? — פרעג איך די פּאַסאַזשירן דערנעבן.

איינער רופט אָן עפּעס אָן אומבאַקאַנטע סטאַנציע.

— לאָמיר אַראָפּטאַנצן! — זאָגט צ. ז. — וואָס האָבן מיר אַהין צו פאָרן?

דער צוג איז נישט געגאַנגען מיט קיין שטאַרקן אימפּעט. ער האָט נאָך מאַנעווירט אויף פאַרשיידענע שינעס. מיר זענען נאָך, הייסט עס, ביי דער שטאָט.

אין אַ מינוט אַרום זענען מיר שוין געווען אונטן. גאָט צו דאַנקען, זיך נישט צעניזוקטביים אַראָפּשפּרינגען פון די וואַגאָן־טרעפּ...

אַ צוויי־דריי קילאָמעטער פונדעסטוועגן האָבן מיר געמוזט קריכן ביי דער זייט פון די שינעס — צוריק צום וואָקזאַל.

מיר זענען אַריין אין עפּעס אַ פליגל פון וואָקזאַל, צווישן פרויען און קינדער; — אַפּנים עוואַקויִרטע פון יענער זייט קאַספּישן ים, פון קאַווקאַז, צי פון דאַגעס־טאַן. אין אַ מאָמענט, ווען מיין חבר איז אַרויס זוכן „קיפּיאַטאָק", איז אַריין אַ מיליציאָנער און מיך פאַרבעטן... ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער קאַנצע־ליאַריע פון דער באַן־מיליץ. דער דעזשורני האָט מיך רעווידירט, אַרויסגעצויגן אַלץ פון מיינע טאַשן, פאַרקוקט אין אַרעמאַנסקן רוקזאַק. ער פרעגט מיך אויס ווער איך בין און וואָס איך טו דאָ אויפן וואָקזאַל.

— איך זוך אַרבעט... — ענטפער איך.

ער באַקוקט מיין באַפרייאונגס־קאַרטע פון לאַגער און פרעגט דערביי:

— פאַרוואָס גייסטו נישט אין קאָלכאָז? פאַרוואָס שליאָעסטו זיך אַרום? ראַ־באָטאַט׳ נאַדאָ! (אַרבעטן דאַרף מען!).

— כ׳וועל מאָרגן גיין אין קאָלכאָז, — ענטפער איך מעשה־תם. און ביי זיך טראַכט איך: „ער ווייזט מיר די אַדרעס, ווו מ׳ווערט געשוואָלן פון הונגער״...

אַ ביסל שרעק האָב איך בעת דער רעוויזיע יאָ געהאַט: צווישן די קליינ־קייטן, וואָס דער מיליציאָנער האָט אַרויסגעצויגן פון מיינע טאַשן, איז אויך געווען מיין קליינטשיק נאָטיץ־ביכעלע, וואָס כ׳האָב געהאַט פון לאַגער. דאָס האָט דאָרט געמאַכט פאַר מיר אַ היימישער ייִד, אַ וואַרשעווער, אַן איינבינדער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער בוכהאַלטעריע ביים איינבינדן די „קניגעס״. אין דאָזיקן ביכעלע האָב איך גאַנץ פאָרזיכטיק, — ווי ווייט מעגלעך אויף אַן „אומשולדיקן״ אופן, אין ייִדיש און בכוונה אויך אין רוסיש — נאָטירט מיינע לאַגער־עפּיזאָדן, מיינע אַלע פּורעניות... פאַרצייכנט דראָבנע, דראָבנע, מיט פּיטשיניקע אותיותלעך, לאַקאָניש. פאַרצייכנט אומיסטן אַדרעסן, צווישן די אַדרעסן: דאַטעס, נעמען, שטעט, רמזים אויף עפּיזאָדן, געשעענישן — בלויז כמעט איינצלנע ווערטער, צום דער־מאָנען פאַר זיך אַליין — ביז אַ שעת הכושר... אויב... אויב מיר וועט נאָך אַמאָל באַשערט זיין אַרויסצוגיין אויף דער פרייער וועלט — — —

ווען דער „דעזשורני״ וואָלט זיך אָנגעשטויסן וואָס אַזוינס איך האָב דאָרט פאַרצייכנט! אָבער געראָטעוועט האָבן מיך אפנים די אַדרעסן — אַדרעסן פון מיינע היימישע אין גראָדנע, אַדרעסן פון בוכאַרע און אַנדערע פּשוט פון דער „הפטורה״ — וואָס כ׳האָב עקסטראַ פאַרשריבן דאָ־דאָרט צווישן די נאָטיצן, כדי די נאָטיצן אַזוי־אַרום צו כשרן... כדי צו אונטערשטרייכן דעם „אומשולדיקן כאַראַקטער״ פון די געדענק־נאָטיצן...

דער „דעזשורני״ האָט דערויף גראָד נישט געלייגט קיין שום אַכט און מיר אַלץ צוריקגעגעבן און דערביי געוואָרנט, אַז כ׳זאָל זיך מער נישט „שלאָיען״ אויפן וואָקזאַל. אויב ער וועט מיך נאָך אַמאָל דאָ טרעפן, וועט ער מיך אַרעס־טירן... כ׳האָב זיך אויף אַ ווייל אַריינגעכאַפּט אין זעלבן פליגל פון וואָקזאַל, כדי אַרויסצונעמען פון דאָרט מיין חבר. יענער האָט שוין דאָרט אויף מיר געוואַרט, קוויקנדיק זיך דערווייל מיטן „קיפּיאַטאָק״.

— קומט שנעל פון דאַנען! — האָב איך אים באַפוילן.

אַ פאַרוואָגלטע נאַכט האָבן מיר געהאַט. אַ נאַכט פון ווינט, פון קעלט און שניי. געקראָכן איבער טונקעלע הינטער־געסלעך. געזוכט אַ מקום, ווו צו שיצן זיך פון קעלט און נישט געפונען. אַז נישט אויפן וואָקזאַל — איז ווו זשע?

בלאָנקענדיק, האָבן מיר באַמערקט ערגעץ אַ נישט־פאַרענדיקטע געביידע. אַ געביידע מיט רושטאָוואַניעס, מיט לעכער פון פענצטער און טירן. זעט אויס, אַז

די אַרבעט איז דאָ איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן: מ׳זעט דאָ נישט קיין זכר פון פרישן ליים אָדער וואַפּנע, קיין שום מכשירים פון מויערער.

אַהין האָבן מיר זיך ווי גנבים אַריינגעשאַרט. מיר האָבן זיך געטוליעט אינע־וויניק צו אַ קאַלטער, באַקעטער ציגל־וואַנט. אין דרויסן האָט געוואָיעט אַ זאַווי, אַ ווילדער ווינט פון ים. דער ווינט האָט אַריינגעטריבן צו אונדז דורך די אָפענע טירן־ און פענצטער־לעכער שניי און קעלט, שניי און קעלט — — — — — — —

## 33

## אַ מזלדיקער טאָג

דעם אַנדערן טאָג האָבן מיר געהאַט מער מזל. איינער אַ וואַרשעווער פּליט אויפן באַזאַר האָט אונדז געגעבן אַן אַדרעס פון אַ היגן ייִד, ביי וועמען מען קאָן פאַר פינף רובל אַ נאַכט איבערנעכטיקן אויף דער פּאָדלאָגע.

מיר האָבן זיך גלייך אַהין דערפרעגט. דער ייִד איז דאָ שוין פון לאַנג אַ תושב. אַן עלטערער ייִד, וואָס קאָן שוין נישט אַרבעטן און איז באַשעפטיקט ערגעץ אין אַן „אוטשרעזשדעניע״ ווי אַן „אָכראַנניק״ (שומר). פאַר דער דאָזיקער אַרבעט באַקומט ער אַ גראָשנדיקן געהאַלט און אַ ברויט־קאַרטע אויף 400 גראַם ברויט אַ טאָג. איז דאָך ביטער. זיין פאַרדינסט קלעקט אים אויף אַ צאָן. מוז ער אָנקומען צו זייטיקע פאַרדינסטלעך: היות ווי אין שטאָט דרייען זיך איצט אַרום ייִדישע פּליטים אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, פאַרדינגט ער אַלע נאַכט אַ שטיקל פּאָדלאָגע פון זיין זייער באַשיידענער וווינונג, וואָס באַשטייט נאָר פון איין צימער מיט אַ קיכל. וואָס אַרט עס אים, אַז ייִדן וועלן זיך מחיה זיין אַ נאַכט אין אַ שטוב? דער־ביי האָט ער דאָך פינף רובל פון אַ קאָפּ.

כדי צו זיין זיכער, האָבן מיר דעם ייִדן איינגעצאָלט פאָרויס און זענען רויק אַוועק אין גאַס. עס האָט אונדז נאָכדעם אַ גאַנצן טאָג געגלעט די דערוואַרטונג: היינט ביינאַכט נעכטיקן מיר אין אַ שטוב, און דערצו נאָך אין אַ ייִדישער שטוב. דערזעלביקער וואַרשעווער פּליט האָט אונדז אויך געעצהט זיך אַריינצובאַקומען אין בופעט פון וואָקזאַל. דאָרט באַקומט מען אַלע טאָג אַ זופּ פון „לאַפּשאַ״ און 200 גראַם ברויט. אָבער אַריינגיין אַהין קאָן מען נאָר מיט אַ ספּעציעלן טאַלאָן פון אַן „אוטשרעזשדעניע״. דאַרף מען פּרוּוון זיך אַהין אַריינגנבענען — אויב נישט דורך דער פראָנט־טיר, איז דורך דער קיך־טיר פון הינטן.

מיר זענען תיכף אַהין געגאַנגען פּרוּוון מזל. די פראָנט־טיר איז געווען באַ־

לאַגערט פון אַ הונגעריקן עולם. אַ שומר איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג און גע־פּאַדערט פון איטלעכן אַ טאַלאָן. האָבן מיר זיך באַלד געלאָזט פון הינטן, זוכנדיק דעם אַריינגאַנג צו דער קיך. אָבער די קיך פון הינטן איז געווען פאַרצאַמט מיט אַ הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן. דורך די שפּאַרונעס האָבן מיר געזען, ווי עס קומען אַלע ווײַלע אַרויס פון אינעווייניק פּרויען אין קיך־שירצן, מיט עמערס אין די הענט, און נעמען זיך פּאָמפּען וואַסער פון אַ פּלומפּ אינעם הויף. די קעכינס דרייען זיך אָפּט הין און צוריק מיט זייערע עמערס. ס׳האָט געדויערט דאָס וואַרטן אויף אַ פּאָסיקע מינוט, ווען קיינער זאָל אין הויף נישט זיין, און אַז די דאַזיקע מינוט איז לסוף געקומען, האָבן מיר זיך געגעבן שנעל אַ דראַפּע אַרויף אויפן פּאַרקאַן און — באַץ אויף יענער זייט. פון וואַנען האָט זיך צו מיר אין יענער רגע גענו־מען אַזאַ פלינקייט פון אַ קאַץ — ווייס איך נישט. קיין אַקראָבאַט בין איך קיינמאָל נישט געווען. אַפילו אַמאָל אין דער קאַזאַרמע, בעת איך בין נאָך געווען גאָר יונג, בין איך אויך נישט געווען אַזאַ בריה בעת דער גימנאַסטיק אין שפּרינגען. סיידן זכות אָבות זענען מיר איצט בייגעשטאַנען...

מיר האָבן זיך שטילערהייט, אויף די שפּיץ פינגער, אַריינגעכאַפּט דורכן אַריינגאַנג אין אַ קאָרידאָר. אין קאָרידאָר קעגנאיבער האָט זיך געוויזן אַ גלעזערנע טיר, דורך וועלכע עס האָבן זיך געזען די טישלעך פון דער בופעט־„סטאָלאָוואַיאַ״.

אַריינגעקומען כשורה, אָן שטרויכלונגען, אין בופעט און גלייך פאַרנומען דעם ערשטן־בעסטן ליידיקן טיש. געווען נאָר געציילטע ליידיקע טישלעך. דער בופעט־זאַל איז געווען פול. הונגעריקע זענען געזעסן איבער טעלערס און געזופּט מיט התמדה. אָן עולם אַ געמישטער, אַזוי ווי אומעטום: רוסן, טורקמענער, ייִדן. די ייִדן זענען אַלע פּליטים — פון רוסלאַנד, פון פּוילן, פון בעסאַראַביע. די הימישע פּוילישע ייִדן טיילן זיך אויס פון די אַנדערע. מ׳דערקענט זיי לויטן הולך און לויט זייער ייִדיש ריידן. אַ זשוזשעריי, אַ גערייד אויף אַלערליי לשונות, אויף אַלערליי דיאַלעקטן.

צו אונדזער טיש איז צוגעקומען די „אָפיציאַנטקע״ — אַ יונג מיידל אין אַ ווייסן שירץ. זי האָט גאָרנישט געפרעגט. נישטאָ וואָס צו פרעגן און נישטאָ וואָס אויסצוקלייבן... זי האָט גלייך געבראַכט פאַר אונדז צוויי טעלער „לאַפּשאַ״ און צו 200 גראַם ברויט. מיר האָבן גלייך באַצאָלט און זיך גענומען צו דער אכילה. אין דער שיטערער „לאַפּשאַ״ מיטן שטיקל פרישן ברויט האָבן מיר געפילט טעם גן־עדן. מעדנים! אַזוי לאַנג שוין נישט געהאַט קיין ביסל וואַרעם געקעכטס אין מויל. אָבער צו ווינציק האָט עס געדויערט. די טעלערס זענען שוין ליידיק און דער הונגער רייצט נאָך מער. פּרוּוון מיר בעטן ביי דער „אָפיציאַנטקע״ נאָך צו פּאָרציע.

— ניעלזיאַ! — ענטפערט זי מיט אַ שמייכל.

אין איר גוטמוטיקן שמייכל דערקענען מיר, אַז מ׳קאָן יאָ ביי איר פועלן. ריידן מיר ווייטער:

— גראַזשדאַנאַטשקאַ, מיר זענען הונגעריק. פּאַזשאַלויסטאַ, גראַזשדאַ־נאַטשקאַ...

און זי האָט אונדז טאַקע דערלאַנגט נאָך אַ פּאָרציע „לאַפּשאַ" און ברויט. די „לאַפּשאַ" האָבן מיר אויפגעגעסן, אָבער דאָס ברויט האָבן מיר זיך שוין נישט פאַרגונען. מ׳מוז איבערלאָזן עפּעס אויף שפּעטער, אויף אָוונט־ברויט.

אין מיטן קומט צו צו אונדז איינער פון די פּוילישע פּליטים, פון אַ ווייטן טיש, און לייגט אונדז פאָר:

— ייִדן, לאָמיר זיך טוישן מיט די טישלעך. איר פאַרשטייט? איר פאַרנעמט אונדזער טיש און מיר אייערן. עס באַדינען אַנדערע „אָפּיציאַנטקעס". פאַר־שטאַנען?...

— יאָ, פאַרשטאַנען. טאַקע אַ געניאַלער אויפטו...

— אָבער מאַכט עס פאַרזיכטיק און שנעל! איינציקוויז... פאַרשטאַנען?...

האָבן מיר זיך אין טומל און יאַריד פּלינק געטוישט מיט די ערטער און פאַר קיינעם איז עס גאָרנישט געווען אויפפאַלנדיק.

— יאָ, אַזוי ווי איר זעט. אין רוסלאַנד מוז מען זיך קאָנען אַן עצה געבן.

— אַפילו אין וואָקזאַל־בופעט.

איז ווידער צוגעקומען צו אונדזער נייעם טיש שוין אַן אַנדער „אָפּיציאַנט־קע" און האָט אונדז דערלאַנגט אויף ס׳ביי „לאַפּשאַ" מיט ברויט. איצט האָבן מיר זיך שוין פאַרגונען אויפצועסן נאָך אַ פּאָרציע ברויט.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר אַזוי געזעסן אין בופעט. אין משך פון טאָג האָבן מיר אַ פיר מאָל געטוישט די טישלעך און כסדר, מיט קליינע הפסקות, געזופּט און געזופּט די שיטערע „לאַפּשאַ". מיר האָבן געזופּט פאַר טעג און וואָכן אָן אַ ביסל זופּ, אָן אַ ביסל וואַרעמס. מיר האָבן געגאָסן ווי באַלזאַם אין די אויסגע־הונגערטע, פאַרטריקנטע געדערים. דער בויך איז שוין פול געוואָרן; אָבער מ׳האָט געזופּט. נישט אַדורכגעלאָזט דעם גליקלעכן מאָמענט. איין קלייניקייט — „אַטפּוס־קאַיוט"!...

ערשט אין אָוונט זענען מיר אַרויס פון בופעט. זאַטע, פולע, מיט אָנגעגאָסענע בייכער, זענען מיר געקראָכן איבער די שנייאיקע גאַסן פון דער פרעמדער אַזיאַ־טישער שטאָט. די גאַסן, די הייזער, די מענטשן האָבן נישט אויסגעזען איצט אין אונדזערע אויגן אַזוי קאַלט, אַזוי אַכזריותדיק־קאַלט און פרעמד. און ווי גוט איז אונדז נאָך געווען וואָס מיר גייען אין אַ שטוב, אין אַ ייִדישער שטוב...

אָריינגעקומען, האָט אונדז דער אַלטער באַלעבאָס באַלד געוויזן אונדזער מקום אין קיכל אויף דער פּאַדלאָגע. ער אַליין איז שוין געווען האַלב־אויסגעטאָן און האָט אויף אונדז געוואַרט. ער האָט קרענקלעך אונטערגעהוסט און אונטער־געקרעכצט. קיין גרויסן אינטערעס האָט ער אונדז נישט אַרויסגעוויזן. ער איז שוין אַפּנים געוווינט געווען צו אונדזער עולם מדינה־גייערס, וועמען ער קען שוין זייער גוט.

— אויך פון פּאַלשאַ? — האָט ער ווי פון יוצא־וועגן אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, פּעטערל, פון פּוילן. פאַראַן אַ סך יידן דאָ אין שטאָט?

— פאַראַן. אָבער צי זענען זיי דען יידן? אַזוי ווי אַלע איוואַנעס... נו, און אייערע פאַמיליעס ווו זענען? — פרעגט דער ייד.

— אין פּוילן, פּעטערל. געבליבן ביי די דייטשן, די באַנדיטן...

— איז טאַקע אמת, אַז די דייטשן זענען אַזעלכע רשעים?

— רשעים און רוצחים! איר האָט דען נישט געהערט?

— געהערט, געהערט... ביי אונדז מיינט איר פעלן דען רשעים? שונאי־ישראל?... — טוט דער אַלטער אַ זאָג שוין מיט אַ שטילערן קול.

ער גיט פּלוצלונג אַ מאַך מיט דער האַנט: „עט!" — און לאָזט זיך גיין אין אַנדערן חדר.

— לייגט זיך שלאָפן און פאַרדרייט דעם לאָמפּ! — איז זיין לעצטע פראַזע ביי דער שוועל פון צווייטן חדר.

מיר האָבן זיך גלייך אויסגעצויגן אויף דער פּאַדלאָגע מיט די רוקזעק צו־קאָפּנס און אָפּגעשלאָפן די נאַכט בנשימה אחת. אין קאָפּ האָט זיך געפּלאָנטערט: „סטאַלאָווקע"... טישלעך... „אָפּיציאַנטקעס"... מען זופּט הייסע, געדיכטע „לאַפּ־שאַ". אַ סך „לאַפּשאַ", פולע קעסלען מיט „לאַפּשאַ", „לאַפּשאַ" — — — — — — —

אין דער פרי, אַז כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין חבר, האָב איך זיך דער־שראָקן: אונטער די אויגן האָט ער געהאַט „לאַמטערנעס"... גרויסע אָנגעלאָפענע בלעזלעך . . .

— זעט... ביי אייך אונטער די אויגן! — רוף איך אויס.

— אויך ביי אייך... — כאַפּט ער זיך, מיך אָנקוקנדיק. — אמתע „לאַמ־טערנעס"!

מיר שטויסן זיך גלייך אָן, אַז דאָס איז אונדז געקומען פון די נעכטיקע זופּן אין וואָקזאַל־בופעט. אַ קלייניקייט, אַזוי פיל טעלערס אין זיך אַריינגעגאָסן!

די דאָזיקע „לאַמטערנעס" זענען אָפּגעגאַנגען אין משך פון אַ צוויי־דריי טעג, ווען מיר האָבן שוין ווידער קיין פליסיקייט נישט באַקומען: די אַנדערע טעג

האָבן מיר שוין מער אַזאַ מזל נישט געהאַט... געווען צופיל אַזעלכע חכמים ווי מיר, וואָס פלעגן אויך קריכן איבערן פּאַרקאַן צום קיך־אַריינגאַנג. מ׳האָט זיך אין קיך געכאַפּט אין אַכטונג געגעבן...

## 34

## אַ מעשה מיט טרערן...

עס לאָקט אונדז דער ים. די שיפן, וואָס שווימען אָפּ פון ברעג. מיט וואָסער קנאה האָבן מיר געקוקט אויף די מענטשן, וואָס זענען געווען דאָרט אויף די שיפן. מיר האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף די גליקלעכסטע... בפרט אויף די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן דעק פון אַ פערסישער שיף... ווער זענען עס די בר־מזלס ?...

מיר האָבן זיך פּאַוואָליע געפּרוווט דערנענטערן אין האַפן צו די באַריערן, צו די דורכגענג, וואָס פירן צו די שיפן; אָבער צופיל אויגן האָבן געקוקט, צופיל שומרים. יעדן פּאַסאַזשיר קאָנטראָלירט מען שטרענג; מען קוקט אַריין זייער אויפמערקזאַם אין די פּאַפּירן. און קיין אַנדער וועג — אַ חוץ דעם איינציקן שטרענג־קאָנטראָלירטן דורכגאַנג! — איז דאָך צו די שיפן נישטאָ. אפשר דורך אַ קליין שיפל פון דער זייט וואָלט מען געקאָנט זיך צושאַרן צו אַ שיף? אָבער אַ צו גרויסע און צו ריזיקאַלישע אימפּרעזע! דערצו דאַרף מען זיין אַ היגער, אַ פּאָרט־מענטש, וואָס קען די אַלע הינטער־וועגן און קאָמבינאַציעס; וואָס קען דאָ גוט די פּאָרט־אַרבעטער און די לאָקאַלע באַדינגונגען. מען קאָן דאָ ביים מינדסטן נישט געשיקטן פּרווו אַריינפאַלן און שוין מער נישט אָנזען די ליכטיקע שיין... אַז די „נ.ק.וו.ד.“ וויל נישט, איז נישטאָ קיין עצה...

האָבן מיר געמוזט רעזיגנירן פון געדאַנק זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ שיף.

האָבן מיר ווידער זיך אַרומגעדרייט אין שטאָט, אויף די באַזאַרן. געזוכט, געפרעגט אויף אַרבעט; געזוכט פּרנסה. אָבער זיך צו גאָרנישט דערפרעגט.

אויפן וואָקזאַל האָבן מיר יאָ געפּאַקט קליינע פּאַרדינסטלעך פון אונטער־טראָגן פּעקלעך. מיט שווערע פּעק האָב איך שוין מורא געהאַט צו ריזיקירן... אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט צו באַצאָלן דעם ייִד פאַר נאַכטלעגער. אַמאָל פלעגט מען נאָך אָפּשפּאָרן עפּעס אויף אַ „פּייקע“ ברויט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס די קעלט האָט אַזוי געמאַטערט. שניידיקע ים־ווינטן האָבן דורכגענומען די ביינער. נישט געווען ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. בייטאָג איז ביים ייִדן די דירה געווען פאַר־

שלאָסן. אין די „סטאָלאָווקעס" האָט מען נישט שטענדיק זיך געקאָנט אַריינכאַפּן. נישט אַלע טאָג האָבן זיי געקאָכט. נישט אַלע טאָג האָבן זיי געהאַט וואָס צו קאָכן... דרייען זיך צופיל אין וואָקזאַל האָבן מיר אויך נישט געוואָלט: נאָך אַמאָל אַריינ־פאַלן אין דער באַן־מיליץ האָט זיך נישט געגלוסט...

איז וווהין זשע קאָן מען פאָרט אַנטלויפן פון דער פאַרשאָלטענער היימלאָ־זיקייט? — — —

אפשר ווידער אין אַ קאָלכאָז? ניין! בלויז ביים געדאַנק האָבן מיר זיך אויפגעטרייסלט.

פיינלעכע טעג אין קראַסנאָוואָדסק! פאַרוואָגלטע טעג איבער די קאַלטע שניי־איקע, גאַסן.

און דער ווינט פון ים... וואָס וויל דער ווינט פון ים? פאַרוואָס פייניקט ער אַזוי? ווי מיט אַכזריותדיקע מעסערס שניידט ער דאָס לייב — — —

*****

איין טאָג באַקום איך שאַרפן ציין־ווייטיק. צי איז עס נישט אַמאָל פון אַ פאַרקילונג? דער ווייטיק לאָזט נישט אָפּ. דאַכט זיך, אויך די באַק איז שוין עטוואָס אויפגעלאָפן.

זוך איך אַרום אַן אַמבולאַטאָריע און דערפרעג זיך.

עס נעמט מיך דאָרט אויף אין אַ קאַבינעט אַ יידישע ציין־דאָקטאָרין. איך זיץ אויפן פאָטעל. זי פאָרעט זיך מיט אירע פינצעטלעך אין מיין קראַנקן צאָן, און בעת־מעשה פרעגט זי זיך אויס ווער איך בין און פון וואַנען איך קום. אין די קורצע פויזעס דערצייל איך איר אין עטלעכע לאַקאָנישע זאַצן. איך זע איבער מיר אויגן פול מיטלייד. זי שאָקלט מיטן קאָפּ און חזרט איבער עטלעכע מאָל אַ גערירטע:

— ביעדניאַגאַ...

דער וויזיט האָט געדויערט לענגער ווי מען דאַרף. זי האָט שוין געענדיקט און האָט מיך נאָך אַלץ אויסגעפרעגט.

איך האָב זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן פון שטול און זי האָט נאָך אַלץ צו מיר גערעדט, געשטעלט פראַגן. און אַז איך האָב איר דערמאָנט „לאַגער", איז איר פּנים מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן געוואָרן.

— כ'בין נישט געווען אַליין... — זאָג איך איר. — לערך פיר הונדערט טויזנט פוילישע יידן האָבן געהאַט דעם זעלביקן גורל, וואָס איך...

— ביעדניאַגאַ... — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ.

לסוף באַדאַנק איך דער פרוי פאַר דער מעדיציניישער הילף און — דער עיקר — פאַר איר וואַרעמער גוטסקייט.

אַז איך האָב איר דערלאַנגט די האַנט צום געזעגענען זיך, האָט זי מיר אַריינגעשטעקט אין האַנט אַ 10־רובלדיקע, זאָגנדיק מיט אַ שמייכל:

— פאַזשאַלויסטאַ... קויפט אייך אַ „פּייקע" ברויט...

איך האָב זיך פאַרלוירן און געשטאַמלט:

— אום גאָטעס ווילן... וואָס טוט איר?...

און איך רוק איר צוריק דאָס פּאַפּירל.

— ניין... ניין... פאַזשאַלויסטאַ... איך בעט אייך... אַז איר וועט מיך אַמאָל טרעפן, וועט איר מיר אָפּגעבן... מ׳קאָן גאָרנישט וויסן... נעמט, איך בעט אייך...

און אירע גוטע, ברוינע מאַנדל־אויגן זענען בעת־מעשה פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ גלאַנץ...

איז מיין אויסגעשטערקטע האַנט געבליבן אַ פאַרגליווערטע אין דער לופטן. עס האָט מיר פאַרפעלט מער מוט צו אַמפּערן זיך, צו האַנדלען עקשנותדיקער לגבי דער מיטליידנדיקער יידישער פרוי.

— דאָ סווידאַניאַ... — טוט זי אַ דריקט מיין האַנט מיטן פּאַפּירל און באַגלייט מיך צו דער טיר.

כ׳בין געבליבן פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ: עס האָט מיך טיף, טיף ווייט געטאָן סיי דער פרעמדער רחמנות, סיי מיין אייגענע געפאַלנקייט... אין האַלדז איז מיר פלוצלונג ענג געוואָרן. ווי אַ כוואַליע וואָלט פון מיר האַסטיק אַרויסגעפּלאַצט — כ׳האָב זיך צעכליפּעט אויף דער גלייכגילטיקער גאַס...

## 35

## אַ נייער וועג

געזען, אַז אין קראַסנאָוואָדסק וועלן מיר שוין גאָרנישט קאָנען אויפטאָן, זענען מיר אַוועק אין „עוואַקאַפּונקט". אפשר...

גראָד האָבן מיר דאָ געטראָפן אַ באַאַמטן, וואָס „לאָזט זיך ריידן", און מיר האָבן אים געפרעגט:

— אפשר איז מעגלעך צו קריגן אַ „נאַפּראַוולעניע" אויף אַרבעט אין דערבענט?...

— איר האָט פּאַרשפּעקטיקט. אַהין קאָן מען איצט נישט פאָרן. נאָר אין אויסנאַם־פאַלן גיט די „נ.ק.וו.ד.“ א „פּראָפּוסק“.

— איז וואָס פאַר אַן אַרבעט קאָנען מיר באַקומען דאָ אין שטאָט?

— אין שטאָט איז נישטאָ קיין אַרבעט. סיידן אין א „פּראָאיזוואָדסטוואָ“, 15 קילאָמעטער פון דאַנען.

— וואָס פאַר א „פּראָאיזוואָדסטוואָ“ איז עס?

— אַ ציגל־זאַוואָד.

„בחומר ובלבונים“... — טוט מיר בעת־מעשה אַ בליץ.

— וואָס באַקומט מען דאָרט פאַר דער אַרבעט? פאַראַן דאָרט אַ „סטאָ־לאָווקע“?

— מען גייט אָרגאַניזירן... מסתמא וועט זיין אַ „סטאָלאָוואַיאַ“. ברויט קריגט מען 800 גראַם.

— אַ צו שווערע אַרבעט אין אַ ציגל־זאַוואָד. מיר זענען צו שוואַך דערצו.

— איז אין אַ קאָלכאָז. — לייגט פאַר דער באַאַמטער. — קאָלכאָזן זענען פאַראַן אַ סך. אויב איר ווילט, פּאַזשאַלויסטאַ.

— וועלכע אַרבעטן קאָנט איר אונדז נאָך פאָרלייגן? אין קאָלכאָזן, האָבן מיר געהערט, קאָרמעט מען זייער שלעכט די אַרבעטער.

— ס'איז קריגס־צייט... — ענטפערט יענער. — דער קאָלכאָז גיט וואָס ער האָט...

— ווייסט איר וואָס, רעביאַטאַ? — כאַפּט ער זיך באַלד. — מיר האָבן באַ־קומען אַ פאָדערונג צו שיקן אַרבעטער קיין סטאַלינאַבאַד, אין טאַדזשיקיסטאַן. אייגנטלעך, נישט אין סטאַלינאַבאַד גופא, נאָר אַ סטאַנציע פאַר סטאַלינאַבאַד — כאַנאַקאַ.

— צו וואָס פאַר אַן אַרבעט ווייסט איר נישט?

— איך גלויב, נישט צו קיין שווערער אַרבעט... אויב איר ווילט, פּאַזשאַ־לויסטאַ!

— לאַדנאָ! — כאַפּן מיר זיך אָן, הגם מיר האָבן דאָך נישט געוווּסט וואָס פאַר אַן אַרבעט דאָרט איז פאַראַן און וואָסערע באַדינגונגען גיט מען פאַר דער אַרבעט. דער עיקר — אַבי עוקר צו זיין פון דאַנען...

— זענט איר מסכים?

— מסכים.

— לאַדנאָ, וועט איר באַקומען אַ „נאַפּראַוולעניע“, באַן־בילעטן און ברויט אויפן וועג.

— אַ גרויסן דאַנק, גראַזשדאַנין!

אויף אַזאַ גליק האָבן מיר זיך גאָרנישט געריכט: איין קלייניקייט, באַן־בילעטן און ברויט... נישט דאַרפן פאָרן ווי די פאַרפאָלגטע האָזן און דערצו נאָך — ברויט! ברויט!...

דער באַאַמטער האָט פאַר אונדז גלייך אויסגעשריבן אַ „נאַפּראַוולעניע", צוויי פאַר־שיינען ביז דער סטאַנציע כאַנאַקאַ — דורך קאַגאַן. ער האָט אונדז אויך געגעבן טאַלאָנען אויף ברויט און זופּ אין בופעט פון וואָקזאַל. ברויט צו אַנדערט־האַלבן קילאָ אויף אַ מענטשן. ביז דער סטאַנציע כאַנאַקאַ דאַרף דויערן דאָס פאָרן קאַרגע דריי מעת־לעת. אַזוי אַז מיר וועלן האָבן צו 500 גראַם ברויט אַ טאָג. פון הונגער שטאַרבן קאָן מען שוין נישט. אין ערגסטן פאַל האָבן מיר נאָך אין די רוקזעק געהאַט אויך מאַקוך...

מיר זענען תיכף אַוועק אויפן וואָקזאַל צום בופעט. דאָס מאָל שוין נישט דורכן פאַרקאַן, דורך דער קיך־טיר... נאָר לעגאַל ,מיט די טאַלאָנען, דורכן הויפּט־אַריינגאַנג.

קיין זופּ האָט דער בופעט גראָד היינט נישט געהאַט, האָט מען אונדז אָנשטאָט זופּ צוגעגעבן צו פאַר הונדערט גראַם ברויט. בעסער! ווייל ווען עס וואָלטן געווען זופּן, וואָלטן מיר מסתמא אויך היינט אַוועק פון דאָרט מיט „לאַמטערנעס" אונ־טער די אויגן...

אין אָוונט זענען מיר שוין געלעגן ווי די „פּריצים", אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג, וואָס גייט אָפּ קיין סטאַלינאַבאַד. דאָס מאָל האָבן מיר דווקא פאַרנומען אונטערשטע בענק: מיר האָבן דאָך בילעטן! פאַר וועמען האָבן מיר דען מורא צו האָבן?

די דאָזיקע קנאַפּע דריי מעת־לעת אין דער באַן זענען געווען פאַר אונדז ווי אַן אַאַזיס. מיר האָבן זיך גוט אויסגערוט, אויסגעשלאָפן. אַ ביסל ברויט האָבן מיר דאָך געהאַט און „קיפּיאַטאָק" אויף די גרעסערע סטאַנציעס האָבן מיר אויך באַקומען. אויף איין סטאַנציע, וווּ דער צוג איז געשטאַנען לענגער, איז אונדז אַפילו געלונגען צו כאַפּן אין בופעט אַ שיטערן „ראַסאָלניק" — אַן אוגערקע־זופּ. פון דער מוטנער, גרינלעכער וואַסער־זופּקע האָבן מיר אַרויסבאַקומען עט־לעכע דראָבנע שטיקלעך פון געזייערטער אוגערקע. נו, דאָס איז שוין געווען אַ באַזונדער „אַטראַקציע".

די דאָזיקע עטלעכע טעג האָבן אונדז טאַקע געגעבן אַ ביסל פרישע כוחות צו די ווייטערדיקע וואַגלענישן.

דורכן וואַגאָן־פענצטער האָבן זיך געוויקלט די לאַנדשאַפטן. סטעפּעס ווו־נישט־ווו מיט שניי פאַרצויגן. שטעט, גרעסערע און קלענערע, האָבן זיך געטוישט פאָרן אויג. קישלאַקן זענען געלעגן ווי אין מיטן אַ מדבר. די ווייסקייט פון די

קיביטקעס האָט זיך אויסגעמישט מיט דער ווייסקייט פון שניי. פון אַלע ישובים האָט זיך, דוכט, געטראָגן: „נאָן יאַקו!" — — —

עס האָבן זיך געטוישט די פּאַסאַזשירן. די טורקמענער זענען געוואָרן אַלץ ווייניקער און עס ווייזן זיך שוין אוזבעקן. מיר זענען שוין אַפּנים ווידער אויף דער אוזבעקישער ערד. קיין גרויסע נפקא־מינה נישט. דער אונטערשייד וואַרפט זיך נישט אין די אויגן. אומעטום איין דלות... אומעטום — „נאָן יאַקו!" — — —

דאָס זעלבע בילד כמעט, בעת מיר זענען אַריין אין נייעם „סטאַן" — טאַ־דזשיקיסטאַן...

אין אַ גרויען קאַלטן שנייאיקן באַגינען זענען מיר מיט מזל אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע כאַנאַקאַ.

מיר לאָזן זיך גיין גלייך צום „ראַיאיספּאָלקאָם", צו וועמען מיר האָבן געהאַט די „נאַפּראַוולעניע". די קאַנצעלאַריע איז נאָך געשלאָסן — צו פרי. געוואַרט אַ ביסל צייט אין דרויסן ביז דער עולם „סלוזשאַשטשיע" (באַאַמטע) איז געקומען צו דער אַרבעט.

זיך דערפרעגט צום באַאַמטן, וואָס פירט אָן מיט דער אָפּטיילונג פאַר אַרבעט. נישט קיין טאַדזשיק, נאָר אַ רוס. עפּעס אָן אָנגעכמורעטער און ברוגזער פּאַר־שוין. צי האָט ער שלעכט געשלאָפן די נאַכט? אָדער האָט ער געהאַט אַ שאַרפע מחלוקת מיט זיין ווייב?...

מיר ווייזן אים אונדזער „נאַפּראַוולעניע" פון קראַסנאַוואָדסק. יענער לויפט שנעל אַדורך מיט די בליקן דאָס פּאַפּירל און הייבט זיך אָן אויף אונדז צו בייזערן:

— קאַקאָווואַ טשאָרטאַ נאַם פּריסילאַיוט נאַראָד! (צו וועלכן טייוול שיקט מען אונדז מענטשן!).

ווייזט זיך אַרויס — ווי מיר ווערן געוואָר פון זיינע ווייטערדיקע רייד, — אַז ער האָט געבעטן ביים קראַסנאַוואָדסקער „עוואַקאָפּונקט" אַ פּאָר צענדליק מענטשן און דאָ האַלט מען אים אין איין שיקן און שיקן, אָן אַן אויפהער. יעדן טאָג קומען אָן פּאַרטיעס.

און דער דערצאָרנטער באַאַמטער באַקרעפּטיקט זיין כעס מיט דער מעלדונג:

— קיין גראַם ברויט וועט איר ביי מיר נישט באַקומען. איר קאָנט אייך גיין.

— סטייטש, גראַזשדאַנין! וואָס זענען מיר שולדיק? מיר זענען געפאָרן אַזוי ווייט.

— איך האָב פאַר אייך נישט קיין אַרבעט.

— אָבער מיר זענען הונגעריק.

כ׳האָב אייך שוין געזאָגט: קיין גראַם ברויט באַקומט איר נישט. אָן אָנשי־קעניש — אַלע טאָג נייע פּאַרטיעס מענטשן. קאַקאָוואַ טשאָרטאַ!

און ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט: נאָך אַזאַ ווייטער נסיעה — נישט קיין אַרבעט, נישט אַפילו קיין טאַלאָן אויף אַ זופּקע.

אַז מיר זענען שוין געווען ביי דער טיר, האָט ער צוגעוואָרפן:

— פאָרט צו קיין סטאַלינאַבאַד, אין „עוואַקאַפּונקט", וועט מען אייך שיקן אין אַ קאָלכאָז.

מיר האָבן אים דערויף גאָרנישט געענטפערט. דער ענטפער איז געקומען אויף יענער זייט טיר:

— ווי זאָגט אַ ווערטל? „מ'האָט אים אין דר'ערד מיט זיינע מציאות"...

וואָס איצטער? פאָרן קיין סטאַלינאַבאַד? לוינט זיך עס? איז דען דאָרטן בעסער ווי אומעטום?

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל, געטראָפן אַפילו אַ פּאָר אונ־דזעריקע — פּליטים. יענע האָבן אונדז דערציילט וועגן געוואַלדיקן דלות אין סטאַלינאַבאַד. אויך דאָרט ווערן פּליטים געשוואָלן פון הונגער. מ'פּאַלט פון טיפוס, פון מאַלאַריע... די שפּיטאָלן זענען איבערפולט... אין די טאַדזשיקישע קאָלכאָזן קאָן מען זיך קיין טאָג נישט האַלטן...

האַלטן מירביידע אָפּ אַ „באַראַטונג": וואָס טוט מען? פאָרן צום נייעם דלות? ניין, לאָמיר בעסער צוריקפאָרן צו „אונדזער" קאַגאַן, צו „אונדזער" בוכאַרע. מיט יענעם דלות זענען מיר דאָך שוין היימישער. אין בוכאַרע האָבן מיר אַ היימישן אַדרעס. סטאַלינאַבאַד וועט זיך מוזן באַגיין אָן אונדז. און אויב אונדז איז דווקא באַשערט טיפוס און מאַלאַריע, וועלן מיר עס פּאַקן ערגעץ אַנדערש...

— השיבנו נאַזאַד!

— צום וואָקזאַל!

אין שטעטל האָבן מיר גאָרנישט געפונען צום עסן. עפּעס איינע אַ „סטאָלאָ־וואַיאַ" רייצט אויף אַ גאַס מיט איר שילד; אָבער היינט גראָד אַרבעט זי נישט. זיכער האָט זי נישט וואָס צו קאָכן... „דלות, קאָך לאָקשן"... אָבער אַז דער דלות האָט נישט קיין מעל...

מיר קומען אויף דער סטאַנציע. דער צוג קיין קאַגאַן — טאַקע דער זעלבער צוג, מיט וועלכן מיר זענען אַהער געקומען, — קומט דאָ אָן אין אָוונט. דרייען מיר זיך אום אַ גאַנצן טאָג איבער די געסלעך. אַ מדבר אַ ביסל, אַ העק. גאָרנישט צו געפינען! פון איין „לאַראָק" טראָגט מען ברויט. מיר שאַרן זיך צו צו דער „אָטשערעד"; אָבער עס ווייזט זיך גלייך אַרויס, אַז דאָס איז נישט קיין „קאָמער־טשעסקי", נאָר ברויט אויף „קאַרטאָטשקעס". טראָגן די בירגער די פּאָרציעס אָרעמען ברויט — דעם אמתן „לחם עוני" — ווי אַ יקר־המציאות...

גייען מיר ווידער צום וואָקזאַל. ווילן מיר אַרויסבאַקומען פון אַ קראַן כאָטש

אַ ביסל „קיפּיאַטאָק". איז אָבער דער קראַן — נישט פאַר קיין קראַן געדאַכט — פאַרשטאָפּט... מ'דרייט אים אָפּ, סיקעט ער אַ ביסל, לאָזט אַ טראָפּן — נישט מער. פּרחה־נשמתו...

ציען מיר זיך אויס ערגעץ ביי אַ חרובער געביידע, אין דער געגנט פון דער סטאַנציע, און קוקן אין די ווייטע פוסטענישן. באַשערט געווען צו מעסטן מיט אונדזערע בליקן די פאַרשנייטע טאַדזשיקישע סטעפּעס. גייען פאַרביי פון צייט צו צייט די אָרטיקע בירגער פון די שכנישע קיביטקעס. טאַדזשיקן. מענער און פרויען. אין אָרעמער טראַכט. דוכט, די אָרעמקייט אַליין. פאַרגאַרטלטע אין אָרעמע כאַלאַטן, אין „פּאַפּאַכעס", אַראָפּגעלאָזט טיף איבער די אויערן. אָט שאַרט איינער די פיס אין „טאַפּאָטשקעס" איבערן שניי. ער מאַניפּולירט, כדי אויסצומיידן די מער פאַרשנייטע ערטער. זיינע פיס איז נישט מקנא צו זיין... און די פרויען! איינ־געהילטע אין שמאַטעס — שווער צו „דעפינירן": וויבערשע, צי מאַנסבילשע שמאַטעס...

ס'אַראַ פאַרחושכטע פּנימער. די האָפענונגסלאָזיקייט אַליין קוקט אַרויס פון זייערע אויגן...

גאָט! ס'אַראַ אָרעמע וועלט — — — — — — — — — — — —

קוים זיך דערוואַרט, אַז דער צוג פון סטאַלינאַבאַד זאָל אָנקומען. לאַנג איז ער נישט געשטאַנען אויף אַזאַ קליינער סטאַנציע. ווי תמיד — ווי שוין רוטינירטע „האָזן" — וואַרטן מיר, אַז דער צוג זאָל אָנהייבן רירן. מיר טוען דאַן פלינק אַ טאַנץ אַרויף אויף אַ טרעפּל פון ערשטן־בעסטן וואַגאָן, פון דאָרט אויף דער „פּלאָשטשאַדקע". דער „פּראָוואָדניק" איז לכתחילה גאָרנישט געווען, זענען מיר דאָרט לאַנג געשטאַנען אומגעשטערט. געוויזן האָט ער זיך ערשט שפּעטער פאַר אַ סטאַנציע. ער האָט אונדז אָנגעקוקט און דערשמעקט מיט זיין נאָז, אַז מיר פאָרן אָן בילעטן.

— ווייזט אייערע בילעטן! — טוט ער אַ זאָג.

מיר ווייזן אים — אָנשטאָט בילעטן — די „נאַפּראַוולעניע" אויף אַרבעט פון קראַסנאָוואָדסק און פאָרן אַרויס מיט אַ ירגזון:

— זע, גראַזשדאַנין! מ'האָט אונדז געשיקט קיין כאַנאַקאַ אויף אַרבעט, און אַז מיר זענען געקומען פון אַזאַ וויטעניש, האָט מען מיט אונדז אַפילו נישט גע־וואָלט ריידן. נישטאָ גאָר קיין אַרבעט. קאַקאָיע איזדיעוואַטיעלסטוואָ! (ס'אַראַ חוזק!).

— טאָ ווהין זשע פאָרט איר איצט?

— מיר פאָרן צוריק. מיר פאָרן קיין קאַגאַן. דאָרט איז לייכטער צו קריגן אַרבעט.

— אָבער אָן בילעטן?

— גראַזשדאַנין, פון וואַנען זאָלן מיר האָבן אויף בילעטן? מיר זענען „ביע־זשענצעס"... אָן אַרבעט...

— דאָ בו וואָס ק'טשאַרטו!... (גייט צום טייוול!). אָבער אין וואַגאָן זאָלט איר נישט וואַגן אַריינצוגיין! — האָט ער אַ מאַך געטאָן אויף אונדז מיט דער האַנט.

פונדעסטוועגן אַ ביסל שפּעטער אין דער נאַכט, ווען די קעלט האָט אונדז דורכגענומען, האָבן מיר זיך אַריינגעגנבעט אינעווייניק. מיר האָבן אויסגעזוכט אַ ווינקל צווישן די בענק מיט דרימלענדיקע פּאַסאַזשירן און זיך דאָרט ווי עס איז אַריינגעקוועטשט.

אין מיטן נאַכט זענען אויף ערגעץ אַ סטאַנציע אַראָפּ אַ היפּש ביסל פּאַסאַ־זשירן. אַזוי אַז איך האָב זיך געקאָנט אַפילו פאַרגינען אויסצוציִען אויף דער באַנק. מיין חבר האָט זיך געלייגט אויף אַ צווייטער באַנק אין אַן אַנדער טייל פון וואַגאָן.

קעגנאיבער מיר איז געלעגן עפּעס אַן עלטערער „דיאַדיאַ", אַ רוס, מיט אַ צוגעשוירן גרוילעך בערדל, אין אַ נייער פּופייקע, אין גאַליפע־הויזן און פיינע אויסגעפּוצטע שטיוול. אונטער דער באַנק זענען געשטאַנען זיינע קאַלאָשן, צו וועלכע ער פלעגט פון צייט־צו־צייט וואַרפן אַ בליק. מסתמא איז עס געווען אַ שטיקל „שישקע", אַ „קאָמאַנדיראָוואַטשני", אַוודאַי אַ „זאַווכאָז" פון אַ קליידער־„לאַראָק", ווו מען קאָן זיך „אַן עצה געבן"... דער עולם אין וואַגאָן האָט זיך פעסט צעכראָפּעט. אויך איך האָב שוין געהאַלטן ביי אַנטשלאָפן ווערן ווי עס האָבן זיך פּלוצלונג דערהערט קולות פון שכנישן קאָרידאָר:

— טשעמאָדאַן! טשעמאָדאַן!

דאָס האָט מען אַפּנים ביי עמיצן פון די פּאַסאַזשירן צוגעלקחנט אַ טשעמאָדאַן...

באַלד באַווייזט זיך דער אייגנטימער פונעם באַגנבעטן באַגאַזש, אַן אויפגע־רעגטער יונגער פאַרשוין, וועלכער הייבט אָן נישטערן אין אונדזער וואַגאָן, אונטער די בענק און אויף די אויבערשטע בענק.

— איר האָט דאָ נישט געזען עמיצן טראָגן אַ גרויען טשעמאָדאַן?

— ניין, נישט געזען. — ענטפער איך.

— וואָט בליאַד'!

און ער לויפט ווייטער, זוכנדיק. אָבער אַפּנים, אַז דער גנב איז פלינקער פון אים. מסתמא איז ער שוין אַראָפּגעשפּרונגען מיטן טשעמאָדאַן פון לויפנדיקן צוג.

איך ליג און שלאָף שוין נישט. כאָטש אומשטיינס־געזאָגט, וואָס איך האָב מורא צו האָבן... איך בין אין דער הינזיכט אַוודאַי דער רויִקסטער מענטש אין וואַגאָן... מיין אָרעמער רוקזאַק, וואָס איך האָב צוקאָפּנס? די איינציקע זאַך, איבער וואָס איך ציטער, איז די ראַזיר־מאַשינקעלע, וואָס איך האָב מיר לעצטנס קוים דערוואָרבן. און ליגנדיק טו איך אַ טאַפּ דעם רוקזאַק — זי איז דאָ, מיין מאַשינ־

קעלע, וואָס לאָזט מיך נישט פאַרוואָקסן ווערן און קריגן אַ פּנים פון אַ זקן, הגם, וואָס איז די נפקה־מינה ווי מ׳זעט דאָ אויס? אַז מ׳האָט דאָ סיי־ווי־סיי אינגאַנצן נישט קיין פּנים...

באַלד קומט אַריין עפּעס אַ פּאַרשוין, וואָס זעט מיר אויס פּאַרדעכטיק. אַ יונגער חברה־מאַן, זיכער אַ „זשוליק". ער קוקט זיך אַרום מיט גנבישע אויגן, אוודאי לויערט ער אויף די שלאָפנדיקע.

איך ראַנגל זיך מיטן שלאָף. אַ מאָדנע מידקייט באַפאַלט מיך. ניין, ניין, איך טאָר נישט אַנטשלאָפן ווערן. די ראַזיר־מאַשינקעלע... מיין ראַזיר־מאַשינקעלע...

אַזוי טראַכט איך און... כ׳הער שוין נישט. כ׳זע שוין נישט... עס האָט מיך פאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט... עפּעס בעמט זיך מיר פּלאָנטערן אין קאָפּ, איך גיי, איך פאָר... איך קום אַריין אין אַ „סטאָלאָוואַיאַ"... איך עס, איך טרינק... איך טרינק „מאָסקאָווסקאַיאַ"... ס׳אַראַ געשמאַקע „וואָדקאַ"... כ׳ווער שיכור און פאַל פון די פיס... כ׳ליג אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע ווי לאַנג איך בין... עמיץ נעמט מיך ביים אַקסל, טרייסלט מיך פעסט, פעסט: „גראַזשדאַנין! גראַזשדאַנין!"...

כ׳רייס אויף די אויגן —

איבער מיר שטייט מיין שכן פון דער קעגנאיבערדיקער באַנק מיט אַן אויפ־געגרעגט פּנים. זיין צוגעשוירן בערדל טרייסלט זיך אַזש:

— גראַזשדאַנין! מאַי גאַלאָשי... (בירגער! מיינע קאַלאָשן...).

— וואָס איז געשען? — פרעג איך צעטומלט און פאַרשלאָפן. איך זעץ מיך אויף.

— גראַזשדאַנין, איר האָט נישט באַמערקט מיינע קאַלאָשן?

— ניין, כ׳בין דאָך געשלאָפן.

יענער איז מיך אפּנים חושד... כ׳דערקען עס אין זיינע בליקן, ווי ער קוקט אויף מיר מיט חשד. ער פאַרבויגט זיך און טוט אַ בליק אונטער מיין באַנק, שטעלט אָפּ זיינע בליקן אויף מיין רוקזאַק צוקאָפּנס.

כ׳נעם דאַן אַליין מיין רוקזאַק און עפן פאַנאַנדער:

— קוקט, גראַזשדאַנין...

אָבער אַרויסלייגנדיק מיינע פאָר שמאָכטעס פון רוקזאַק, זע איך, אַז די בראָך איז פאַרטיק: די ראַזיר־מאַשינקעלע! נישטאָ די מאַשינקעלע!... ווי איז עס מעגלעך געוועזן? כ׳באַקוק דעם רוקזאַק און באַמערקט פון איין זייט אַן אויפשניט מיט אַ זשילעטקע.

— גראַזשדאַנין! אויך מיך האָט מען באַגנבעט. נאָט זעט...

און כ׳ווייז אים דעם שניט.

כ׳פאַרשטיי, אַז דאָס איז טאַקע געווען יענעמס מלאכה. יענער „זשוליק",

וואָס איז דאָ פּריִער געזעסן אויפֿן עק פֿון מיין באַנק און האָט געלויערט מיט זיינע כיטרע גנבֿישע אויגעלעך.

דער פֿאַרשאָלטענער שלאָף!

שפּעטער אויפֿן פֿרימאָרגן איז צו מיר צוגעקומען מיין חבֿר פֿונעם אַנדער טייל וואַגאָן און ער האָט מיר געהאָלפֿן „באַוויינען" מיין אבֿידה — די „זגראַב־בינקע" מאַשינקעלע...

באַשערט אפֿנים, אַז מיין באָרד זאָל ווייטער נעמען וואַקסן ווילד — ווי דער בוריאַן אויף די אַזיאַטישע סטעפּעס...

מילא, זאָל זי וואַקסן... זי דערגאַנצט נאָר אייגנטלעך מיין הולך...

## 36

## אַ טעלער בלינעס

אויף איין סטאַנציע, ווו דער צוג איז לענגער געשטאַנען, דערשנאַפּן די פּאַסאַזשירן, אַז אין בופֿעט באַקומט מען „לאַפּשאַ". עס איז געוואָרן דאָרט אַ געדראַנג, אַ שטופּעניש. יעדער איינער האָט געדרוקט דער „אַפּיציאַנטקע" זיין קעסעלע מ'זאָל אים אַריינגיסן אַ פּאָר פּאָרציעס. מ'האָט געוואָלט אין דער גיך אַריינכאַפּן. אויך מיין חבֿר גייט אַראָפּ מיט זיין קעסעלע. נישט האָבנדיק קיין חשק צו פֿאַרלאָזן מיין באַקוועם ווינקל אין וואַגאָן, בעט איך אים, אַז ער זאָל אין זיין קעסעלע נעמען אַ פּאָרציע „לאַפּשאַ" אויך פֿאַר מיר. אָבער עס האָט עפּעס צו לאַנג געדויערט. דער צוג גיט שוין אַ סיגנאַל. אַלע פּאַסאַזשירן איילן זיך צוריק פֿון בופֿעט און כאַפּן זיך אַרויף אויף די וואַגאָן־טרעפּ.

אַלע פּאַסאַזשירן — אַ חוץ מיין חבֿר. דער צוג רירט שוין און מיין חבֿר איז נישטאָ! וואָס האָט פּאַסירט מיט אים? ווו איז ער מיט דער „לאַפּשאַ"?

איך קוק אַרויס דורכן פֿענצטער און זע אים נישט. נישטאָ!

מילא, עס וועט אים שוין אויסקומען זיך צו וואַלגערן דאָ אַ גאַנצן מעת־לעת, ביז מאָרגן איז דער צייט, ווייל נאָר איין מאָל אין מעת־לעת קורסירט דאָ אויף דער דאָזיקער ליניע דער שנעל־צוג „סטאַלינאַבאַד — קאַגאַן — קראַס־נאָוואָדסק". עס וועט מיר שוין אויסקומען אָפּצוואַרטן אים אין קאַגאַן אויפֿן וואָקזאַל פּונקט צומאָרגנס אין דער זעלבער שעה פֿון מיין אָנקומען. ער וועט דאָך זיכער אַהין קומען — לויט אונדזער וואַנדער־פּלאַן. סיידן עס וועט אים ערגעץ אויפֿן וועג טרעפֿן אַ גרויס גליק און ער וועט דאָרט בלייבן. איז מילא, געזונ־

טערהייט. אָבער קיין גליקן טרעפן נישט אין די סאָוועטישע שטעט — אַזוי אַז כ׳בין זיכער, אַז מיין חבר וועט יאָ קומען קיין קאַגאַן.

פּלוצלונג כאַפּ איך אויף מיטן בליק, אַז פון דער אַנדער זייט וואַגאָן איז אַריינגעקומען דער בילעטן־קאָנטראָלער. כדי אויסצומיידן די קאָנטראָל און כדי נישט אַרויסגעבעטן צו ווערן פון וואַגאָן אויף דער „פּלאַטשאַדקע״ (פאַר אַרויס־געוואָרפן ווערן אין מיטן פאָרן האָב איך דאָך קיין מורא נישט געהאַט), קריך איך איבער דורך די בופאָרן אין שכנותדיקן רעסטאָראַן־וואַגאָן. פון דערפאַרונג ווייס איך, אַז אַהין קומען זעלטן אַריין די קאָנטראָלערן. כ׳פאַרנעם דאָרט אַ ליידיק אָרט ביי אַ טישל. די „אָפיציאַנטקע״ קומט צו און איך באַשטעל נאָר אַ זופּ. מער האָב איך מורא צו באַשטעלן, טאָמער וועט מיר קיין געלט נישט קלעקן צו באַצאָלן... דאָ אין רעסטאָראַן־וואַגאָן זענען דאָך די פּרייזן „קאָמערטשעסקי״, נישט צו־געגנגלעכע.

עס איך פּאַוואָליע מיין טעלער זופּ, וואָס איז אויך נישט וויניקער וואַסער־דיק, ווי אין אַלע פּראָסטע „סטאָלאָוואַיאַס״. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם, וואָס דאָ דערלאַנגט מען נישט אין קיין שיסעלע, נאָר אין אַ ווייסן טעלער. ווען איך האָב דערצו אַ שטיקל ברויט! אָבער כאַנאַקאַ איז דאָך נישט געווען גאַסט־פריינטלעך צו אונדז.

קעגנאיבער מיר זיצט אַן אָפיציר. יענער האָט אויך געגעסן אַ זופּ אָן ברויט; אָבער אַז די „אָפיציאַנטקע״ איז צוגעקומען, האָט ער נאָך באַשטעלט צוויי פּאַר־ציעס „בלינעס״. איך האָב באַצאָלט פאַר מיין זופּ און בין נאָך ווייטער געזעסן. מ׳האָט באַלד געבראַכט פאַרן אָפיציר אַ פולן טעלער מיט הייסע „בלינעס״. ס׳האָט פון זיי געזעצט אַ פאַרע און צו מיין נאָז איז דערגאַנגען אַ רייצנדיקער ריח. זיי האָבן אויך געהאַט אַ פיינעם אויסערלעכן אויסזען, די „בלינעס״: גלאַנציק און צוגעברוינט פונעם פּרעגלען. אָבער טו, מאַך! אַז מיין קעשענע איז ליידיק...

דער אָפיציר האָט געהאַט אַן איידל פּנים. אַנגעטאָן איז ער אויך געווען אין אַ לייטישערן, זויבערן שינעל מיט שטייפע פּאַגאָנעס. וואָלט עס געווען אין די צאַרישע צייטן, וואָלט איך געקאָנט טראַכטן: „אַ רייך, פּריציש זינדל״. אָבער אין היינטיקן רוסלאַנד איז עס דאָך נישט שייך. מוז איך קלערן, אַז דאָס איז סתּם עפּעס אַ פּאַוואָריט אין דער אַרמיי, וועלכער קאָן זיך דערלויבן בעסער אָנצוטאָן און בעסער אָפּצועסן.

דער אָפיציר הויבט אָן עסן די „בלינעס״. ער נעמט אויפן גאָפּל איין שטיקל. פאַרזוכט אַ צווייט שטיקל. כ׳זע, ער טוט אַ קרים מיט דער נאָז און לייגט אַנידער גאָפּל־מעסער. ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און לענט זיך אָן אָן דעם אָנלען

פון זיין זיך־פּלאַץ. קלאָר: ער וועט שוין די „בלינעס" נישט עסן.
עס צערייצט מיין געדאַנק: גאָט מיינער, אַ טעלער „בלינעס"! ווען עס פּאַלט אים איין, דעם קאַפּריזנעם אָפיציר, מיך מכבד צו זיין. ער עסט דאָך סיי־ווי־סיי נישט. אָבער ווי מאַכט מען עס, אַז אים זאָל עס יאָ איינפאַלן? איך וואַג נישט, איך קאָן עס אַליין נישט בעטן. און דאָ האָב איך מורא, טאָמער קומט צו די „אָפּיציאַנטקע" און זי נעמט צוריק צו דעם טעלער...
די מינוטן זענען זייער ערנסטע... דער הונגער נעמט מיך רייצן שטאַרקער, „פּראָוואָצירט" מיך. אין אָנגעזיכט פון דער מעגלעכער דערווערבונג פון אַזאַ געשמאַקן ביסן ווערט דער הונגער נאָך מער חוצפּהדיקער.
די געפאַר מצד דער „אָפּיציאַנטקע" רייסט מיך אַרויס פון דער פּאַסיווקייט. און כ'וואַג צו פרעגן דיפּלאָמאַטיש דעם אָפיציר:
— ווי איך זע, געפעלן אייך נישט די „בלינעס"?
— ניין, זיי געפעלן מיר נישט. נישט קיין געשמאַקע.
— אַ חידוש... פאַרוואָס?... זיי זעען אויס גאַנץ לייטיש...
דער אָפיציר גיט ווידער אַ קרים מיט דער נאָז:
— ניין, זיי זעען אויס שיין, אָבער זיי שמעקן מיר נישט. מסתמא אויף אַ שלעכטן פעטס געפּרעגלט.
כ'בין אינגאַנצן געשפּאַנט. נאָך אַ פּויזע און עס רעדט ווידער פון מיר אַרויס — קעגן מיין ווילן און קעגן מיין רגילות:
— אַ שאָד... אַ שאָד... אַ הונגעריקער וואָלט זיך איצט דערקוויקט מיט די „בלינעס"...
דער אָפיציר האָט זיך אַזש אַ באַוועג געטאָן אויף זיין אָרט: משמעות, אַז ערשט איצט איז אים איינגעפאַלן, דעם נאַאיוון קאָפּ, וואָהין איך ציל... און מיט אַ שמייכל האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:
— אפשר, גראַזשדאַנין, זענט איר אַ בעלן?
— אַ שיינעם דאַנק, אַ שיינעם דאַנק, טאָוואַרישטש לייטענאַנט! — ענטפער איך גלייך.
איך פיל בעת־מעשה, ווי דאָס בלוט האָט מיר אַזש אַ זעץ געטאָן צום פּנים. כ'האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין: נישט געקאָנט באַהערשן דעם פּאַסקודנעם נאַרישן הונגער.
— פּאַזשאַלויסטאַ! — טוט דער אָפיציר פלינק אַ רוק צו צו מיר דעם טעלער.
— אַ גרויסן דאַנק!
כ'בין צוגעפאַלן צום טעלער ווי אַ הונגעריקער וואָלף. איך האָב געשלונגען

מיט נישט־באַהערשטער היץ. אָן שום מענטשלעכע מאַנירן. אַ מענטש אַ זייטיקער וואָלט, אָנקוקנדיק מיך בעת־מעשה, זיכער געקאָנט טראַכטן: „אַ הונגעריקע חיה, נעבעך"...

צי זענען טאַקע די „בלינעס" געווען נישט קיין געשמאַקע? צי האָט זיך טאַקע געשפּירט אין זיי אַ ווידער־טעם פון אַ „שלעכטן פּעטס"? — איך האָב גאָרנישט געשפּירט עסנדיק. איך האָב נאָר געשפּירט, אַז איך עס, אַז איך שלינג עפּעס וואַרעמס, עפּעס טויגיקס; אַז עס פּילט אויס אינעווייניק אַ מוראדיק־גריזשענ־דיקע פּוסטקייט, וואָס מאָנט רק: „נאָך... נאָך"...

אין משך פון אַ פּאָר מינוט איז דער טעלער ביי מיר געבליבן ליידיק. קיין קרישקעלע איז אין אים נישט פאַרבליבן...

דער גוטמוטיקער אָפיציר האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַרגנבעטע בליקן: ער האָט אפּנים מיך נישט געוואָלט זשענירן. אַז איך האָב געענדיקט, האָט ער אַרויסגעצויגן פון טאַש אַ מאַכאָרקע־זעקעלע און מיר פאַרגעלייגט:

— זאַקוריטיע, פּאַזשאַלויסטאַ!

— ווי איר זעט, גראַזשדאַנין לייטענאַנט, — האָב איך שוין אין אַ בעסערער שטימונג צו אים געזאָגט, לאָזנדיק ברייטלעך דעם רויך פון פּאַפּיראָס, — אַלץ אין לעבן איז רעלאַטיוו. אויך דער געשמאַק פון עסן. עס ווענדט זיך ווער, ווען און ביי וואָסערע אומשטענדן מען עסט איין און דעם זעלבן מאכל. נישט אמת?

— פּראַווילנאָ! (ריכטיק!). — האָט דער אָפיציר באַשטעטיקט מיין „פילאָ־זאָפיע" אויפן חשבון פון טעלער „בלינעס"...

נאָך גוט, וואָס דער אָפיציר האָט מיך נישט געפרעגט ווער און וואָס איך בין, כדי צו „קאָנפראָנטירן" די „רעלאַטיוויטעט־טעאָריע"... ווייל ווען ער פרעגט מיך, וואָלט איך אים נישט געקאָנט זאָגן. איך וואָלט זיך געשעמט אין מיין גע־פאַלנקייט פאַר מיין אַמאָליק מענטשלעך אָנזען... העכסטנס וואָלט איך אים גע־קאָנט זאָגן:

— אַ געוועזענער מענטש — — — — — — — — —

## 37

## מען גזלט מיר די הויזן...

קיין קאַגאַן בין איך אָנגעקומען פאַרנאַכטלעך. עס האָט מיך באַגעגנט אַ שניידיקע פייכטע קעלט. אַ כמורנער הימל מיט איילעוודיקע וואָלקנס, געטריבן פון אומהיימלעכע ווינטן.

איך לאָז מיך אין „טשאַיכאַנאַ“. כ׳קום צוגיין — פאַרהאַקט. אויף דער פאַר־שלאָסענער טיר איז אויפגעקלעפּט אַ צעטל: „ניע ראַבאָטאַיעט“ (נישט טעטיק).

ביים אַלטן, האַלב־צעפאַלענעם גאַניקל זיצן איינגעקאָרטשעט עטלעכע פּליטים־ייִדן.

— פאַרוואָס עפּעס פאַרהאַקט? — פרעג איך זיי.

— אַוודאי נישטאָ קיין „טאָפּקאָ“ (הייץ־מאַטעריאַל). — ענטפערט איינער.

— וואָס האָבן זיי יאָ, די דלפנים?... — איראָניזירט אַ צווייטער.

זעץ איך מיך אויך צו צו זיי און טוליע זיך צו אַ וואַנט. אין מיטן קומט צו נאָך עפּעס אַ פּליט און נאָכן איבערלייענען דאָס צעטל, הייבט ער אָן זידלען סתם אין דער וועלט אַריין. ער זידלט שוין אויפן עכט־רוסישן שטייגער. ער האָט גע־כאַפּט דעם „שניט“:

— בליאַדעס די אוזבעקן. אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק „ניע ראַבאָטאַיעט“. אין זייער מאַמעס מאַמען אַריין!

— נישטאָ קיין „טאָפּקאָ“ — וואַרפט ווער אַריין.

— אַז ברענען זאָלן זיי ווי קין. זיי זענען חולה צו זאָרגן עס זאָל יאָ זיין דאָס ביסל „קיזיאַק“ *). פעלט דען טינופת אין דער מדינה?...

— טאַקע אַ סקאַנדאַל! — האַלט אונטער נאָך עמיצער, — וווהין זאָל זיך אַהינטאָן אַ „נאַש בראַט“? אַז דער „עוואַקאָפּונקט“ איז פאַרנומען פון רעקרוטן. „ווסיאָ דליאַ פראָנטאַ!“ (אַלץ פאַרן פראָנט!).

— יאָ, קיינער לייקנט נישט. „אַלץ פאַרן פראָנט!“ אָבער שטאָט האָט דאָך געמעגט אויסזוכן עפּעס אַ שטיקל בודע פאַר די היימלאָזע פּליטים.

— אין זייער מאַמעס מאַמען אַריין מיט זייערע „פּאָזשאַנדקעס“.

— אפשר זאָלן מיר גיין אין „גאָראיספּאָלקאָם“?

— גייט, גייט, אַז איר ווילט. זיי וועלן אייך באַלד פרעגן: „פאַרוואָס גייט איר נישט אין קאָלכאָז?“

— וואָלט מען כאָטש עפּעס געגעבן אין די קאָלכאָזן, איז מילא. ווער וואָלט עס נישט געגאַנגען אַהין? ווער וואָלט עס געוואָלט זיך וואַלגערן דאָ אין הונגער, אין קעלט און אין רעגן?

ס׳איז געוואָרן נאַכט. די פייכטע קעלט האָט דורכגענומען די ביינער. זיך אַליין זע איך נישט, ווי אַזוי איך זע אויס; אָבער מיינע שכנים זענען פאַר מיר

*) הייץ־מאַטעריאַל, אין פאָרם פון ציגל אָדער פּלעצלעך, געמאַכט פון בהמהשן און פערדישן מיסט, געמישט מיט שטרוי.

אַ שפּיגל: זייערע געזיכטער זענען צעקניטשט, חושכדיק. איינער שוידערט אַזש פון קעלט אין זיין אויסגעריבענער פופייקע.

— ווייסט איר גאָר וואָס, חברה? — רופט זיך ווער אָפּ מיט אַ פאָרשלאָג. — לאָמיר גיין אין דער „בוכאַרקע״. אפשר וועלן מיר פּאַקן אַן אָפּענעם וואַגאָן.

די „בוכאַרקע״ — די הינטערשטאָטישע באַן, וואָס קורסירט צווישן קאַגאַן און בוכאַרע. ביינאַכט פאָרט זי נישט. זי שטייט דאָ אויף דער סטאַנציע אויף אַ זייטיקער ליניע ביז זעקס באַגינען.

אַלע האָבן זיך אָנגעכאַפּט אַן דאָזיקן פּלאַן און מיר זענען אַלע — פינף פּאַרשוין — אַוועק צו דער „בוכאַרקע״. מיר האָבן זיך דורך אַ זייטיקן וועג אַהין צוגעשאַרט ווי גנבים. מיר פּרוּוון אין דער גיך אַלע טירן פון די וואַגאָנעס — פאַרשלאָסן. כאַפּט זיך איינער אַרויף דורך די טרעפּ אויף צעריסענע בופאָרן צווישן צוויי וואַגאָנעס.

— חברה, אַהער! שנעל!

ווייזט זיך אַרויס, אַז דורך די בופאָרן איז ער אַרויף אויף דער „פּלאַטשטשאַד־קע״ פון איין וואַגאָן און פון דאָרט אין פאָדערשטן קאָרידאָר פון וואַגאָן. דער אַריינגאַנג אינעווייניק צו די קופּעען איז געווען געשלאָסן. אין צוויי מינוט זענען מיר אַלע פינף געווען אינעווייניק אינעם ענגן קאָרידאָרל. מיר האָבן ווי עס איז זיך אויסגעלייגט אינעם קליינעם שטח, יעדער איינער איינקאָרטשענדיק די פיס. עס איז געווען מער ווי אומבאַקוועם. די קני האָבן באַלד אָנגעהויבן ווי טאָן. אָבער פאָרט אונטער אַ דאַך! פאָרט נישט אין קאַלטן דרויסן!

מיר באַוויזן נישט אַנדרימלט צו ווערן ווי עמיץ גראַבלט ביי דער טיר, דורך וואַנען מיר זענען אַריין. איך מיט נאָך איינעם זענען אויפגעשפּרונגען:

— ווער איז דאָרט?

— עפן, טאָוואַרישטש!

— ווער איז דאָרט?

יענער רייסט אַלץ די טיר און בעט זיך מיר זאָלן עפענען:

— טאָוואַרישטשי, כ׳בין איינער אַליין, פּאַזשאַלויסטאַ.

מיר בײדע פון אינעווייניק האַלטן צו די טיר.

— אויב איר עפנט נישט, רוף איך תיכף די מיליץ! — קומט שוין אַ דראָאונג.

דערביי רייסט יענער אַלץ שטאַרקער די טיר, און אָט האָט ער שוין באַוויזן אַריינצורוקן אַ פוס.

ער בעט זיך אַלץ:

— גראַזשדאַניע, כ׳בין אַליין.

— אָבער דאָ איז דאָך שוין נישטאָ קיין פּיצל אָרט.

— ניטשעוואָ, כ׳וועל שטיין. מיר איז קאַלט.

ווען נישט זיין פּוס אין דער טיר, וואָלטן מיר אים געהערט ווי דעם קאָ־טער: וואָס דאַרפן מיר דאָ האָבן אַ פרעמדן פאַרשוין אין אַזאַ ענגשאַפט? אָבער ס׳איז שוין קיין עצה נישט געווען פון אים לויז צו ווערן.

— פאַרפאַלן, לאָזט אים אַריין! — רופט עמיץ פון דער פּאָדלאָגע.

האָבן מיר די טיר פאַר אים געעפנט.

אָבער ווי נאָר ער איז אַריין, איז באַלד פון הינטער אים אויסגעוואָקסן אַ צווייטער פאַרשוין.

— ווער זענט איר עס אַזעלכע? — דערהערן מיר באַלד אַ פראַגע שוין מיט אַן אַנדער טאָן.

איינער פון זיי האָט אַ לייכט געטאָן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל, שנעל אַדורכגענומען מיטן ליכט אונדזער גאַנצן עולם. ביידע האָבן אין די הענט גע־האַלטן קינזשאַלן. מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז מיר זענען געבליבן גלייכגילטיק אין אַנגעזיכט פון די אויסגעשטרעקטע מעסערס.

— סקאָראָ, סקאָראָ, טשטאָ או וואָס יעסט? (שנעל, שנעל, וואָס האָט איר ביי זיך?) — נעמען זיי זיך גלייך צו אונדז.

— מיר זענען „ביעזשענצעס״. איר זעט דאָך, אָרעמע „ביעזשענצעס״. — זאָגט איינער פון אונדז.

— מיר האָבן גאָרנישט ,טאָוואַרישטשי. מיר זענען אָרעמע.

די צוויי „אורחים״ אָבער האָבן זיך תיכף גענומען רעווידירן יעדן איינעם באַזונדער. צו מיין „גליק״, האָבן זיי אָנגעהויבן פון דער אַנדער זייט, נישט פון מיר. איך בין געשטאַנען ביי דער פאַרשלאָסענער טיר וואָס צו די טרעפּ. אין דער פינצטער איז מיר אַזוי־אַרום געלונגען צו באַגראָבן מיין „פאַרמעג״: אין בוזים־טאַש פון מיין פּופייקע האָב איך געהאַט ליגן אַן אַלטע פוילישע „פּאָדקוווקע״ (געלט־בייטעלע אין פאָרם פון אַ פּאָדקאָווע), וואָס כ׳האָב מיר ערגעץ ווו איינ־געשאַפט. איך האָב זי אין דער גיך אַראָפּגעלאָזט צווישן די קאַלעסאָנען און לייב. זי האָט זיך באַלד אַליין אַראָפּגעשאַרט ביז אונטן — ביז די בענדלעך אַרום פוס. אין דער דאָזיקער „פּאָדקוווקע״ האָב איך געהאַט מיין גאַנצן „פאַרמעג״ — 10 רובל! אַ קלייניקייט, 10 רובל! פאַר אַזאַ סומע האָט מען אין יענער צייט געקאָנט קויפן אַ צוויי „פּייקעס״ ברויט אויפן „שוואַרצן מאַרק״.

די צוויי חברה־לייט זענען שוין נעבן מיר — דעם לעצטן פון די פינף. איינער שטייט איבער מיר מיטן קינזשאַל און דער אַנדערער זוכט ביי מיר, טאַפּט. ער ציט אַרויס פון מיינע טאַשן אַ פּאָר קלייניקייטן: אַ לאַגער־מעסערל. — די פּרימיטיווסטע פּראָדוקציע פון סאָוועטישן לאַגער. אַזאַ מעסערל פּאַסט זיך נאָר

פּאָר אַ מוזיי... אָבער דער זוכער האָט עס אַריינגעלייגט צו זיך אין טאַש. אַ חוץ דעם אַ קליין טיטון־זעקעלע מיט אַ ביסל „סאַמאָסייקע". דאָס איז זיכער פּאָר זיי אַ סחורה... אין מיין רוקזאַק האָבן זיי קיין „מציאות" נישט געפונען: אַרויסגע־צויגן אַן אַלט פּאָרל וועש — מיין איינציקע „סמענע" (צום טוישן) און אַ פּאָר אַניצעס צו די פיס (פון סקאַרפּעטן שוין לאַנג פאַרגעסן...). די דאָזיקע שמאַטעס האָבן זיי איבערגעלאָזט — נישט פּאָר זיי קיין סחורה.

געמיינט, אַז כ'בין שוין פּאַרטיק מיט זיי און האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. לסוף האָט דער בעל־דבר מיך אויף ס'ניי געוומען אַרומטאַפּן פון אַלע זייטן. ער האָט זיך נישט געפוילט און מיר אָפּגעשפּילעט די הויזן, זוכנדיק פון זייער אינעווייניקסטער זייט געהיימע טאַשן... און דאָ האָט ער באַמערקט, אַז איך טראָג פון אונטן נאָך אַ פּאָר הויזן — די צעריסענע לאַגער־הויזן. איך האָב זיי געטראָגן, ערשטנס, צוליב וואַרעמקייט; שנית, צו נוצן זיי ביי דער אַרבעט, אויב עס וועט זיך מיר מאַכן. פון אויבן האָב איך געטראָגן די בעסערע הויזן, די ציווילע, וואָס איך האָב מיר אַמאָל געקויפט אויפן באַזאַר טאַקע דאָ אין זעלבן קאַגאַן, בעת מיין אָנקומען אַהער דאָס ערשטע מאָל מיטן עשאַלאָן פון בוזולוק.

— דו בורזשוי! דו האָסט צוויי פּאָר הויזן? — כאַפּט ער זיך אָן ווי אָן אַן אבן־טוב, — ס'וועט דיר קלעקן איין פּאָר. דאַוואַי!

און ער שפּילעט זיי איינגאַנצן פאַנאַנדער, שלעפּט שנעל אַראָפּ פון מיינע פיס די גרויסע צעפּאָרענע „קאָרדאָווע" שיך (אויף וואָס ער איז, פאַרשטייט זיך, קיין בעלן נישט געווען...) און דאַן — די הויזן, די אויבערשטע פּאָר הויזן...

די דאָזיקע גזילה האָט מיך שרעקלעך ווייט געטאָן: ווי שווער איז עס מיר אָנגעקומען זיי צו קויפן. און אין וואָס וועל איך איצטער בלייבן?

כ'נעם זיך בעטן:

— כ'בעט אייך... גראַזשדאַניע... זעט אַליין... די דאָזיקע הויזן זענען דאָך שמאַטעס... נישט צו טראָגן... כ'האָב נישט קיין אַנדערע...

יענע אָבער האָבן זיך נישט אָפּגערופן — נישט דער, וואָס האָט מיך „באַאַר־בעט", נישט דער אַנדערער, וועלכער איז געשטאַנען איבער מיר מיטן קינזשאַל.

געענדיקט מיט אַלעמען, האָבן זיי באַלד אַ רוק אָפּ געטאָן די טיר צו די בופאָרן און זיך אַרויסגעשאַרט. פון יענער זייט טיר האָבן זיי געוואָרנט:

— ווער עס וועט וואַגן נאָכצוגיין נאָך אונדז, כאַפּט אַ מעסער אין זייט!

און זיי זענען פאַרשוווּנדן.

כ'האָב אין דער פינצטער געוויינט מיינע אויגן אויף מיין חרפּה — אויף מיינע טראַנטעוואַטע לאַגער־הויזן מיט די לאַטעס און לעכער. אַפילו אין דער פינצטער האָבן דורך די לעכער אַרויסגעווייסלט זיך פלעקן פון די קאַלעסאַנען.

און כ׳האָב מיך נישט געקאָנט באַהערשן. ס׳האָט מיך מוראדיק פאַרקלעמט ביים האַרץ און כ׳האָב זיך צעכליפּעט. כ׳ווייס נישט, צי איז עס געווען מחמת רחמנות צו זיך אַליין, אָדער סתם צו אַ באַשעפעניש בצלמו ובדמותו, אין גאָטס געשטאַלט, צו וואָס פאַר אַ מדרגה עס איז דערגאַנגען — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איר ייִדענע וואָס איר זענט! — דערהער איך פון דער פאָדלאָגע אַ שטים.

דאָס האָט מיך עמיץ פון מיינע קאָרידאָר־ברידער געמאַכט דעם פאָרוווּרף, וואָס איך קאָן מיך נישט באַהערשן.

כ׳האָב צוריק אָנגעטאָן מיינע לאַגער־שיך און זיך ווידער אויסגעצויגן און איינגעקאָרטשעט אויפן דיל. ווען עס געלינגט מיר אַזוי אַנטשלאָפן צו ווערן און פאַרגעסן אָן דער נמאסדיקער וועלט. אַנטשלאָפן ווערן — מעג עס זיין אויף אייביק, גאָט מיינער! וויפל איז דער שיעור? — — — — — — — — — — — — — —

עס האָט לאַנג נישט געדויערט — מ׳קלאַפּט ווידער אין טיר. דאָס מאָל שטאַרקער, תקיפער. מיר רייסן זיך אַלע אויף.

— אָטקראָי! (עפן!).

מיר שווייגן.

— ביסטרעי אָטקראָי! (שנעלער עפן!).

— ווער איז דאָרט?

— אָטקראָי! ז׳מיליציאי.

מיר עפענען די טיר און יענער, דער מיליציאָנער, פאַלט אויף אונדז אָרויף מיט זידלערייען און הייסט אונדז תיכף זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען. מיר פאַרענט־פערן זיך, אַז מיר זענען נישט שולדיק; אַז דער „עוואַקאָפּונקט" איז פאַרנומען פון מיליטער...

— אין קאָלכאָזן גייט, בליאַדעס!

דאָ האָבן מיר שוין נישט געהאַט קיין לשון: גיי דערצייל אים אַ מעשה, אַז אין די קאָלכאָזן הונגערט מען; גיי דיסקוטיר מיט דער מיליץ.

דער מיליציאָנער האָט אונדז אַראָפּבאַגלייט אונטן. איך דערצייל אים דאָן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. אָבער יענער האָט מיר נאָר געהאָלפן קרעכצן.

— אישטשי וויעטראַ ווּ׳פּאָלע! (זוך דעם ווינט אין פעלד!).

שלעפּן מיר זיך אַזוי פון דער סטאַנציע, איבער נאַכטיקע גאַסן, אָן אַ מקום מקלט. אויפן וועג, ביים שיין פון לאַמטערנעס דאָ און דאָרט, וואַרפט זיך איצט מיין הולך שטאַרק אין די אויגן. די ווייסע פלעקן דורך די הויזן־לעכער זעען אויס אַזוי בראָדיאַגיש־הפקרדיק. עמיץ מאַכט אַ וויץ אויף מיין חשבון און אויפן האַרצן ווערט מיר נאָך טרויעריקער. איך האָב נישט מיט וואָס צו פאַרשטעלן די חרפּה. איך שוויג און רעאַגיר מיט גאָרנישט אויף יענעמס חכמהנען זיך.

— לאַכט נישט, ס'איז זייער טרויעריק, אַז מ'בלייבט אָן הויזן... — נעמט זיך אָן אַנדערער כלומרשט אָן מיין קריוודע.

איך שטום. כ'גיי נאָך אַ פּאַרקלעמטער, אָן לשון. וואָס וועל איך טאַקע טאָן מאָרגן ביים שיין פון טאָג?... איך קוק אויף די ווייסע הויזן־פלעקן און עס שניידט מיר דאָס האַרץ. ווען איך פּאַק ערגעץ נאָדל־פאָדים און שטיקלעך שמאַטקעס צום פאַרלאַטן, כ'וואָלט „רייכער" געמאַכט די „מאָזאַיק" פון די לאַגער־הויזן מיט נאָך קאָלירן, פלעקן, ניואַנסן...

— חברה, כ'האָב אַ פּלאַן! — רופט ווער אויס פּלוצלונג, בלייבנדיק שטיין. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— אדרבה!

— טרעפט וווהין מיר וועלן איצט גיין.

— אדרבה, זאָגט!

— אַרויס מיט לשון!

— אין באָד אַריין! — ענטפערט יענער.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — אין באָד אַריין! — כאַפּן אַלע אונטער.

טאַקע אַ „געניאַלער" איינפאַל. די באָד, ווייזט זיך ארויס, אַרבעט דאָ אויך ביינאַכט. איז פאַר אונדז דער בעסטער אויסוועג אַהין צו גיין; קודם־כל זיין אין דער וואַרעם, אונטער אַ דאַך; צווייטנס, טאַקע זיך אויך אויסבאָדן און דעזינפעק־צירן די שמוציקע „לאַכעס".

דערקריכן מיר אויף ערגעץ אַ הינטער־גאַס צו דער באָד. אָבער גראָד היינ־טיקע נאַכט אַרבעט נישט די באָד — „אובאָרקאַ" (רייניקונג). אויך אַ באָד, וואָס וואַשט די שמוץ פון אַנדערע, דאַרף מען רייניקן אַמאָל. איז היינט טאַקע רייניקט מען זי, מען וואַשט די פּאָדלאָגעס אין אַלע אָפּטיילונגען. פונדעסטוועגן שאַרן מיר זיך אַריין אין גערוימען פּאָדער־זאַל. דאָ אַרבעטן עטלעכע ווייבער מיט בערשט און מיט שמאַטעס.

— די באָד אַרבעט נישט. קומט מאָרגן! — דערהערן מיר פון די ווייבער.

מיר לאָזן זיך אָבער נישט אַרויסבעטן. ווער עס פאַררעדט די „באַבעס" מיט קאָמפּלימענטן, ווער מיט אַ וויץ. איינער דערציילט זיי וועגן מיין אומגליק אין וואַגאָן. די ווייבער נעמען קוקן אויף מיין הולך און צעכיכיקען זיך.

— זע נאָר, זע, יעוודאָכאַ. ער זעט אויס ווי אַ נישט־גוטער... כאַ־כאַ־כאַ...

כ'האָב מיך אין דער רגע באמת געפילט ווי אַ צירק־לץ און האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען צו באַהאַלטן מיין חרפה און מיין ווייטיק.

כ'בעט די ווייבער זיי זאָלן מיר שאַפן אַ נאָדל־פאָדים מיט אַ פּאָר שמאַטקעס צו פאַרלאַטען די הויזן. איינע ענטפערט, אַז שוין זינט אַ וואָך ווי די נאָדל

האָט זיך ביי איר צעבראָכן און זי זיצט אָן אַ נאָדל אין שטוב. זי קלייבט זיך טאַקע גיין אויפן באַזאַר זוכן אַ נאָדל.

ביי אַ צווייטער „אובאַרשטשיצאַ" (רוימערין) האָב איך יאָ געפּועלט. זי האָט מיר געהייסן צוקומען אין דער פרי, בעת זי ענדיקט דאָ די אַרבעט.

— וואָס הייסט צוקומען? מיר וועלן דאָך דאָ וואַרטן אויף דער באָד.

— סומאַסשעדשיע! (משוגעים!) וואָס הייסט וואַרטן? ס'איז דאָך איצט צוויי ביינאַכט און די באָד הויבט אָן אַרבעטן ניין אין דער פרי. גייט אַהיים!

— נישקשה, מיר האָבן צייט צו וואַרטן. — פאַלט אַן ענטפער.

גיי דערצייל איר אַ מעשה, אַז מיר האָבן נישט קיין היים. אַז מיר האָבן נישט וווהין צו גיין. אַז די באָד איז היינטיקע נאַכט אונדזער היים...

און אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אין די קאָרידאָרן פון דער באָד, ביי די אַריינגענג ביז אין דער פרי. ערשט זייגער אַכט אין דער פרי האָט מען געענדיקט די „אובאָרקאַ", און כ'בין אַוועק מיט „מיין" „אובאַרשטשיצאַ", וועלכע האָט מיר צוגעזאָגט אַרויסצוהעלפן אין מיין בראָך... כ'האָב זי באַגלייט ביז איר כאַטע, טאַקע נישט ווייט פון דער באָד. זי האָט געוווינט מיט עטלעכע קינדער אין אַ קליינער אַלטער קיביטקע מיט פּיטשינקע פענצטערלעך. דער דלות האָט געפּייפט שוין פון דערווייטנס. אַריינגעקומען, זענען נאָך די קינדער געלעגן אויף אַ נאַרע אין שמאַטעס. כאָטש זי, די באַלעבאָסטע, איז געווען אַן „אובאַרשטשיצאַ" אין אַ באָד, פונדעסטוועגן האָט ביי איר אין דער כאַטע געפעלט אַ סך, אַ סך צו ריינקייט.

זי האָט אויסגעזוכט אין אַ טאָרבע עטלעכע שטיקלעך שמאַטעס פון פאַרשיי־דענע קאָלירן און מיר דערלאַנגט צוזאַמען מיט אַ נאָדל.

— נו, און פאָדים, גראַזשדאַנאַטשקאַ?

— באַלד, באַלד.

אין אַ ווײַלע אַרום טראָגט זי מיר אונטער די אויבערשטע טייל פון אַן אַלטער זאַק:

— אָט איז פאָדים.

— וואָס הייסט? — פרעג איך, נישט פאַרשטייענדיק.

די פרוי לאַכט:

— זעט אויס, נישט קיין סאָוועטישער מענטש...

זי נעמט אַרויס דאָס שטיקל זאַק פון מיין האַנט און ווייזט מיר: זי האָט אָנגענומען ביי אַן עק פאָדים, וואָס האָט געסטאַרטשעט ביים ראַנד פון זאַק און גענומען פאַמעלעך ציִען. די אָפּגעלאָזענע „אייגלעך" פון זאַק האָבן זיך אונטער־געגעבן און דער פאָדים איז אַלץ געוואַקסן.

— טיפּער פּאַניאַטנאַ? (איצט פּאַרשטייסטו שוין?), — פרעגט זי מיך דאָן ווי אַ „זאַכקענערין״.

— איצט פאַרשטיי איך שוין, גראַזשדאַנאַטשקאַ. קלוגע מענטשן די סאָ־וועטישע...

— ווו קאָן איך מיר מאַכן באַקוועם מיט די הויזן? — פרעג איך דאָן — האָסט דאָך נאָר איין צימער.

— זעץ זיך אָט דאָ! — טוט זי מיר אַ ווייז אויף אַ ווינקל פון זעלבן חדר.

נישטאָ זיך, הייסט עס, פאַר וועמען צו זשענירן. האָב איך זיך פאַררוקט אין אַנגעוויזענעם ווינקל אויף דער נאַרע, אַראָפּגעצויגן פון זיך די הויזן און זיך גענומען צו דער אַרבעט. כ׳האָב געטאָן וואָס איך האָב געקאָנט און וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ביז איך האָב לסוף די אַלע לעכער אַרומגענייט מיט אַלערליי לאַטעס — קיילעכדיקע, פירקאַנטיקע, דרייקאַנטיקע... אַבי פאַרמאַכט די אַלע „פענצטער״ צום דרויסן...

ווי דאַנקבאַר בין איך דאַן געווען יענער גוטער פּשוטער פרוי, וואָס האָט מיך געראַטעוועט אין אַ פאַרצווייפלטער מינוט. איך האָב אַרויסגענומען פון מיין „פּאָדקוווקע״ אַ פּאָר רובל (מיין „פּאַרמעג״ האָבן טאַקע די „זשוליקעס״ נישט אָנגעטאַפּט אונטן ביים פוס...) און איר דערלאַנגט:

— קויפט עפּעס פאַר די קינדערלעך.

— מ׳דאַרף נישט, מ׳דאַרף נישט.

זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט. האָב איך איר האַרציק באַדאַנקט נאָר מיט אַ פּאָר גוטע ווערטער.

כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס שוין אַ באַרויִקטער: פאַרדעקט די חרפּה... כ׳האָב „געפראַנטעוועט״ אין די מיט לאַטעס באַנייטע לאַגער־הויזן, מיט די פריש־צוגע־קומענע קאָלירן אין דער „מאָזאַיִק״... כ׳בין אַוועק צוריק צו דער באָד. שוין געשטאַנען דאָרט אַ גרויסער עולם. כ׳האָב זיך אויך אַריינגעשפּאַרט אַהין. מיינע פיר וואַגאָן־ברידער האָב איך שוין דאָרט נישט געטראָפן. יענע נישטערן שוין מסתמא אויפן באַזאַר.

גראָד איז אין דער באָד געווען געווען גענוג „טאָפּקאַ״ און גענוג וואַרעם וואַסער, אַזוי אַז איך האָב געקאָנט זיך גוט אויסוואַשן און אויספּאַרען. אויך די לאַכעס זענען אַדורכגעגאַנגען די „דעז־קאַמעראַ״ (דעזינפעקציע־קאַמער). אַ „סאַן־אָבראַ־באָטקאַ״ לויט אַלע פאַרשריפטן. דערנאָך נאָך געכאַפּט אַ דרימל נאָך דער שלאָפ־לאָזער נאַכט אין אַ ווינקל. אין דער וואַרעמער פּאַרע.

אַז עס זענען נישטאָ קיין אַנדערע תענוגים, איז דאָס אויך אַ תענוג...

## 38

# אין ביטערן הפקר

פאַרנאַכט האָב איך אָפּגעוואַרט מיין וואַנדער־חבר ביים וואָקזאַל. היות ווי ער איז אין וועג נישט „באַגליקט" געוואָרן, איז ער טאַקע, ווי כ'האָב משער געווען, געקומען צו מיר קיין קאַגאַן.

ער נעמט מיר גלייך דערציילן וועגן זיין אומגליק אויף יענער סטאַנציע. ער האָט טאַקע דאָרט געפּאַקט יענע „לאַפּשאַ": געדיכטע און גראָבע. ער האָט עס אויפן אָרט אויפגעגעסן און דווקא געוואָלט, זאָגט ער, נעמען אויך פאַר מיר. דערהערנדיק דעם סיגנאַל פון דער באַן איז ער אַרויסגעלאָפן הענדום־פּענדום און גענומען נאָכיאָגן. ער האָט שוין געהאַט אַ טאַנץ געטאָן אויף אַ טרעפּל פון אַ וואַגאָן און מעשה־שטן זיך פאַרטשעפּעט און אומגעפאַלן. די גאַנצע „לאַפּשאַ" — אייגנטלעך „מיין" „לאַפּשאַ"... — איז געבליבן אויפן פעראָן.

„לאַפּשאַ" אַהער — „לאַפּשאַ" אַהין... ער באַמערקט גאָרנישט די קאָמיש־קייט פון ערנסט און דעם ערנסט פון דער קאָמישקייט, מיט וועלכע ער דערציילט מיר וועגן דער „לאַפּשאַ"־טראַגעדיע.

— מילא, — זאָג איך, — אַ כפּרה די „לאַפּשאַ", אַבי איר זענט אַרויס אומ־באַשעדיקט.

— כ'האָב זיך נאָר צעקלאַפּט אַ קני.

פּלוצלונג באַמערקט מיין חבר די ענדערונג אין מיין הולך: די הויזן...

— וואָס זשע זע איך! — רופט ער אויס — ווידער אין אייערע טראַנטעס? אויף ווען באַהאַלט איר די בעסערע הויזן? אויף יום־טוב?...

— איך האָב שוין נישט וואָס צו באַהאַלטן... — ענטפער איך מסתמא מיט אַ מער ערנסטער מינע, מיט אַ מער טראַגישן טאָן, ווי ער האָט גערעדט וועגן אומגליק מיט דער „לאַפּשאַ"...

און כ'דערצייל אים מיט אַלע פּרטים די גאַנצע מעשה וועגן דער גזילה אין וואַגאָן. איך באַמי זיך צו מאַכן לייכטער דעם טאָן, פּרווו צו באַזאַלצן מיט אַ וויצל, וואָס זאָל מיך גופא מאַכן הייטערער, אָבער ס'איז געווען אַ „געלעכטער דורך טרערן".

— פאַרפאַלן, נעמט זיך נישט צופיל צום האַרצן... — זאָגט ער. — איר דאַרפט נאָך בענטשן גומל, וואָס איר האָט פון די „זשוליקעס" נישט געכאַפּט קיין מעסער אין זייט.

— איר ווייסט, וואָס איך האָב זיך געכאַפּט? — דערציילט ער מיר אין אַ מינוט אַרום. — מיין פּאַר־קאַרטע ביז סטאַלינאַבאַד איז נאָך נישט אויסגעגאַנגען. זי איז נאָך גילטיק צוויי מעת־לעת.

— נו, איז ווילט איר צוריק פאָרן קיין כאַנאַקאַ?

— אָבער איך קאָן זי דאָך פאַרקויפן. קומט, אדרבה, צו צו דער „אָטשערעד" ביים פענצטערל.

און מיין חבר איז נישט פויל און גייט צו צו די וואָקזאַל־פענצטערלעך, ווו עס שטייען אַ סך פּאַסאַזשירן. ער פרעגט נאָך און פּאַקט טאַקע אַ בעלן. אמת, אַ שטיקל ריזיקע איז דערביי פאַראַן: אין דער פּאַר־קאַרטע איז דאָך פאַרשריבן זיין נאָמען; אָבער זעלטן פאָדערט מען דעם פּאַס ביי דער קאָנטראָל. דערצו האָט ער פּאַר אַזאַ ווייטער שטרעקע געפאָדערט נאָר 40 רובל, האָט יענער פּאַסאַזשיר מסכים געווען צו ריזיקירן.

איז מיין חבר פלוצלונג אויפגעריכט געוואָרן מיט צוויי „טשערוואָנצעס". כולו ריווח. פלוצלונג איז ער רייכער געוואָרן פון מיר וועך ווייס וויפל־פּאַכיק... מיר איז עס נישט באַשערט געווען; ביי מיר האָט דער קאָנדוקטאָר גראָד צוגע־נומען די פּאָר־קאַרטע פּאַר כאַנאַקאַ. אַ מזל־זאַך... בכלל בין איך חושד, אַז מיין חבר האָט עפּעס אַ באַהאַלטענעם „קניפּל"... נישט בחנם דערלויבט ער זיך אַמאָל אַ קויף צו טאָן עפּעס אויפן באַזאַר צום נאַשן. אַ ביסעלע „אוריוק", צי „קיש־מיש". אַלנפאַלס אָפּטער פון מיר. אויך מיך איז ער אַמאָל מכבד צו פאַרזוכן. לגבי מיר איז ער אַ „שטילער גביר", אומשטיינס געזאָגט...

היות ווו צו נעכטיקן איז דאָך איצט נישטאָ אין קאַגאַן, כאַפּן מיר נאָך די „בוכאַרקע" און פאָרן צו קיין בוכאַרע. דאָרט האָבן מיר דאָך אין אַן עת־צרה אַן אַדרעס. אָבער דאָס מאָל איז אונדז גראָד נישט אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט יענעם אַדרעס. מיר האָבן געפּאַקט אַן אָרט אין אונדזער באַקאַנטער „טשאַי־כאַנאַ". אונדזערע שכנים אויף דער פּריטשע זענען געווען פּוילישע ייִדן. זיי דער־ציילן וועגן מוראדיקן פאַרנעם פון פלעק־טיפוס, דער עיקר צווישן די פּליטים. יעדן טאָג שטאַרבן דאָ צענדליקער.

אין דער פרי — אויפן באַזאַר. עס געלינגט אונדז אָנצוזאַמלען אַ ביסל „סאַ־מאַסייקע" נעבן די זעק פון די אוזבעקן — אַדאַנק דעם אַלטן „טריק" פון נעמען ביי יעדן איינעם אַ קריש צום פאַרזוכן. נישט אַלע אוזבעקן, גאָט צו דאַנקען, האָבן זיך געכאַפּט דערויף.

און אַז מיר האָבן „סאַמאָסייקע", ווערן מיר האָפּערדיקער: מיר האָבן אַליין צו פאַררויכערן און מען קאָן נאָך עטוואָס אויך טוישן אויף ברויט.

— ווייסט איר וואָס? — פֿאַלט איין מיין חבר, — לאָמיר צופֿאָרן קיין קאַגאַן צו אונדזער אַלטיטשקן „זשעלעזנאָדאָראָזשניק“.

— טאָקע אַ פּלאַן, כ׳לעבן. יענער חלשט דאָך נאָך אַ ביסל מאַכאָרקע.

— היידאַ, געפֿאָרן.

— אדרבה. אַ גרויסע נפֿקא־מינה ווו מען שלעפֿט זיך אום?

זענען מיר אַוועק אויפֿן וואָקזאַל און מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען מיר שוין געווען ביי אונדזער אַלטן קונה.

אָבער דאָס מאָל האָבן מיר נישט געטראָפֿן. ס׳הייסט, „סאַמאָסייקע“ דאַרף ער געוואָלדיק. סיי ער, סיי זיין זון, ביידע האָבן נישט וואָס צו רויכערן און גייען ממש אויס נאָך אַ פּאַפּיראָס — אַזוי ווי שטענדיק. אָבער ס׳איז געוואָרן ערגער ביי זיי מיט ברויט. שוין עטלעכע טעג ווי ס׳איז געוואָרן אַ דוחק אין מעל אין בעקעריי און מ׳קריגט נישט אויף די „קאַרטאָטשקעס“ קיין ברויט. מ׳זאָגט, אַז אפֿשר מאָרגן וועט שוין יאָ זיין. אַזוי זאָגט מען אין „לאַראָק“. אָבער זיכער איז ער נישט... אויב מיר ווילן, לייגט ער אונדז פֿאָר אַ „שטשי“, וואָס ער האָט צו־געגרייט אויף „אָביעד“ פֿאַר זיך און פֿאַרן זון. אָבער וואָס טויג אונדז „שטשי“? ברויט דאַרפֿן מיר! ברויט! מיר גייען אויס נאָך אַ שטיקל ברויט.

דער אַלטיטשקער נעמט זיך שטאַרק איבער. מיר זעען, אַז עס קאָסט אים ממש געזונט: געבראַכט אים „סאַמאָסייקע“ אין שטוב אַריין און ער קאָן נישט נהנה זיין. פֿון גרויס רחמנות גיבן מיר אים סתם צו פֿאַררויכערן און קלייבן זיך שוין אַוועקצוגיין.

— מיר וועלן אפֿשר צוקומען מאָרגן, דיעדושקאַ.

— וואַרט, וואַרט, גראַזשדאַניע!

און ער נעמט זיך פֿאָרען ביים קיכל, ביי אַ טאָפּ. ער דערלאַנגט אונדז באַלד אַ שיסעלע „שטשי“ מיט צוויי לעפֿל.

— אַ שיינעם דאַנק, דיעדושקאַ!

געריריטע פֿון זיין גאַסטפֿריינטשאַפֿט, האָבן מיר אים מכבד געווען מיט נאָך מאַכאָרקע אויף אויפֿצודרייען אַ פּאַפּיראָס. מיר זענען אַוועק, הייסט עס, מיט גאָר־נישט — אָן אַ ביסן ברויט.

אַוועק צוריק אויפֿן וואָקזאַל. אפֿשר טרעפֿט מען דאָרט אונדזעריקע? אפֿשר וועט מען זיך צופֿעליק אָנשטויסן אויף באַקאַנטע? אפֿשר אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער הימישער? אַ שרייבער? די וואַרשעווער שרייבער־קאָלעגן, וועמען מיר האָבן געזען אין ביאַליסטאָק ביזן אַרעסט? וווהין האָט זיי אַלעמען צעזייט און צעשפּרייט דער ווײַסטער שטורעם?... אפֿשר ווען מען איז צוזאַמען, וואָלט מען געקאָנט עפּעס אויפֿ־טאָן, אָרגאַניזירן זיך, אַפּעלירן צו עמיצן... וואָלט מען אפֿשר נישט געווען אין

אַזאַ הינטישן מעמד — אָבער ווער ווייס ווו זיי זענען אַלע? ווער אַלץ איז געבליבן אויף יענער זייט, ביים דייטש, און ווער אויף דער זייט? רוסלאַנד איז גרויס און ברייט. די אומענדלעכקייט אַליין... און דער הפקר איז נאָך גרעסער...

זוכן מיר, פרעגן מיר. אָבער דערווייל בחנם.

אין בופעט פון וואָקזאַל איז היינט ליהודים! עפּעס אַן אומגעהויערער געדראַנג פון מענטשן, ווי אויף אַ גרויסן פייערלעכן מאָלצייט. אַלע טישלעך זענען שוין פאַרנומען. נישט נאָר פון פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן דאָ „פּערעסאַדקעס" (איבערשטייגונגען) און דאַרפן „קאָמפּענסירן" (אָפּשטעמפּלען) זייערע בילעטן, נאָר אויך פון סתם מענטשן, דער עיקר, פאַרשטייט זיך, פון פּליטים, וואָס זוכן אומעטום ווו אַ קיי צו טאָן. און טאָמער דערשנאַפּט מען ערגעץ אַ מעגלעכקייט — „דאַיוט!" אָדער „אַטפּוסקאַיוט!"... — ווערט דאָרט באַלד פול, אַן אמתע באַלאַגערונג.

צווישן דעם עולם פּאַסאַזשירן — טייל „פּריווילעגירטע", „קאָמאַנדיראָוואָטשנע" — האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די פּליטים, די קרוע־בלויהניקעס, אין די צעשאָסענע פופייקעס, מיט די נאָכהענגענדיקע שטיקער שמוציקע וואַטע; מיט די חושכדיקע, פאַרוואָקסענע פּנימער; מיט די הונגעריקע בליקן. טייל פון די פּליטים זענען אויך געזעסן ביי די טישלעך און טייל פון זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די טישלעך אין דערוואַרטונג פון אַ פרייען פּלאַץ. ס'איז גראָד היינט געווען אַ געהויבענער מיטאָג אין בופעט. אַ מיטאָג פון צוויי „בליודאָס" (געריכטן): אויף „פּערוואָיע" אַ באָרשטש געשמאַלצן מיט חזיר־פעטס און אויף „וטאָראָיע" — אַ קאָטלעט מיט שאַלראַם; אָבער אָן ברויט... ברויט האָט יעדער עסער געדאַרפט נוצן אייגנס. דאָך האָט עס צווישן דעם גרויסן הונגער אויסגעזען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אַ סאָוועטישער פּאַראַדאָקס! דער דאָזיקער זעלטענער מיטאָג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לכבוד עפּעס אַ יום־טוב־דאַטע פון אַ סאָוועטישן גדול. און נהנה געווען פון דאָזיקן יום־טובדיקן מיטאָג האָבן דאָ נאָר דאָס ביסל מענטשן, וואָס האָבן דורך אַ צופאַל זיך געפונען אויפן וואָקזאַל. אָבער אויך נישט אַלע: פאַר די פּליטים, אָדער פאַר סתם אָרעמע און היימלאָזע, איז דער גאַנצער מיטאָג געווען נישט צוגענגלעך. זעלטן ווער פון זיי האָט זיך עס געקאָנט פאַרגינען. העכסטנס האָט מען זיך באַשטעלט נאָר אַ „פּערוואָיע" — דעם „שטשי".

געווען אָבער אויך אַזעלכע צווישן זיי, וועלכע האָבן אַפילו אויפן „פּערוואָיע" נישט פאַרמאָגט קיין פּאָר גראָשן. אַזעלכע שלימזלס זענען געשטאַנען ביי די טישלעך — ממש די עסער איבער די קעפּ — און געוואַרט, אַז עמיצער זאָל איבערלאָזן עפּעס שיריים אין טעלער. כמעט איבער יעדן טיש זענען געשטאַנען אַזעלכע פאַרשווינענע, מיט די גיריקע, הונגעריקע אויגן. די עסער האָבן געוווסט פאַרוואָס מען שטייט איבער זיי — אַ געוויינלעכע זאַך אין סאָוועט־רוסלאַנד... —

פלעגן טייל פון זיי פון רחמנות־וועגן אָדער מחמת אָפענער צודרינגלעכקייט... — עקסטרע איבערלאָזן עפּעס אין טעלער פאַר די הונגעריקע הינטער זייערע פּליי־צעס: אַ ביסל זופּ אָדער אַ פּיצל קאָטלעט. און ווי נאָר אַזאַ גרויסמוטיקער עסער פלעגט זיך אויפהייבן אַוועקצוגיין, פלעגט זיין אָרט ביים טישל גלייך פאַרנומען ווערן פון אַ הינטערשטן „קאַנדידאַט". יענער פלעגט באַפאַלן דעם טעלער ווי אַ הונגעריקער וואָלף און פלעגט אים אויסלעקן ביזן גרונט.

אַמאָל פלעגט עס קומען צו דראַסטישע סצענעס: ביי אַ טישל, למשל, זיצן עטלעכע עסער און הינטער זיי וואַרטן עטלעכע „קאַנדידאַטן" צו די שיריים. אַז די עטלעכע עסער פאַרלאָזן דאָס טישל, נעמען זיך די „קאַנדידאַטן" רייסן צווישן זיך צוליב דעם טעלער מיטן גרעסטן חלק שיריים. פּראָטעסטירט דער יעניקער, וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פּונקט הינטער די פּלייצעס פון יענעם עסער, וואָס האָט איבערגעלאָזט דעם גרעסטן חלק: — „דאָס איז מיין טעלער! — שרייט ער — מיין חזקה!"

— נישטאָ קיין חזקה! — שרייט דער שטאַרקערער. — חזקה קאָנט איר האָבן ביי „מפטיר" אין בית־מדרש...

און געווינען געווינט, פאַרשטייט זיך, דער שטאַרקערער. ווי תמיד און ווי אומעטום: כל דאלים גבר...

כ'בין געשטאַנען פון דער זייט און זיך צוגעקוקט צו די דאָזיקע סצענעס פון מענטשלעכער געפאַלנקייט מיט טיפן שוידער. ווי נאָענט בין איך אַליין שוין געווען דערפון!... און די מעשה מיטן טעלער „בלינעס" אין וואַגאָן?... וואָסער דאָזע גע־פאַלנקייט פעלט דען צו יענער סצענע צווישן מיר און דעם אָפיציר, כדי זי זאָל זיין אַ קאָפּיע פון די סצענעס אָט דאָ ביי די טישלעך אויפן קאַגאַנער וואָקזאַל?...

ס'האָט מיך ווייַ געטאָן און געשראָקן גלייכצייטיק. וויפל זשע נאָך קאָן פאַלן דאָס מענטשלעכע וועזן אין דעם האַרטן, האָפענונגסלאָזן סאָוועטישן הפקר?...

## 39

## יידן שטראָמען אין דער פוילישער אַרמיי!

פאַרנאַכט אויפן וואָקזאַל ווערן מיר אָנגענעם איבערראַשט.

עס איז אָנגעקומען אַ מיליטערישער עשאַלאָן. נישט קיין לאַגער־עשאַלאָן, ווי אַ שטייגער, די עשאַלאָנען, וואָס גייען אין די סאָוועטישע לאַגערן קיין סיביר אָדער קאָמי... — אַ קליינער עשאַלאָן פון אַ 10—12 וואַגאָנעס. דאָס מיליטער

שטייגט דאָ אויס. מיר קוקן זיך צו — היימישע! פוילישע זעלנער! אמת, די שינעלן זענען ענגלישע, אָבער די היטעלעך פוילישע — „קאָנפעדעראַטקעס“.

קומען מיר צו נענטער צו זיי — יאָ, פוילישע זעלנער פון דער אַנדערס־אַרמיי. מיר צערעדן זיך מיט זיי — ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי פאָרן עס פון טאָצ־קאָיע קיין גוזאַר. איין באַטאַליאָן סך־הכל. דאָ בלייבן זיי שטיין נאָר איבער נאַכט. דאָ איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן אַ וויעטשערע.

שפּעטער האָבן זיך אַלע זעלנער אַוועקגעלאָזט — געפירט דורך אַ סאָוועטישן „קנעפּל“ — אין ערגעץ אַ געביידע אין דער שכנות פון וואָקזאַל. איך מיט מיין חבר — ווי נאָך אַנדערע פוילישע — האָבן זיי באַגלייט מיט דער גרעסטער ניי־געריקייט. מיר האָבן געפונען צווישן זיי נישט ווייניק ייִדישע זעלנער און גענומען זיי אויספרעגן אויף באַקאַנטע, אויף היימישע. דאָס רוב פון דער דיוויזיע — אינ־פאָרמירט מען אונדז — איז שוין אין גוזאַר און דער דאָזיקער באַטאַליאָן איז דער לעצטער, וואָס פאָרט אַהין.

איינער אַ פוילישער זעלנער, וואָס גייט דערנעבן, ווענדט זיך צו אונדז מיט מוסר:

— ראָדאַצי, טשעגאָ שיען שוועגדאַטשע? אידזשטשע דאָ פּאָלסקיעי אַרמיאי. בענדזשעטשע ליודזמי... (לאַנדסלייט, וואָס שלעפּט איר זיך אַרום? גייט אין דער פוילישער אַרמיי. איר וועט זיין צו מענטשן גלייך...).

— ראַציאָ! ראַציאָ! (גערעכט, גערעכט!). — האַלט אונטער אַ ייִדישער זעל־נער. — נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג. כ׳בין אויך געווען אין דער זעלבער לאַגע וואָס איר.

— זיכער גערעכט! — זענען מיר מסכים. — אָבער נישט אונדזער שולד.

עס האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ קנאה־געפיל: אָט זעען מיר מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון הפקר. זיי האָבן ווער עס זאָל פאַר זיי זאָרגן. מיט זיי מוז מען זיך רעכענען.

און אַז די זעלנער זענען אַלע אַריין אין אַ פאַרטער־געביידע און זיך אויסגע־זעצט אַרום די צוגעגרייטע לאַנגע טישן און זיך גענומען עסן פון ווייסע אַלומי־נענע „מענאַזשקעס“ (שיסעלעך) די זופּ (אוודאי באַשטעלט טעלעגראַפיש דורך דער מאַכט), — איז אונדזער קנאה נאָך גרעסער געוואָרן. מיר האָבן געזען באַ־שיינפּערלעך דעם שאַרפן קאָנטראַסט צווישן מענטשן און מענטשן: צווישן מענטשן, וואָס מ׳זאָרגט פאַר זיי, וואָס האָבן אַ באַלעבאָס, אַ טאַטן, — און מענטשן ווי מיר: מענטשן געפאַלענע, צעטראָטענע ווי די ווערים; מענטשן פון הפקר...

אין יענעם אָוונט טאַקע, הינטער די באַלויכטענע פענצטער פון יענער גע־ביידע, איז ביי אונדז, ביי מיר מיט מיין חבר, געפאַלן דער באַשלוס:

— מיר גייען אין דער פוילישער אַרמיי!
— נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג!
— און טאַקע נאָך מאָרגן!
— מאָרגן!

מיר האָבן עס באַשלאָסן אויף יעדן פאַל: צי דער פוילישער פונקט וועט אונדז יאָ געבן אַ „נאַפּראַוולעניע" קיין גוזאַר, אָדער ווען אַפילו ער וועט נישט געבן. מיר פאָרן סיי־ווי־סיי! דאָרטן, אין גוזאַר, וועט מען שוין זען.

דעם גאַנצן אָוונט האָבן מיר זיך געפּלאָנטערט צווישן די „ראָדאַקעס", די פוילישע „אַנדערסאָווצעס". די ייִדישע זעלנער האָבן אונדז געעצהט ווי אַזוי צו טאָן; נישט וואַרטן ביז מ'וועט רופן, אָדער געבן אַ „קאָמאַנדיראָווקע". די פוילישע „פּלאַצוווקעס" איילן זיך נישט איצט צו שיקן ייִדן אין דער אַרמיי. די אַנטיסע־מיטן טענהן שוין, אַז די פוילישע אַרמיי איז גאָרנישט קיין פוילישע, נאָר אַ ייִדישע אַרמיי... „זשידאָווסקאָ אַרמיאָ"... — הערט איר זיי וואָרטשענדיק. איז בכן דאַרף מען נישט וואַרטן, נישט פרעגן קיינעם און אַליין אויף דער אייגענער האַנט פאָרן און זיך מעלדן.

— אַגב, — פאַרטרויט אונדז דער זעלביקער ייִדישער זעלנער, — די פּוי־לישע אַרמיי וועט דאָ אין רוסלאַנד שוין לאַנג נישט פאַרבלייבן. אַ סברה, אַז מיר וועלן גאָר בקרוב פּטור ווערן פון באַלשעוויסטישן „גליקלעכן הימלאַנד"... גע־דענקט עס, ייִדן!

דער דאָזיקער לעצטער אַרגומענט האָט נאָך, פאַרשטייט זיך, מער פאַרפעס־טיקט אונדזער באַשלוס. בלויז ביים געדאַנק אַליין וועגן אַוועקפאָרן פון דאַנען גייט דורך ווי אַ זיסער פלואיד איבער אַלע רמ"ח אברים.

דער מיליטערישער עשאַלאָן איז שפּעט אין דער נאַכט אַוועק ווייטער אין זיין וועג.

מיר זענען געבליבן אויפן וואָקזאַל און האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ באַן קיין גוזאַר. אַ באַן וועט זיין מאָרגן אין אָוונט. אָבער וווהין צו גיין האָבן מיר שוין היינט נישט. די „טשאַיכאַנאַ" איז נאָך געשלאָסן, די „בוכאַרקע" קור־סירט שוין נישט אַזוי שפּעט און מ'קאָן איצט נישט פאָרן קיין בוכאַרע. האָבן מיר אויסגעזוכט עפּעס אַ ווינקל אויפן וואָקזאַל און אַנידערגעקניט אויף דער פּאָדלאָגע. זאָל מען כאָטש פון דער פּאָדלאָגע נישט אַוועקטרייבן... אַ תּירוץ האָבן מיר שוין איצט אַ גרייטן — און אַן אמתן תּירוץ: מיר פאָרן אין דער פוילישער אַרמיי!

געמאַטערט זיך די נאַכט, געפּלאָגט זיך אָן שלאָף. אין די אויגן האָט עס געשטאָכן, ווי פון זאַמד. אָבער נישקשה, ביז מאָרגן...

גאָר ביז מאָרגן...

אין דער פרי זענען מיר פונדעסטוועגן אַוועק אין „פוילישן פונקט״: אפשר וועלן זיי אונדז פאָרט געבן עפּעס אַ פּאַפּירל צו דער פּוילישער אַרמיי אין גוזאַר.

דער „פּוילישער פּונקט״ אין קאַגאַן איז געווען אַ זייער נעבעכדיקער: עפּעס אַ קליינע „בודע״, אַ מין קיאָסק. דאָרט זענען געזעסן צוויי ציווילע פּאָליאַקן, וואָס האָבן רעגיסטרירט, געגעבן אינפאָרמאַציעס. רעגיסטרירט זענען מיר שוין פון לאַנג ביי זיי.

מיר שטייען ביים פענצטערל און יענע פרעגן אויס:

— שוין רעגיסטרירט, ראָדאַצי?

— רעגיסטרירט.

זיי קוקן נאָך — יאָ, עס שטימט. רעגיסטרירט.

— וואָס פאָרלאַנגט איר, פּאַנאָוויע?

— אַ צעטל אין דער פּוילישער אַרמיי.

— מיר גיבן נישט אַרויס קיין צעטלען. — ענטפערט איינער פון זיי.

— קיינעם נישט?... — פרעג איך איבער.

יענער האָט פאַרשטאַנען מיין מיין און ענטפערט מיט באַליידיקטן „האָנאָר״:

— איר האָט געהערט: מיר גיבן נישט קיין צעטלען.

— אָבער די אַרמיי פאָרמירט זיך דאָך שוין... ווילן מיר פאָרן קיין גוזאַר.

— אויב איר ווילט פאָרן, — פאָרט.

— אָן שום פּאַפּירל?

— מיר גיבן נישט.

— און ברויט אויפן וועג וועט איר אונדז געבן?

— היינט, פּאַנאָוויע, האָבן מיר נישט קיין ברויט. אפשר מאָרגן וועלן מיר באַקומען טאַלאָנען.

— דזיענקויען באַרדזאָ... אַז היינט פאָרן מיר שוין קיין גוזאַר...

מיר זענען אַוועק פון אונדזערע פּוילישע „פּאַרזאָרגער״ מיט גאָרנישט. פאַר־פאַלן, — זענען מיר פעסט ביי זיך. — מיר וועלן פּרוּוון מזל אָן דער הילף פון אונדזערע ליבהאַרציקע „ראָדאַקעס״. אַפּנים, זיי היטן דאָ גוט אָפּ די בוכהאַל־טעריע: ייִד און נישט־ייִד...

דערוואַרט זיך אויפן אָוונט — אויפן צוג קיין גוזאַר. אַז מיר זענען שוין געווען אינעווייניק, האָבן מיר געזען, אַז מיר זענען נישט די איינציקע, וואָס פאָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. אַ גאַנצער וואַגאָן פּוילישע האָט זיך צונויפגענומען. זעט אויס, אויך פאַר די „פּראָוואָדניקעס״ פון דאָזיקן צוג איז עס קיין נייס נישט

געווען און זיי האָבן גאָר קיין בילעטן נישט פאַרלאַנגט. אַז אַן אונדזעריקער איז צוגעקומען צו דער באַן, האָבן זיי שוין דערקענט און פאַרשטאַנען.

— וו׳פּאָלסקויו אַרמיִו? (אין דער פּוילישער אַרמיי?).

— דאַ, וו׳פּאָלסקויו אַרמיִו.

האָבן די „פּראָוואָדניקעס״ אָנגעוויזן אויף דעם פּוילישן וואַגאָן. פאַרשטייט זיך, אַז דער גרעסטער טייל פּוילישע אין וואַגאָן — אוודאי 90 פּראָצענט! — זענען געווען ייִדן.

די שטימונג ביי אַלעמען איז געווען אַ הייטערע. עולם האָט דערמאָנט — נישט היינט געדאַכט! — דעם עשאַלאָן, מיט וועלכן מ׳איז געפאָרן אין לאַגער... היינט פאָרט מען פרייוויליק... און ווער ווייס, אפשר וועט מען נאָך זוכה זיין צו פאָרן אויך אַזוי צוריק, צוריק... צוריק אַהיים... קיין פּוילן... קיין וואַרשע... קיין לאָדזש... קיין לובלין... ווער ווייס, ווער ווייס?...

עס האָט זיך אַפילו אין וואַגאָן דערהערט אַ זמרל. דאָס האָט עמיץ פון אַ באַנק פאַרצויגן מיט בענקשאַפט אַמאָל אין אַ נאָווינע:

בעלז, מיין שטעטעלע בעלז — — — — —

עס האָבן נאָך אַנדערע אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און מ׳האָט געזונגען בציבור.

איך האָב געפילט בעת־מעשה, אַז די דאָזיקע הייטערקייט ביי די מענטשן פונעם הפקר איז געבוירן געוואָרן אין אַ רגע, ווען זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ שטרוי אויף די ברויזנדיקע כוואַליעס — — — — — —

אין באַגינען איז דער צוג צוגעפאָרן צו סטאַנציע גוזאַר.

און וווּנדער איבער וווּנדער — וואָס די אויגן זעען:

אין סאַמע פראָנט, איבערן וואָקזאַל, פלאַטערט אַ פּוילישע פאָן! בפירוש די פּוילישע נאַציאָנאַלע קאָלירן: ווייס־אַמאַראַנט!

## 40

## אין גוזאַר

אויפן פעראָן פון וואָקזאַל האָבן זיך אַרומגעדרייט צוויי פּוילישע זשאַנדאַרן מיט ביקסן אָנגעהאָנגענע אויף די אַקסלען. זיי האָבן געזוכט מיט די אויגן און באַלד זיך אָפּגעשטעלט נעבן אונדז:

— ראַדאַצי? דאָ אַרמיאַ פּאָלסקיעי? (לאַנדסלייט? אין דער פּוילישער אַרמיי?)

— גיט איינער פון זיי אַ פרעג.

— טאַק יעסט, ראָדאַקו! (אַזוי איז עס, לאַנדסמאַן!), — ענטפערט אים אַ צופרידענע שטים פון אַן אונדזעריקן.

די פּוילישע פּאַן, די פּוילישע זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אויפן פּעראָן, די פּוילישע שפּראַך — דאָס האָט ביי אַלע נע־ונדניקעס אַרויסגערופן אַ פריידיק געפיל: עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט עפּעס היימישקייט. און איטלעכער פון אונדז איז טיף אין האַרצן צופרידן געווען, וואָס ער האָט אויסגעקליבן דעם דאָזיקן וועג... מ'האָט באַלד טאַקע דערשפּירט, — אַזוי ווי מ'האָט דערוואַרט, — אַז מען האָט דאָ אַ שטיקל אַדרעס — דער איינציקער אַדרעס! — אין גרויסן, מדבר־דיקן, ווילד־פרעמדן לאַנד, ווו מ'האָט זיך קיין אָרט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען...

עס האָבן כמעט אַלע פּוילישע — ייִדן ווי פּאָליאַקן — גוט געוווסט און זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז נישט דאָס געפיל פון פּאַטריאָטיזם איז געווען די עיקר־סיבה, וואָס האָט געבראַכט די מענטשן אַהער, צו דער אַרמיי: אויסגעפּייניקטע אין צרות און עינויִים, אין שבעה מדורי גיהנום — לאַגער, חולאתן, הונגער, פאַרוואָגלטקייט... — איז די היים דאָך געווען פאַר אונדז שוין אַ ווייטע כימערע... הגם געווען אויך אַזעלכע, וואָס אין זיי האָט געטליעט אַ נקמה־פייער קעגן נאַציש אָקופּאַנט, וואָס מאַכט חרוב די היימישע שטעט... דער עיקר האָבן געפיבערט מיט נקמה יענע ייִדן, וואָס האָבן שוין אין האַרצן פאָרויסגעזאָגט דעם אומגליק פון „דאָרטן"... אָבער דער גרונט־כוח, וואָס האָט געטריבן און צונויפגענומען די פּוילישע אין דער פּוילישער אַרמיי, איז געווען די גרויסע קללה פון נע־ונד... דער הפקר, אין וועלכן די עלנטע זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן; דער בלינדער אינסטינקט זיך צו ראַטעווען פון הונגער, פון קראַנקייטן, פון הפקרדיקן אומקום — — — דער דראַנג צו אַנטלויפן פון דער טרויעריקער סאָוועטישערווירקלעכקייט צו „אייגענע", צו היימישע, צו „ראָדאַקעס", ווען עס פאַראייניקט דאָ איין צרה... איין אומגליק...

די פּוילישע אַרמיי איז אין יענע טרויעריקע טעג געווען פאַר די מענטשן פון נע־ונד דאָס איינציקע ליכטיקע פּינטעלע אין חושכדיקן ים פון צרות און פּיין. די פּוילישע אַרמיי איז דאָך אַ קאָנצענטראַציע פון „אייגענע", פון היימישע. דאָ נעמט מען זיי אַרויס פון גיהנום, מען נעמט זיי אויף, מען זאָרגט פאַר זיי, מען טוט זיי אָן, מען קאָרמעט זיי אָן, מען גיט זיי צוריק אַ מענטשלעך אויסזען. פאַראַן אַן „עמיצער" — אין אויסלאַנד! — וואָס זאָרגט פאַר די דאָזיקע מענטשן אין שינעלן.

דעריבער האָט אונדז אַלע אָנגעקומענע באַלד אויף דער סטאַנציע אין גוזאַר אַרומגענומען אַ וואַרעם געפיל — ווי נאָר מיר האָבן דערזען די פּוילישע פאָן און די זשאַנדאַרן, וואָס האָבן געוואַרט אויף אונדזער צוג.

דער צוג, ווייזט זיך אַרויס, קומט דאָ אָן אַלע טאָג אין דער פרי און תמיד קומען אָן מיט אים פּאַרטיעס פּוילישע אין דער אַרמיי. אויפן וואָקזאַל איז דאָ דעריבער פאַראַן אַ סטאַבילע פּוילישע קאָמענדע.

די זשאַנדאַרן האָבן אונדז אַלעמען צונויפגענומען אין איין גרופּע, אַריינגע־פירט אינעווייניק, ווו ס׳איז געזעסן אַן אַנדער זשאַנדאַר ביי אַ טישל און אונדז אַלעמען רעגיסטרירט אין אַ רשימה. בלויז יעדנס נאָמען פאַרשריבן. נאָכן פאַר־שרייבן האָט אונדז איבערגענומען אַן אַנדער זשאַנדאַר. ער האָט אונדז אַרויסגע־פירט אויף יענער זייט און אויסגעשטעלט אין שורות צו פיר — אין מיליטערישער אָרדענונג. צונויפגעקליבן זיך אַ מאַן 40. ער פאַרויס און מיר נאָך אים. אַזוי האָבן מיר זיך געלאָזט איבער אַ בלאָטיקן וועג, צום שטעטל־צו. ביינאַכט, ווייזט אויס, האָט דאָ נישקשהדיק גערעגנט. מיר מוזן לאַווירן מיט דער בלאָטע, מיט די לוזשעס און אונדזערע שורות פאַרלירן די מיליטערישע סימעטרישקייט. מ׳האָט זיך אַזוי געשלעפּט אַ דריי־פיר קילאָמעטער, טאָפּטשענדיק מיט די צעשאָסענע שיך איבער דער נאַסקייט. אָבער דער וועג איז דאָך אַלעמען גרינג געווען. מיר גייען דאָך מיט „אייגענע״, מיט אַן „אייגענעם״ פירער, צו דער „אייגענער״, צו דער פּוילישער אַרמיי.

נייך, נישט קיין געפיל פון געוויינלעכן פּאַטריאָטיזם איז עס געווען ביי די מענטשן אין די דאָזיקע מינוטן, — דאָס איז געווען אַ דערלייכטערונגס־געפיל פון אויסגעפּייניקטע אסירים, וואָס דערשפּירן זיך פלוצלונג אויפן וועג פון דער־לייזונג — — — — — —

מיר זענען צוגעקומען צום צופוסנס פון אַ הויכן באַרג ביים שטעטל. אויבן אויפן באַרג איז די „סטאַציאַ זבאָרנאַ״ — דער זאַמל־פּונקט. מיר שטייען פאַר עפּעס אַ קאַנצעליאַריע. ביי דער געביידע זיצט איינער אַ פּוילישער זעלנער, אַ שרייבערל, קאָנטראָלירט איטלעכנס דאָקומענטן, נעמט אויף די מענטשן. מיר שטייען אַלע אין דער ריי. ביי יעדערן פאָדערט ער זיינע פּאַפּירן — אייגנטלעך די באַפרייאונגס־צייגעניש פון לאַגער, תפיסה אָדער „פּאָסיאָלאָק״ (פאַרשיקונג־מקום). דאָ פאַרשרייבט מען שוין אויספירלעך די פּערסאָנאַליען. די פאַרשריבענע שטעלט מען אויס אין אַ שורה ביי דער זייט.

עס איז שוין אויך אַ פאַרשריבענער מיין חבר. ער שטייט שוין צווישן די גליקלעכע. אויף זיין פּנים שטראַלט אַ פריידיקער שמייכל.

עס האָלט שוין ביי מיר. דער זעלנער־שרייבערל קוקט אַריין אין מיין באַפרייאונגס־פּאַפּירל פון לאַגער און דערלאַנגט עס מיר גלייך צוריק:

— ניע, פּאַניע, ניעסטעטי... (ניין, מיין הער, צום באַדויערן).

— וואָס איז? — קוק איך אים אָן אַ דערשטוינטער.

ער דערקלערט מיר, אַז איך קאָן אין דער אַרמיי נישט אָנגענומען ווערן, ווייל איך בין עלטער מיט עטלעכע יאָר ווי מען דאַרף.

— סטייטש ? !

— טאַק יעסט! נאַסטענפּני! (אַזוי איז עס! דער ווייטערדיקער פון ריי!).

און ער נעמט שוין דאָס פּאַפּירל פון דעם, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר. כ'בין אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער ריי.

די אַנטוישונג איז פאַר מיר געווען אַ פּיינלעכע. ממש אַ טראַגישע. כ'האָב אין דער רגע דערפילט, ווי די רעטונגס־ברעט האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מיינע הענט... כ'בין געשטאַנען אַ באַטריבטער, אַ דערשלאָגענער. כ'בין אין דער מינוט פעיִק געווען זיך פאַנאַנדערצוכליפּען. דער קלאַפּ איז נאָך שווערער געווען, וואָס מיין איינציקער נאָנטער מענטש, דער חבר פון נע־ונד, איז פון מיר אָפּגעריסן געוואָרן. אים האָט מען דאָך יאָ צוגענומען — ער איז יינגער פון מיר — און איך בין געבליבן אַליין. אינגאַנצן אַליין...

מיין חבר, וואָס איז געשטאַנען פון דערווייטנס אין דער שורה צוגענומענע, האָט זיך צוגעקוקט און דערפילט אפנים מיין גרויסן צער. ער האָט געטאָן אַ פאָר שפּאַן אין מיין ריכטונג און מיר צוגעוואָרפן:

— גייט אַריין אין „טשאַיכאַנאַ". כ'וועל שפּעטער קומען צו אייך.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט פּאַמעלעכע טריט, ווי בעת אַ לוויה, בין איך אַוועק אין דער ריכטונג צום שטעטל. מיינע צעכליאַפּעטע שיך האָבן פון אינעווייניקסטער נאַסקייט אונטערגעפּייפט. גלייך ווי זיי וואָלטן געוויינט אויף מיין בראָך . . .

דערשלעפּט זיך צום צענטער — צום באַזאַר. געטראָפן דאָ, ווי דער שטייגער אומעטום, פּוילישע ייִדן. היימישע ארחי־פרחיניקעס. זיי זוכן נעכטיקע טעג. דערפרעגט זיך צו דער „טשאַיכאַנאַ". טאַקע נישט ווייט פון באַזאַר. פאַרכאַפּט אַן אָרט אויף דער נאַרע. כ'ציִ זיך אויס אין דער גאַנצער לענג. אויפן האַרצן איז קאַלעמוטנע. ס'וואָלט גוט געווען אַנטשלאָפן ווערן און פאַרגעסן אָן אַלץ...

דער הונגער לאָזט אָבער נישט שלאָפן. גוט וואָלט געווען צו קויפן עפּעס אויפן באַזאַר. געזען דאָרטן „לעפּיאָשקעס", פּלעשער מילך. אָבער פאַר וואָס קויפט מען עפּעס? מיין גאַנצער פאַרמעג איז איצטער — 2 רובל! ווייניק אַפילו פאַר דער קלענסטער „לעפּיאָשקעלע".

פונדעסטוועגן, אַז כ׳האָב זיך שוין אַ ביסל אויסגערוט, טראַכט איך צו כאַפּן אַ קוק אויפן באַזאַר. אפשר... אפשר וועט דאָרט געשען עפּעס אַ „נס״?...

כ׳האָב געבעטן מיין שכן אויף דער פּריטשע — אויך אַ פּוילישער ייִד — ער זאָל אָפּהיטן מיין פּלאַץ. ער האָט מיר צוגעזאָגט. ליתר תוקף האָט ער אַרויפגעלייגט דאָרט זיינע אַ שמאַטע, כדי צו קאָנען זאָגן, אַז דער פּלאַץ איז פאַרנומען.

כ׳בין אַראָפּ צום באַזאַר און —

דער „נס״ איז טאַקע געשען...

אין איין ווינקל פון באַזאַר, ביי אַ פאַרקאַן, איז געשטאַנען אַ גאַנצע שורה אוזבעקן און אוזבעטשקעס מיט זעקלעך „סאַמאָסייקע״. און ס׳איז מיר גלייך איינגעפאַלן אַנצווועדן יענעם אַלטן „טריק״: בעטן פאַרזוכן... כ׳האָב גענומען אַ פּיצל צייטונגס־פּאַפּיר צווישן די פינגער אויף אַנצושיטן דערויף אַ ביסל „סאַמאָסייקע״ צו פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס און געגאַנגען — מיט קליינע הפסקות — פון אוזבעק צו אוזבעק...

— גיב, אַקאַ, אַ ביסעלע... כ׳וועל פּרווון צי ס׳איז גענוג שטאַרק...

— גיב, אַפּאַ, אַ ביסעלע צו פאַרזוכן...

און ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלן: אַז איך האָב נאָר באַקומען פון איינעם צו פאַרזוכן, האָב איך זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט און אַריינגעשאָטן דאָס ביסל „סאַמאָסייקע״ אין קעשענע אַריין... דאַן בין איך אומבאַמערקט צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער אוזבעק מיטן זעלבן פּזמון:

— גיב, אַקאַ, צו פאַרזוכן...

און אַזוי כסדר. אפּנים, דאָ אין גוזאַר האָבן זיך די אוזבעקן נאָך נישט געכאַפּט אויף דער „קאָמבינאַציע״... גוזאַר איז נאָך, הייסט עס, אין דער הינזיכט, אַ קרקע בתולה... קיינער פון די אוזבעקן האָט נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אויף פּראָבע אַ קליין ביסל קערנדלעך אויף צו פאַרדרייען. און פון די אַלע קליינע ביסעלעך איז ביי מיר כמעט פול געוואָרן די קעשענע.

אַז איך האָב שוין „סחורה״, בין איך געוואָרן אַ ביסל הייטערער. כ׳בין אַריין צוריק אין „טשאַיכאַנאַ״, ווידער פאַרנומען מיין פּלאַץ און ברייטלעך פאַרדרייט אַ פּאַפּיראָס. אויב נישט עסן, איז כאָטש רויכערן.

— איר האָט מאַכאָרקע? — פרעגט מיך באַלד דער שכן.

— יאָ, איך האָב.

— אפשר וואָלט איר מיר פאַרקויפט אַ ביסל?

— כ׳קאָן אייך אָפּטרעטן אַ גלעזל פאַר ברויט.

— ווער האָט ברויט? כ׳וועל אייך באַצאָלן און איר זוכט אייך אַליין ברויט.

און דער מסחר איז געמאַכט. פאַרקויפט מיין שכן אַ גלאָז, פאַרקויפט נאָך

עמיצן אין „טשאַיכאַנאַ" — פאַרשטייט זיך, ביליקער ווי אויפן באַזאַר; אַנדערש וואָלט דאָך די קונים נישט געלוינט... — און שוין, כ'האָב שוין אַכט רובל אין מיין „פאַדקוּוקע" און דערצו נאָך לערך אַ גלאָז מאַכאָרקע פאַר זיך אַליין צום רויכערן. „מיין ליבכען, וואס ווילסט דו נאָך מער?"...

בין איך דאַן ווידער אַראָפּ אויפן באַזאַר און געקויפט אַ „לעפּיאָשקע" מיט קאַטיק. באַלד אויפן אָרט פאַרצערט און בין געוואָרן מונטערער. באַרוּיקט אַ ביסל דעם הונגער. „אמת — טראַכט איך — ס'איז נאָר אויף דער וויַיל, אויף אַ חיי־שעה. אָבער דורך די אַלע חיי־שעה וועל איך אפשר קאָנען אויסדויערן? צוקומען ביז צו דער מעטע?"...

נאָכן עסן... אייגנטלעך: נאָכן אויפנאַשן דאָס געקויפטע, האָב איך ווידער געפּרוּווט מזל ביי די אוזבעקן מיט דער „סאַמאָסייקע". טאַקע געדאַרפט האָבן דערביי אַ „יאַנדעס" און חוצפּה... פון וואַנען כ'האָב עס גענומען אין דער רגע ווייס איך נישט...

און ס'איז מיר אויך ס'ניי געלונגען כמעט אין אַלע הונדערט פּראָצענט. בלויז עפּעס איין אוזבעק האָט מיך דערקענט, אַז כ'האָב שוין ביי אים איין מאָל גענומען אויף פּראָבע, און ער האָט מיר מיט אַ האַנט־באַוועגונג אָפּגעזאָגט:

— יאָק... יאָק...

ס'הייסט: נישטאָ... נישטאָ... הולך געגאַנגען...

אָבער טאַקע דער איינציקער. ביי די אַלע איבעריקע איז עס אַנגעגאַנגען, און אַזוי אַרום איז מיין קעשענע ווידער פול געוואָרן מיט „סחורה". וועט שוין ווידער זיין צום טוישן אויף ברויט... איז קאָן מען שוין דערווייל פון הונגער נישט שטאַרבן. גיט מען זיך שוין אַן עצה...

ליג איך ווידער אויף דער פּריטשע אין „טשאַיכאַנאַ" און רויכער בהרחבה איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. כאַפּ אַפילו אויך אַ דרימל אין דער וואַרעם, נאָכן אָנטרינקען זיך מיט אַ פּאָרציע גרינעם טיי.

איך כאַפּ זיך אויף — ס'איז שוין פאַרנאַכט. עס גלוסט זיך גאָרנישט אַראָפּ־גיין פון דער פּריטשע. וווּהין? די געסלעך טרינקען זיך עס ממש אין בלאָטע. ליג איך און טראַכט: וואָס ווייטער? זענען שוין אַלע וועגן טאַקע אָפּגעהאַקט? איז טאַקע נישטאָ קיין אויסוועג?...

דער מוח אַרבעט רוּיקער. דער הונגער שטערט נישט. אַ ביסל דאָך אים איינגענומען... די פּאַפּיראָסן העלפן מיט צו טראַכטן. האָב איך זיך טאַקע דער־טראַכט צו אַן אויסוועג פון דער געשאַפּענער לאַגע.

כ'האָב זיך דערטראַכט:

כ'גיי מאָרגן ווידער צו דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ" און זאָג, אַז כ'בין אַלט כך

וכך, דאָס הייסט, כ׳גיב אַן מיט עטלעכע יאָר וויניקער... אי דער דאָקומענט? ווען איך זאָגן, אַז איך בין אַן אַ דאָקומענט; אַז מ׳האָט ביי מיר דעם דאָקומענט גע־גנבעט... — אַ געוויינלעכע זאַך דאָך דאָ אין רוסלאַנד... — און אויב זיי ווילן דווקא עדות, וואָס קאָנען באַשטעטיקן מיין אידענטיטעט, האָב איך דאָך אַן עדות — צ. ז.... אַגב האָב איך דאָך נעכטן, בעת דער אויפנאַמע אויף דער „סטאַציאַ זבאַרנאַ", אַליין געהערט ווי אַ פּאָר האָבן אָנגעגעבן: „די דאָקומענטן געגנבעט"... און ס׳איז זיי אַדורך.

יאָ, אַזוי טו איך. איך טראַכט אַרום גענויער דעם פּלאַן און באַשליס: מאָרגן, גאַנץ פרי, איידער דער צוג קומט אַן קיין גוזאַר, וועל איך זיך אַוועקלאָזן צום חאַקזאַל, אַנטקעגן דער נייער פּאַרטיע פּוילישע. דער זשאַנדאַר גייט דאָך פּאַרויס, וועל איך זיך פון הינטן אויסמישן מיטן עולם.

אין מיטן מיינע זיסע מחשבות איז אין „טשאַיכאַנאַ" אַריינגעקומען אַ פריי־דיקער צ. ז.. באַלד אין דער ערשטער רגע פאַרט ער אַרויס אַ שמייכלדיקער:

— איר ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאַלן? איר קאָנט מאָרגן ווידער גיין צו דער „סטאַציאַ זבאַרנאַ". גיט זיך אַן מיט אַ פּאָר יאָר יינגער...

— גוט שבת! סקאָצל קומט! איר האָט אַ ביסעלע פּאַרשפּעטיקט מיט אייער איינפאַל. איך האָב שוין אַליין אויך פּאַרטראַכט דעם פּלאַן. מאָרגן געשעט עס.

— אומבאַדינגט! פרעגט זיי בחרם. זיי וועלן איך דען דערקענען?

— זיכער נישט.

— זעט איר? לא אלמן ישראל...

— יאָ, אַ גוטער אויסוועג. דער בעסטער סימן: ס׳איז אונדזביידן איינגע־פאַלן דאָס זעלבע. נו, און ווי גייט עס אייך אויף דער „סטאַציאַ זבאַרנאַ"?

— אויסגעצייכנט! — רופט ער אויס אַ שיינענדיקער, — באַקומען 800 גראַם ברויט, עטלעכע „קאָסטקעס" צוקער און עס גלייך פּאַרטיק געמאַכט. צו מיטאָג האָט מען געגעבן אַ פעטע רייז־זופּ, אַ הירזש־קאַשע און אַ שטיקל פלייש. געקריגן נאָך זופּ אויף „רעפּעטע". געוואָלט טאַקע ברענגען אייך אַ ביסל קאַשע, אָבער נישט באַקוועם צו שלעפּן זיך מיטן קעסעלע. מילא, ביז מאָרגן... מאָרגן וועט איר זיכער שוין זיין מיט מיר און וועט זיך אויך אָננעסן אַזוי ווי איך היינט...

— הלוואי! אַ דאַנק פאַר דער ראָזער האָפענונג...

איך ווידער דערצייל אים וועגן מיינע „גליקן" אויפן באַזאַר און מיר פאַר־רויכערן. קיין „סאַמאָסייקע" פעלט דאָך מיר איצט נישט.

— איר ווייסט? — זאָגט מיין חבר, — שלאָפן לוינט בעסער צו קומען אַהער. אויבן אויפן באַרג, אין די פּאַלאַטקעס, איז קאַלט און פייכט. אַ סך גנבענען זיך אָפּ און גייען אַוועק אין שטאָט אויף נאַכטלעגער.

צ. ז. האָט זיך טאַקע ווי עס איז אַריינגעשטופּט נעבן מיר אויף דער פּריטשע און איז שוין געבליבן נעכטיקן אין דער „טשאַיכאַנאַ". אַ ביסל שפּעטער אין אָוונט האָט געוווּמען אָנקומען מער עולם. דאָס רוב טאַקע מענטשן פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ". מ'אַנטלויפט פון נאַכטיקער קעלט. ס'איז געוואָרן אַ שטופּעניש, אַ שטויסעניש אויף דער פּריטשע. וועגן שלאָפן איז שוין נישט געווען וואָס צו טראַכטן.

קוים דערלעבט עס זאָל שוין ווערן באַגינען. מיר זענען ביידע אַרויס פון „טשאַיכאַנאַ". דער רעגן ביינאַכט האָט נאָך מער פאַרטרונקען די בלאָטיקע גאַסן. מיין חבר איז אַוועק צום באַרג — צו דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ", איך — אין דער ריכטונג צום וואָקזאַל. כ'בין געקראָכן פּאַמעלעך. האָב געמוזט מאַניפּולירן נישט אַריינצוקריכן אין די לוזשעס, וואָס אויפן וועג. צום גליק האָט איצט פון הימל נישט געגאָסן. עס איז געגנוג געווען די נאַסקייט אויף דער ערד...

געקראָכן, געקראָכן ביז איך האָב פון דערווייטנס באַמערקט, ווי עס באַוועגט זיך אַ קליינע מחנה. אַז כ'בין שוין געווען נענטער, האָב איך געזען: פאַרויס גייט אַ זעלנער, דער פירער פון דער גרופּע. די מענטשן אין דער גרופּע, זע איך שוין קלאָר, זענען ווי אַ קאַפּיע פון די נעכטיקע מענטשן. פּוילישע ייִדן. קרוע־בלויה־ניקעס, וואָס מ'זעט דאָ אומעטום אויף די וועגן, אויף די באַזאַרן. זיי קריכן איצט אַזוי פּאַמעלעך, אַזוי מיד, ווי נאָך אַ קראַנקייט. קוים וואָס זיי שלעפּן די פיס.

אָט מיידן מיר זיך שוין. איך כאַפּ אַ קוק, צי עס זענען אַמאָל נישטאָ דאָ קיין באַקאַנטע פּנימער. ניין, איך דערקען קיינעם נישט.

אַז כ'בין געבליבן הינטער זיי — אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק פּערשוין — האָב איך מיך אויסגעדרייט און געוווּמען נאָכגיין נאָך דער גרופּע לכתחילה אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ. וואָס ווייטער האָב איך זיך דערנענטערט און אָט בין איך שוין ביי דער הינטערשטער ריי. צוליב דער פאַרגאַסנקייט פון וועג זענען זיי סיי־ווי־סיי נישט געגאַנגען אין גלייכע שורות צו פיר. מ'האָט זיך צעשאָטן — ווי ווען עס איז אויסגעקומען צו קאָמבינירן מיט די לוזשעס. כ'פאַרפיר מיט איינעם אַ שמועס — און שוין, מיר גייען שוין אַזוי צוזאַמען ביז צו דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ".

פּונקט ווי נעכטן האָט מען אויך היינט געהייסן אַלעמען זיך אויסשטעלן אין אַ ריי, כדי פאַרשריבן צו ווערן. איך בין געשטאַנען פון סאַמע הינטן. אַ ביסל אומרויִק בין איך יאָ געווען. ווער ווייס, צי עס וועט אַדורכגיין? כאָטש פאַרשריבן האָט איצט אַן אַנדער זעלנער, נישט דער וואָס נעכטן. אפשר וועט דער דאָזיקער דווקא פאָדערן אַ דאָקומענט? דאַן צעפאַלט זיך מיין גאַנצער פּלאַן.

עס דערגרייכט לסוף די ריי צו מיר. דאָס האַרץ קלאַפּט אַ ביסל.

— דאָוויד? (דאָקומענט?), — פרעגט מיך דער זעלנער.

— מ׳האָט מיר אָפּגעגנבעט די „אודאָסטאָווערעניע״ פון לאַגער.
יענער קוקט מיך אָן מיט אַ פרעג־צייכן.
— אין וועלכן לאַגער זענט איר געווען?
— אין אוכטאַ... קאָמי־אסס״ר...
באַלד נעמט ער מיך אויספרעגן די פערסאָנאַליען.
— געבורטס־דאַטע?
איך זאָג אים מיט עטלעכע יאָר יינגער. כ׳דערשפּיר בעת־מעשה אַ נישט־זיכערקייט. צי האָט ער נישט באַמערקט קיין וואַקלדיקייט אין מיין טאָן?...
— אייער גליק... מיט איין יאָר עלטער, וואָלטן מיר אייך נישט אָנגענומען...
— יאָ, מיין גליק... — שמייכל איך שוין דרייסטער.
אויסגעהאַלטן, הייסט עס, דעם עקזאַמען...
איינער אַ זעלנער מיט אַ רשימה אין דער האַנט נעמט צונויף די גאַנצע גרופּע און הייסט אונדז גיין נאָך אים. מ׳קריכט אויף אַ שמאָל שטעגל, באַרג־אַרויף. אַז מען דערנענטערט זיך שוין צום אויבערשטן ראַנד פון באַרג דערהער איך מיין חברס שטים. ער רופט מיך ביים נאָמען. דאָס האָט ער מיך אָפּגעוואַרט און געמאַכט מיר אַ ברוך הבא:
— האַלאָ, האַלאָ! שלום עליכם!
ער איז צו מיר צוגעלאָפן מיט שמחה און מיך באַגלייט.
— זעט איר, האָ?... — האָט ער געשמייכלט. — מ׳מוז זיך קאָנען אַן עצה געבן נישט נאָר ביי די רוסן, נאָר אויך ביי די פּאָליאַקן...
— איר ווייסט, — זאָגט ער מיר ווייטער. — איר וועט אַריין אין מיין דרוזשינע. מיר וועלן זיין אין איין פּאַלאַטקע. כ׳האָב שוין גערעדט מיטן „דרוזשי־נאָווי״. אַ היימישער ווילער חברהמאַן, אַ ייִד.
און אַזוי איז טאַקע געווען. אין געציילטע מינוטן נאָכדעם האָבן מיר זיך שוין אַרומגעדרייט צוזאַמען. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט אין וואָסער נייער וועלט איך בין אַריינגעפאַלן. כ׳בין געווען ווי פאַרשיכורט, גלייך ווי אַ שווערער, שווערער יאָך וואָלט אָקאָרשט אַראָפּגעפאַלן פון מיינע פּלייצעס. ס׳איז געווען אַ שטיק פלאַכקייט אין דער הויכקייט, אויף אַ הויכן באַרג. דער באָדן איז באַדעקט מיט שורות, שורות לייוונטענע געצעלטן. צווישן די געצעלטן ראַיעט עס מיט מענטשן. ייִדן און פּאָליאַקן. אַלע קרוע־בלויה. אינעם הולך אַ קנאַפּער אונטערשייד. ס׳האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַן אינדזל פון אָרעמקייט.
— קיין מלבושים גיט מען דאָ נישט אַרויס? — פרעג איך.
— ערשט נאָך דער קאָמיסיע, אַז מען ווערט אָנגענומען אין מיליטער. דערווייל קריגן זאַכן נאָר יחידי סגולה.

— אַזוי? אויך דאָ גייט אָן די זעלבע סיסטעם? „פּאָ בלאַטו״?... דורך אַ פּראָטעקציעלע?...

— אומעטום איין וועלטל. מ׳טוט און מ׳גנבעט... נישקשה, די פּאָליאַקן־נאַ־טשאַלניקעס קאָנען עס נישט ערגער פון די רוסן...

און צ. ז. דערציילט מיר ווייטער:

— ווי איר קוקט דאָ אָן דעם עולם, זענען זייער אַ סך פאַרשריבן אין צוויי דרוזשינעס און באַקומען אַזוי־אַרום טאָפּלטע פּאַרציעס. איין פּאַרציע ברויט עסט מען אַליין יעדן טאָג און די צווייטע פאַרקויפט מען אויפן באַזאַר. איך אַליין האָב זיך אויך פאַרשריבן אין צוויי דרוזשינעס. אַז סיי־ווי־סיי גנבעט מען דאָ אויפן רוסישן שטייגער — טאָ לאָמיר אויך עפּעס געניסן פון דעם „באַלאַגאַן״... וועל איך פאַר דער אַנדער פּאַרציע ברויט זיך קאָנען קויפן אויפן באַזאַר אַ ביסל מילך, צי קאַטיק, צי גאָר אַ העמד אויפן לייב... אויב איר ווילט, קאָן איך איבער־ריידן מיטן שכנישן „דרוזשינאָווי״, וועט ער אייך אויך פאַרשרייבן אַזוי ווי מיך.

— געמיינט, אַז דאָ וועט זיין אַנדערש...

— וואָס זשע מיינט איר, איר זענט שוין צוריק אין וואַרשע? אין רעדאַקציע? דאָ מוז מען זיך ראַנגלען. קיינער ווייס נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען...

מיר זענען אַזוי אַרומגעקראָכן באַקוקן דעם באַרג פון אַלע זייטן. אין די ווייטענישן זענען געלעגן אויסגעשפּרייט בערג און פּליינען, ישובים און וויסטע־נישן. אין איין אָרט זענען מיר שטיין געבליבן פאַר אַ גרויסער פּאַלאַטקע מיט אַ רויטן קרייץ פון אויבן. דאָ איז די אַמבולאַטאָריע פון דער „סטאַציאָ זבאָרנאַ״. אינעווייניק האָט אַמטירט אַ סאַניטאַר־פּערסאָנאַל. צום אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ לאַנגער „אָגאָנעק״ (ריי) חולאים. מענטשן ווי סקעלעטן. זיי האָבן זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן, וואַרטנדיק אויף הילף. טייל זענען געלעגן ביי דער זייט ווי האַלבע מתים. און קוקנדיק אויף די דאָזיקע סקעלעטן האָב איך געטראַכט, אַז יאָ... דאָ מוז מען זיך קאָנען ראַנגלען, כדי נישט צו ווערן אָט אַזאַ מין סקעלעט... אַ פּשוטע לעבנס־לאָגיק...

מיר וואָגלען אַוועק ווייטער איבערן באַרג. עס לאָקט די פּאַנאָראַמע. פון איין זייט ליגט אונטן אויסגעשפּרייט דאָס שטעטל און פון דער אַנדער זייט, האַרט ביים סאַמע באַרג, אין דער נידער, שלענגלט זיך אַ טייך. אַ טייך, וואָס ווערט פאַרפאַלן אין די מדבריות. ערגעץ אין דער ווייט, ווערן מיר געוואָר, אין די בערג, איז אַ גרענעץ מיט אַפגאַניסטאַן. אין דער געגנט דאַרף דאָ ערגעץ זיין די אַמו־דאַריאַ, וואָס ציט זיך אין דער ריכטונג פון יענעם לאַנד. ווען אַ מענטש האָט פליגל און קאָן אַזוי אַ פלי טאָן אַהין, אַהין, וווּהין עס זאָל נישט זיין! — — —

## 41

# „דער באַרג פון טויט"...

באַקומען שוין מיין פּאָרציע ברויט און צוקער. איך קאָן זיך נישט דערוואַרטן אויפן מיטאָג. איך קיי דאָס פרישע ווייצן־ברויט און טרינק צו מיט קאַלט וואַסער און צוקער.

באַקומען אויך אַ צווייטע פּאָרציע ברויט אין דער שכנישער דרוזשינע (לפי דער „לעבנס־לאָגיק" אינעם סאָוועטן־לאַנד...). איך באַהאַלט עס פּאַרן באַזאַר, כדי צו געניסן פון אַ ביסל מילך, אָדער פון אַ ביסל אַנדער „עולם־הזה". אַגב: ווי דרינגענד נויטיק איז מיר נאָך אַ פּאָרל וועש צום טוישן!...

שפּעטער שטיי איך שוין אין דער לאַנגער ריי צו דער מיליטערישער פעלד־קיך. איך באַקום אַ היפּשן שעפּ־לעפל זופּ אין מיין קעסעלע מיט אַ פּאָרציע פליישׁ און קאַשע. אַלצדינג צוזאַמען אין דעם איינעם קעסעלע. ווער האָט עס דען כלים אויף יעדער זאַך באַזונדער? „סיי־ווי־סיי — פילאָזאָפירן דאָ מענטשן — מישט זיך עס אויס אין די געדערים — צי מען עסט עס באַזונדער, צי צוזאַמען. די זופּ איז שטאַרק געשמאַלצן און האָט אַ סך „אויגן". איך עס אַזוי גיריק. אַלץ ווערט „פאַר־ברענט"... ווו און ווען האָב איך געגעסן אַזוי, מיט אַזאַ חיהשן אַפּעטיט? אַלע גייען נאָך „רעפּעטע", נאָך אַ צולאָג. באַקומט מען נאָך אַ ביסל זופּ. ווערט עס אויך שנעל פאַרפאַלן ביי אַלעמען אין די איינגעשרומפּענע אינגעווייידן. כ'בין אַזוי אויסגע־הונגערט, אַז איך קאָן גאָרנישט דערגיין צום געפיל פון זאַטקייט. עס האָט מיר געקאָסט אָנשטרענגונג אָפּצורייסן אַ שטיקל פון דער איינער „פייקע" אויף שפּע־טער, אויף נאַכט־עסן.

צו אָונט־ברויט האָט מען באַקומען נאָר אַ זופּ; אָבער אויך אַ פעט־געשמאַל־צענע. די „רעפּעטע" איז אין אָונט געווען כמעט אַזוי פיל ווי די ערשטע פּאָר־ציע. אין אָונט, נאָכן אָנפילן דעם בויך מיט דער פעטער זופּ, מיטן רעשט ברויט, האָט זיך מיר ערשט אָנגעהויבן דוכטן, אַז שוין. גענוג. כ'בין שוין זאַט.

דער ערשטער זאַטער טאָג...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נאַכטיקער „אַפּעל". אין לאַנגע שורות זענען געשטאַנען די באַוווינער פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ". מענטשן אין די הונדערטער, הונדערטער. אין צענטער איז געשטאַנען דער אָפיציר, דער כאָראַנזשי און אַלע איבעריקע מיליטער־לייט, וועלכע האָבן באַדינט און אָנגעפירט מיטן פוילישן באַרג.

עס דערהערט זיך אַ קאָמענדע אַראָפּצונעמען די היטלען צום אָונט־געבעט און באַלד צעקלינגען זיך עס די קולות פון דער מאַסע:

וושיסטקיע נאַשע דזיענגע ספּראַווי...

די שטימען האָבן זיך צעטראָגן מיט אַ ווייטן עכאָ אין דער נאַכט.
נאָך דעם אָוונט־געבעט קומט דער פּוילישער הימן. דאָ ווערן שוין די שטי־מען העכער, הייטערער:

יעשטשע פּאָלסקאָ ניע זגינענלאָ
פּוקי מי זשיעמי.

בעת דאָס זינגען האָט זיך שוין געענדיקט און עולם איז זיך שוין צעקראָכן איבער די פּאַלאַטקעס, האָט זיך פון ערגעץ ווייט דערטראָגן, ווי אַ פאַרשפּעטיק־טער עכאָ, דאָס זעלבע געזאַנג:

וושיסטקיע נאַשע דזיענגע ספּראַווי...

ווייזט זיך ארויס, אַז דאָס זינגט איצט דער פּוילישער גאַרניזאָן, די פּוילישע אַרמיי, וואָס סטאַציאָנירט דאָ ערגעץ אין אַן אַנדער פּונקט אַרום שטעטל.
און מאָדנע האָט עס אויסגעזען:
אויף דער סאָוועטישער ערד, דורכן סאָוועטישן רוים, קלינגען פריי שטימען פון אַ געבעט... אַ געבעט פון פרעמדע, פון פרעמדע זעלנער...
אויף דער סאָוועטישער ערד, וואָס איז שוין לאַנג צעקריגט מיט גאָט — —
אויף דער סאָוועטישער ערד ברענגען די לופט־וועלן פון דער ווייטנס אין דער נאַכט אַן אָפּגעריסענע פראַזע:
— — — — — — — — — באָזשע וויעלקי...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זענען שוין געלעגן אין די פּאַלאַטקעס, אויפן אויסגעשפּרייטן אָרעמען ביסל שטרוי. אַלע רמ״ח אברים האָבן געגאַרט נאָך שלאָף, נאָך רו. אָבער איידער שלאָף איז געקומען האָט עס אָנגעהויבן שטאַרק צו רעגענען. עס האָט געכליאָפּעט ווי פון צעבערס. עס האָט אָנגעהויבן אונטערצורינען אונטערן שטרוי, אויף וואָס מ׳איז געלעגן.
— לאָמיר זיך אַראָפּכאַפּן אין „טשאַיכאַנאַ״! — לייגט פאָר מיין חבר.
— קומט!
מיר האָבן זיך אין דער פינצטער אַרויסגעגנבעט פון צווישן די שורות פּאַ־לאַטקעס. דאָס פאַרלאָזן ביינאַכט די „סטאַציאָ זבאָרנאַ״ איז קעגן רעגולאַמין. האָבן מיר זיך געשלייכט ווי די שטילע שאָטנס מיט זייטיקע שטעגלעך ביז מיר זענען אַראָפּגעקראָכן פון באַרג. אין „טשאַיכאַנאַ״ איז געווען געדיכט געפּאַקט פון מענטשן. נישט קיין חידוש — בעת אַזאַ גאָס רעגן! געווען נאָך פריִער אַזעלכע

חכמים ווי מיר. האָבן מיר קוים אויסגעזוכט עפּעס אַ זייטיק קאָרידאָרל און זיך אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע.

לאַנג איז אונדז אָבער נישט באַשערט געווען צו ליגן רויִק. די אויסגע־סאָכניעטע געדערים האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם איבערפלוס פון פעטס און האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן. נישט קיין געוויינלעכע באַוועגונגען, נאָר קראַמפּן, וואָס האָבן אַרויסגערופן שרעקלעכן בויך־ווייטיק און איבלדיקייט.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש און אַ יאָגעניש. אַלע האַלבע שעה, אַלע צוואַנציק מינוט. נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען און שוין — מען מוז שוין ווידער לויפן אויף דרויסן, הינטער דער קיביטקע. עס האָט געיאָגט פון אונטן און פון אויבן. פון אויבן האָט עס געקערט די גרינע גאַל. די פּאָדלאָגע איז געוואָרן פאַרכליאָפּעט, פאַרחזירט. אַזוי איינער, אַזוי דער צווייטער, אַזוי נאָך אַנדערע. די מענטשן פון הפקר גיבן עס אָפּ צוריק זייער ערשטן טאָג זאַטקייט...

אויסגעמאַטערטע, דערשעפּטע און אויסגעפּייניקטע פון אַזאַ נאַכט, האָבן מיר זיך קוים דערוואַרט אויפן באַגינען. מיר האָבן זיך דורך די זייטיקע שטעגלעך צוריק אַרויפגעדראַפּעט אויפן באַרג און בשלום זיך אַריינגעגנבעט אין אונדזער פּאַלאַטקע. עס האָט שוין מער נישט גערעגנט. אָבער פייכט איז נאָך אַלץ געווען פון נעכטיקן מבול. מענטשן זענען געזעסן אויפן פייכטן שטרוי און האָבן זיך געשמאַק געלויזט . . .

עס הערט זיך אַ סיגנאַל. מען רופט שוין צו דעם מאָרגן־געבעט. עולם שטעלט זיך ווידער אויס אין לאַנגע שורות. און באַלד פאַרקלינגט עס:

קיעדי ראַננע ווסטאַיאַן זאַזשע — — —

און פון ערגעץ ווייט, פון מיליטערישן לאַגער, קלינגט עס באַלד אָפּ ווי אַן עכאָ:

קיע־די ראַנ־נע ווסטאַ־יאַן זאַ־זשע — — —

צום פרישטיק זיך אָנגעזופּט מיט הייסן, עטוואָס צוגעפאַרבטן וואַסער, וואָס עס האָט געהייסן טיי. דורכגעוואָרעמט, אויסגעבריט די אויף ס'ניי אויסגעליי־דיקטע, איינגעשרומפּענע געדערים. די ווייטיקן זענען פאַרביי. אויך פון דער ביינאַכטיקער איבלדיקייט איז שוין קיין סימן נישט געווען. דאָך גייען מיר צו דער אַמבולאַטאָריע־פּאַלאַטקע. עס שטייט שוין אַ היפּשער „אָגאָנעק”. נאָך לענ־גער ווי נעכטן. מיר באַקומען טאַבלעטן, סאָלאָל — צו דעזינפעקצירן דעם מאָגן און געדערים.

עטוואָס ווייטער, ביים סאַמע ראַנד פון באַרג — אַ מאַקאַברישע בילד: אַ גאַנצע שורה טויטע גופים... אַלע זענען זיי אויסגעלייגט ווי אין מיליטער־

רישער אָרדענונג, מיט די קעפּ פון איין זייט; מיט געלע פּנימער און אויפגעשפּנטע מיילער... אַלע אין אַלטע, צעשאָסענע פופייקעס און טייל אין וואַטענע הויזן. פון די לעבער און געוואַלד־ריסן סטאַרטשען ברודיקע שטיקלעך וואַטע. דער באַקאַנטער הולך — אונדזער אַלעמענס הולך.

איך פרעג דעם און יענעם:

— וואָס זענען עס פאַר אַ טויטע גופים? ווי קומען זיי אַהער?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס זענען אַלץ געשטאָרבענע פון דער איינער נאַכט. אַלע נאַכט שטאַרבן מענטשן אין די פּאַלאַטקעס. מען באַווייזט זיי נישט אַוועקצופירן אין שפּיטאָל, ווי זיי הויכן אויס די נשמות. דורך דער נאַכט נעמט מען זיי איינציקווייז צונויף דאָ אויפן ראַנד פון באַרג, ביי דער ברייטער סטעזשקע צום אַראָפּגיין, ביז עס קומט אין דער פרי אַ וואָגן און נעמט זיי צו. אַמאָל טאַקע באַלד אין דער פרי, איידער דער עולם פון די פּאַלאַטקעס צעשיט זיך איבערן באַרג; אַמאָל אָבער פאַרשפּעטיקט דער וואָגן און די מתים ליגן גענוג לאַנג ווי אַ שרעק־בילד פונעם הפקר — — —

אַזוי אַלע טאָג, אַלע טאָג... דער טיפּוס, די בלוטיקע דעזינטעריע נעמען צו אַלע טאָג אַ ביסל מענטשן פונעם באַרג. נישט אומזיסט, טייטשט מען אונדז אויס, הייסט דאָ די „סטאַציאַ זבאַרנאַ" — „גוראַ שמיערטשי"... (דער באַרג פון טויט...).

יאָ, קלאָר... דער באַרג פון טויט...

אין אַן אַנדער ווינקל פון באַרג — פון דער אַנדער זייט אַמבולאַטאָריע — אַן אַנדער בילד:

אונטן, כמעט שוין ביים צופוסנס פון באַרג, שטייט אַ וואָגן. צום דאָזיקן וואָגן שלעפּן סאַניטאַרן נאָך לעבעדיקע מענטשן פון דער אַמבולאַטאָריע. טייל קריכן נאָך אויף די אייגענע פיס, בלויז אָנגעשפּאַרט אָן אַ סאַניטאַר. טייל ווערן געטראָגן דורך די סאַניטאַרן. די דאָזיקע גופים האָבן שוין נישט קיין אויסזען פון לעבעדיקע מענטשן. דאָס זענען ממש סקעלעטן מיט אַראָפּהענגענדיקע דינע הענט און דינע פיס, וואָס באַזיצן שוין נישט קיין כוח צו מאַכן עפּעס אַ באַוועגונג. מען לייגט אַזוי אָן אַ וואָגן סקעלעטן און מ׳פירט זיי אָפּ אין שפּיטאָל. צי קאָן זיך נאָך אין אַזעלכע גופים אומקערן לעבן? ווער ווייסט?...

צי איז עס נישט פאַר אונדז אַ פאָר־בילד, צו וואָס מיר וועלן אפשר אויך דערגיין ? . . .

אָבער דערווייל לעבן מיר, באַוועגן זיך. דערווייל דאַרף מען „פּאַסן" ברויט, צוקער. ווער אין פּאָרציע, ווער צוויי: אין צוויי „דרוזשינעס"... „מען מוז זיך דאָך ראַנגלען"... מען מוז זיך ראַנגלען, כדי נישט צו ווערן קיין קאַנדידאַט אין

יענעם וואָגן... אָדער גאָר צו דער שורה, וואָס אויף יענער זייט פֿון די פּאַלאַטקעס — צו דער שורה אויפֿן ראַנד פֿון באַרג — — — — — — — — — — — — —
דער באַרג פֿון טויט...

## 42

## לעצטע מנוחה...

ס׳אַראַ משוגענער קלימאַט אין דעם פּאַרוואָרפֿענעם אַזיאַטישן העק. אַמאָל ווערט עס גאָר קאַלט. ווילדע בוראַנען (שטורעם־ווינטן) רייסן און שמייסן די פּאַלאַטקעס און נעמען דורך די מענטשן אינעווייניק. מען טוליעט זיך אין די אייגענע שמאַטעס און מען ווערט שיער נישט פֿאַרגליווערט פֿון קעלט. אויפֿן הימל איז אַ ווילדער געיעג פֿון וואָלקנס, געיאָגטע פֿון די הפֿקרדיקע ווינטן. דוכט באַלד וועלן די פֿליִענדיקע וואָלקנס פֿאַלן אויף אונדזערע קעפּ. אַ פּייפֿעריי, אַ גע־וואָי, ווי עס וואָלטן זיך צערעוועט בייזע רוחות.

אין נאַכט האָט אַזאַ ווינט געבראַכט אויף זיינע פֿליגל שניי. אַ געדיכטער פּייכטער שניי. „דער באַרג פֿון טויט" איז באַדעקט געוואָרן מיט ווייסקייט, ווי מיט תּכריכים. דער פּייכטער שניי איז לאַנג נישט געלעגן. זייער גיך האָט ער זיך פֿאַרוואַנדלט אין וואַסער, און די מענטשן אין די פּאַלאַטקעס האָבן עס דערשפּירט אונטער זיך. ווער עס האָט געקאָנט האָט זיך געראַטעוועט ערגעץ אין אַ בודע אין שטעטל.

איך בין געלאָפֿן אין „טשאַיכאַנאַ". אין מיטן נאַכט איז שוין שווער געווען זיך אַריינצובאַקומען אַהין. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַן אוזבעק, אַן אינוואַליד, וואָס האָט געפֿאָדערט אַ „סאַן־אָבראָבאַטקאַ" (אַ צעטל פֿון באָד). אַ נייע גזירה... כ׳בין צוגעקומען צו אים און זיך געבעטן:

— אָקאַ (ברודער), לאָז אַריין... ס׳איז אַזוי קאַלט...

— דאָכטור... דאָכטור... — האָט דער אינוואַליד קאַטעגאָריש געפֿאָדערט און מיך אָפּגעשטויסן פֿון טיר. „דאָכטור" האָט ביי אים געהייסן דאָקטער, און מיטן וואָרט „דאָכטור" האָט ער געמיינט אַ צעטל וועגן אַדורכגעמאַכטער „סאַן־אָבראָ־באַטקאַ".

די דאָזיקע גזירה איז געקומען צוליב טויט־פֿאַלן אויף דער פּריטשע פֿון דער „טשאַיכאַנאַ". עטלעכע פֿון אונדזערע פּליטים האָט זיך גאָר פֿאַרגלוסט צו מאַכן דאָרט אַ שטאַרב... איז גיי האָב טענות צו זיי... דעריבער וויל מען זיך שוין

אָפּהיטן פון דער פאַרשפּרייטער קרענק. אָבער וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע איז שוין די „סאַן־אַבראַבאָטקאַ"? דאָס רוב גייט מען נאָך אַרויס פון באָד אויך מיט פרעמדע לייז... נישט מעגלעך סיי־ווי־סיי זיך אָפּצוהיטן פון דער מגפה. די לייז פאַרשלעפּן זי אומעטום. עס טראָגן זי סיי קראַנקע, סיי געזונטע.

אָבער נישט געקאָנט בשום אופן פועלן ביים נאַרישן און שלעכטן אוזבעק ער זאָל מיך אַריינלאָזן אינעווייניק. ער האָט זיך געהאַלטן ביי איינס: — „דאָקטור!"...

האָב איך זיך אומגעקערט און געהאַט אַ פאַרוואָגלטע נאַכט אויפן „באַרג פון טויט".

כ'בין געזעסן אויפן נאַסן ביסל שטרוי אין פּאַלאַטקע און געציטערט פון קעלט. און אַזוי זיצנדיק פאַרנעם איך אַזאַ מין דיאַלאָג פון דער שכנישער פּאַ־לאַטקע:

— טי באַבאַ! טרופּאַ שיען באַאיש? וועזש גאַ זאַ נאָגי! (דו באַבע איינע! האָסט מורא פאַר אַ בן־מינן? נעם אים פאַר די פיס!).

אַזוי פלעגט מען עס ביינאַכט אַרויסשלעפּן די געשטאָרבענע פון די לייוונ־טענע געצעלטן און אַוועקטראָגן זיי אַהין, צו דער שורה, אויפן ראַנד פון באַרג... אינדערפרי פלעגט עס מיך ציִען צו כאַפּן אַ קוק ווי גרויס איז די דאָזיקע שורה פון היינטיקער נאַכט?...

***

איין טאָג האָט מען עטלעכע „דרוזשינעס" — צוזאַמען מיט מיינער — גענו־מען צו אַ ספּעציעלער אַרבעט: גראָבן קברים...

די פּוילישע האָבן פאַרלייגט אויף אַ פעלד אַן אייגענעם בית־עולם, וואָס האָט געהאַלטן אין וואַקסן... אין דעם טאָג האָבן מיר געגראָבן פערציק קברים. איינצל־נע קברים — סיי פאַר פּוילישע מיליטער־לייט, סיי פאַר די טויטע פון „סטאַציאַ זבאָרנאַ", סיי פאַר אונדזערע ציווילע פּליטים. אַלע טאָג לערך אַזאַ צאָל, און אַלע טאָג גייען גראָבן קברים אַנדערע „דרוזשינעס".

צווישן די פערציק טויטע זענען היינט געווען ניין ייִדן, און מיר איז אויס־געקומען צו גראָבן אַ קבר פאַר אַ ייִד. די ניין ייִדישע קברים האָבן מיר געגראָבן באַזונדער, אין אַ ספּעציעלער שורה.

אַ גאַנצן טאָג, פון סאַמע אין דער פרי, האָבן מיר אַזוי געאַרבעט ביי די קברים. די פאַרלאָזענע ערד איז נישט געווען אַזאַ ווייכע און ס'האָט לאַנג גע־דויערט. מ'האָט געאַרבעט אין שוויס פון פּנים. דער מיליטערישער אינטענדענט האָט אַפילו צוגעזאָגט פאַר איטלעכן אַרבעטער אַן עקסטראַ „פּאַיקע" ברויט.

אַגב: דער דאָזיקער אינטענדענט — נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט — האָט

שפּעטער פאַרפּעלט צו געבן די „פּייקע" די ייִדישע אַרבעטער מיטן אויסרייד, אַז די ייִדן האָבן שלעכט געאַרבעט... הגם יעדער איינער פון די ייִדן האָט גע־מאַכט די „נאַרמע" — „זיין" קבר... אַנדערע ייִדן האָבן פּראָטעסטירט, געברויכט ענערגישע ווערטער. אָבער אויסגעפירט האָט דער אינטענדענט: אין זיין רעסאָרט האָט ער זיך דערפילט ווי ביי זיך אין דער היים — אין פוילן... איז פאַרוואָס זשע זאָל ער זיך נישט פאַרגינען אַרויסווייזן זיין גיפט צו ייִדן אַפילו דאָ אויף דער פרעמדער ערד?... אַפילו אויפן בית־עולם, אין אַנגעזיכט פון טויט?... כאָטש דער טויט מאַכט גראָד נישט קיין שום חילוק צווישן ייִד און פּאָליאַק — ער שניידט דאָ מיט זיין קאָסע אַלעמען, אַלעמען...

פאַרנאַכט, ווען אַלע קברים זענען שוין געווען פאַרטיק, זענען געקומען צופאָרן די וועגענער מיט די טויטע. די מתים זענען געווען אַנגעלייגט איינע אויף די אַנדערע אין עטלעכע וועגענער, צוגעדעקט מיט פּלאַנדעקעס. מ'האָט זיי אַרויסגענומען פון די וועגענער און אויסגעלייגט יעדן איינעם באַזונדער נעבן אַ קבר. יעדער איז געווען איינגעהילט אין אַ שפּיטאָל־ליילאַך, צו וועלכער ס'איז געווען צוגעטשעפּעט אַ צעטעלע מיט זיין נאָמען. לויט די צעטעלעך האָט מען צוגע־טיילט יעדן איינעם אויך זיין ברעטעלע מיט אַן אָנשריפט. אַלץ איז געווען פּינקט־לעך צוגעגרייט, מיטן געהעריקן דרך־ארץ פאַרן טויט...

די ניין ייִדישע מתים האָט מען אויסגעלייגט אין דער באַזונדערער שורה קברים, וואָס מיר ייִדן האָבן געגראָבן. נעמען אומבאַקאַנטע. נעמען פון דער גרויער מאַסע פּליטים. קיינער פון אונדז קען זיי נישט, ווייס זיי נישט. כאָטש ביי זיך אין די אייגענע דלד אמות זענען זיי געווען אַ יש, זענען זיי געווען די פלוני־אלמונים — יעדערער אַן עולם קטן...

ביי איין קבר איז געלעגן אַ פרוי צוזאַמען מיט אַ פּיצל קינד. אַזוי ווי צו־געטוליעטע. מאַמע און קינד האָבן זיך אין איין טאָג געזעגנט מיט דער וועלט — איז זיי באַשערט געווען זיך קיינמאָל נישט צו שיידן איינס פון אַנדערן אין אַלע אייביקייטן . . .

אַ חוץ די אַלע גופים אין די ליילעכער איז געווען נאָך אַ באַזונדערער וואָגן, וואָס האָט געבראַכט אַ טרומנע. אַ טרומנע פון אַן אָפיציר. צוליב אָט דעם אָפיציר אפּנים איז אויך געקומען אַ מיליטערישער אָרקעסטער. דער מיליטערישער גלח האָט אָפּגעריכט אַ פּאַניכידע און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט שאָפּענס טרויער־מאַרש. די אַלע טויטע זענען שוין געלעגן אין די אָפענע גריבער און איבער די גריבער האָבן זיך עס געטראָגן די טרויער־טענער — אָנשטאָט געוויין פון נאָענטע, פון היימישע; אָנשטאָט טרערן פון צעבראָכענע הערצער...

די מענטשן אַרום, ביי די אָפענע קברים, זענען געשטאַנען טיף פאַרזונקענע,

דורכגענומען פון פייערלעכן טרויער. ביי טייל פון שווייגעוודיקן עולם זענען די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ פייכטקייט. אין דער ווייטנס איז געשטאַנען אַ גרופּע אוזבעקן: מאַנסבילן, ווייבער. זיי האָבן זיך צוגעקוקט פאַרשטאַרט צום דאָזיקן בילד, וואָס איז זיי געווען פרעמד. די אוזבעטשקעס האָבן מיט די אַרבל זיך די אויגן געווישט.

אונדזערע „דרוזשינעס" האָבן לסוף געגומען פאַרשיטן די גריבער. מ׳האָט געשאָטן די גרודעס ערד אויף די אויסגעפּייניקטע טויטע גופים... זיי האָבן זיך אַלע געגוג אָנגעליטן אין די פּאָר יאָר גלות, וואָגלעניש, פּיין ביז זיי זענען געקומען צו זייער סוף... צו דער גרענעץ...

עס זענען אויסגעוואָקסן בערגלעך מיט ברעטלעך צוקאָפּנס.

קברים אויף ווייטער, פרעמדער ערד... קברים פון נע־ונד־ברידער, וואָס האָבן געפונען זייער לעצטע מנוחה — — — —

ווער וועט וויסן פון זיי? ווער וועט זיי דערמאָנען? ווער וועט דען אַמאָל קומען צו זיי?... נאָר די בוראַנען וועלן אויסוויינען אַ קדיש איבער די בערגלעך — — —

## 43

### „געגוג יידן!"...

די מיליטערישע קאָמיסיע, וואָס קוואַליפיצירט די טויגבאַרקייט פון די מענטשן פאַרן מיליטער, אַמטירט נישט אַלע טאָג. זי קומט זיך צונויף איין מאָל אין וואָך אָדער אין צוויי וואָכן, — אַזוי אַז דער עולם אויפן „באַרג פון טויט" וואַקסט. טאָג־טעגלעך קומען צו די נע־ונדניקעס פון אַלע עקן רוסלאַנד.

מיר וויסן שוין אויך, אַז קיין יידן ווערן מער אין פּוילישן מיליטער נישט אָנגענומען — מעגן זיי זיין די יינגסטע, די פעסטע, די געזינטסטע. „געגוג יידן!" — איז פאַראַן אַ שטילער הסכם צווישן די פּוילישע קאָמיסיע־מיטגלידער. — „מיר האָבן שוין באַלד אַ יידישע אַרמיי, נישט קיין פּוילישע"...

וואָס אַן אמת, זענען טאַקע פאַראַן אַ סך יידן אין דער פּוילישער אַרמיי. דאָס האָט מען אין די ערשטע חדשים נאָך דער שיקאָרסקי־אַמנעסטיע גענומען יידן אָן חשבון. ווער ס׳איז נאָר געקומען אין דער אַרמיי, האָט מען גלייך אויפגענומען. איצט האָבן זיך די פּאָליאַקן געכאַפּט, אַז — צופיל יידן!...

וויסן מיר שוין, הייסט עס, פון פאָרויס, אַז אונדזערע זיין אויף דער „סטאַציאַ

זבאָרנאַ״ וועט קיין רעזולטאַט נישט ברענגען. מוזן מיר זיך טרייסטן נאָר מיט דער חיי־שעה. וווהין האָבן מיר דען אַנדערש צו גיין?

וואָלט גוט געווען זיך אַריבערצוכאַפּן אין מיליטערישן גאַרניזאָן. כ׳בין זי־כער, אַז דאָרטן וועל איך טרעפן באַקאַנטע פון מיין לאַגער. גנבע איך זיך אַראָפּ איין טאָג פון באַרג און שפּאַציר אַוועק צום מיליטערישן לאַגער. דאָס איז ערגעץ עטלעכע קילאָמעטער הינטערן שטעטל. איך טרעף אין דער נאָענטקייט יידישע זעלנער. איך פרעג זיך נאָך אויף נעמען פון מיינע באַקאַנטע. כ׳האָב טאַקע גע־טראָפן: פאַראַן דאָ טאַקע היימישע. צווישן זיי איינער פון מיינע „גוטע מלאכים״, וועלכע האָבן מיר אָפּט געליינדערט מיין הונגער אין לאַגער, — דאָס איז פרידמאַן, אַ וואַרשעווער, דער „ראַזדאַוושטשיק״ (טיילער) פון „ספּעץ־פּיטאַניע״־קעסל. ווען נאָר ער פלעגט קאָנען, פלעגט ער מיר ביים קיך־פענצטערל צוטיילן עקסטרע פּאָרציעס — לחלוטין אָן טאַלאָנען.

איך בעט דעם יידישן זעלנער ער זאָל גיין אַרויסרופן צו מיר פרידמאַנען. ווי אַ „ציוויל״, האָב איך נישט געטאָרט אַריינגיין אין די מיליטערישע פּאַלאַטקעס. האָב איך געוואַרט הינטער אַ בערגל. אין אַ ווײַלע אַרום איז צו מיר אַרויסגע־קומען פרידמאַן — שוין נישט אין די לאַגער־טראַנטעס, פאַרשטייט זיך, אַזוי ווי איך האָב אים געקענט, נאָר אין אַן ענגליש־מיליטערישן מונדיר, אין נייע גע־שנורעוועטע שיך. זויבער, ריין, פריש ראַזירט, געשווירן. עס שפּיגלט פון אים.

מיר האָבן זיך ביידע דערפרייט ביז טרערן. האָבן זיך איינער דעם אַנדערן אויסדערציילט וואָס מיט איטלעכן פון אונדז האָט פּאַסירט זינט מיין אויסשטייגן, ווי אַ קראַנקער, פון עשאַלאָן אין לוקיאַנאָווער שפּיטאָל. פרידמאַן האָט מיר אויסגע־רעכנט אַ גאַנצן צעטל נעמען, ווער אַלץ פון אונדזער לאַגער דאָ געפינט זיך. באַלד איז ער אַוועק אויף אַ ווײַלע און צוגערופן דעם און יענעם. עס איז אויסגעוואָקסן אַרום מיר אַ גאַנצער רעדל. מ׳האָט באַקוקט מיין הולך, מ׳האָט מיך באַדויערט...

— אַ שאָד, אַ שאָד! — זאָג איך, — ווען נישט דער צופאַל מיט מיין קראַנק ווערן אין עשאַלאָן, וואָלט איך דאָך אויך געווען איצט מיט אייך.

— איר מעגט טאַקע באַדויערן, — זאָגט פרידמאַן, — עס איז שוין אַ זי־כערע זאַך, אַז די פּוילישע אַרמיי פאָרט אַרויס קיין איראַן.

— טאַקע אַ פאַקט?

— אַ פאַקט! אַ פאַקט!

— אויף קאַמיסיע שוין געווען? — פרעגט מיך ווער.

— נאָך נישט.

— נעבעטיקע טעג... — מישט זיך אַריין אַן אַנדערער. — איצט גילט עס שוין דער „קראַמיע יעווריייעוו״...

חברה נעמט מיך אַריין אין אַ פּאַלאַטקע. דעם ייִדישן „דעזשורני" זאָגט מען, אַז דאָס איז אַ היימישער, אַ באַקאַנטער פון לאַגער. לאָזט ער מיך אַריין אָן שווע־ריקייטן. דאָ אין די פּאַלאַטקעס איז אַ בעסערע אָרדענונג ווי ביי אונדז. דאָ זענען פאַראַן שעניקעס, לייטישע געלעגערס, מיט קאָצן פאַרבעט. ריין, ציכטיק.

מ׳פירט מיך אויך אַריין אין אַן אָפיצירישער פּאַלאַטקע. דאָ דערזע איך ווידער אַ לאַגער־פריינט — אינזשיניער פעלדהיי. ער איז אַ פּאָרוטשניק. ער איז אָבער קראַנק. ער ליגט אין פיבער. ער גיט מיר נישט די האַנט. ער האָט מורא, אַז אויך אים האָט געכאַפּט דער טיפוס. דאָס וועט מען היינט פעסטשטעלן. ער הייסט מיך מכבד זיין מיט זיינע „סוכאַרעס", צו וועלכע ער רירט זיך סיי־ווי־סיי נישט צו. ער ברענט אינגאַנצן. נאָך היינט גייט ער אין שפּיטאָל.

— אַ שאָד, אַ שאָד! — באַדויערט ער, — ווען איך בין געזונט, וואָלט איך פאַר אייך עפּעס געטאָן. זעט, ווי איר זעט אויס... — טוט ער אַ ווינק אויף מיין הולך... דער עיקר אויף מיין „מאָזאַיִק" — אויף מיינע הויזן...

אָבער אויב דער קראַנקער אינזשיניער פעלדהיי האָט נישט געקאָנט, האָבן עס אַנדערע באַוויזן — אין דער ערשטער ריי פרידמאַן. ער האָט זיך פאַרשטענ־דיקט מיט אַנדערע באַקאַנטע און מ׳האָט אויסגעפונען פאַר מיר אַ פּאָר הויזן. נאָך גוטע ציווילע הויזן. ביי טייל זעלנער אין די קעסטלעך וואַלגערן זיך נאָך ציווילע מלבושים אָן שום נוצן. הונגעריק זענען זיי נישט. זיי פאַרקויפן עס אויס ביס־לעכווייז אויף די באַזאַרן, כדי צו קאָנען קויפן ווייַן, אוריוק, קיש־מיש. טייל טראָגן זיך אַרום אַפילו מיט „קניפּלעך" געלט. אויך פרידמאַנען פעלט נישט קיין געלט. אַזוי אַז מיט ליידיקן בין איך שוין צוריק נישט געגאַנגען: פרידמאַן האָט מיר „געבאָרגט" אַ פּאָר „טשערוואָנצעס", כ׳זאָל קאָנען עפּעס קויפן אויפן באַזאַר. אַ חוץ די הויזן האָט ער מיר נאָך מיטגעגעבן אַ פּאָרל וועש. אַ טייערע זאַך וועש! כ׳וועל קאָנען אָפּטער טוישן. כ׳וועל זיך קאָנען בעסער ראַנגלען מיטן שמוץ...

די הויזן האָב איך תיכף הינטערן בערגל אָנגעטאָן אויף זיך. די אַלטע האָב איך אַוועקגעשמיסן. איך וויל זיי מער נישט אָנקוקן. צוליב דער דאָזיקער „מאָ־זאַיִק" האָבן די „זשוליקעס" אין דער „בוכאַרקע" אין קאַגאַן אַראָפּגעצויגן פון מיר די פּאָר געקויפטע גוטע הויזן מיינע. טאָמער — זאָל די שעה נישט זיין!... — חזרט זיך איבער אַזאַ פאַל, קאָן איך נאָך ווידער בלייבן ביי די שמאַטעס.

הינטערן בערגל איז צו מיר צוגעקומען נאָך אַ „פּשיאַטשיעל" (פריינט) — אַדוואָקאַט קורלאַנדסקי, מיין רייזע־חבר פון גראָדנער אַרעסטאַנטן־צוג. ער איז דאָ כאָראַנזשי. אויך מיט אים זיך געטיילט, אויסדערציילט. ס׳איז געווען פאַרנאַכט, נאָך די מיליטערישע איבונגען. צייט האָבן אַלע געהאַט. אַלע האָבן מיך געבעטן כ׳זאָל קומען אָפּטער. אפשר וועט מען קאָנען עפּעס טאָן פאַר מיר.

מיט אַ געפיל פון קנאה האָב איך זיך צוגעקוקט צו די מענטשן אין מונדירן. זיי אַלע זענען שוין ווייט פון מיינע פּלאָגענישן, פון נע־ונד. זיי פירן דאָ אין פעלד אַ „נאָרמאַל" לעבן. עסן און טרינקען צו דער צייט. אַן „עמיצער" זאָרגט פאַר זיי. אַן „עמיצער" — אויסער די גרענעצן פון דער סאָוועטישער טעריטאָריע. אַלץ, וואָס זיי טראָגן אויף זיך — ביזן לעצטן פאָדים — שטאַמט נישט פון דאַנען, נאָר פון אויסער די גרענעצן. און דאָס אימפּאָנירט אַיעדן פון אונדז.

נאָר אין איין זאַך בין איך די מענטשן אין מונדירן נישט מקנא — דאָס שפּילן זיך אין זעלנער... אמת, קיין סך אמתע ביקסן האָבן זיי נישט. צו די שיס־איבונגען באַנוצט מען הילצערנע מאָדעלן... אָבער מיט דער צייט — ווען עס וועט נויטיק זיין — וועט זיך דאָך געפינען דער „עמיצער", וואָס וועט זיי אויך אמתדיק כלי־זיין געבן.

כ'בין זיך מודה: איך האָב פיינט דעם מין זעלנעריי. כ'האָב פיינט קאַזאַרמע; דעם גייסט פון קאַזאַרמע... די קאַזאַרמע איז דאָך דאָס אָרט, ווו דער מענטש פאַרלירט זיין אייגענע, אינדיווידועלע געשטאַלט, דעם צלם־מענטש און ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מעכאַנישן גולם, אין אַ ראָבאָט.

אָבער דאָ, אויף דער סאָוועטישער ערד, איז די פּוילישע אַרמיי פאַר די טויזנטער, טויזנטער מענטשן פון פּוילן אַן אמתע אויסלייזונג.

זי האָט אויסגעלייזט די דאָזיקע מענטשן פון אַ גרעסערער צרה: פון וועגע־טאַציע, הפקר און — אָפּט — פון פיזישן אומקום — — —

## 44

## אַזוי איז עס טאַקע געווען

און אַזוי איז עס טאַקע געווען, ווי מען האָט מיר פאָרויסגעזאָגט.

עס איז אָנגעקומען דער טאָג — נאָך צוויי וואָכן — פון דער מיליטעריש־מעדיצינישער קאָמיסיע. כ'בין שוין לכתחילה געגאַנגען אַהין גאַנץ גלייכגילטיק, אָן שום דערוואַרטונג. די געביידע, ערגעץ ביים ראַנד פון שטעטל, ווו די קאָמי־סיע האָט אַמטירט, איז געווען באַלאַגערט פון אַ סך מענטשן. מ'האָט אויסגערופן די נעמען לויט אַ רשימה. אַ צענדליק האַלב־נאַקעטע זענען געשטאַנען אין דער ריי צו אַ טיש, ווו עס זענען געזעסן אַ 7־8 פאַרשוינען — מיליטער־לייט און ציווילע. צוויי דאָקטוירים־פּאָליאַקן זענען געשטאַנען פאַרנט און האָבן איטלעכן באַטראַכט. קודם־כל האָט מען יעדן געהייסן פאַרנאַנדערקנעפּלען די הויזן. קלאָר

פּאַרוואָס: מ׳האָט באַלד געוואָלט זיך איבערצייגן, צי מ׳האָט צו טאָן מיט אַ גע־מל׳טן... אויב יאָ — האָט עס שוין לאַנג נישט געדויערט. אַ טאַפּ אויבנאויפיק אַהער־אַהין, אַן איבערווינקען זיך ביים טיש און עס פאַלט אַ קורצער זאָג:

— ניעזדאָלני דאָ סלוזשבי וואָיסקאָוועי... (נישט פעיִק צו מיליטער־דינסט).

נאָנט פאַר מיר אין דער ריי איז צוגעגאַנגען צו די דאָקטוירים אַ יונגער ייִד. אַ בחור אַ גבר. הויך און געזונט ווי אַ דעמב. אָבער פונקט ווי אַלע ייִדן האָט ער אויך דערהערט דעם זעלבן „פּסוק״: „ניעזדאָלני״... אאַז״וו.

דער בחור, זעט אויס, איז פון די, וואָס לאָזן זיך נישט „שפּייען אין דער קאַשע״ און ער רופט זיך גלייך אָפּ:

— ווער איז נישט פעיִק? איך? אפשר ווילט איר, פּאַנאָוויע, קאָן איך אייער גאַנצן טיש צעברעכן מיט די בלויזע הענט אין איין רגע?...

— דאָ איז נישט קיין צירק, פּראָשען פּאַנאַ... — ענטפערט ווער פון די קאָ־מיסיע־מיטגלידער. — נאַסטענפּני! (דער ווייטערדיקער פון ריי!).

— ניין, פּאַנאָוויע! — זאָגט זיי אַריין אויף אַ העכערן קול דער „קראַנקער״, דערווייטערנדיק זיך פון טיש, — נישט איך, נאָר איר זענט קראַנק... איר אַלע קרענקט אויף ייִדן־שנאה...

ס׳איז אים שוין געווען אַלצאיינס, האָט ער זיי אַריינגעזאָגט. מורא פאַר זיי האָט ער דאָך נישט געהאַט: וואָס זענען זיי דען? „נ.ק.וו.ד.״?...

— נאַסטענפּני! נאַסטענפּני! — האָט מען דערמיט געוואָלט פאַרשרייען די שטים פון יענעם „אַראַגאַנט״...

און אַז צום קאָמיסיע־טיש איז צוגעקומען אַן ערל — ער האָט געמעגט זיין דאַר און קוואַר, גרין און געל, — האָט מען אים גלייך געגעבן קאַטעגאָריע „אַ״, דאָס הייסט: פעיִק צו מיליטער־דינסט.

און אַז עס איז געקומען צו מיר, נאָך דער פּראָצעדור פון פאַרנאַנדערקנעפּלען די הויזן, טוט מיך דער דאָקטער גלייך אַ פרעג:

— איר ליידט אויף צינגאַ, האַ?...

— נישט ספּעציעל... אַז איך האָב וואָס צו עסן, פיל איך גאָרנישט קיין סימפּטאָמען.

ער לייגט צו דאָס טרייבל צום האַרצן.

— שוין לאַנג ווי איר ליידט אויפן האַרץ?

— איך לייד גאָרנישט אויפן האַרץ...

— איר פילט גאָרנישט?

— לחלוטין גאָרנישט...

פונדעסטוועגן האָב איך, פּונקט ווי אַלע ייִדן, באַלד דערהערט פון טיש דעם סטערעאָטיפּישן זאָג:

— קאַטעגאָריאַ „ע"... ניעזדאָלני דאָ סלוזשבי וואָיסקאָוועי...

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט מיין חבר, וועלכער איז געשטאַנען הינטער מיר.

— די לעצטע קאָרט פאַרשפּילט... — זאָגט ער מיר ביים אַרויסגיין פון דער קאָמיסיע.

אויף דער גאַס זענען געשטאַנען רעדלעך ייִדן — שוין אָפּגעשאָכטענע... אַלע זענען געווען זייער אויפגערעגט. מ'האָט זיך געהיצט און געשאָטן מיט שטאַרקע ווערטער אויפן חשבון פון די פּאָליאַקן. היתכן? פאַרוואָס אַזאַ געמיינע פּאָליטיק פון אונדזערע „ראָדאַקעס"? און ווו? אין אונדזער שותפותדיקן גלות?...

די רעדלעך ייִדן זענען געוואָקסן. אַלע ווילע פלעגט דאָך צוקומען נאָך איינער מיט דער קאַטעגאָריע „ע"... דאַקעגן די קריסטן, וואָס פלעגן אַרויסקומען פון דער קאָמיסיע, האָבן געהאַט שיינענדיקע פּנימער. זיי האָבן „טריאומפירט": זייער קאָמיסיע... זייערע פּאָליאַקן...

די פּאָליאַקן זענען שוין פון דאָרט אַוועק ערגעץ אַנדערש — אין פולק אַריין, און די ייִדן — צוריק אַהין, אויפן „באַרג פון טויט". דעריבער טאַקע איז דער גרעסטער טייל באַווינער פונעם באַרג געווען ייִדן. זייער צאָל איז דאָרט אַלץ געוואָקסן.

נאָך דער קאָמיסיע האָבן די „באַפרייטע" געדאַרפט אייגנטלעך פאַרלאָזן דעם באַרג; אָבער ס'איז געווען איינגעפירט, אַז די „סטאַציאַ זבאָרנאַ" שיקט אָפּ די מענטשן מיט אַן עשאַלאָן. אַזוי איז געווען אָפּגעמאַכט מיט דער סאָוועטישער מאַכט, וועלכע דאַרף פון איר זייט צושטעלן אַן עשאַלאָן. האָט די „סטאַציאַ זבאָרנאַ" געהאַלטן די מענטשן גענוג לאַנג — נישט אַזוי צוליב סענטימענט צו די היימלאָזע „ראָדאַקעס", נאָר צוליבן פעלן פון טראַנספּאָרט, כדי די מענטשן — אין די הונדערטער — צוריקצושיקן ערגעץ. האָט עס געדויערט דעריבער זייער לאַנג און דער „באַרג פון טויט" איז געוואָרן אַלץ מער באַפעלקערט...

און אפשר איז נישט אַזוי די סאָוועטישע מאַכט געווען דערין שולדיק, נאָר דער שלעכטער פּוילישער אַפּאַראַט האָט עס גורם געווען: אַז פּוילישע „נאַטשעלניקעס", די „קנעפּלעך", האָבן זיך פאַרנומען מיט שיכרות. מ'האָט געגנבעט פון קהלשן מיליטערישן שיסל ווו און ווען עס האָט זיך געלאָזט. און פאַר געלט פלעגט מען שוין אויפן „שוואַרצן מאַרק" געפינען דעם ביטערן טראָפּן — עכטע „מאָסקאָווסקאַיאַ", און דעם אוזבעקישן וויין אַוודאי און אַוודאי. די אָרדענונג אויפן באַרג איז זיי ווייניקער געלעגן אין זינען.

איז מילא, האָבן מיר — שוין „באַפרייטע" — גענאָסן פון דאָזיקן „באַלאַ־גאַן" און זענען ווייטער געבליבן איינוווינער פון „באַרג פון טויט"...

אַנטיסעמיטיזם מצד די פוילישע „נאַטשעלניקעס" האָבן ייִדן געפילט אָפט אויך אויפן באַרג גופא, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, דער עיקר ביי צוטיילונגען פון מלבושים. שטענדיק פלעגן די פּאַליאַקן פּאַוואָריזירט ווערן לגבי ייִדן. זיי זענען געווען די יחסנים און די ייִדן — די פּאַריער... כדי אַ באַרוועסער ייִד זאָל באַקומען אַ פּאָר שטיוול האָט ער געדאַרפט האָבן באַזונדערע זכות־אָבות. באַזונ־דערע פּאַרדינסטן און פּראָטעקציעס.

איינער פון די גרעסטע אַנטיסעמיטן — און גלייכצייטיק פון די גרעסטע שיכורים... — אויפן באַרג איז געווען דער „כאָראַנזשי" — דער זעלבער, וואָס פלעגט אָנפירן מיט די אָפטע „זביורקעס" (צונויפזאַמלונגען). אַ מיטליעריקער פּאַליאַק, אַ פּראָפעסיאָנעלער מיליטערמאַן נאָך פון פוילן, אַ נאַטאָרישער שיכור, אַ פּאַרליבטער אין גלעזל. זעלטן פלעגט ער זיין אין אַ פולשטענדיק־ניכטערן מצב. איינמאָל, בעת אַזאַ „זביורקע", האָט ער זיך אַזוי צעדרשנט אויפן חשבון פון ייִדן, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן אַלע גרענעצן הגם די אוידיטאָריע זיינע איז באַ־שטאַנען פון 80 פּראָצענט ייִדן לגבי פּאַליאַקן. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן זיין שיכורע צונג.

די „זביורקע" איז געשטאַנען אויסגעשטעלט ווי אַ „ח" און ער אין צענטער.

— נו, וואָס זאָגט איר, פּאַנאָוויע? — איז ער אַרויסגעפּאָרן מיט זיין שיכורן קול, — ווי געפעלט אייך עפּעס דער באָלשעוויסטישער „גן־עדן"? איר האָט דאָך אין פוילן שטאַרק געבענקט נאָכן דאָזיקן „גן־עדן"... נו, האָט איר אים דאָ, דעם „גן־עדן"... האָ, וואָס זאָגט איר, פּאַנאָוויע?...

ס'איז קיינער פון די ייִדן נישט אַריין אין קיין דיסקוסיע מיט דעם שיכורן אַנטיסעמיט. אָט אַז ער פלוידערט, זאָל ער פלוידערן. ס'איז נאָר געווען זיין גליק, וואָס די פוילישע אַרמיי איז געווען איזאָלירט. ווען אויפן באַרג וואָלט געווען אַן אויער פון אַן „נ.ק.וו.ד.'יסט", וואָלט ער טייער באַצאָלט פאַר אַזאַ דרשה...

אַמאָל ווידער פלעגט דער זעלבער „כאָראַנזשי" ווערן כלומרשט „סענטי־מענטאַל" אין זיין דרשה פאַרן עולם אויף דער „זביורקע".

— איר דאַרפט זיך אַלע האַלטן ווי מענטשן... — פלעגט ער אַרויסזאָגן זיינע „טיראַדעס". — אין גיכן וועלן מיר פאַרלאָזן די דאָזיקע פאַרשאָלטענע ערד און מיר וועלן אַרויסגיין אין דער פרייער וועלט. איר מוזט, פּאַנאָוויע, שעצן די פוילישע אַרמיי, איר מוזט זיין דיסציפּלינירט. מיר מוזן אַזוי אויסדויערן ביז מיר וועלן צוריקקומען, פּאַנאָוויע, צו אונדזער טייערער און ליבער „אָיטשיזנאַ" (פּאָטערלאַנד).

טאַקע נאָר אַ האָפּענונגסלאָזער שיכור האָט געקאָנט אַזוי דרשנען. ער האָט דאָך ווייל געוווּסט, דער שיכור, אַז 80 פּראָצענט צוהערער פון זיין אוידיטאָריע — די יידן! — האָבן שוין באַקומען פון דער מיליטעריש־מעדיצינישער קאָמיסיע, ווו עס זיצן אַזעלכע אַנטיסעמיטן ווי ער, דעם אורטייל: „ניעזדאָלני דאָ סלוזשבי וואָיסקאָוועי״...

## 45

## די ערד איז תמיד גאַסטפריינטלעך...

ס'איז שוין געווען מערץ. איבער די אוזבעקישע סטעפּעס האָבן געבלאָזן וואַרעמע ווינטן. די זון האָט מאַמעדיק געוואַרעמט פון דעם בלוי־דורכזיכטיקן הימל. אַזוי ווי אַ טרייסט איז זי געקומען צו די מענטשן אויפן „באַרג פון טויט״...

ס'איז זייער שנעל אויסגעטריקנט געוואָרן די ערד פון אירע ווינטערדיקע פייכטקייטן. אויפן באַרג האָבן זיך דאָ־דאָרט באַוויזן נייע שפּראָצונגען, יונגע גרינע גרעזלעך. די נעכט זענען אויך געוואָרן וואַרעמער. נישט נויטיק געווען שוין צו זוכן אַ נאַכטלעגער אין שטעטל. עס האָט זיך איצט גוט געשלאָפן אין דעם לייוונטענעם געצעלט.

אין איינעם אַזאַ זוניקן טאָג האָט זיך כמעט דער גאַנצער עולם פון באַרג אַראָפּגעלאָזט אונטן צום טייך. דער ברעג איז באַלאַגערט געוואָרן פון די פאַרוואָרלאָזטע גופים. יידן האָבן זיך געלאָזט וווּיל־גיין. ווער ס'האָט זיך נאַקעטערהייט געלויזט; ווער ס'איז אַריין אין שטראָמיקן וואַסער זיך באָדן און זיך אָפּפרישן פונעם אָנגעזאַמלטן שמוץ; ווער עס האָט געוואַשן זיין וועש — דאָס איינציקע פּאָרל וועש... ווער נאָר אַ העמד, ווער קאַלעסאָנעס, ווער פיס־אָניצעס, ווער אַ כמו־האַנטעכל. וואָס איינער האָט פאַרמאָגט אויף זיך אָדער אין זיין רוקזאַק־„גאַרדעראָב״. די וועש איז ביי אַלעמען געווען אַזוי ברודיק־שוואַרץ, ווי שמאַטעס פון אַ מיסט־קאַסטן. דאָס געוואַשענע האָט מען אויסגעלייגט אויפן גראָז צו טריקענען אויף דער זון. די, וואָס האָבן געהאַט נאָר דאָס איינע שמאַטעוואַטע העמד, האָבן עס באַלד געקאָנט צוריק אָנטאָן. די זון איז היינט געווען מיט חסד צו די קרועבלויהניקעס און האָט אַלצדינג זייער שנעל אויסגעטריקנט.

ווען נישט די האַסטיקע טייך־כוואַליעס, וועלכע האָבן שנעל פאַרטראָגן דעם שמוץ פון די פאַרוואָרלאָזטע הפקרע גופים, וואָלט זיכער געעקלט אַריינצוגיין אין וואַסער.

באַוועג איך זיך אויך אין די שטראָמיקע כוואַליעס. זיי רייסן ממש, זיי

צ׳ען אין דער ווייטעניש, צווישן די ווייטע בערג. עס לאָקט אַזוי אויסצושפּרייטן די אָרעמס און אַוועקשווימען, אַוועקשווימען... אפשר וואָלטן זיי געקאָנט, די כוואַליעס, אַזוי־אַרום פאַרשלעפּן אַהין, אַהין אין די מרחקים? אין אַן אַנדער וועלט? — — — — — — —

אַ גאַנצן טאָג זענען מענטשן געלעגן ביים וואַסער. עס האָט אַלעמען ווי צו־געשמידט.

פאַרנאַכטלעך צעקריכט זיך דער עולם איבערן שטעטל, איבערן באַזאַר. געווען שוין טעג, ווען אויך אויפן באַרג האָט פאַרפעלט ברויט. אַנשטאָט ברויט גיט מען „סוכאַרעס״, וואָס מאַכן נישט זאַט. ס׳האָט זיך בכלל פאַרערגערט אונ־דזער אַפּראָוויזאַציע און מענטשן הונגערן אונטער אַ ביסל. זוכט מען אויפן באַזאַר עפּעס צו קייען. נישטערט מען אויס אין שטעטל גופא מיליטערישע „קאָ־מענדעס״, וואַרשטאַטן און מען „פּאַזשיוויעט״ זיך ביי באַקאַנטע זעלנער. די, וואָס האָבן די ערשטע צייט זיך געקליגלט און זיך פאַרשריבן אין צוויי בריגאַדעס, זענען שוין איצט קנאַפּע אויפטוערס. אַז עס פעלט שוין אויס ברויט, איז מען שוין קאַרגער און פאַרזיכטיקער ביים אויסטיילן.

און אַז מיר איז געוואָרן ערגער, זוך איך אויך אַ הילף. גיי איך איין נאָכ־מיטאָג ווידער הינטערן שטעטל צום מיליטערישן לאַגער — צו מיינע לאַגער־פריינט. געזען זיך דאָרט מיט באַקאַנטע. מ׳האָט מיך דאָרט מכבד געווען און זאַט געמאַכט.

דער „כאַראַנזשי״ קורלאַנדסקי האָט מיך פאַרן אַוועקגיין אָפּגערופן אַן אַ זייט, הינטערן בערגל, און מיר אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט? איר זענט דאָך איצט אין אַזאַ מעמד... ווילן מיר אייך „אויס־באָרגן״ צוויי הונדערט רובל...

די באַנקנאָטן האָט ער שוין געהאַלטן גרייט אין דער האַנט און האָט עס מיר שנעל דערלאַנגט פון אונטן, עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, אַזוי ווי מ׳גיט קצבה, כדי נישט צו פאַרשעמען דעם מקבל...

די דאָזיקע קורצע סצענע האָט מיך שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן. אַ באַ־קאַנטער נוסח: „אויסבאָרגן״... צו וואָס כ׳בין דערגאַנגען!...

כ׳האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און זיך פלוצלונג צעהעשעט.

דער איידעלער קורלאַנדסקי האָט מיך אָנגענומען ביים אַקסל:

— באַרו׳קט זיך... מיר זענען אַלע דאָך געווען אין אַזאַ מעמד ווי איר... איצט פעלט אונדז קיינעם נישט קיין פּאָר רובל. פאַרוואָס זשע זאָלט איר ביי אונדז נישט נעמען אַזאַ קליינע הלוואה? ס׳איז דאָך נישט מער ווי אַ הלוואה... מיר וועלן זיך טרעפן אין וואַרשע, וועט איר אָפּגעבן דעם חוב...

איך האָב געשטומט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין מוט אים עפּעס צו זאָגן, צו ענטפערן. דער גומען איז מיר ווי פאַרגליווערט געוואָרן. כ׳האָב זיך מיט אים שווייגנדיק און כמעט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געזעגנט...

די צוויי הונדערט רובל האָבן מיך „געשטעלט אויף די פיס״: קודם־כל האָב איך געקויפט אויפן באַזאַר אַ פּאָר געניצטע שיך פאַר 70 רובל. לעדערנע אַרבעט־שיך מיט שנוראָוואַדלעס, נאָך אין נישקשהדיקן מצב. מיינע זענען שוין כלל נישט געווען צום טראָגן. נאָך אַ רעגן — און רעגנס האָבן דאָך אין דער צייט נישט געפעלט — פלעגן זיי פול ווערן מיט וואַסער און ביים גיין פלעגן זיי ממש פייפן. די דאָזיקע „מוזיק״ האָט מיך שרעקלעך דערנערווירט. שוין נישט רײדנדיק דער־פון, וואָס די פיס האָבן פשוט געפוילט אין פייכטקייט. אַ חוץ דעם פלעג איך אויפן באַזאַר יעדן טאָג אויך אין זינען האָבן דעם חומר: פלעג זיך „פונדעווען״ אַ „לעפּ־יאָשקע״, מילך, אַ פּיאַלע קאַטיק. מען מוז דאָך האָבן אין זינען די ווייטערדיקע טעג, ווען כ׳וועל עס נישט האָבן. מען לעבט דאָך נאָר מיטן טאָג, מיט דער שעה...

***

די וואַרעמע וועטערן האָבן נישט גורם געווען קיין פאַרקלענערונג פון די טויטן אויפן „באַרג פון טויט״. ווי תמיד פלעגט דורך דער נאַכט אויסוואַקסן אויפן ראַנד פון באַרג אַ שורה בר־מיננס. דער טיפּוס און די בלוטיקע דעזינטע־ריע האָבן געשניטן ווי מיט אַ קאָסע... נישט נאָר אויפן באַרג, נאָר אויך ערגעץ אַנדערש — אין די מיליטערישע פאַרמאַציעס, אין שפּיטאָל, אין „טשאַיכאַנאַ״... דער עיקר האָט דער טויט געווילדעוועט צווישן די פּליטים — וווּ נאָר ער האָט זיי געפּאַקט: אין קאַלכאָזן, אויף די וועגן הינטערן שטעטל, אין „טשאַיכאַנאַ״, הינטער די ווענט פון קיביטקעס, הינטער פּלויטן, אונטערן פרייען הימל, אין הפקר — — — — — —

אומעטום פלעגן זיי שטאַרבן די פּליטים. ווי די פליגן זענען זיי געפאַלן...

די שפּיטאָלן זענען געווען איבערפולט — סיי דער מיליטערישער, סיי דער ציווילער.

אויפן מענטש פון נע־ונד האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט. קיינעם, קיינעם האָט נישט אינטערעסירט זיין גורל. אַפילו בעת ער איז שוין אומגעקראָכן מיט אַ מחלה, מיט די לעצטע כוחות, פלעגט מען אים אַפילו נישט שטענדיק אין אַ שפּי־טאָל אויפנעמען. „נישטאָ קיין פרייע בעטלעך״... — פלעגט ער הערן ביים טויער פון שפּיטאָל. אַפילו ווו צו שטאַרבן האָט ער נישט געהאַט... פלעגט ער אויסזוכן דעם ערשטן־בעסטן פּאַרקאַן און אַ פאַל טאָן — — — — —

אַמאָל פלעגט אַזאַ איינער ביז אַ פּאַרקאַן שוין נישט קאָנען דערציִען. עס האָבן קיין כוחות שוין נישט געקלעקט... פלעגט ער פאַלן אין מיטן וועג...

אַזוי גיי איך איין טאָג אַראָפּ פון באַרג און באַמערק אויפן ראַנד פון עפּעס אַ קאַנאַווע אַ רעדל מענטשן. כ׳גיי צו און דערזע: אויפן שפּוּע ליגט אַ מענטש — אַ מענטש אינם הולך פון אַן אונדזעריקן, אַ פּליט. שוין מיט שוואַכע סימנים פון לעבן. פאַרוואָרפן דער קאָפּ, צעשפּרייט די פיס מיט די צעשאָסענע „קאָרדאָווע״ לאַגער־שיך אויף זיי... דאָס געלבלעכע פּנים רעדט פון טויט...

איינער פון רעדל גיט אים אַ טאָרע מיטן פוס און רופט אויס:

— ער לעבט נאָך...

אַזוי טאָרעט מען מיטן פוס אַ געפּגרטע הפקרע באַשעפעניש — אַ קאַץ, אַ הונט — ווען מען גייט עס פּרוּוון, צי עס זשיפּעט נאָך...

יאָ, ער לעבט נאָך, דער מענטש. זיין ברעם באַוועגט זיך נאָך לייכט, קוים, קוים. די ליפּן ציטערן שוואַך. צי איז ער ביים באַוווסטזיין? צי וויל ער עפּעס זאָגן אין זיינע לעצטע רגעס?...

איך בויג זיך אַראָפּ איבער אים, פרעג אים עפּעס — יענער רעאַגירט נישט. קיין ריר, קיין באַוועג. שטום.

עולם צעגייט זיך. דער מענטש אין גסיסה בלייבט איבער אַליין איבער דער קאַנאַווע.

איך קוק זיך אַרום — איך זוך אַ מיליציאָנער. אפשר וואָלט ער געזען מ׳זאָל אים פון דאַנען נעמען אין אַ שפּיטאָל. נישטאָ. איך זע קיינעם נישט.

און דער מענטש אין גסיסה ליגט ווייטער איינער אַליין, אונטערן פרייען הימל. איצט איז פאַר אים אין ערגעץ קיין אָרט נישטאָ. אַז ער וועט שטאַרבן, וועט קומען אַ וואָגן און וועט אים צונעמען פון דאַנען. דאַן וועט ער שוין האָבן אַן אָרט: די גוטע ערד, די מאַמע־ערד, איז תמיד גאַסטפריינטלעך פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען — — — — —

## 46

## ווען נישט דער רעגן!

די „סטאַציאַ זבאַרנאַ״ האָט זיך איבערגעפּעקלט אויף אַן אַנדער פּלאַץ — אויף הינטערן שטעטל. שוין ווייטער אַ ביסל. אַנטקעגן דעם אייזנבאַן־וועג. מיר זענען פּטור געוואָרן פון די לייוונטענע געצעלטן. דאָ אויפן נייעם פּלאַץ האָבן מיר געהאַט געביידעס. גרויסע געביידעס, וואָס האָבן אַפּנים געפּוסטעוועט.

אונדזער עולם האָט זיך בהרחבהדיק צעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און זיך מחיה געווען: אונטער אַ דאַך!

דאָ האָט מען שטאַרקער געקעמפט קעגן טיפוס. מ׳האָט געמאַכט איטלעכן אַנטי־טיפוס־אינזשעקציאָנען. מ׳האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט דער סאַניטאַרער אויפזיכט איבער די מענטשן, אָפטער אונדז געפירט אין באָד אַריין. יעדן טאָג האָבן „דעזשורנעס״ געריייניקט די באַראַקן. מ׳האָט געטאָן וואָס מ׳האָט געקאָנט אין אַזעלכע באַדינגונגען. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען פלעגט מען אויך דאָ אין דער פרי געפינען אַ שורה טויטע הינטער אַ וואַנט פון אַזאַ געביידע.

פון דאַנען איז שוין שווערער געווען זיך אָפּצוגנבענען אין שטאָט אַריין. פּוי־לישע זשאַנדאַרן האָבן געניִשטערט אויף די וועגן און מ׳פלעגט פאַרהאַלטן די מענטשן. שוין געווען אַ שטרענגע וואַרענונג, אַז פאַר אַוועקגיין אין שטאָט אָן אַ „פּשעפּוסטקע״ וועט מען אויסגעשלאָסן ווערן פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ״. די „פּשעפּוסטקעס״ פלעגט אַרויסגעבן דער „כאַראַנזשי״. דאָס איז נישט אָנגעקומען אַזוי שווער; אָבער אַלע טאָג פלעגט ער עס נישט טאָן.

נאָך געציילטע זוניקע טעג איז ווידער געוואָרן רעגנדיק אין דעם ווילדן קלימאַט. אַזוי רעגנדיק און בלאָטיק, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט עטלעכע טעג אַרויסגיין אויף די וועגן. אָבער עפּעס זיך קויפן צום עסן האָט מען געקאָנט ביי די איינוווינער דערנעבן.

אַז איין טאָג האָט דער רעגן נאָכגעלאָזט האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט, שוין מיט אַ „פּשעפּוסטקע״, אין פּולק אַריין צו מיינע לאַגער־פריינט.

געטראָפן דאָרט אַן אמתדיק יאַרידל: מען פּאַקט זיך שוין אין וועג אַריין! מיינע פריינט האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ טענה:

— ווו זענט איר נעכטן געווען? פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען? יעדער אָפיציר קאָן צושרייבן אַ ציווילן קרוב און אים מיטנעמען. מ׳האָט נישט געוווסט אייערע פערסאָנאַליען. איצט איז שוין פאַרפאַלן. די אַלע רשימות זענען שוין אַוועק צום באַשטעטיקן אין דער „נ.ק.וו.ד.״.

דאָס האַרץ אין מיר האָט שיער נישט געפּלאַצט פאַר עגמת־נפש...

— אפשר קאָן מען נאָך עפּעס ראַטעווען? — פרעג איך מיינע פריינט.

— ווען? נישטאָ שוין ווען. שוין מאָרגן פאָרן מיר.

— שוין מאָרגן?

— דאָס וואָס איר הערט.

דער פאַרשאָלטענער רעגן! ווען נישט דער רעגן, וואָלט איך דאָ זיכער גע־ווען מיט אַ פּאָר טעג צוריק. און אַלץ וואָלט גוט געווען. נאָך ווי גוט! אָבער מעשה־שטן... ווער האָט עס געקאָנט פאָרויסזען?

— אפשר איז פאַרט מעגלעך אַ צוגאָב־ליסטע? — פרעג איך מיט ווייטיק — איך וואָלט אַליין אַוועקגעטראָגן די פּאַפּירן ווו מען דאַרף.

— רעדט נישט קיין שטותים. וועה? ווו? נישטאָ איצט צו וועמען צו ריידן. דער שטאָב אַליין דערליידיקט אַזעלכע זאַכן. אַ פאַרפאַלענע זאַך.

איך באַגעגן דאָ טאַקע זיך אַרומדרייען עטלעכע ציווילע מענטשן, וועלכע זענען צוגעשריבן געוואָרן ווי קרובים פון מיליטער־לייט, און זיי וואַרטן שוין דאָ ביז מאָרגן — צום פאָרן!

נישט באַשערט געווען. נישט באַשערט געווען צו פיבערן גלייך מיט די מענטשן דאָ אינעם רייזע־פיבער. ווי גוט וואָלט עס געווען!

קיין פּערסיע! קיין פּערסיע!

אָבער... אַלץ איבערן נאַרישן צופאַל — איבערן רעגן! ווי אַלץ וואָלט שוין איצט ביי מיר אַנדערש געווען... אַנדערש, אַנדערש...

אַלע זעלנער פאַראַדירן אין שפּאָגל־נייער ענגלישער הלבשה. די אַלטע זאַכן האָט מען ביי זיי צוגענומען. קיין זאַכן, קיין חפצים, קיין געלט טאָר קיינער נישט מיטנעמען. אַזוי זענען די פאַרשריפטן פאַר דער נסיעה. איך זע דערנעבן הינטערן בערגל זיך וואַלגערן אַ סך שמאַכטעס, וואָס די זעלנער האָבן אַרויסגעשמיסן. די בעסערע זאַכן האָבן שוין אפנים ציווילע פאַרבייגייער דערשנאַפּט און צוגענומען. גאָר גוטע זאַכן, ווי: שיך, ציוויל־אַנציגער, מאַנטלען האָבן די זעלנער פאַרשאַכערט אויפן באַזאַר אָדער צווישן די ציווילע, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום. זיי האָבן עס פאַרשאַכערט ביליק, אַבי פטור, ליקווידירט. פאַרן געלט האָבן זיי זיך אָנגעקויפט אויפן וועג אוריוק, „קיש־מיש״, ווייַן. אַנדערע, זע איך, דרייען זיך שוין באַצייטנס אום אַ ביסל בגילופין...

איז עס נישט קיין יום־טוב? נאָך וואָס פאַר אַ יום־טוב! אַז מאָרגן פרי פאָרן זיי שוין! מאָרגן נעמט זיי צו אַן עשאַלאָן קיין קראַסנאָוואָדסק, צום קאַספּישן ים.

— קיין איראַן! איז פאַרוואָס טאַקע נישט מאַכן אַ כוסה לכבוד אַזאַ שמחה?

עס קומט פאַר מיר אַ שטיקל סיורפּריז:

מיין לאַגער־פריינט פרידמאַן רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט און זאָגט מיר בלחש:

— איר ווייסט דאָך, מיר טאָרן קיין רוסיש געלט נישט מיטנעמען מיט זיך. ס'איז זייער אַ שטרענגע קאָנטראָל. כ'האָב מיר שוין איינגעקויפט וואָס איך דאַרף אויפן וועג און מיר איז נאָך געבליבן אַ ביסל געלט. וויל איך עס אייך איבערלאָזן. אם ירצה השם נאָך דער מלחמה וועט איר מיר עס אָפּגעבן אין וואַרשע...

און ער נעמט מיר גלייך אויסציילן 500 רובל.

ווידער, הייסט עס, אַ „הלוואה״... אָבער פרידמאַן האָט צו דער „הלוואה״

געמאַכט אַ קליגערע „אינטראָדוקציע" און עס האָט מיך גאָר נישט שאָקירט. אַגב האָט ער טאַקע איצט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיטן געלט.

— כ'וועל אייך אומבאַדינגט אומקערן דעם חוב. — זאָג איך. — לאָמיר נאָר, טייערער פריינט, בשלום אָנקומען קיין וואַרשע...

— הלוואי! — רופט אויס פרידמאַן מיט אַ טרער אין אויג.

איך פאַל אַריין אין סענטימענטאַלקייט:

— ווי עס זאָל נישט זיין, — זאָג איך אים ווייטער, — אין מיין לעבן וועט איר פיגורירן ווי אַן אמתער פריינט און גואל: איר האָט מיר אין לאַגער געהאָלפן איך זאָל קאָנען אויסהאַלטן די פינצטערע פּלאָגענישן, און אויך איצטער אין מיין נויט זענט איר געקומען מיט אייער הילף. טאַקע אמת, אַז אמתע פריינט דערקענט מען אין נויט.

— שאַט! — כאַפּט זיך פרידמאַן אין אַ ווײַלע אַרום, — איינער אַן אונדזע־ריקער פאַרקויפט אַ פוטער. ער האָט אים נאָך פון פוילן. איר קאָנט אים קויפן זייער ביליק. וואַרט נאָר אַ ווייל.

און באַלד גייט ער אַוועק פון מיר אויף עטלעכע מינוט און קומט צוגיין מיט נאָך אַ זעלנער. יענער האָט געבראַכט אַ שוואַרצן פוטער מיט אַ פּאָקענעם קאָלנער. דער פוטער איז נישט געווען פון געהויבענע פעלכלעך, אָבער דאָך אַ פוטער, אַ פּוילישער פוטער.

— וויפל? — פרעג איך.

— גיט פערציק רובל און נעמט אים צו. נישט באַוויזן צו גיין מיט אים אויפן באַזאַר. אייער גליק.

— באַצאָלט! — זאָגט מיר פרידמאַן באַפעלעריש. — באַצאָלט און טוט אים גלייך אָן אויף זיך.

באַצאָל איך, נישט קלערנדיק קיין סך.

איך צי טאַקע באַלד אַרויף אויף זיך דעם פוטער — פונקט אויף מיין מאָס. ווער האָט עס דאָ געקאָנט טראַכטן וועגן אַזאַ מלבוש? עפּעס צו גוט פאַר מיר.

— שטייט נאָך דאָ אַ ווײַלע, — זאָגט ווייטער פרידמאַן. — כ'קום באַלד צוריק.

איך זע באַלד ווי ער שלעפּט עפּעס אַ קעסטל.

— נאַט! — זאָגט ער מיר. — דאָ האָט איר מיין אַלטע קעסטל. איך האָב מיר איינגעהאַנדלט פאַר זיך אַ בעסערן טשעמאָדאַן. עס פּאַסט דאָך עפּעס נישט צו פאָרן קיין אויסלאַנד מיט אַזאַ רוסישן אַלטן „גראַט". אַגב, אין קעסטל וועט איר אויך געפינען אַ פּאָרל וועש, אַ האַנטוך, אַניצעס. פאַרניצט עס געזונטערהייט!

איך האָב אים געדריקט די האַנט:

— הלוואי זאָל איך אייך קאָנען אין גיכן אָפּדאַנקען...

— אָבער נאָר אין וואַרשע...

— אומבאַדינגט! אין וואַרשע, נאָר אין וואַרשע...

איך האָב זיך לסוף געזעגנט מיט פרידמאַנען. זיך האַרציק צעקושט מיט אים ווי מיט אַן אמתן ברודער.

כ׳בין אַוועק פון אים אַ פּאַלנער גביר: מיט מזומן אין קעשענע (ווען האָב איך דאָ פאַרמאָגט אַזאַ סומע?), מיט אַ קעסטל וועש, מיט אַ פוטער אויף זיך. איך האָב זיך ממש געשעמט אַריינצוקומען אַזוי אין מיין באַראַק אויף דער „סטאַציאַ זבאַרנאַ״...

ווי אומגעריכט, ווי אויסטערליש זענען די צופאַלן מיינע — די גוטע ווי די שלעכטע — אין דעם סאָוועטישן גלות! — — —

אין די גוטע צופאַלן פלעג איך זען ווי אַן „אצבע אלהים״, ווי עפּעס אַ געהיימע האַנט, וואָס שטרעקט זיך אויס צו מיר און לאָזט מיך נישט פאַלן אין אָפּגרונט — — —

גוט, וואָס עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. אַז כ׳וועל קומען, וועט שוין זיין טונקל.

כ׳בין פּאַמעלעך געקראָכן מיט די פעלדער, לענג־אויס דעם באַן־וועג, ביז איך בין צוגעקומען צו דער „סטאַציאַ זבאַרנאַ״ און אַריין אין מיין באַראַק. מיין חבר און די שכנים אויף דער פּאָדלאָגע האָבן מיך אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אָפּלען. אַ סענסאַציע ממש...

עס שיטן זיך פראַגן פון אַלע זייטן:

— האַ? וואָס איז דאָס? פון וואַנען? אַ בורזשוי געוואָרן?...

— פון וואַנען קומט איר עס? פון „זאַגראַניצע״?...

איך האָב זיך פאַר אַלעמען פאַרענטפערט, אַז כ׳בין „גאָט די נשמה שולדיק״...

און שוין די ערשטע נאַכט האָט מיר דער פוטער געדינט ווי אַ גוטע ווייכע קישן. צודעקן זיך מיט אים האָב איך מורא געהאַט: מ׳וואָלט אים זיכער צוגעגנבעט פון מיר. עס וואָלטן זיך שוין געפונען בעלנים.

צומאָרגנס אין דער פרי האָבן מיר — די גאַנצע „סטאַציאַ זבאַרנאַ״ — געזען אַנטקעגן אויף דעם אייזנבאַן־וועג דעם לאַנגן מיליטערישן עשאַלאָן: דאָס פאָרט אַוועק דער פּולק קיין איראַן. אין די אָפענע טירן פון די וואַגאָנעס זענען געשטאַנען די פּוילישע זעלנער. אַלע מיט שיינענדיקע פּנימער. אַלע אונדזעריקע באַגלייטן דעם צוג מיט אויגן פול קנאה:

— אָט גליקלעכע!

— בר־מזלס!

— זיי ווערן שוין פטור פון די צרות.

— זיי ווערן שוין אויסגעלייזט פון דעם „גליקלעכן היימלאַנד"...

אַט דערזע איך אין איין וואַגאָן־טיר באַקאַנטע פּנימער. אַט איז אויך פרידמאַן. ער פאָכעט צו מיר מיט אַ טיכעלע. איך פאָכע צוריק מיט ביידע הענט. אַלע, אַלע פאָכען מיט די הענט:

— דאָ ווידזעניאַ וו׳וואַרשאַוויע! (צום ווידערזען אין וואַרשע!).

— דאָ ווידזעניאַ וו׳פּאָלסצע! (צום ווידערזען אין פּוילן!).

און איינער שיקט נאָך אַן אַנדער ווונטש:

— דאָ ווידזעניאַ וו׳פּאַלעסטיניע!

און נאָך איינער פאַרבעסערט און שרייט איבער:

— לשנה הבאה בירושלים!!!

דער עשאַלאָן פאַרשווינדט אין דער ווייטקייט.

לאַנג בין איך געשטאַנען מיט פאַרשטאַרטע בליקן אין דער ריכטונג פון עשאַלאָן. עס האָט אַזוי באַנג געטאָן: ווען איך וואָלט געווען מיט אַ באַזוך אין פּולק מיט אַ פּאָר טעג פריִער, אַפילו נאָר מיט איין טאָג, וואָלט איך דאָך געווען אַ געראַטעוועטער. איך וואָלט דאָך איצט אויך געזעסן דאָרט אין איינעם פון יענע וואַגאָנעס...

דער פאַרשאָלטענער רעגן! — — — — — — —

## 47

## ווען פרילינג איז געקומען...

אַפּריל האָט אַ שמייכל געטאָן.

איבערן אוזבעקן־לאַנד האָט זיך צעלויכטן דער פרילינג. העלע, לויטערע טעג. אַ בלויער הימל האָט זיך פאַרצויגן פון אַלע זייטן. געווען שוין טעג, ווען קיין וואָלקנדל איז נישט געווען צו זען אויף דער הימל־בלויקייט.

אויף דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ" האָט מען ליקווידירט דעם לאַגער אין די געביידעס. מ׳האָט זיך איבערגעטראָגן נישט ווייט פון דאָרט אויף אַ פרייען פעלד. מ׳האָט ווידער פאַרלייגט די לייוונטענע געצעלטן; אָבער איצט האָבן זיי נישט גע־שראָקן. אדרבה, איצט איז בעסער אין די לופטיקערע געצעלטן איידער אין די טוכלע דושנע באַראַקן. עס אָטעמט זיך גרינגער. פון די אַרומיקע סטעפּעס פאַר־ווייעט עס מיט פרילינגס־דופטן.

היות ווי דער עולם — דער ייִדישער עולם — איז אַלץ געוואַקסן, ווייל אין

מיליטער האָט מען דאָך קיין ייִדן שוין נישט גענומען, האָבן זיך די מיליטערישע קאָנצעליאַריעס לסוף גענומען מאַכן אָרדענונג. אגב האָבן זיי איצט געהאַט מער צייט: איז דאָך שוין איין פּולק אַוועק קיין איראַן, דער גאַרניזאָן איז קלענער געוואָרן, האָבן זיי געהאַט מער צייט פאַר דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ״. האָט מען גע־זוכט אַ תכלית פאַר אונדזערע מענטשן. מ׳האָט אַלע טאָג גערופן „זביורקעס״ פון אַלעמען, אַלעמען. אויף יעדער „זביורקע״ האָט מען פאַרשריבן פאַכלייט: שוס־טערס, שניידערס, שלאָסערס, עלעקטראָמאָנטערן, בעקערס, שאָפערן. מ׳האָט די אַלע פאַרשריבענע פאַרגעלייגט אַרבעט אין פאַרשיידענע וואַרשטאַטן פאַרן מי־ליטער. אַ סך פאַכלייט האָבן זיך טאַקע געדן אָנגעכאַפּט אָן דעם — קיין צוואַנג איז נישט געווען — אינעם גלויבן, אַז אַזוי אַרום וועלן זיי אפשר קאָנען אַרויס־פאָרן מיט דער אַרמיי קיין איראַן. דערווייל איז נאָר אַרויסגעפאָרן איין פּיעכאָטע־פּולק. עס זענען נאָך געבליבן אַ גאַנצע ריי אַנדערע מיליטערישע פאָרמאַציעס אין גאַרניזאָן און ס׳איז נאָך פאַראַן אַ האָפענונג.

צוליב די דאָזיקע פאַרשרייבונגען אויף אַרבעט איז געוואָרן אַ ביסל שי־טערער; אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט. דער צוג פלעגט איטלעכן טאָג ברענגען אַלץ נייע פּליטים, וועלכע האָבן געזוכט אויסלייזונג אין דער פּוילישער אַרמיי. און ס׳איז שנעל ווידער פול געוואָרן אין די לייוונטענע געצעלטן.

איך מיט מיין וואַנדער־חבר זענען געפאַלן אויף אַזאַ מין געדאַנק: זיך ווענדן דירעקט צום הויפּט־אָפיציר פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ״ — אַ פּאָליאַק, אַ קאַפּי־טאַן. פון צייט־צו־צייט פלעגט ער זיך ווייזן אויף די „זביורקעס״ און פלעגט זאָגן צום עולם אַ פּאָר ווערטער. פון זיינע קורצע רייד האָט אַרויסגעבליצט אַ געוויסע איידלקייט און אינטעליגענץ. כדאי מיט אים אַ רעד צו טאָן.

מיר האָבן אָנגעשריבן אַ גאַנצן מעמאָריאַל צו אים. דערציילט אונדזער גאַנצן יחוס, אַז מיר זענען ייִדישע שרייבער; אַז מיר האָבן דאָ דורכגעמאַכט דעם גאַנצן דערנער־וועג צוזאַמען מיט אַלע פּוילישע בירגער און אַז מיר האָבן דעריבער אַ סך מאַטעריאַל וועגן לעבן פון דער „פּאָלאָניאַ ראַדזיעצקאַ״ (ראַטנפאַרבאַנדישע פּאָלאָניאַ) אאַז״וו. צוליב דעם ווענדן מיר זיך צו אים, אַז ער זאָל אָנווענדן זיין איינפלוס און אונדז העלפן אַרויספאָרן מיט דער פּוילישער אַרמיי קיין אויסלאַנד.

מיר האָבן אָפּגעוואַרט דעם קאַפּיטאַן, ווען ער איז אַריין אין דער פּרימיטי־ווער פאַריקמאַכעריי ביי דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ״. ווי נאָר ער איז פון דאָרט אַרויס, האָבן מיר אים אונטערגעטראָגן דאָס פּאַפּיר. ער איז שטיין געבליבן און איבער־געליינט. ער האָט אונדז גאַנץ דיסקרעט אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק און קורץ אַ זאָג געטאָן:

— דאָבזשע, פּאַנאָוויע! זאָבאַטשימי (גוט, מיינע הערן! מיר וועלן זען).

שפּעטער, בעת אויף די „זביורקעס" פּלעגט מען שוין אָפּצייכענען אין דער רשימה די מענטשן צום צוריקשיקן ערגעץ אין רוסלאַנד, פּלעגט דער קאַפּיטאַן ביים הערן אונדזערע נעמען אַ זאָג טאָן דעם „כאַראָנזשי":

— די דאָזיקע צוויי הערן איבערלאָזן.

האָבן מיר ביידע געלעבט אין פיבערדיקער דערוואַרטונג. אפשר...

און אין דער דאָזיקער בעסערער שטימונג האָב איך מיר שוין געלאָזט וויל־גיין: געלט האָב איך דאָך געהאַט, — האָב איך איינגעהאַנדלט אויפן באַזאַר אַ גוטע נייע פּופּייקע; אַ האָקי־בלוזע, נאָך אַ פּאָר וועש, נאָך אַ האַנטוך, אַ וועלי־סאָפּעד־היטל, אַ געניצטע ראַזיר־מאַשינקע מיט אַ גאַנצער טוץ ראַזיר־מעסערלעך. דעם אַלטן געלאַטעטן בושלאַט מיט דער אַלטער צעשאָסענער פּופּייקע האָב איך פּשוט אַוועקגעשמיסן אויפן פעלד — איך האָב דאָך שוין פאַרמעגט אַ פּוטער, אַ „בורזשואַזן" פּוטער!...

די ניי געקויפטע זאַכן האָב איך שוין איצט געהאַט וווהין אַריינצולייגן — אין סאָוועטישן „טשעמאָדאַן" — אין הילצערנעם גרינלעכן קעסטל, וואָס פרידמאַן האָט מיר איבערגעלאָזט ווי אַ „לעצט־געלט".

אין מיין איצטיקער הלבשה האָב איך צוריקגעקריגן אַ שטיקל מענטשלעך אויסזען. טאַקע נישט ווי אין וואַרשע... אָבער אין סאָוועטישן נוסח האָט עס שוין געהייסן לייטיש אָנגעטאָן. שוין נישט ווי אַ לעצטער גאַסן־וואַגאַבונד...

אויך דאָ, אויפן באַזאַר, זע איך, אַז די אוזבעקן לעבן נישט פון זייער אַרבעט אין די קאָלכאָזן, צי אין די וואַרשטאַטן. זיי האַנדלען אונטער אַלע — ווי אומעטום — מיט וואָס איינער קאָן: מיט פּראָדוקטן, מיט חפצים, מיט מלבושים. מ'קויפט „מציאות" אויפן באַזאַר און מען פאַרקויפט עס וייטער פאַר אַ טאָפּלטן פּרייז צווישן אייגענע, אין די קיביטקעס, אָדער אויפן באַזאַר גופא. אויב מען האָט נישט פאַר וואָס צו קויפן, גנבעט מען ווו מען אַרבעט — און מ'פאַרקויפט... אַלע מסחרן! און ווער עס האָט נישט מיט וואָס, ווער עס קאָן זיך נישט איינאָרדענען, איז אַ שלימזל. פּגרט ער פון הונגער, גייט ער אום נאַקעט און בלויז. טראָגט ער לייוונטענע „טאַפּאַטשקעס" אָנשטאָט שיך.

דאָס גאַנצע לאַנד האַנדלט! ריכטיקער: האַנדלט אונטער. אין דעם „סאָציאַ־ליסטישן" לאַנד נאָך מער ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. דער חילוק איז, וואָס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האַנדלט מען מיט אמתע סחורות און דאָ — מיט אַלטוואַרג, מיט אָפּפאַלעכץ, מיט שימל און קיבעבע... מען האַנדלט מיט אויסגעלייענטע, — אָדער גאָרנישט געלייענטע... — ציטונגען אויף אויפצודרייען מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן. דאָס זעלבע מיט ביכער. אַפילו די בלעטער פון לענינס, פון סטאַלינס ביכער רייסט מען בגנבה און מען פאַרקויפט זיי צום רויכערן... מען

האַנדלט מיט שטיקער גומי, אויסגעשניטענע פון אויטאָמאָביל־רעדער — אויף זוילן און אָבצאַסן. מען האַנדלט מיט פאַרזשאַווערטע נאָדלען, מיט פאַרלעגענע קלעצלעך פאָדים; מיט מאַסיווע טונקעלע שטיקער זאַלץ. מען האַנדלט מיט אַלטע תחתונים, וואָס פאַרמאָגן אין די נאָטן גאַנצענע נעסטן, גאַנצענע מיליאָנען גנידעס. מען האַנדלט מיט פאַרזשאַווערטע שלעסלעך און היימיש־אויסגעאַרבעטע פאַר־מבולדיקע מעסערס. מען האַנדלט מיט ציין־פּולווער, מיט שטיקלעך זייף און נאָך אַנדערע ענלעכע אַנטיקן־אַרטיקלען אין די הונדערטער.

ווייל אַלץ פעלט. קיין זאַך איז נישטאָ. געוועלבער פאַרקויפן עס נישט. אויב עפּעס איז פאַראַן אין אַ „לאַראָק", איז עס נישט פאַרן „נאַראָד" (המון); איז עס פאַר די „יחידי־סגולה"...

אַזוי גייט עס צו אין דעם „מלכות־אביון"...

אין יעדער שטאָט, אין יעדן שטעטל איז פאַראַן אַ „טאָלקוטש", וווּהין עס קומען די בירגער אין די הונדערטער, אין די טויזנטער. אויף די באַזאַרן לעבן זיך אויס אַלע שטעט אין די סאָוועטישע רעפּובליקן. דוכט, אַז מ'דאַרף גאָר נישט קיין פאַרוויילונגען, קיין טעאַטער, קיין לעקציעס, קיין פאַרלעזונגען, קיין שום עניינים פון גייסט — דער „טאָלקוטש" איז אַלץ! דאָ באַגעגנט מען אַ וועלט און דאָ ווילט מען זיך...

## 48

## רייַנדיקע באַגעגענישן

די דערוואַרטונג אויף דער ישועה האָט מיד און מאַט געמאַכט. מיר האָבן ווידער געכאַפּט אַ לויפנדיקן שמועס מיטן קאַפּיטאַן, — האָט ער צוגעזאָגט, אַז בעת עס וועט זיך פאָרמירן אַ צווייטער מיליטערישער עשאַלאָן, וועט ער אונדז האָבן אין זינען. אָבער ווען וועט אָפּגיין אַזאַ עשאַלאָן קיין קראַסנאָוואָדסק אויף צו פאָרן קיין איראַן ווייסט מען נישט. און אויב ער וועט שוין יאָ אָפּגיין, צי וועט מען אונדז טאַקע מיטנעמען? צי וועט דער קאַפּיטאַן האַלטן וואָרט? צי קאָן ער עס אַדורכפירן? עס זענען אַפילו אויך פאַרשפרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז מ'וועט נעמען אין עשאַלאָן נישט נאָר מיליטער, נאָר אויך די מענטשן פון דער „סטאַציאָ זבאָרנאַ", כדי אַרויסצוציִען וואָס מער פוילישע בירגער פון רוסלאַנד. הלוואי! וואָרום וואָס האַלט מען אונדז פאָרט דאָ אַזוי לאַנג נאָך די מעדיציניִשע קאָמי־סיעס? צי בלויז טאַקע מחמת אומאָרדענונג? צוליבן שלעכטן אַפּאַראַט? ווער ווייסט?

מיין קאַסע האָט שוין אָנגעהויבן „טאָגן". שוין אויס מיט מיין „גבירישקייט". אַלע טאָג אויסגאַבן. און אַז עס קומט נישט צו, קומט דאָך אָפּ.

מיין וואַנדער־חבר האָט געקריגן אַרבעט — שוואַרצע אַרבעט — ביי אונדזער פעלד־קיך. מיט עסן איז ער שוין פאַרזאָרגט. אַ חוץ דעם ברענגט ער נאָך אין פּאַלאַטקע אַן אָפּגעשפּאָרטע „פּייקע" ברויט, אַ פּאָר פּאָרציעס פלייש, — און ער מאַכט „מסחר". איך אַליין האָב אים שוין עטלעכע מאָל געגעבן צו לייזן.

איין טאָג, ווען לאַנדיק מיך מקרב זיין, האָט ער מיך גענומען צו טראָגן קוילן פאַר דער פעלד־קיך. האָב איך געשלעפּט אַ זאַק קוילן פון אַ 50 קילאָ פון עפּעס אַ סקלאַד הינטער דער סטאַנציע. אפשר צוויי קילאָמעטער האָב איך געשלעפּט דעם זאַק אויף די פּלייצעס. אַלע צען מינוט לערך פלעג איך מוזן אַראָפּלאָזן דעם זאַק, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. אָבער סוף־כל־סוף האָב איך דערשלעפּט דעם זאַק צו דער פעלד־קיך. דער „קאַשעוואַר" האָט מיר דערפאַר אָנגעגאָסן אַ פול קעסעלע רייז־זופּ מיט אַ פּאָר ביינער אינעווייניק ווי אַ צולאָג. כ'האָב טאַקע געהאַט גענוג צו זופּן דעם טאָג; אָבער צומאָרגנס האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון דער „מציאה": די פּלייצעס האָבן מיר נאָך פון נעכטן געבראָכן.

אָפּנים שווער, זייער שווער צו „מאַכן אַ לעבן" פון פּראַצע אויף דער סאָוועט־טישער ערד — מעג עס זיין ביי פּאָליאַקן.

איינמאָל האָב איך געהאַט אַן אומגעריכטע באַגעגעניש:

איך האָב מיך אומגעדרייט ביים עק שטעטל און זיך נאָכגעפרעגט ווו מען קאָן קויפן אַ „פּייקע" ברויט. מ'זאָגט מיר, אַז מ'קאָן עס זיכער קריגן ביי פּוילישע זעלנער־סאַניטאַרן פון מיליטערישן שפּיטאָל.

און מ'ווייזט מיר אָן אין דער ווייטנס אויף אַ גרופּע מיליטערישע לייוונטענע געצעלטן בשכנות פונעם שפּיטאָל. איך לאָז מיך אַהין און קום צו האַרט צו די געצעלטן. איך שטעק אַריין דעם קאָפּ אין ערשטן־בעסטן געצעלט.

— ראָדאַקו! (לאַנדסמאַן!), — רוף איך צום איינציקן זעלנער, וואָס האָט זיך דאָרט געפּאָרעט ביי זיין געלעגער.

יענער דרייט אויס צו מיר דעם קאָפּ. מיר קוקן זיך אָן. די אויגן ביי ביידן ווערן גרעסער.

— הילסבערג!! — רוף איך אויס אַן איבערראַשטער.

ער האָט מיך אויך דערקענט, און מיר פאַלן צו איינער צום אַנדערן און נעמען זיך אַרום.

— איר זענט דאָ?!

— און איר אויך דאָ?!

דאָס איז געווען דער יידישער אַקטיאָר פון פּוילן מרדכי הילסבערג, אַן

אַפּערעטן־זינגער. מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין ייִדישן אַקטיאָרן־קאָלעקטיוו ביים „אַטדיעל איסקוסטוואַ״, אונטער דער לייטונג פון מאָריס לאַמפּע, אין גראָדנע, אין 1940, פאַר מיין אַרעסט און פאַרשיקונג אין לאַגער. ער, פאַרשטייט זיך, ווי אַן אַקטיאָר, און איך ווי אַ „זאַווליט״ (ליטעראַרישער לייטער) *).

נאָך די ערשטע מינוטן פון העכסטער איבערראַשונג האָט מיך הילסבערג אַנידערגעזעצט אויף זיין בעטל און מיר האָבן זיך אויסדערציילט די הערצער; אויסדערציילט וואָס יעדער איינער פון אונדז האָט איבערגעלעבט זינט מיר האָבן זיך צעשיידט.

— וואָס זשע טוט איר דאָ? וואָס פאַר אַ פונקציע האָט איר דאָ? זיכער שפּילט איר דאָ נישט קיין ייִדיש טעאַטער?...

— איך אַרבעט דאָ אַלס סאַניטאַר. ס׳איז מיר נמאס געוואָרן דאָס בראַ־דיאַגעווען.

זינט יענעם טאָג פלעג איך אָפטער קומען קויפן ברויט ביי הילסבערגן. אַמאָל פלעגט ער מיך מכבד זיין מיט אַ „מענאַזשקע״ (קעסעלע) זופּ אָדער קאַשע; אָבער כ׳האָב געהאַט אַ ווידער־טעם ביים עסן: ס׳האָט זיך פון דער „מענאַזשקע״ געשפּירט דער ספּעציפישער שפּיטאָל־ריח — קאַרבאָל!

— וואָס וועט פון אונדז זיין דער תכלית, הילסבערג?

— מירן פאָרן אין גיכן קיין איראַן.

— אפשר וואָלט איך זיך געקאָנט מיטכאַפּן מיט אייך „אויפן וואָגן״?

— אַ שווערע הלכה. כ׳וועל פּרוּוון איבעררײדן מיט עמיצן.

— אדרבה! טוט עפּעס!

איך האָב אַרויסגעפילט פון זיינע ווערטער, אַז קיין גרויסע האָפענונג קאָן מען אויף אים נישט לייגן. ער קאָן פּשוט נישט. האָט נישט די בויטיקע קאָנטאַקטן.

ביים שפּיטאָל האָב איך איין טאָג געהאַט נאָך אַ באַגעגעניש: געטראָפן דעם ד״ר רעכניץ. ד״ר רעכניץ — אַ ייִד פון סאָסנאָוויץ — איז געווען מיט מיר אין איין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאָמי. ער האָט דאָרט געאַרבעט אין „מעד־פּער־סאָנאַל״ פון „סטאַציאָנאַר״ (שפּיטאָל). אַז כ׳בין דאָרט געלעגן מיט אַ שווערן בויך־טיפוס, האָט ער פאַר מיר אַ סך געטאָן, כדי מיך אַרויסצוררייסן פון דעם טויטס נעגל **).

מיר צעשמועסן זיך. ער אַרבעט דאָ ווי אַ דאָקטער אין פּוילישן מיליטערישן שפּיטאָל און טראָגט אַן אָפיציר־מונדיר.

---

*) זע „קנעכט זענען מיר געווען״, באַנד I.

**) זע „קנעכט זענען מיר געווען״, באַנד II.

— גוט, וואָס איר האַלט זיך. — זאָגט ער מיר. — איר געדענקט אין „סטאַ־ציאָנאַר"? איר זענט דאָך שוין געווען אַ „קאַנדידאַט" אויף יענער וועלט...

— דאָס האָב איך אַ סך אייך צו פאַרדאַנקען.

— און ווי גייט עס אייך אין דער סאָוועטישער „פרייהייט"?...

— פון איין גלות אַרויס, אין דעם אַנדערן אַריין...

— די וועגן פון אונדזער גורל... — באַמערקט ער סענטימענטאַל.

— לאָמיר האָפן, — זאָג איך אים ביים געזעגענען זיך, — אַז די וועגן וועלן אונדז לסוף דערפירן צו אונדזער ציל. דאָרטן, אין קאַמי, האָבן מיר דאָך שוין נישט געגלויבט אין דער אויסלייזונג... איר געדענקט?... איז לאָמיר ווייטער האָפן...

— לאָמיר האָפן... דער עיקר: האַלט זיך! מ'מוז אויסדויערן.

אָן אַנדערש מאָל — נאָך אַ באַגעגעניש ביים שפּיטאָל:

אויך מיט אַן אַקטיאָר. דער אַקטיאָר גינזבערג, דער איידעם פון אַרטיסט שמחה נאַטאַן. ער האָט אומגעשפּאַצירט אין שכנות פון שפּיטאָל ווי אַ רעקאָנוואַלעסצענט נאָך אַ פלעק־טיפוס. ער שטעלט נאָך שוואַך די טריט. זיין פּנים איז אויסגעבלייכט. מען צערעדט זיך, מען דערציילט, מען דערמאָנט די פאַרלוירענע וועלט...



פון אַן אַנדער כאַראַקטער איז געווען מיין טרעפן זיך מיט אַ פען־קאָלעגע — מיטן פּובליציסט בערנאַרד זינגער (רעגניז), דעם מיטאַרבעטער פון דער יידישער און יידיש־פּוילישער פּרעסע אין וואַרשע. בערנאַרד זינגער איז מיר היימיש. מיטגעאַרבעט צוזאַמען מיט אים אין די פּראָפעסיאָנעלע שרייבערישע אינסטאַנצן פון טלאָמאַצקיע 13.

בערנאַרד זינגער האָט אויך דורכגעמאַכט די שבעה מדורי גיהנום פון אַ סאָוועטישן קאָנצלאַגער. נאָך דער אַזוי־גערופענער שיקאָרסקי־אַמנעסטיע האָט ער זיך צוגעטוליעט צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו. איז ער דאָך אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן געווען זייער פּאָפּולער אין פּאָליטישע ספערן, אין סיים און אין סענאַט, און ס'איז געווען נאַטירלעך, וואָס אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע האָט ער געפונען פּראָטעזשירער. מ'האָט אים אָנפאַרטרויט דעם רעסאָרט פאַר יידישע ענינים.

איצט איז בערנאַרד זינגער אין גוזאַר און ער האַלט זיך אויף אין מיליטערישן שטאַב. אַז כ'בין עס געוואָר געוואָרן, האָב איך גענומען אַ „פּשעפּוסטקע" און בין אַוועק צו אים.

אַ האַרציקע באַגעגעניש. דערזעלבער דינאַמישער בערנאַרד זינגער. זיין קאָפּ איז נאָר גרויער געוואָרן. אויף זיין פּנים שפּורן פון די איבערגעלעבטע ענויים קשים אין סאָוועטישן קאָנצלאַגער...

מיר דערציילן זיך אויס אַ ביסל די הערצער.

ער דערציילט מיר ווייטער, אַז ער איז עס איצט אַרויסגעפאָרן, אין שייכות מיט זיין רעסאָרט, איבער אַלע פּונקטן פון פּוילישן מיליטער, כדי צו באַקענען זיך מיטן מצב פון די ייִדן אין דער אַרמיי און אין די „סטאַציאַ זבאָרנאַס".

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווו ליגט די אמתע סיבה, וואָס מ'נעמט מער נישט קיין ייִדן אין דער פּוילישער אַרמיי?

— איר קענט נישט די פּאָליאַקן? אָבער אַ סברה, אַז דאָ האָט שטעקן אַ יד אויך די סאָוועטישע מאַכט. די סאָוועטישע רעגירונג האַלט, אַז די אַלע ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די מערב־געביטן — אַפילו די פּליטים — זענען געוואָרן אויטאָמאַטיש סאָוועטישע בירגער.

— איז עס שוין אַזוי ענדגילטיק?

— דער ענין איז נאָך נישט אויפגעקלערט.

— אָבער די פּוילישע קאָמיסיעס האַנדלען דאָך אויף אייגענער האַנט זיכער נאָר משום אַנטיסעמיטיזם.

— צום באַדויערן, אַזוי איז עס טאַקע. יאָ, אַגב, כ'וועל אייך בעטן צו זאַמלען אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער פּוילישער אַרמיי און מיר עס צושיקן קיין קויבישעוו.

— אדרבה, אַזעלכע אינפאָרמאַציעס וועלן נישט פעלן.

און איך גיב אים גלייך איבער וועגן אַ ריי אַנטיסעמיטישע „בלימלעך" פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ": וועגן די „דרשות" פון „כאָראָנזשי" צו די ייִדן, וועגן דעם אויסמיידן ייִדן ביי צוטיילונגען פון מלבושים וכדומה.

צום סוף ריידן מיר וועגן מיין מצב. אין סך־הכל פון אונדזער שמועס האָט מיך זינגער פאַרזיכערט: ער וועט טאָן פאַר מיר אַלץ וואָס לאָזט זיך נאָר אין קויבישעוו. דער עיקר — וועגן אַרויספאָרן קיין איראַן. אַז מ'זאָל מיך דאָ אַריינ־נעמען אין דער אַרמיי — דאָס איז שוין אַן אוממעגלעכע זאַך, ווייל איך בין שוין געווען אויף קאָמיסיע און ס'איז שוין פאַרפאַלן. פאַראַן אַ רעזאָלוציע: „ניע זדאָלני דאָ סלוזשבי וואָיסקאָוועי". זאָל איך אים שרייבן קיין קויבישעוו. זיין מיט אים אין שריפטלעכן קאָנטאַקט.

אַגב: זינגער האָט געהאַט מיט זיך אַ געוויסן הילפס־פאָנד פאַר ייִדישע איני־טעלעקטואַלן פון פּוילן. אין דער ערשטער ריי פאַר די יעניקע, וועלכע זענען אַרויס פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אָבער פון דעם פאָנד איז אים שוין ווייניק גע־

בליבן. ער האָט דאָך נישט געוווּסט, אַז ער וועט מיך דאָ טרעפן. און ער גיט מיר דערוויַיל נאָר 200 רובל. פון קוּיבישעוו וועט ער מיר שיקן מער געלט.

און שוין. דערמיט האָט זיך געענדיקט די צופעליקע באַגעגעניש, וואָס האָט מיך אַזוי גערירט. האָב איך דאָך אַזוי לאַנג געגאַרט צו טרעפן אַ היימישן, אַ משלנודיקן, אַ מענטשן פון דער שרייבער־משפחה.

די דאָזיקע באַגעגעניש האָט מיך אַ ביסל אויפגעהייטערט. אַ שיין פון האָפענונג האָט אַ בליץ געטאָן פאַר מיינע אויגן.

און דערוויַיל... דערוויַיל האָב איך ווידער אַ פּאָר רובל אין טאַש אויף צו קאָנען זיך „ראַטעווען". דער עיקר איז — צו ראַטעווען זיך פון הונגער, צו דער־האַלטן דעם נפש ביז יענעם טאָג פון גאולה — — —

## 49

## אַ זכר פון פּסח

עס איז שוין נאָענט דער פּסח. דאָס ביסל פרומע ייִדן אין די פּאַלאַטקעס ציילן די טעג. אָט נאָך אַ פּאָר טעג בלויז. מ'רעדט, מ'דערציילט וועגן די סדרים אין דער היים. יעדער דערמאָנט ווי אַזוי אין זיינע ווינקעלעך איז צוגעגאַנגען דער סדר. מען דערמאָנט עס אַלץ מיט בענקעניש, מיט גלאַנצלעך אין די אויגן.

עמיץ ברענגט פון שטאָט אַ קלאַנג, אַז פאַר די ייִדישע זעלנער אין גאַרניזאָן זענען אָנגעקומען מצות פון אַמעריקע; אַז אויך מיר אויף דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ" דאַרפן עס באַקומען.

מען שיקט אַ דעלעגאַציע אין שטאַב, צום פעלד־ראַבינער. אויך איך ווער געוויילט אין דער דעלעגאַציע. אדרבה. איך מיט נאָך איינעם באַקומען ספּעציעלע „פּשעפּוסטקעס" פון „כאָראָנזשי" צום שטאַב.

ס'איז שוין געווען ערב פּסח. מיר קומען אין פּוילישן שטאַב און מעלדן זיך צום פעלד־ראַבינער.

אַ יונגער ברונעטער בחור אין מיליטערישע קליידער, אָבער מיט ישיבה־בחורישע מאַניערן.

— מיר קומען צו אייך פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ" וועגן מצות פאַר די ייִדן.

— האַ, וואָס זאָגט איר? מצות? — פרעגט ער איבער מיט אַ בית־מדרש־ניגון. — לא מיט אַן אלף.

— היתכן? פאַרוואָס עפּעס לא מיט אַן אלף? איר האָט נישט געקריגן קיין מצות פאַרן גאַרניזאָן?

— געקריגן האָבן מיר טאַקע יאָ, אָבער נאָר פאַר די זעלנער ממש. נישט פאַר דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ".

— אמת, קיין זעלנער זענען מיר נישט, אָבער ייִדן זענען מיר.

— טאַקע אמת, כ'זע דאָך, איר זענט ייִדן. אָבער קיין מצות קומט אייך נישט.

— וואָס שייך? ווו האָט איר עס גענומען, אַז אונדז קומט נישט קיין מצות? אין וועלכן שולחן־ערוך? אדרבה, זאָגט אונדז.

— בדליכא איז נישט שייך. אַז מיר האָבן נישט. מיר האָבן באַקומען בלויז פאַר די זעלנער.

— אַמעריקאַנער ייִדן האָבן געשיקט סתם פאר זעלנער. ווען זיי וואָלטן גע־ווּוסט, אַז דאָ איז פאַראַן אויך אַ „סטאַציאַ זבאָרנאַ", וואָלטן זיי אומבאַדינגט אויך דערמאָנט, אַז דאָס זענען אויך מצות פאַר אונדז.

— וואָס טויג אונדז, ייִדן, דער וויכוח? אַז קיין מצות זענען נישטאָ פאַר אַלעמען. דאָ העלפט נישט אַפילו דער שולחן ערוך.

— טאָ גיט אונדז כאָטש אַ ביסל מצות צום סדר אויף אַ ברכה צו מאַכן „על אכילת מצה" און פאַרן אפיקומן... מיר האָבן דאָך פרומע ייִדן אויף דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ".

— אויף זכר ליציאת מצרים וועט איר קריגן. אָבער געדענקט, נאָשט עס נישט אויף פאַרן סדר...

— חס ושלום!

— איז וואַרט זשע אַ ווײַלע.

דער יונגער פעלד־ראַבינער האָט אַרײַנגערופן זײַן אָרדינאַנס און אים גע־הייסן אַרײַנברענגען אַ פּעקל מצות פאַר אונדז.

— אַ יישר כוח אין נאָמען פון אַלע פרומע ייִדן.

— געדענקט, נאָר צום סדר! — האָט ער אונדז נאָכאַמאָל אָנגעזאָגט ביים אַוועקגיין.

— זיכער, זיכער. אַ כשרן יום־טוב אייך!

נישט ווייט פון שטאַב האָט פאַרביימאַרשירט אַ פרויען־אָפּטיילונג פון פּוי־לישן מיליטער. אַ פופציק זעלנערקעס אין מיליטערישע מונדירן און קורצע האַקי־ספּודניצעס, אין פּוילישע „קאָנפעדעראַטקעס" אויף די אונטערגעשווירענע קעפּלעך. זיי מאַרשירן בראַוו. די פרוי־אָפיציר ביי דער זייט חזרט איבער אַלע ווײַלע די קאָמענדע:

— ראַז־דוואַ־טשי! ראַז־דוואַ־טשי!

זיי גייען גוט אין פוס, די יונגע אשת־חיילניצעס; אָבער מענערישע אויגן פון דער זייט קוקן זיך צו מיט אַ געוויסן חוזק. וואַרפט ווער אַריין אַ פעטן וויץ אויפן חשבון פון וויבערשן „וואַיסק״... און אַלע צוקוקערס שמעלצן זיך מיט תאווה־מינעלעך . . .

מיר גייען אַדורך די געסלעך וואָס פאַרן באַזאַר: אויף איין געסל, האַרט ביי די ווענט פון די קיביטקעס — עטלעכע שוסטערס־לאַטוטניקעס אויף נידעריקע קלעצלעך, ביי די וואַרשטאַט־טישלעך, זיי לאַטען מיט דראַטוועס אַלטוואַרג־שיך פון קליִענטן, וועלכע שטייען דערנעבן באָרוויסע און וואַרטן.

איינער פון די שוסטערס ציט צו מיין אויפמערקזאַמקייט. אַן עכט סעמי־טיש פּנים. כאָטש זייער אָפט ברענגען מיך אַריין אין אַ טעות די אוזבעקישע פּנימער מיט די הדרתדיקע בערד, פונדעסטוועגן בין איך דאָס מאָל זיכער, אַז דאָס איז אַ ייִד.

כ׳גיי צו צו אים און בעט אים צוצוקלאַפּן אייזנדלעך אויף מיינע אָפּצאַסן און זויל־שפּיצן: מ׳מוז דאָך שאַנעווען די ניי־געקויפטע שיך.

אין מיטן דער אַרבעט וואַרפט אויף מיר דער אוזבעק בליקן מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן.

— יעוורעי? (אַ ייִד?), — גיט ער מיך פלוצלונג אַ פרעג.

— יעוורעי, יעוורעי — ענטפער איך אַ צופרידענער, וואָס איך האָב טאַקע געטראָפן מיט מיין השערה.

— וויסטו, אַז היינט ביינאַכט אין פסח? — איבערראַשט ער מיך ווידער מיט אַ פראַגע.

— יאָ, איך ווייס, איך ווייס. זעסט? — ווייז איך אים דאָס פעקל מצות.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט ער איבער. — ער קוקט זיך צו צו דער העב־רעיִשער אויפשריפט אויפן פעקל און רופט אויס מיט אויפגעגלאָנצטע אויגן:

— מצות!!

— יאָ, מצות. און איר האָט מצות אויף פסח?

— ניין, — ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכל, אַ ביסל זשענירט.

— פאַרוואָס ניין?

— ווייל ס׳איז זייער טייער.

— קויפט מען וויניקער.

— דיענגי יאָק... (קיין געלט איז נישטאָ...).

— איז דען פאַראַן דאָ וווּ צו קויפן מצות?

— פון וואַנען, אַקאָ? (ברודער). מ׳דאַרף קויפן מעל און אַליין באַקן.

— וועט איר פראַווען דעם סדר אָן מצות? — פרעג איך אים.

— קאַקאַי סדר, אַקאַ? מצות יאָק, פלייש יאַק...

איך זע, אַ קנאַפּער ייִד... אַ פרומער ייִד גיט זיך שוין אַן עצה ווו עס זאָל נישט זיין — אַפילו אין מדבר. אַפילו אַז מען דאַרף אַמאָל באַקן מצה אויף דער זון... וואָרום פון באַקן אויף דער זון שטאַמען דאָך די מצות. יאָ, אַ קנאַפּער ייִד. אָבער ווייסן ווייס ער יאָ, אַז ער שטאַמט פון ייִדן. דערמאָנט ער עס נאָר, בעת ער זעט אַן אַנדער ייִד. ווי היינט, אַ שטייגער.

— און דאַוונען דאַוונט איר אַמאָל, אַקאַ? — פרעג איך אים פאַרן אַוועקגיין פון אים.

— וורעמיאַ יאַק... (נישטאָ קיין צייט...). נאָר יום־כיפור דאַוון איך.

אַ בוכאַרער יום־כיפור־ייִד, הייסט עס.

— און העברעיִש קענט איר? אתה מבין לשון הקודש?

— יאַק... — ענטפערט ער, און אין אַ ווײַלע אַרום פּאַרט ער אַרויס: — שמע ישראל ה׳ אליקנו ה׳ אחד...

ער צעשמייכלט זיך דערביי מיט אַ צעשפּרייטן פּנים, אַנטפּלעקנדיק אַ שורה געזונטע ווייסע ציין.

יאָ, אויך אַזעלכע ייִדן פאַראַן אין אונדזערע צעשפּרייטקייטן.

דערפאַר אָבער אין איינעם פון די איצט ליידיקע באַראַקן אויף דער „סטאַ־ציִאַ זבאַרנאַ" האָבן אונדזערע פּוילישע ייִדן — פרום, צי נישט פרום — יאָ גע־פּראַוועט אַ שטיקל סדר: אויף אַ טיש האָט מען אויסגעשפּרייט עפּעס אַ שטיק ליילעך. געווען אַ קעסעלע אוזבעקישער וויין — כאָטש נישט קיין פּסחדיקער... די געציילטע מצות זענען געלעגן אין צענטער. ס׳האָט זיך געפונען אַ גוטער קידוש־מאַכער, וואָס האָט געמאַכט קידוש מיטן אמתדיק יום־טובדיקן ניגון:

— סברי מרנן ורבנן ורבותי...

דערזעלביקער ייִד איז געווען אויך דער פאַרזאָגער פון דער הגדה. ער האָט געקענט אַ סך שטיקער הגדה אויף אויסווייניק. געווען אַנדערע אונטערזאָגערס. יעדער האָט עפּעס געדענקט. און ס׳איז אַוועק אַ זאָגן און אַ זינגען. די סדר־ניגונים האָבן אָנגעפילט דעם באַראַק. דער עיקר האָבן די ניגונים פון דער הגדה אָנגע־פילט די הערצער...

מ׳האָט איטלעכן צוגעטיילט אַ שטיקל מצה, געגעבן טועם זיין אַ ביסל וויין — אַ זכר פון די ארבע כוסות. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ פּסח־שטימונג. אויב נישט דורך אַן אמתן סדר־טיש, מיט אַ הסבה־בעט, איז כאָטש דורך די דערמאָ־נונגען. דורך די הגדה־ניגונים. עס האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט דעם געזאַנג מיט האַרץ, מיט נשמה. ביי טייל זענען געשטאַנען טרערן אין די אויגן...

עמיצער האָט בעתן זאָגן די הגדה פּאַראַפראַזירט:
— השתא הכא לשנה הבאה בוואַרשע...
עולם האָט אונטערגעכאַפּט:
— לשנה הבאה בלאָדזש!
— לשנה הבאה בלובלין!
— לשנה הבאה בקראָקע!
יעדער איינער פאַר זיין שטאָט...
און אַן אַנדערער האָט זיך געהאַלטן דווקא אין טעקסט פון דער הגדה און האָט אַלעמען איבערגעשריִען:
— לשנה הבאה בירושלים!...
אָבער ביי די אויסרופן האָט אַלעמען באַהערשט אַ נאָגנדיקע בענקעניש, אַן אומעט, ווייל קיינער האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס; קיינער האָט נישט געגלויבט אין דעם, וואָס ער אַליין זאָגט, שרייט אויס. דער „לשנה הבאה" איז געלעגן אין אַ פינצטערן נעפּל — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 50

## „לך לך"...

איין באַגינען, ווען אונדזער עולם אין די לייוונטענע געצעלטן איז נאָך געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט זיך צעליאַרעמט דער טרומייטער פון סיגנאַליסט.
אַן אַליאַרם צו אַ „זביורקע".
מענטשן האָבן זיך אויפגעריסן מיט שלאָף אין די אויגן:
— וואָס איז געשען?
— וואָס פאַר אַ טרעוואָגע?
מ'איז אַרויס פון די געצעלטן, אַ קוק געטאָן רעכטס, לינקס — אַ באַוועגונג פון מיליטער־לייט. מ'האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז די גאַנצע „סטאַציאַ זבאָרנאַ" איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט פון פּוילישע זשאַנדאַרן. אין מיטן פּלאַץ פון די שטענדיקע „זביורקעס" זענען געשטאַנען טישן, אָנגעלייגטע מיט שטויסן פּאַפּירן. מיליטערישע שרייבערלעך האָבן נאָטירט, סעגרעגירט די פּאַפּירן. עס האָבן גע־הילכט גראָבע קולות:
— דאָ זביורקי!
— העי, פּרענדקאָ דאָ זביורקי! (העי, שנעל צונויפזאַמלען זיך!).

דער עולם האָט זיך שנעל אָנגעשטויסן אין וואָס דאָ גייט. די לעצטע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרויסשיקונגען פון די אָנגעזאַמלטע מענטשן, וועלכע זענען צום מיליטער נישט צוגענומען געוואָרן. די „סטאַציאַ זבאָרנאַ" האָט, לויט אַ באַפעל „פון אויבן", פאַר יעדן פרייז געוואָלט לויז ווערן פון איבעריקן באַלאַסט — פון די הונדערטער, הונדערטער „קעסט־קינדער"... אָבער ווען נאָר מ׳פלעגט רופן אַ „זביורקע", פלעגן די מענטשן צערונען ווערן — ווער אין שטאָט, ווער אין די אַרומיקע פעלדער. עס האָט זיך קיינער נישט געוואָלט שיידן מיטן מקום, מיט די פּאַלאַטקעס, מיטן „קעסט"... ס׳האָט שוין איטלעכער געוווּסט, אַז אין רוסלאַנד וועט ער אַזאַ ווינקל נישט געפינען. דאָ האָט מען כאָטש אַ שטיקל אַדרעס, אַ פּיצל זאָרג, אַ ביסל אחריות פאַר די היימלאָזע מענטשן...

אַזוי יעדן טאָג, יעדן טאָג פלעגט מען נעלם ווערן פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ", צעקריכן זיך, און די סיגנאַליסטן האָבן געטרומייטערט אין הפקר אַריין. צוגע־שטעלט האָבן זיך נאָר די פריש־געקומענע, די יעניקע, וואָס זענען נאָך אויף קאָמיסיע נישט געווען. און די דאָזיקע נייע זענען דאָך נישט געווען אויף די רשימות צום משלח זיין. דער „כאַראַנזשי" פלעגט לייענען און אַרויסלייענען פון די רשימות, אָבער קיינער פלעגט זיך נישט אָפּרופן. אַלע ווי אין וואַסער אַריין. האָט ער זיך געוואָרפן און געבייזערט:

— פּשיאַ קרעוו, ווּשיסצי זדעכלי... (הינטיש בלוט, אַלע זענען אויסגעפּגרט געוואָרן...).

איצט אָבער אין באַגינען האָט שוין קיינער נישט געפעלט. דער דאָזיקער „טריק" איז זיי געלונגען.

האָבן זיך אויסגעשטעלט מענטשן צו דער באַגינענדיקער „זביורקע". מענטשן אין די הונדערטער, הונדערטער, אין פּאַראַלעלע לאַנגע שורות פון אַלע פיר זייטן, און געבילדעט אַ קאַסטן. דער „כאַראַנזשי" האָט לויט די רשימות אויסגערופן די נעמען. יעדער אויסגערופענער איז צוגעגאַנגען אין מיטן צו די טישן, ווו מ׳האָט אים דערלאַנגט זיין באַשטעטיקונג, אַז ער איז באַפרייט פון פּוילישן מיליטער מחמת קראַנקייט (קאַטעגאָריע „ע" אָדער „ד"). אַזוי כסדר. אַלעמען, אַלעמען. די פּראָצעדור האָט געדויערט אַ היפּשע צייט. אַוודאי עטלעכע שעה. אַז מ׳איז פאַר־טיק געוואָרן מיטן אַרויסגעבן די דאָקומענטן, האָט מען געגעבן אַ באַפעל, אַז אין משך פון פופצן מינוט מוזן זיך אַלע צונויפזאַמלען אויפן זעלבן פּלאַץ מיט די זאַכן. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ געדראַנג, אַ לויפעניש. נעלם ווערן פונעם פּלאַץ איז שוין נישט מעגלעך געווען: די זשאַנדאַרן זענען געשטאַנען פון אַלע זייטן און האָבן געהיט.

איך האָב אין דער בהלה געזוכט ביי די טישן דעם קאַפּיטאַן, וועלכער האָט

מיר מיט מיין חבר דאָך צוגעזאָגט עפּעס: וועגן איראַן... און ככסדר פלעגט מען דאָך אונדז ביידן ביי אַלע „זביורקעס“ הייסן אָפּשטעלן. אָבער מעשה־שטן האָב איך אים דאָ איצט נישט געזען און ס׳איז נישט געווען צו וועמען צו ריידן.

איך האָב זיך געפּרוּווט ווענדן צום „כאָראַנזשי“, דערמאָנען אים:

— איר ווייסט דאָך... דער הער קאַפּיטאַן... ער האָט דאָך געהייסן מיך אָפּ־שטעלן... מיך מיט מיין חבר... איר האָט פאַרגעסן?...

— ניע ניע וויעם (כ׳ווייס גאָרנישט), — האָט ער זיך פון מיר אויסגעדרייט. מיין גאָט, נישטאָ דער קאַפּיטאַן, — מיין לעצטע האָפענונג...

מיין וואַנדער־חבר האָט אין דעם מאָמענט געהאַט מער מזל פאַר מיר: היות ווי ער האָט דאָך געאַרבעט ביי דער פעלד־קיך, איז ער אַוועק צו דער אַרבעט נאָך פריִער מיט אַ שעה, איידער די „סטאַציאַ זבאָרנאַ“ איז געוואָרן אַרומגערינגלט. — און אַזוי אַרום האָט ער דערוויל אויסגעמיטן דעם „לך לך“... כ׳בין געבליבן, הייסט עס, אַליין, אָן מיין וואַנדער־חבר.

אַ געשלאָסענער קאָרדאָן זשאַנדאַרן האָט אַרומגערינגלט די גאַנצע מחנה און — מאַרש! מאַרש אין דער ריכטונג פון דעם נישט וויטן וואָקזאַל.

עס האָט אויסגעזען ווי אַ מחנה פאַרמשפּטע...

אויך אויפן קליינעם פּלעצל אַרום וואָקזאַל זענען געווען אַ סך זשאַנדאַרן. מ׳האָט אונדז צוגעפירט צו אַ קליינעם עשאַלאָן. נישט קיין עשאַלאָן מיט פּי־וואַגאָנעס, נאָר סתם אַ צוג מיט פּרימיטיווע אַלטע וואַגאָנעס. דער גאַנצער עולם האָט זיך אַריינגעשאָטן אין די וואַגאָנעס. יעדער האָט זיך באַמיט צו פאַרכאַפּן אַ זיץ־פּלאַץ אויף די בענק. אַזוי לאַנג ווי דער צוג איז געשטאַנען, איז ער געווען אַרומגערינגלט פון דער מיליטערישער שמירה, כדי קיינער זאָל פון אינעווייניק נישט אַרויסגיין.

מ׳האָט אַריינגעבראַכט שפּייז אויף אַ פּאָר טעג פאַר אַלעמען — „סוכאָי פּאַ־יאָק“ (טרוקענע פּראָדוקטן): שוואַרצע „סוכאַרעס“, געזויערדזלטע הערינג, ברינדזע. מ׳האָט עס אַלעמען פאַנאַנדערגעטיילט און דער עולם האָט שוין געהאַט וואָס צו טאָן: מ׳האָט געקייט.

אונדזערע „ראַדאַקעס“ האָבן אונדז פאַרזאָרגט, הייסט עס, אויף צוויי טעג. יושר אויף צוויי טעג... און ווייטער? ווייטער? ווער ווייס זיך אַרומקוקן אַרום אונדז נאָך די צוויי טעג? אין דעם נייעם הפקר? — — — — — — —

און דער צוג האָט אַזוי גערירט.

וווּהין פאָרן מיר אייגנטלעך?

עולם האָט גענומען אַריינקוקן אין די פּאַפּירלעך — געשריבן אין פּויליש און אין רוסיש, — וואָס איטלעכער האָט געקריגן פון דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ“.

דאָרט איז אויך אָנגעצייכנט דאָס אָרט, וווּהין פּלוני בן פּלוני פאָרט: טורטקול. דאָס איז עפּעס אַ ביטערער, אַ פאַרוואָרפענער העק ערגעץ אין קאַראַקאַלפּאַקיע, ביים טייך אַמו־דאַריאַ. הינטער די הרי חושך. נישט מ׳האָט אונדז געפרעגט וווּהין מיר ווילן פאָרן. מסתמא האָט עס די סאָוועטישע מאַכט „רעקאָמענדירט" די פּאָליאַקן, צו שיקן אונדזער עולם אין יענעם „גן־עדן". קיינער פון אונדז האָט גאָרנישט בדעה צו פאָרן אַהין. מ׳וואָלט געדאַרפט זיין געזירט פון זינען. אָט דערווייל פאָרט מען, ווייל דער צוג גייט אין דער ריכטונג צו קאַגאַן. פון קאַגאַן דאַרף זיך עס דער צוג פאַרנעמען אין יענער ריכטונג צו יענעם מקום, וואָס הייסט טורטקול.

און אַז דער צוג איז אָנגעקומען קיין קאַגאַן, איז טאַקע מער ווי אַ העלפט מענטשן באַלד אַראָפּ פון די וואַגאָנעס און איז צעקראָכן געוואָרן. מער האָט מען זיי שוין נישט געזען...

דער עשאַלאָן איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויף דער סטאַנציע. אין משך פון טאָג האָבן מיר — עטלעכע מער באַרעכנטע און וויניקער היציקע — זיך נאָכגעפרעגט ביי דער וואָקזאַל־נאַטשאַלסטוואָ וועגן אונדזער עשאַלאָן, און מיר זענען גאָר געוואָר געוואָרן, אַז אונדזער ריכטונג איז גאָרנישט טורטקול — ווי ס׳איז אָנגעגעבן אין אונדזערע פּאַפּירן — נאָר צענטראַל־רוסלאַנד; אַז מיר פאָרן גאָר קיין אָרענבורג (טשקאַלאָוו). דאָס האָט אונדז דווקא אימפּאָנירט, ווייל אַ סך האָבן דערציילט, אַז דאָרט אין טשקאַלאָווער געגנט איז נישט אַזוי צרהדיק מיט ברויט ווי דאָ אין די הונגעריקע שטעט פון די קבצנישע אַזיאַטישע רע־פּובליקן.

ווען נישט די דאָזיקע בייס, וואָלט דער גאַנצער עשאַלאָן געבליבן ליידיק. ווער וואָלט אונדז דען געשטערט צו ווערן האָזן? ס׳איז דאָך נישט געווען קיין אַרעסטאַנטן־עשאַלאָן — אַזוי ווי מ׳האָט אַרויסגעפירט פון גראָדנע און ביאַליס־טאָק... די פּאָליאַקן האָבן נאָר געוואָלט האָבן דאָס ביסל ייִדן וואָס ווייטער פון גוזאַר. נישט מער. מער איז זיי נישט אָנגעגאַנגען. אויף צו פאַרשיקן אונדז ערגעץ האָבן זיי דאָך גאָר קיין מאַכט נישט געהאַט. דאָס איז דאָך שוין דער „מאַנאָפּאָל" פון דער סאָוועטישער מאַכט...

זענען געבליבן אַזוי אַרום אין צוג עטלעכע הונדערט ייִדן צום פאָרן — ייִדן, אָבער קיין איין פּאָליאַק נישט. ווייל פּאָליאַקן זענען דאָך געבליבן אין גוזאַר, אין דער פּוילישער אַרמיי.

ס׳איז געווען אַזוי ווי זיי האָבן געוואָלט און רעזשיסירט, די פּאָליאַקן.

אַזוי האָט דער צוג געצירט אין דער ריכטונג צו טאַשקענט און צו קאַזאַכ־סטאַן, און ווייטער — צו אָרענבורג. אין צוג האָב איך געטראָפן אַ באַקאַנטן —

דעם אַקטיאָר גינזבערג. אויך ער איז געבליבן און איז דעצידירט צו פאָרן קיין טשקאַלאָוו. האַלטן מיר זיך שוין צוזאַמען אין איין וואַגאָן. גינזבערג איז אַן ענערגישער מענטש, אַ מענטש מיט איניציאַטיוו. דאָס האָבן דערפילט אַלע אין וואַגאָן. אויפן לאַנגן וועג איז טאַקע זיין איניציאַטיוו נויטיק געווען. קיינער האָט אונדז מיט גאָרנישט פאַרזאָרגט. פלעגן מיר אַליין מוזן מאַכן באַמיִונגען. ווו נאָר אויף אַ סטאַנציע ס'איז געווען אַ פוילישער פונקט, פלעגט ער אַראָפּגיין — צוזאַמען מיט מיר — אינטערווענירן וועגן שפּייז פאַרן פוילישן עשאַלאָן. אויב ס'איז נישט געווען קיין פוילישער פונקט, פלעגט מען זיך פּרווון ווענדן אין דער באַן־מיליץ, אַמאָל אַפילו אויך צו דער „נ.ק.וו.ד.", אַז אַ „לאַראָק" זאָל אונדז פאַר־קויפן ברויט צו „קאָמערטשעסקי" פּרייזן, אָדער אַז דער בופעט פון וואָקזאַל זאָל אַרויסגעבן אונדזער עולם אַ זופּ. דאָ פלעגט שוין גינזבערג מיך אויסנוצן צו שרייבן „זאַיאַווּלעניעס" אין רוסיש — אַזוי אַז אונדזערע מיטפאָרער האָבן געקוקט אויף גינזבערגן ווי אויפן נישט־געקרוינטן קאָמענדאַנט פון עשאַלאָן און אויף מיר — ווי אויף זיין סעקרעטאַר.

זעלטן האָבן אונדזערע אינטערווענצן געהאַט אַ פעולה. אונדזער עשאַלאָן איז דאָך געווען אַ צופעליקער, אַ „ווילדער". אויף דער גאַנצער טראַסע איז ער ביי דער מאַכט נישט נאָטירט געוואָרן און קיינער האָט וועגן אונדז נישט גע־טראַכט. קיינער האָט אונדז נישט פאַרזאָרגט.

האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון פיינלעכן הונגער. אַזאַ לאַנגער וועג! אַ שטיק אוזבעקיסטאַן, גאַנץ קאַזאַכסטאַן, ביז אָרענבורג! אַ קיימאַ־לן פון אַ דריי טויזנט קילאָמעטער. און דערצו נאָך איז אונדזער עשאַלאָן געקראָכן ווי אַ טשערעפּאַכע. דאָ האָט דעם לאָקאָמאָטיוו געפעלט קוילן, דאָ וואַסער. דאָ איז דער וועג געווען אַ פאַרנומענער און מ'פלעגט מוזן אָפּשטיין גאַנצענע שעהן און אַמאָל טעג גאַנצע אויף פאַרשיידענע קלענערע און גרעסערע סטאַנציעס, אויף זייטיקע רעזערוו־ליניעס. אָן אַ סוף, אָן אַן עק...

ווער עס האָט געהאַט געלט, פלעגט אויף די סטאַנציעס עפּעס קויפן צום עסן; ווער נישט — האָט געפּראַוועט תעניתים. אַנדערע האָבן דאָס לעצטע העמד אַוועקגעגעבן פריִער די אוזבעקן, נאָכדעם די קאַזאַכן פאַר אַ „לעפּיאָשקע".

אין יעדער שטאָט פלעגן אַראָפּגיין אַ ביסל מענטשן און פאַרפאַלן ווערן. הונ־געריק איז מען געווען, איז מען אַראָפּ זוכן אויפן באַזאַר אַ שטיקל ברויט. געזוכט, געבישטערט — און פאַרשפּעטיקט צוריקצוקומען. דער צוג איז אַוועק אָן זיי. אַנדערע ווידער פלעגן מיט כוונה זיך נישט אומקערן. געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן שוין נישט געגלויבט, אַז ערגעץ אַנדערש איז בעסער. איז צו וואָס פאָרן סתם אַזוי צום זעלביקן הונגער?

אַזוי אַרום האָט אונדזער עשאַלאָן איבערגעלאָזט מענטשן אין סאַמאַרקאַנד, אין טאַשקענט, אין „גאַלאָדנאַיא סטעפּ׳״ (כשמו כן הוא...), אין קזיל האָרדאַ, אין טורקעסטאַן, אין אַקטיובינסק... און פיל אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון דעם ריזיקן שטח, וואָס מיר האָבן דורכגעשניטן דורך טעג און דורך וואָכן. פון גוזאַר זענען מיר אַרויסגעפאָרן אַ מאַן זיבן־אַכט הונדערט און געבליבן אין צוג זענען אין לעצטן סך־הכל קוים אַ פאָר הונדערט מענטשן. געבליבן זענען נאָר די, וואָס האָבן געגלויבט די קלאַנגען, אַז אין אָרענבורגער געגנט איז דער הונגער נישט אַזוי גרויס; אַז דאָרט קאָן מען נאָך געפינען אַ שטיקל ברויט... נישט אַזוי ווי אין די אַזיאַטישע רעפּובליקן, מיט טאַשקענט בתוכם — „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט״, אומשטיינס געזאָגט...

דערווייל, ביז וואָס־ווען, האָב איך אין לאַנגן וועג שוין אויך אָנגעהויבן אויף ס׳ניי צו הונגערן. געהונגערט אויפן אמתן שטייגער. שוין ווידער אויס מיט מיין „גבירישקייט״... מיינע פאָר הונדערט רובל זענען צעקראָכן געוואָרן אויף די באַזאַרן און אויף די סטאַנציעס. כ׳האָב שוין נישט פאַרמאָגט קיין גראָשן אין קע־שענע. כ׳האָב שוין געמוזט פאַרקויפן דאָס פאָרל וועש, וואָס כ׳האָב מיר דערוואָרבן אין גוזאַר... אָבער דאָס ביסל געלט פאַרן וועש האָט זיך אויך שנעל געענדיקט. ס׳איז מיט מיין הונגערן דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אויף איינער אַ קאַזאַכישער סטאַנציע, אַן אויסגעפּלאָגטער און אָפּגעשוואַכטער, האָב איך פאַר אַ שטיקל ברויט אוועקגעגעבן אַ קאַזאַך מיין „קאָטיאָלאָק״. און דאָס קעסעלע ביי אַ נע־ונדניק איז דאָך געווען מער נוציק ווי אַן אייגענער אבר — אַ האַנט, אַ פוס. אין קעסעלע כאַפּט מען אַ ביסל „קיפּיאַטאָק״ אויף אַ סטאַנציע, אַ ביסל זופּ אין אַ „סטאָ־לאָוואַיאַ״ און אַלץ, וואָס עס מאַכט זיך. ווי קאָן דען לעבן אַ מענטש פון נע־ונד אין רוסלאַנד אָן אַ „קאָטיאָלאָק״?...

צום גליק איז עס שוין געווען כמעט ביים סוף פון דער לאַנגער נסיעה, נאָענט פון דער סטאַנציע, וווּ כ׳האָב באַוויזן זיך צו ראַטעווען אַ ביסל פון הונגער.

***

אין אַן אַנדער אָפּטיילונג פון מיין וואַגאָן האָב איך זיך בעת דער לאַנגער נסיעה באַקענט מיט נאָך אַ היימישן — קאַהאַן פון ווילנע, דער זון פון בונדישן טוער — כהן־ווירגילי. ער איז אויך געווען אין גוזאַר צווישן המון אויף דער „סטאַציאַ זבאָרנאַ״ און דער צופאַל האָט אונדז דאָרט נישט צונויפגעבראַכט. זיין איצטיקער הולך איז געווען אַ שוידערלעכער. אַן אמתדיק בראָדיאַגישער: אַ בוש־לאָט מיט אָפּגעריסענע שטיקער, שמוציקע וואַטע־צויטן האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון בושלאָט און פון דער גרויסער אומגעלומפּערטער וואַטענער „פאַפּאַכע״; די

„נאַושניקעס“ ביי דער זייט האָבן זיך געבאָמבלט ווי חזירשע עקלעך. די לאַגער־שיך זיינע זענען געווען צעכליאַפּעט און מיט פאַנאַנדערגעעפנטע מיילער... איך בין איצט געווען אַ „גראַף“ אַנטקעגן אים... אָבער פון זיין טונקל־באַוואָקסענעם פּנים און פון זיינע מילדע אויגן האָט אַראָפּגעקוקט אַן איידלקייט. און אַז ער האָט אָנגעהויבן ריידן מיט מיר אויף זיין ווילנער ייִדיש, האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן מיט ... „ייִוואָ“. מיט גייסט פון זלמן רייזען און ד״ר צמח שאַבאַד... כ׳בין שוין געווען אויסגעבענקט נאָך אַזאַ פיינעם, ריינעם, היימישן לשון...

אויך דעם יונגן קאַהאַן האָט דער שטורעם פאַרטראָגן פון זיין ווילנע, און די „נ.ק.וו.ד.“ האָט אים „אויסגעבעסערט“ אין אירן אַן „אויסבעסערונגס־לאגער“ אויפן וויטן צפון. איצט פאָרט ער עס צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען פון דער פּויּלישער אַרמיי: עס האָט אים נישט געהאָלפן זיין יונגקייט, זיין געזונטקייט. אויך ער האָט באַקומען פון דער פּוילישער מעדיציניִשער קאָמיסיע אַ פּאַפּירל: „ניע־זדאָלני דאָ סלוזשבי וואָיסקאָוועי“... און אויך ער, ווי אַלע, הונגערט איצט און האָט נישט וואָס צו פאַרקויפן פאַר אַ שטיקל ברויט. סיידן די אַראָפּהענגענדיקע צויטן פון זיין בושלאַט?...

אין וואַגאָן פאַרשיטן מיך אַלע מיט פראַגן וועגן מיין פוטער. ער דערוועקט אַלעמענס נייגעריקייט: היתכן? פון וואַנען? נאָך פון פוילן? ס׳איז פאַר אַלעמען אַ שטיק „עקזאָטיק“... איך מוז זיך פאַר אַלעמען פאַרענטפערן און דערציילן דעם „נס“...

— טאָ קאָנט איר אים דאָך פאַרקויפן און נישט הונגערן? — גיט מען מיר עצות.

— ניין, דעם פוטער פאַרקויף איך נישט פאַר קיין שום געלט! ער איז מיר אַלץ: מיין מאַנטל, מיין קישן, מיין אונטערבעט, מיין פערינע... און וואָס איר ווילט...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען: אין די קאַלטע נעכט אויף דער האַרטער וואַגאָן־באַנק דעק איך זיך צו מיטן פוטער ווי מיט אַ פערינע. אין וואַרעמקייט ווער איך אַנטשלאָפן און עס חלומט זיך די היים. איך זיץ ביי אַ יום־טובֿדיקן מאָלצייט־טיש, — אַרומגערינגלט פון היימישע. איך שנייד פונעם ברויט און עס, און עס, און עס — — —

— וואָס עסטו טרוקן ברויט? — פרעגט מיך מיין פרוי אַ פאַרחידושטע. — עס דעם בוליאָן... ס׳איז גאָלדענע יויך!...

אָבער איך פאָלג איר נישט. איך וויל נישט קיין בוליאָן, קיין גאָלדענע יויך. איך וויל ברויט, ברויט, ברויט — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 51

## דער אוראַל איז אַרויס פון די ברעגעס

מיר זענען אָנגעקומען אין דער קאַזאַכישער ראַיאָן־שטאָט אַק־בולאַק. אַ שטאָט אויף דרום־אוראַל, צווישן אָרענבורג (טשקאַלאָוו) און אַקטיובינסק. הונדערט צוואַנציק קילאָמעטער אין ביידע זייטן, צו די ביידע שטעט. געאָגראַפיש געהערט נאָך דאָ די ערד צו אַזיע. דער טייך אוראַל, ביי אָרענבורג, טיילט אָפּ אייראָפּע פון אַזיע. דער נאָמען אַק־בולאַק איז אַ קאַזאַכישער און ער באַדייט: אַק — ווייס, בולאַק — אָפּפלוס, טייכל.

— ביאַליסטאָק... — ווילט זיך ווער פון אונדזער עולם אויפן חשבון פון דער דאָזיקער שטאָט.

ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, וווינט דאָ אַ געמישטע באַפעלקערונג: ס'רוב קאַזאַכן (ס'האָט אַמאָל געהערט צו קאַזאַכסטאַן), אוקראַינער, רוסן.

ווייטער צו אָרענבורג קאָן איצט אונדזער עשאַלאָן נישט פאָרן: דער טייך אוראַל איז אַרויס פון די ברעגעס און האָט גורם געווען אַ מוראדיקע פאַרפלייצונג אין דער גאַנצער געגנט. די אייזנבאַן־בריק איבערן טייך איז צעשעדיקט געוואָרן און אַלע צוגן פון מיטל־אַזיע זענען געבליבן שטעקן אויף דער זייט, אויף אַלע סטאַנציעס און „ראַזיעזדן" (אויסמייד־פּונקטן). אויך דאָ אויף דער סטאַנציע אַק־בולאַק זענען געבליבן שטעקן אַ ריי צוגן און עשאַלאָנען. אַלע רעזערוו־שינעס זענען געווען פאַרנומען.

דאָ, הייסט עס, בלייבן מיר דערווייל שטיין. ווער ווייס ביז ווי לאַנג. האָבן מיר צייט אויף אַלץ: צו באַקענען זיך מיט דער שטאָט; מיט אירע גאַסן און געסלעך; דער עיקר — מיט איר באַזאַר... — צעשיט זיך גלייך דער עולם איבער דער שטאָט — וווהין איינעם גלוסט.

אַק־בולאַק איז אַ שטאָט אַ צעוואָרפענע אין שטח. אַ שטאָט אַן אַזיאַטישע, מיט ליימענע הייזער, מיט ווייסע און געל־אָפּגעקראַכענע קיביטקעס. מיט ברייטע, לאַנגע גאַסן. קיין איין ברוקירטע גאַס זעט מען דאָ נישט. פּרימיטיוו, האַלב־דאָרפיש. אַ שטאָט ווי אַלע סאָוועטישע פּראָווינץ־שטעט — מיט אַ „ראַיאיספּאָלקאָם" (ראַיאָן־אויספיר־קאָמיטעט), מיט אַ „ראַיקאָמפּאַרטיע", מיט אַ „ראַיפּאָ" (ראַיאָן־פינאַנץ־אָפּטיילונג), מיט אַ גרויסן עלעוואַטאָר, וווהין די קאָלכאָזן פירן צונויף די תבואות; אַ שטאָט מיט אַ „קאַ־ווע־טשע" (קולטור־דערציִערישע אָפּטיילונג) און קלוב, וואָס איז איבערגעמאַכט געוואָרן פון אַ צערקווע. דאָס דערקענט מען אַן

טורעם, פון וואַנען עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער צלם. אַ שטאָט מיט אַ גרויסן רחבותדיקן באַזאַר — די גרעסטע אַטראַקציע אין יעדער סאָוועטישער שטאָט.

אָנגעקומען אַהער זענען מיר פּונקט דעם 1טן מאַי, ווען די שטאָט האָט זיך געטונקען אין רויטע פאָנען. אָבער קיין באַזונדערע פרייד, קיין יום־טובדיקייט אויף די גאַסן — און אויף די מענטשן — האָט מען נישט געזען. מען האָט נישט געטאַנצט באַרוישט אין די גאַסן, ווי אַ שטייגער, אין אַ פּאַריז אין דער נאַכט פון „קאַטאָרז זשוּיע״ (14טן יולי). און מענטשן האָט מען גראָד יאָ געזען אין דעם טאָג, ווייל אַלע אינסטיטוציעס האָבן דאָך דעם טאָג נישט געאַרבעט — ס'איז „וויכאָדנאָי״. מענטשן וואָכעדיקע, ווי אַלע טאָג, ווי אַ גאַנץ יאָר. גרוי, וואָכעדיק די פּנימער — גרוי, וואָכעדיק די אַלטע, אָפּגעניצטע קליידער.

דער גרעסטער זאַמל־אָרט פון מענטשן איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער באַזאַר. דאָרט האָט עס געראַיעט פון מענטשן אין די הונדערטער, הונדערטער.

אין דער דאָזיקער מאַסע האָט זיך אויך אונדזער עולם פון עשאַלאָן אַריינגעפּלאָנטערט. דער עיקר האָבן אונדזעריקע זיך געפּלאָנטערט נישט אַזוי דאָרט, וווּ מען קויפט און פאַרקויפט מלבושים, חפצים, נאָר ביי די געשטעלן פון פּראָדוקטן. פאַראַן דאָ אַ סך מילך־פּראָדוקטן, וואָס „כאַזייקעס״ פאַרקויפן: מילך, זויערמילך, קעז, פּוטער. זעט אויס, נישקשהדיקע בהמות אין אַק־בולאַק. פאַראַן דאָ אויך „לעפּיאָשקעס״, ציבעלעס, קנאָבל, בוריקעס וכדומה. פאַראַן דאָ אַרום וואָס זיך צו דרייען... אונדזער הונגעריקער עולם קאָן דאָ עפּעס געניסן. ביי אַלעמען האָבן זיך ברייטער פאַנאַנדערגעעפנט די אויגן. קויפן פאַר געלט איז נישט שייך: אַ יקרות, אַ געוואַלטיקער יקרות! נישט פאַר אונדזערע אויסגעליידיקטע קעשענעס. דרייען זיך אַרום דאָ די פּליטים אַזוי ווי בינען אַרום בלימעלעך. מיט דעם אונטערשייד, וואָס די בינען קאָנען יאָ צופאַלן צו די בלומען און די הונגעריקע מענטשן צו די מאכלים — נישט...

געוועזן עטלעכע „אינצידענטן״ מיט פּליטים ביי די דאָזיקע געשטעלן מיט עסנוואַרג. מיט פּליטים, וואָס האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון... אָבער די געשרייען זענען בטל בששים געוואָרן אין אַלגעמיינעם ליאַרם פון יאַרידל.

דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג. און נאָך דעם ערשטן זענען געקומען ווייטערדיקע הונגער־טעג אויף דער סטאַנציע. דער פּליטים־עולם פלעגט זיך אַלע טאָג צעקריכן איבער דער שטאָט, נישטערן אויפן באַזאַר. מ'האָט געזוכט אויף אַלע אופנים — גוטע און שלעכטע, כשרע און טריפה... — צו „דעראָבערן״ אַ ביסל מזונות...

מיר — דער „קאָמענדאַנט״ גינזבערג און איך — האָבן זיך געמאָלדן אין דער באַן־מיליץ און צום נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע, אַז מען זאָל אונדז

„סנאַבזשאַיען״ (באַזאָרגן) מיט ברויט. מיר האָבן זיי דערציילט, אַז מיר פאָרן עס פון דער פוילישער אַרמיי; אַז מ׳שיקט אונדז אויף אַרבעט קיין אָרענבורג; אַז מחמת דער פאַרפּלייצונג פון אוראַל זענען מיר געבליבן אָן פאַרזאָרגונג. אָבער אונדזער אינטערווענץ האָט נאָר אַ צוויי מאָל געהאָלפן און יעדער איינער פון עשאַלאָן האָט באַקומען צו האַלבן קילאָ ברויט צו „קאָמערטשעסקי״ פּרייזן. ווייטער האָט זיך יעדער איינער אַליין געמיזט העלפן. יעדער ווי ער קאָן; לויט זיין „עספּרי״, לויט זיינע פעיקייטן זיך „אָן עצה צו געבן״.

זייער אַ קליינע צאָל, געציילטע ממש צווישן אונדז, האָט נאָך פאַרמאָגט עפּעס געלט, כדי צו קאָנען זיך עפּעס קויפן אויפן געוויינלעכן וועג. יענע האָבן גאָר ווייט נישט געדאַרפט זוכן, וויל הינטער דער סטאַנציע, אַנטקעגן דעם אייזנבאַן־וועג, איז אויך געווען אַ קליינער באַזאַרל. דאָרט זענען געשטאַנען אַ גאַנצע שערענגע ווייבער — רוסישע, קאַזאַכישע — און פלעגן פאַרקויפן כלערליי שפּייזן: מילך, קאַטיק, „פּיראָזשקעס״ און אָפט אַפילו פּאָרציעס „שטשי״ פון אַ גרויסן טאָפּ אַרויס.

איך האָב אין דעם מאָמענט געהערט צו דער קאַטעגאָריע קבצנים, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט אין קעשענע קיין צעבראָכענעם שילינגער. אַפילו דעם „קאַטיאָלאָק״ מיינעם האָב איך דאָך שוין נישט געהאַט און פלעג מוזן אויסבאָרגן ביי אַ שכן זיין קעסעלע, כדי אָנצונעמען און זיך דערכאַפּן מיט אַ ביסל „קיפּיאַטאָק״. כמעט אַלע קיילעכדיקע קבצנים האָב זיך דעריבער גאַנצענע טעג אומגעדרייט איבערן באַזאַר, געגנישטערט אין די אָפּפאַלעכצן ביי די באַזאַר־געשטעלן, געבעטלט ביי קאַזאַכן אַ טאָמאַט, אַ ריב, אַ בוריק... אַנדערע ווידער האָבן אינגאַנצן אויסגעטאָן דאָס שעם־היטל און זיך געלאָזט איבער די כאַטעס; געעפּנט פרעמדע טיר, בעטנדיק אָדער בעטלענדיק מיט אַ נעבעכדיקער שטים:

— דאַיטיע, פּאַזשאַלויסטאַ, פּאָקושאַט׳... (גיט, כ׳בעט אייך, עפּעס עסן...).

אין גרעסטן טייל פאַלן פלעגט שוין אַזאַ „גייער״ עפּעס עס איז באַקומען: אַ טעלער „שטשי״, אַ פּאָר קאַרטאָפל, צי אַמאָל אויך אַ שטיקל ברויט. עס טרעפן „בני רחמנים״ אויך צווישן נישט־יידן.

מיך האָט געטראָפן אַן אַנדער „גליק״:

איך דריי זיך אַרום איינמאָל צווישן די עשאַלאָנען אויף דער סטאַנציע און כאַפּ אַ שמועס מיט אַ רויטאַרמייער פון אַ מיליטערישן עשאַלאָן. ער האַלט אַ פּעקל הערינגלעך און ער פרעגט מיך ווו ער קען קויפן מאַכאָרקע. קויפן אָדער טוישן פאַר די הערינגלעך. בינו לבינו איז ער מיך מכבד מיט אַ פּאָר הערינגלעך. זעט אויס, אַז עס פעלט אים נישט דער מין. דאָס מוז ער האָבן פון זיין „סוכאָי פּאַיאָק״. עס דערמאָנט זיך מיר דערביי, נישט היינט געדאַכט, מיין „סנאַבזשעניע״

(באַשפּייזונג) אין קאָנצלאַגער. די שפע פון די הערינגלעך, וואָס האָבן נאָך פאַר־גרעסערט די געשווילעכץ ביי די צינגאַ־קראַנקע: — צוליבן זשליאָקען אַ סך וואַסער. זינט דאַמאָלס קאָן איך נישט קוקן אויף הערינג.

איצט אָבער, שיינט מיר, איז עס יאָ אַן ענין. מיט די צוויי הערינגלעך וועל איך עפּעס קאָנען אויפטאָן. ווייל אויפן באַזאַר האָב איך דאָ בכלל קיין סימן פון „סעליאָדקאַ״ נישט געזען.

לאָז איך זיך אַוועק מיט מיין „סחורה״ אין האַנט איבער אַ גאַס. איך טראָג די הערינגלעך אַזוי, אַז מענטשן זאָלן זיי זען, זאָל ווערן געלאָקט... איז טאַקע מיין חשבון געווען אַ ריכטיקער: פאַרבייגייער האָבן מיך כסדר געפרעגט:

— פאַרקויפסט?

— ניין, איך טויש אויף ברויט, — בין איך געשטאַנען אין גרויסן.

איז פון דעם געשעפט דערוויל גאָרנישט געוואָרן. מ׳האָט מיך געלאָזט גיין. זעט אויס, אַז אויך דאָ איז נישטאָ קיין איבעריק שטיקל ברויט...

ביי איין כאַטע פאַרהאַלטן מיך צוויי ייִדן. כ׳זע גלייך, רוסישע ייִדן. זיי פרעגן מיך אין מאַמע־לשון:

— פעטער, איר פאַרקויפט די „סעליאָדקעס״?

— ניין, איך טויש זיי אויף ברויט.

— וויפל, נאַפרימער, ווילט איר ברויט פאַר די צוויי „סעליאָדקעס״? דאָס זענען דאָך פיצינקע „סעליאָדקעלעך״. מאַנצעלעך...

— וואָס בין איך שולדיק, אַז זיי זענען גרעסער נישט געוואַקסן? ווען מען כאַפּט זיי מיט אַ יאָר שפּעטער, וואָלטן זיי זיכער געווען אַ סך גרעסער...

די ייִדן לאַכן גוטמוטיק.

— ווי איך זע, — זאָגט איינער פון זיי, — זענט איר נישט פון די דריי פאַר אַ גראָשן... ווער זענט איר? אַוודאי אַ פיילאָסאָף?

— יאָ, אַ פּליט פון פּוילן.

איז אַוועק אַ סדרה שאלות און תשובות. תשובות גלייכע, אָפענע און תשובות אַ ביסל מיט „רעזערוו״... מען איז דאָך אויף אַן ערד, וווּ איטלעכער מוז געדענקען וואָס ער רעדט... פונעם שמועס בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס זענען ייִדן עוואַקויִרטע פון קיִעוו; אַז זיי איז אין דער לעצטער מינוט געלונגען זיך צו ראַ־טעווען פון די דייטשן; אַז זיי וווינען דאָ איצט מיט זייערע פאַמיליעס. לויט זייער באַשיידענעם הולך — אין פופייקעס און אין שטיוול — איז שווער צו אורטיילן וועגן זייער שטאַנד. כמעט אַלע סאָוועטישע בירגער „פאַראַדירן״ דאָך אין דער זעלביקער טראַכט. בלויז טייל טראָגן אַלטע צעריסענע פופייקעס, מיט סימנים

פון וואָסע דורך די לעכער אַרויס. און טייל אין נייערע, אין גאַנצע. קיין גבירישׂ־קייט זעט מען דאָ אויף קיינעם נישט.

אויך זיי, די קיִעווער ייִדן, זענען פון מיינע קאַרגע רייד געוואָר געוואָרן ווער איך בין און פון וואַנען איך קום אַהער. האָבן זיי מיר אַרויסגעוויזן מער פאַראינטערעסירונג, מער האַרץ.

— הכלל, — זאָגט איינער פון זיי, — קומט אַריין אין כאַטע, וועל איך אייך געבן ברויט פאַר די „סעליאַדקעס״.

כ׳בין אַריין מיט אים אינעווייניק און יענער האָט אָפּגעשניטן אַ היפּשע שטיק לחמא און מיר דערלאַנגט.

— דאַכט זיך, כ׳האָב אייך נישט „אַביזשאַיעט״? (באַעוולהט).

— ניין, אַ דאַנק, אַ דאַנק!

מיר זענען אַרויס פון שטוב; אָבער די ייִדן האָבן מיר נאָך נישט אָפּגעלאָזט. מ׳האָט מיך פאַרשאָטן מיט פראַגן. דער עיקר איינער פון זיי. ס׳האָט זיך באַלד פון שמועס אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר אַ משלנודיקער, אַ פּוילישער ייִד. אַ בריסקער. דער שטורעם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אים פאַרטראָגן קיין רוסלאַנד. שפּעטער האָט ער שוין דאָרט חתונה געהאַט און איבערגעפאָרן קיין קיִעוו. און דאָרט איז ער שוין פאַרבליבן. ער פרעגט מיך אַלץ אויס, פרעגט און איך, אַ הונגעריקער, דזשאָבבע אַלץ פון מיין ברויט, — און וואַרף אַמאָל אַריין אַ וואָרט.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — זאָגט פּלוצלונג דער קיִעווער־בריסקער ייִד, — קומט אַריין צו מיר אַ ביסל. כ׳ווין דאָ נישט ווייט. וועט איך מיין פרוי געבן עפּעס אָפּצועסן.

— וואָס בין איך? אַן אורח אויף שבת?

— אַן אורח זענט איר זיכער, כאָטש ס׳איז היינט נישט שבת... אַך! — רופט אויס דער ייִד, ווערנדיק אַ ביסל סענטימענטאַל: — כ׳דערמאָן זיך אונדזער שטוב אין בריסק... דער פאָטער עליו השלום פלעגט פרייטיק־צו־נאַכט קיינמאָל נישט קומען פון בית־מדרש אָן אַן אורח צום טיש... ווו זענען איצט יענע שטיבער? יענע טאַטעס ? . . .

— און יענע אורחים?... — גיב איך צו.

„יאָ, — טראַכט איך, — אינגאַנצן אַ היימישער ייִד. אַ בריסקער. פון בריסק ד׳ליטא״ . . .

כ׳בין געווען גערירט פון דעם ייִדנס רייד און האָב זיך געלאָזט פון אים פירן צו אים, אין זיינע דלד אמות. עס לאָקט מיך אַריינצוגיין אין אַ ייִדישע שטוב, צווישן ייִדן. דערצו נאָך צו אַ היימישן, אַ ייִד פון בריסק...

ס'איז שוין געווען פּאַרנאַכט. טונקל. די זון איז שוין לאַנג געזונקען. אויך ביים קיִעווער ייִד אין שטוב איז נישט געווען שטאַרק ליכטיק. אַ נאַפט־לעמפּל האָט קוים געוואָרפן אַ זייער קאַרגע ליכטיקייט אין דער כאַטע.

## 52

## אין אַ יידישער שטוב

דער קיִעווער ייִד, פּ., האָט מיך באַקאַנט מיט זיינע בני־בית: אַ פרוי און אַ יונג בלוי־אויגיק טעכטערל פון אַ יאָר זיבעצן.ביידע, סיי די פרוי, סיי דאָס טעכטערל, מאַכן אַ גוטן איינדרוק. די פרוי האָט אין דער יוגנט שטודירט הומאַניסטיק און צוליב סיבות נישט געענדיקט איר שטודיום ביזן סוף. זייער טאָכטער האָט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה באַזוכט אין קיִעוו די קונסט־אַקאַדעמיע. זיי ווייזן מיר אירע מאָלעריי־עטיודן — זי איז נישט אָן פעיִקייטן. פּ. אַליין איז אויך נישט קיין פּראָסטער ייִד. נישט קיין עם־הארץ. האָט ליב צו לייענען אַ צייטונג, אַ בוך. אינעם שמועס זעט איך, אַז ער געדענקט נאָך אַ סך נעמען פון דער ייִדישער פּרעסע און ליטעראַטור. און מאָדנע: כ'זע אויך, אַז אין זיין זכרון לעבן מער די נעמען פון די ייִדישע שרייבער פון פּוילן איידער די נעמען פון די סאָוועטיש־ייִדישע פּען־מענטשן. ער פרעגט זיך נאָך אויף דעם און אויף יענעם. אמת, אין זיין באַהאַוונטקייט איז ער אפנים רעכט אָפּגעשטאַנען. קיין סאָוועט־רוסלאַנד דערגייען דאָך נישט די ייִדישע ביכער פון פּוילן, ווי פון אַנדערע לענדער, — כאָטש, דאַקעגן, די סאָוועטיש־ייִדישע ביכער געפינען יאָ אַ וועג אין דער וועלט.

אין מיטן אונדזער שמועס האָט די פרוי געטאָן גלייכצייטיק דאָס איריקע: זי האָט געגרייט פאַר מיר דעם טיש. זיי אַליין זענען שוין געווען נאָך אָוונט־ברויט. אויף אַ פאַרשפּרייט טישטעכל האָבן זיך געוויזן ברויט, זויערמילך, אַ זויערע אוגערקע, אַ הירזש־קאַשע. די קאַשע איז מסתמא געבליבן ביי זיי פון מיטאָג. כ'בין געווען אין פאַרלעגנהייט: געמוזט האַלטן זיך אָן „באָן־טאָן", נישט עסן אַזוי ווי אַן אויסגעהונגערטער, בנשימה אחת... נאָר מיט קליינע הפסקות, ווי אַ גלייכגילטיקער צום עסן... — הגם אין מיין הונגער וואָלט איך איצט אַלצדינג איינגעשלונגען אָן אַ פויזע גאָר, נישט איבערלאָזנדיק גאָרנישט אויף „דרך־ארץ"...

— עסט, עסט, זשענירט זיך נישט, — האָט די פרוי מיר דערמאָנט מיט אַ שמייכל, בעת איך האָב שוין איבערגעטריבן מיט מיינע הפסקות.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, — האָב איך געשטאָמלט אַ שעמעוודיקער, אַזוי ווי אַ ישיבה־בחור אויף אַ „טאָג"...

איך עס פֿאַמעלעך און דער ייִד פֿאַרשיט מיך מיט פֿראַגן. עס אינטערעסירט אים אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין פּוילן, ווי עס לעבן דאָרט ייִדן. און נישט נאָר אין פּוילן, נאָר אויך אין דער ברייטער וועלט. זיי דאָ, די רוסישע ייִדן, ווייסן אַזוי ווייניק. די פּאָר ייִדישע צייטונגען — דער „מינסקער אָקטאָבער" און דער „כאַר־קאָווער שטערן" — האָבן דאָך געשריבן אַזוי קאַרג, אַזוי ווייניק, און מ'האָט גאָרנישט געוווּסט — ווי אין אַ תּפֿיסה...

איך זע, אַז עס רעדט פֿון אים אַרויס אַ געוואַלטיקע בענקעניש נאָך דעם אַמאָל, נאָך בריסק, נאָך יענעם לעבן...

— אַ חידוש, — זאָג איך, — עטלעכע מיליאָן ייִדן אין רוסלאַנד האָבן דאָך געשאַפֿן מסתּמא אַ שטיקל ייִדיש לעבן?...

— נעכטיקע טעג... — טוט פּ. אַ מאַך מיט דער האַנט. — איר זענט דאָך אַן אייגענער מענטש... פֿאַר אייך קאָן מען דאָך אויסריידן אַ וואָרט...

— אינטערעסאַנט, אַדרבה.

— פֿאַראַן טאַקע עטלעכע מיליאָן ייִדן אין רוסלאַנד, אָבער נישטאָ קיין ייִדיש לעבן. נישט דאָס וואָס אין פּוילן, צי ערגעץ אַנדערש...

— סטייטש? און די פּאָר צייטונגען? די שרייבער? די ביכער? דאָס ייִדישע קאַמער־טעאַטער?

— עס... — גיט פּ. ווידער אַ מאַך מיט דער האַנט. — דאָס אַלץ נעמט אַרום אַ זייער קליינעם קרייז. קיין ייִדישע שולן זענען שוין נישטאָ. מיט ייִדישע קינדער ווערט גאָרנישט געלערנט נישט קיין ייִדיש, נישט קיין ייִדישע געשיכטע, נישט קיין ליטעראַטור... און תּנ"ך... מילא, דאָס פֿאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז ל'י יזכר ולא יפּקד... זעט איר, דאָס ייִדישע טעאַטער — דאָס איז די איינציקע ייִדישע פּאָזיציע. דאָס גיט נאָך עפּעס דעם ייִדישן מענטש. אָבער טעאַטער שפּילט דאָך נאָר אין געציילטע גרעסערע שטעט. וואָס זאָלן טאָן די ייִדן פֿון דער ברייטער און גרויסער פּעריפֿעריע? ייִדן פֿון די צעוואָרפֿענע שטעט און שטעטלעך? פֿאַר־געסט נישט, רוסלאַנד איז דאָך גרויס, אַן אומענדלעכקייט. אַגבֿ, אויף טעאַטער אַליין שטייט די וועלט? ניין, ליבער פֿריינט, ס'איז נישט דאָס, וואָס אין פּוילן. דאָרט איז געווען אַ ייִדיש לעבן. אַ ייִדישקייט מכּל המינים...

— נו, דערפֿאַר בויט איר דאָך דעם סאָציאַליזם...

פּ. האָט מיין איראָניע אַרויסגעפֿילט און ער האָט געענטפֿערט:

— יאָ, מיר בויען דעם סאָציאַליזם, אומשטיינס־געזאָגט... וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן אַן אַנדערש מאָל. איר וועט דאָך נאָך אַריינקומען צו אונדז. אייער עשאַלאָן וועט נאָך אַזוי גיך נישט קאָנען אַדורכפֿאָרן דעם צעגאָסענעם אוראַל.

— בכּבֿוד גדול. אדרבה, שוין לאַנג נישט געווען אין אַ ייִדישער שטוב.

— קומט אויך מאָרגן, — זאָגט די פרוי, — קומט אַ ביסל פריִער, וועלן מיר צוזאַמען עסן אָוונט־ברויט.

— קומט, קומט! — פאַרשטאַרקט די פאַרבעטונג אויך דער מאַן.

פאַר מיר איז עס געווען אַ טאָפּלטע פּאַראינטערעסירונג: ערשטנס, זיין צווישן ייִדישע מענטשן, צווישן רוסישע ייִדן און — לאָמיר עס נישט לייקענען — עסן אַן אָוונט־ברויט ביי אַ היימישן טיש. צווייטנס, באַקומען אַן אמתן באַגריף וועגן ייִדישן לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד דורך די רייד פון אַ היימישן ייִד. און ווער קאָן דאָ נאָך זיין מער היימיש ווי אַ ייִד, וואָס שטאַמט פון פּוילן; וואָס האָט אין פּוילן אויסגעפּורעמט זיין פּינטעלע ייִד? אויף זיינע רייד מעג מען בויען.



בין איך טאַקע צומאָרגנס ווידער געווען דער גאַסט ביי דער פאַמיליע פּ. דאָס מאָל האָב איך טאַקע געגעסן צוזאַמען מיט זיי. ס׳איז געווען אַן אָוונט־ברויט אַפילו מיט אַ שטיקל פלייש. נישט קיין אָפּטע דערשיינונג פאַר די דאָזיקע באַדינ־גונגען. דער שמועס ביים טיש האָט זיך געצויגן. מ׳האָט צוזאַמען אַזוי פאַרבראַכט אַ שיינע פאַר שעה נאָכן עסן. די סדרה פון קעגנזייטיקע אויספרעגענישן און אויסטייטשענישן האָט זיך גאָר נישט געענדיקט. סיי זיי, די בני־בית, האָבן מיך פאַרשאָטן מיט פראַגן, סיי איך — זיי. אַזוי ביז שפּעטן אָוונט. זאָט בין איך דאָך געווען אַ דאַנק די גאַסטגעבער און כ׳האָב רויִק געקאָנט מיט זיי זיצן און שמועסן. צייט האָב איך דאָך אויך. מיין נאַכטלעגער איז דאָך אַ געזיכערטער. מיין עשאַלאָן שטייט און מיין פּלאַץ אין וואַגאָן וואַרט אויף מיר.

איך האָב פון דער ערשטער רגע געוווּנען צוטרוי ביי די דאָזיקע מענטשן און זיי האָבן גערעדט זייער אָפנהאַרציק, שוין אָן רמזים. איך האָב באַמערקט, ווי פּ. האָט געפילט אַ דערלייכטערונג בעתן שמועס מיט מיר, גלייך ווי שטיינער וואָלטן אַראָפּ פון זיין האַרץ. שטענדיק מוז מען דאָך דאָ אַלץ שטיקן אין זיך. אַן איבעריק וואָרט פאַר אַ פרעמד אויער איז דאָך פייער...

איך בין זייער צופרידן געווען וואָס כ׳האָב לסוף געטראָפן היימישע, אויפ־ריכטיקע און אָפנהאַרציקע מענטשן. איך האָב געגאַרט צו הערן פון פּ. אַ תשובה אויף אַ פראַגע, וואָס האָט מיך כסדר געפייניקט, און כ׳האָב געפרעגט:

— קלערט מיר אויף, כ׳בעט אייך, ווי איז עס מעגלעך, אַז פאַר זיין אַרבעט זאָל דער אַרבעטער נישט באַקומען באַצאָלט כאָטש אַ מינימום, וואָס זאָל קלעקן אויף זיינע עלעמענטאַרע באַדערפעניש? ער זאָל האָבן ברויט צו דער זאָט און אַ בגד אָנצוטאָן? לחם לאכול ובגד ללבוש?... און ווו? אין לאַנד פון סאָציאַליזם?...

און איך אילוסטריר מיט זיך אַליין:

— אַט בין איך שוין אויסגעווען אין אַ ריי קאַלכאַזן אין מיטל־אַזיע און אין ערגעץ נישט באַקומען אַפילו קיין ברויט צו דער זאַט פאַר מיין אַרבעט.

די מענטשן ביים טיש האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט. פ. האָט זיך אָפּגערופן מיט אָפענער איראָניע:

— פון אַרבעט ווילט איר דאָ לעבן?...

— וואָס הייסט? — צי איך אים ביי דער צונג. — אַוודאי, ווי דען? דעם אַרבעטער־קלאַס קומט דאָך דאָ די בכורה?...

— איר זענט נאָך ביי אונדז אַ „נאָוויטשאָק" („גרינער"). איר וועט עלטער ווערן, וועט איר אַלץ געוואָר ווערן...

— אויב איר קאָנט, זאָגט מיר, אדרבה. אָט, אַ שטייגער, איר? איר מוזט דאָך אויך ערגעץ אַרבעטן. כ'קען נישט אייער באַשעפטיקונג, פון וואָס איר לעבט. כ'זע, קיין עין־הרע, ביי אייך הונגערט מען גראָד נישט... אדרבה, דערקלערט מיר... כ'בין טאַקע, ווי איר זאָגט, אַ „נאָוויטשאָק"...

פון דער דאָזיקער ווערטער־שפּילערייַ איז מען לסוף אַרויפגעקומען אויף ממשותדיקע רייד און ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן דער סוד פון דער דאָזיקער פאַמיליע :

פ. אַרבעט אין „סאָיוז־אוטיל" *) ווי אַ „זאַווכאָז". פאַר זיין געהאַלט וואָלט ער קוים געהאַט „וואַסער אויף קאַשע", און ביי אים אין שטוב וואָלט געפייפט דער דלות; דער הונגער וואָלט געווען אַ טעגלעכער גאַסט, — ווי ביי אַלע אַרבע־טער אין לאַנד... אלא וואָס דען? אין די מאַגאַזינען פון „סאָיוז־אוטיל" זענען פאַראַן אויך אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס עס פעלן נישט קיין בעלנים אויף זיי... נו, מוז מען זיך „געבן אַן עצה"... אַזוי ער, אַזוי אַנדערע. אַזוי דאָ און אַזוי אויך אין קיִעוו אויף אַן אַנדער פּאָסטן. אַזוי אין גאַנץ רוסלאַנד. ער איז נישט קיין יחיד במינו. דער־יבער גייט עס אַדורך כשורה. וואָרום אַ ברירה האָבן די מענטשן? אַרבעטן — און שטאַרבן פון הונגער?... דער רעזשים מיט זיין סיסטעם דעמאָראַליזירט אַ גאַנץ לאַנד און מאַכט אַלעמען פאַר גנבים. עס רעדט זיך אַזוי: „גנבים". צי זענען עס דען גנבים?... צי דאַרפן די מוראדיק־עקספּלואַטירטע אַרבעטער — דאָס גאַנצע לאַנד כמעט! — אַזוי באַצייכנט ווערן? בשום אופן נישט! נישט צו זיי איז שייך דער „לא תגנוב" פון די „עשרת הדברות"...

---

*) אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט זאַמלען און אויפקויפן רויוואַרג־אַרטיקלען.

און אַז דאָס איז מיר שוין הונדערט־פּראָצענטיק קלאָר, פרעג איך ווייטער:

— טאָ ווו זשע בלייבט דער עודף, דער ריווח פון מענטשלעכער אַרבעט?

— פאַרשטייט זיך, אַז ביי דער מלוכה. דער אַרבעטער, דער קאָלכאָזניק אַר־בעט פאַרן נייעם באַלעבאָס — פאַר דער מלוכה. און דער נייער באַלעבאָס, אין געשטאַלט פון דער רעגירונג, איז אַ טויזנטפאַכיק גרעסערער עקספּלואַטאַטאָר פון אַמאָליקן קאַפּיטאַליסט. ער עקספּלואַטירט ברוטאַל, געמיין, מיטן כוח פון שטיק, מיטן געשפּענסט פון קאָנצלאַגער.

און פ. פאַרענדיקט זיין אויפקלערונג:

— איר פאַרשטייט? דאָ אַז מען גנבעט נישט — פשוטו כמשמעו — ציט מען אויס די קאָפּיטעס...

— ווער זשע געניסט פאָרט פון דעם גוטס? פון דער עקספּלואַטאַציע פון מענטשלעכער אַרבעט?

— אין דער ערשטער ריי שלינגט איין אַ סך די קריגס־אינדוסטריע: אין פרידנס־צייט און בפרט אין מלחמה־צייט; דאַן די ריזיקע אַרמיי. און וויפל קאָסט אָפּ די פּראָפּאַגאַנדע אין דער וועלט? און וויפל דאַרף מען האָבן פאַר די „פּריווי־לעגירטע" — די מענטשן פון ריזיקן אַפּאַראַט, פון אויבן ביז אונטן? דער פּאַרטיי־אַקטיוו, די „נ.ק.וו.ד." — די דאָזיקע לייט הונגערן נישט. הונגערט הונגערט דאָס פאָלק. באָרוועס און אין שמאַטעס גייט דאָס פאָלק — דער אַרבעטער, דער קאָל־כאָזניק, דער „סלוזשאַשטשי" (אָנגעשטעלטער). די פאַבריקן אַרבעטן גאָרנישט פאַרן פאָלק, פאַרן פאָלקס באַדערפעניש... נאָר פאַר די „יחידי סגולה"...

— דאָס איז, ליבער פריינט, אונדזער ביטערער אמת — פאַרענדיקט פ. זיינע אויספירונגען, וואָס קלינגען ווי אַ מין ווידוי.

איך דערשרעק זיך אַליין פאַר דעם ייִדס אָפנהאַרציקייט, און אינסטינקטיוו קוק איך צו דער טיר, צו די פענצטער, צי קיינער הערט נישט, צי קיינער זעט נישט...

פון די דאָזיקע אָפענע רייד איז מיר אַ ביסל קאַלט געוואָרן. אמת, איך האָב שוין אַליין געהאַט געלעגנהייטן צו זען דאָ אין לאַנד ביישפּילן, וואָס האָבן מיך געפירט צו אַזעלכע מחשבות, אָבער די איצטיקע אָפענע רייד פון דעם אויפריכ־טיקן ייִד זענען געווען ווי מעסערס פון אַ כירורג, וואָס שניידן אויף די סאַמע ווונד.

— הייסט עס, אַ תהום? — פרעג איך די מענטשן ביים טיש.

— אַ מוראדיקער תהום, אַן אומגליק! — ענטפערט פ. קאַטעגאָריש.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן מיט אַ רירנדיקן טאָן:

— דאָס לאַנד גייט איצט אָפּ מיט בלוט. ווער ווייס וואָס עס וועט דאָ ווערן. כ׳טראַכט, אַז אפשר נאָך דער מלחמה וועט קומען אַן ענדערונג. די איצטיקע חברשאַפט מיט די מערב־אַליאירטע — ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע — וועט אפשר ברענגען אַן ענדערונג צום גוטן. אויב נישט, איז אונדז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין.

ווי צווישן יידן, איז מען נאָך לסוף אַרויפגעקומען אויף דער טעמע שונאי־ישראל.

און דער קיעווער ייד האָט געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— מיר, יידן פון אוקראַינע, ווייסן נישט וואָס צו בעטן ביים רבונו של עולם. מיר האָבן זיך דאָך געענוג שוין אָנגעליטן פון די באָלשעוויקעס. אָבער טאָמער קומט די שעה און די באָלשעוויקעס פאַלן, וועלן אונדז די אוקראַינער גלייך אויסשעכטן ביז איינעם. דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג!

— האָבן דען די 25 יאָר קאָמוניזם נישט איבערדערצויגן די מענטשן צום גוטן? — פרעג איך אים.

— די אוקראַינער זענען די זעלבע רשעים ווי געווען. די זעלבע „שוואַרצע מאהניקעס״, ווי בימי כמיעלניצקי און פעטליורע. איצטער זענען זיי נאָר פאַרשלייערט מיט אַ רויטן שלייער. איר וועט זיי געפינען, די יידן־פרעסער, אַפילו צווישן אַזעלכע, וואָס טראָגן דעם „פּאַרטבילעט״ אין בוזים־קעשענע. אָבער זיי מוזן זיך האַלטן אין „פּאַסאָן״. די אָפיציעלע געזעצן וועגן ראַסן צוימען זיי. און אפשר טאַקע דערפאַר אַליין דאַרפן יידן תפילה טאָן, אַז די סאָוועטישע מאַכט זאָל זיך האַלטן...

— אַ שיינער „קאָמפּלימענט״ פאַר דער סאָוועטישער מאַכט... — לאַך איך.

— ס׳הייסט אַזוי גוט: נישט מאהבת מרדכי, נאָר משנאת המן.

כ׳האָב זיך אַזוי שפּעט פאַרזעסן אין דער דאָזיקער שטוב ביי דעם אָפּנהאַרציקן שמועס. די שעהן זענען פאַרביי אומבאַמערקט. שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט זיך אַדורכצושמועסן מיט אַן אומפּאַרטייאישן רוסישן ייד; מיט אַ ייד, וואָס זעט אַלץ קלאָר; וואָס קוקט ניכטער אויף אַלץ.

כ׳בין אַוועק פון דער דאָזיקער פאַמיליע מיט געמישטע געפילן: פון איין זייט האָט מיך לכתחילה אָנגעוואַרעמט די היימיש־יידישע סביבה, די גאַסטפריינטשאַפט פון די מענטשן; פון דער צווייטער זייט ווידער האָבן מיך לסוף געגליווערט מיט קעלט די האַרטע, ביטערע אמתן.

# 53

## מ׳ראַטעוועט זיך...

צומאָרגנס — ווידער אַ טאָג מיט די אַלט־נייע זאָרגן.

אַ נייעם „קאַטיאַלאָק“ האָב איך שוין. דאָס האָב איך אויסגעמייסטרעוועט פון אַ גרעסערער קאָנסערוון־באַנקע, וואָס כ׳האָב געפונען ביי דער זייט נעבן אַ מיליטערישן עשאַלאָן. כ׳האָב ווי עס איז אַראָפּגעריסן די בלעך־צויטן פונעם דעקל, אָפּגעטעמפּט מיט אַ שטיין די שאַרפע ראַנדן — און שוין. עס קאָן שוין מיר ווידער דינען במקום אַ קעסעלע פאַר „קיפּיאַטאָק“ אָדער אַ זופּ.

כ׳האָב ווידער געפּרוווט זיך נאָכפרעגן ביי די רויטאַרמייער אויף הערינג־לעך. אָנגעטראָפן אַזוי אַרום אויף אַ ייִדישן רויטאַרמייער און יענער האָט מיך מכבד געווען מיט גאַנצע דריי קליינע הערינגלעך. זעט אויס, אַז זיי, די רויטאַר־מייער, קריכט עס שוין פון האַלדז. אַ קנאַפּע „מציאה“ ביי זיי.

מיט די דאָזיקע הערינגלעך בין איך דאָס מאָל אַוועק אויפן באַזאַר. געמיינט, אַז כ׳וועל דאָרט „נתעשר ווערן“... אָבער מעשה־שטן האָט היינט אויפן באַזאַר גראָד נישט געפעלט דער דאָזיקער מין. אַ סברה, געווען נאָך אַ סך אַזעלכע בר־מזלס ווי איך, וועלכע האָבן אויך געפּאַקט די „מציאה“ ביי דעם עשאַלאָן.

בין איך אַוועק מיט מיין „סחורה“ צו די היינטערשטע געסלעך פון שטאָט. די שטאָט איז זייער צעוואָרפן אין שטח און כ׳האָב אָנגעשפּאַרט אַזש ביז אַן עק. כ׳האָב פּשוט גענומען אָנקלאַפּן אין טירן און פאָרגעלייגט:

— כאַזייאיטשקאַ, פּעטע הערינג, פּערווי סאָרט!

אַזוי פון קיביטקע צו קיביטקע. צו קויפן פאַר געלט האָבן זיך, ווי תמיד, געפונען אַ סך בעלנים; אָבער איך האָב דווקא געוואָלט טוישן אויף ברויט. וואָס טויג מיר געלט? געזוכט און לסוף טאַקע געפּאַקט אַזאַ בעלן: עפּעס איינער אַ רוס, שוין אַן עלטערער פּאַניע, וואָס זיינע אויגן האָבן זיך ממש צעשמאָלצן, דער־זעענדיק די הערינגלעך.

— סמאַטרי, גרוניאַ, סעליאָדקי! (זע, גרוניאַ, הערינגלעך!). — האָט ער צו־גערופן זיין ווייב.

ביידע, אפנים לאַנג־פאַרבענקטע נאָך אַזאַ „דעליקאַטעס“, האָבן מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט. נאָך גרויסע דינגעענישן האָט מען מיר געגעבן קרוב צווי קילאָ ברויט פאַר אַלע דריי הערינגלעך. כ׳בין אַוועק אַ שטאַרק צופרידענער און האָב באַשלאָסן אָנצוווענדן — „פּלאַן־ווירטשאַפט“... דאָס הייסט, אַ טייל פאַר זיך, אַ

טייל פאַרקויפן, כדי צו האָבן כאָטש עטלעכע רובל אין קעשענע. דאָס האָב איך דערגרייכט אויפן באַזאַר, ווו פאַר לערך אַ קילאָ ברויט האָב איך געלייזט 20 רובל. אַזוי איז דאָ איצט דער פּרייז אויפן פרייען מאַרק. בין איך שוין, הייסט עס, ווי־דער אַ „גביר"...

און אַזוי האָבן זיך אין די דאָזיקע טעג אונדזערע מענטשן פון עשאַלאָן געראַטעוועט — יעדער איינער ווי ער האָט געקאָנט.

טייל האָט זיך איינגעגעבן אויף אַזאַ מין אופן:

קריכנדיק איבער די קיביטקעס, האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף „כאַזייקעס", וואָס האָבן זיי גענומען צו העלפן ביי דער אַרבעט אין גאָרטן, אויסרייניקן אַ שטאַל וכדומה. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט יעדע „כאַזייקאַ" גוט אָנגעקאָרמעט: גע־געגעבן אַ שטיקל ברויט, אַ „שטשי" און אַמאָל אויך „וואַרעניקעס" (קעז־קרעפּלעך), באַגאָסן מיט סמעטענע. (אויב זי האָט געהאַט אַ בהמה...). יענער גליקלעכער פלעגט שוין נאָכדעם אין אָוונט אין וואַגאָן נישט אויפהערן צו ריידן וועגן דעם:

— האָב איך היינט געגעסן ביי אַ „כאַזייקאַ" „וואַרעניקעס", איז עס טעם גן־עדן!

די צוהערער פלעגן זיך אַזש באַלעקן.

— וויז אונדז ווו איז יענע „כאַזייקאַ"? — שטייט מען צו אים צו.

— אַ פייג וועל איך אייך וויזן. מאָרגן גיי איך ווידער אַהין. איך רייניק דאָרט אַ שטאַל. מיסט איז דאָרט פאַראַן — אַ פאַרמעגן... חמרים גאַנצע! ס'וועט פאַר מיר קלעקן אַרבעט אויף אַ גאַנצע וואָך.

עולם הערט זיך צו צו די „באַרימערייען" פון דערציילער און איז אים באמת מקנא, דעם בר־מזל.

איך מאַך דעם סך־הכל: אויף אַזאַ, צי אויף אַן אַנדער אופן — דאָ איז פאָרט פאַראַן אַ שטיקל ברויט. מען דאַרף זיך נאָר אויסטויגן, נישט זיין קיין בטלן. נישט אַזוי ווי דאָרט, אין די הונגעריקע סטעפּעס פון די אַזיאַטישע מלך־אביון־רעפּובליקן.

און אָט אַן אַנדער ברויט־קוואַל:

איין טאָג פאַרטרויט מיר עמיצער אין וואַגאָן, אַ לעמבערגער בחור, אַז אין היגן „וואָיענקאָמאַט" (מיליטערישער קאָמיסאַריאַט) אַרבעט אַ ייִדיש ווייבל, אַ ווילע בחורטע; ראָזאַ הייסט זי; אַז ער און זיין חבר האָבן מיט עטלעכע טעג צו־ריק ביי איר געקריגן טאַלאָנען אויף „סוכאַרעס".

— ווי אַזוי? אין נאָמען פון וואָס?

— פּשוט. אַזוי ווי מיר פאָרן דאָך פון דער פּוילישער אַרמיי, האָבן מיר דאָך אַ שטיקל שייכות צום „וואָיענקאָמאַט".

— אַ שיינע שייכות!

— ס׳געפעלט אייך נישט? כ׳דערצייל אייך דאָך אַ מעשה שהיה.

— נו, נו, דערציילט.

— נו, האָבן מיר ביידע געפּרוּווט גיין אין „וואָיענקאָמאַט” בעטן מ׳זאָל אונדז „סנאַבזשאַיען”. און פּונקט האָבן מיר עס געטראָפן דאָרט אין קאָרידאָר צום דאָזיקן סימפּאַטישן יידישן ווייבל, צו דער ראָזאַן. מיר האָבן איר גענומען דערציילן אויף אונדזער צעקאַליעטשעטן רוסיש „וואָס און ווען”, „אַכצן און דרייצן”, האָט זי אונדז געענטפערט אויף פּראָסט מאַמע־לשון:

— ייִדן, דברט נישט קיין סך. כ׳וועל אייך געבן טאַלאָנען אויף „סוכאַרעס”. גייט גלייך אין „לאַראָק”, וועט איר באַקומען.

דערביי האָט זי צו אונדז אַ ווינק געטאָן מיט די אויגן, גלייך ווי זי וואָלט עס געגאַנגען אָפּטאָן אַ נישט־כשרע זאַך... זי איז אַריין אין אַ קאַבינעט און אונדז אַרויסגעטראָגן די טאַלאָנען.

— נו, האָט איר טאַקע באַקומען דערויף „סוכאַרעס”?

— וואָס פרעגט איר עפּעס? אַוודאי באַקומען. ביי מיר ליגט נאָך אַפילו אַ ביסל אויף היינט.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — לייג איך פאָר דעם לעמבערגער בחור, — לאָמיר נאָכאַמאָל צוגיין זאַלבענאַנד צו דער דאָזיקער ראָזאַן.

— גוט, קומט!

גייען מיר. היינט בין איך שוין געווען דער ראש המדברים. עס זענען אָבער גאָר נישט נויטיק געווען קיין סך רייד. ווי נאָר דער לעמבערגער האָט מיך פאַר איר פאָרגעשטעלט, ווי זיין „טאָוואַרישטש” פון דער פּוילישער אַרמיי, און כ׳האָב גענומען ריידן צו איר מיט „עלאָקווענץ”, האָט די קליין־געוויקסיקע, בלוי־אויגיקע, בלאָנדע ראָזעטשקע מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— וואַרט צו, ייִדן, אָט דאָ אין קאָרידאָר.

אין אַ ווילע אַרום איז זי אַרויסגעקומען און אונדז אַריינגעשטעקט אין האַנט טאַלאָנען:

— גייט, ייִדן, שנעל אין „לאַראָק”, שפּעטער קאָן שוין דאָרט זיין ליידיק...

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, גראַזשדאַנאָטשקאַ!

אַ מאָדנע מלאך, די דאָזיקע ראָזעטשקע. זי וויל גאָרנישט הערן די דאַנקען, די ברכות. זי טוט איר גוטסקייט לשמה און פאַרשווינדט אַן איילעוודיקע, אַ שמייכלענדיקע. שפּעטער בין איך וועגן איר געוואָר געוואָרן אַ ביסל פּרטים: זי איז אַן עוואַקוי׳רטע פון ווייסרוסלאַנד; זי וווינט דאָ מיט אַ פאַמיליע, אַ גאַנצע משפּחה. מיט אַ טאַטן און מאַמען. זי אַרבעט דאָ אין „וואָיענקאָמאַט” זינט ערשט נישט

לאַנג און אין איר רשות געפינען זיך עס די טאַלאַנטן אויף צוטיילונגען פאַר רעקרוטן און מאָביליזירטע, וועלכע ווערן פון דאַנען אָוועקגעשיקט אין די מילי־טערישע פאָרמאַציעס. דעריבער האָט זי די געלעגנהייט אַרויסצוראַטעווען אַמאָל אַ הונגעריקן ייִד און צו באַפרידיקן דערביי איר אייגן גוט, ייִדיש האַרץ...

אויף מיין טאַלאָן, וואָס זי האָט מיר געגעבן, האָב איך באַקומען צוויי קילאָ „סוכאַרעס". אַוודאי וועט עס מיר קלעקן אויף עטלעכע טעג צום עסן מיט „קי־פּיאַטאָק".

ווי אויסטערליש זענען מיינע צופאַלן! געקומען אַהער אַ הונגעריקער, אָן אַ גראָשן אין טאַש. אַפילו אָן אַ „קאָטיאָלאָק". און דאָ... איך עס אַלע טאָג ברויט... היינט די פּאָר זאַטע אָוונטן ביי דער ייִדישער פאַמיליע. און איצט האָב איך צוואַנ־ציק רובל אין טאַש און אין מיין קעסטל — צוויי קילאָ „סוכאַרעס"... באמת אויס־טערליש! כאָטש הויב ווידער אָן צו גלויבן אין דער השגחת העליונה, ווער אַ פרו־מער ייִד, פאַרלאָז אַ בערדל — פונקט ווי מיין חבר, דער יונגער שרייבער מ. אָ., וועמען כ'האָב איבערגעלאָזט אין טאַשקענט... (אַוודאי שוין אַ פאָלנער, קוואַליפי־צירטער קברות־ייִד דאָרט געוואָרן פאַר דער צייט...).

## 54

## ווייטער אין וועג אַריין

שוין! די בריק איבערן אוראַל איז לסוף געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג, דאָס וואַסער איז אַ ביסל שוין אָפּגעפאַלן און מ'קאָן שוין אַדורכפאָרן דעם טייך. אַלע עשאַלאָנען, וועלכע שטייען פאַר אונדז, הויבן אָן איינציקווייז רירן פון אָרט. דאָס גייט נישט צו אַזוי שנעל. דער גאַנצער „פּוט'" (באַן־וועג) איז געווען פאַר־שטאָפּט. לסוף קומט אויך אונדזער ריי. אויך מיר פאָרן שוין. מען פאָרט נישט אַזוי שנעל. דאָ איז נאָר איין ליניע, נישט קיין טאָפּלטע. עס גייען דאָך שוין אויך צוגן פון אַנטקעגן. ביי יעדער סטאַנציע און סטאַנציעלע און כמעט אויך ביי יעדן „ראַזיעזד" שטייט מען אַמאָל אָפּ גאַנצענע שעהן.

געמיטן שוין סאָל־אילעצק, די שטאָט פון זאַלץ־גרובנס. סאָל־אילעצק, אויך אַ ראַיאָן־צענטער פון אָרענבורגער געגנט, איז אַ פיל גרעסערע שטאָט ווי אַק־בולאַק. עס געפינען זיך בעלנים אין אונדזער עשאַלאָן, וועלכע בלייבן שוין דאָ, גלייך ווי עס זענען נישט ווייניק מענטשן געבליבן אין אַק־בולאַק. עס איז זיי דאָרט אַ שאָד געווען איבערצולאָזן די „כאַזייקעס" מיט די שטאַלן, וווּ זיי האָבן

זיך „פּאָזשיוויעט״. אַזוי אַרום איז אין אַלע אונדזערע וואַגאָנעס די משפּחה געוואָרן נאָך קלענער. אָבער דער עשאַלאָן גייט ווייטער. דער מאַשיניסט ווייס נישט פֿון קיין חכמות. ער האָט געקריגן אַ ריכטונג „אָרענבורג״, גייט אים קיין זאַך נישט אָן. אים אינטערעסירט נישט וואָס אין די וואַגאָנעס טוט זיך. אַפֿילו מיט לחלוטין ליידיקע וואַגאָנעס וועט ער אויך ציִען צום ציל — צו אָרענבורג.

די הונדערט צוואַנציק קילאָמעטער האָבן ביי אַזאַ פּאַמעלכדיקן פֿאָרן געדויערט העכער אַ מעת־לעת.

מיר דערנענטערן זיך לסוף צו אָרענבורג. עס הויבן זיך שוין אָן די פֿאָרשטעט מיט די קליינע כאַטעס. דאָ איז שוין דער פֿאַרפּלייצונגס־געביט. אַ סך פּלעצער ליגן נאָך אין וואַסער. דאָ און דאָרט וואַלגערן זיך פֿאַרטראָגענע טיילן פֿון צעריסענע הילצערנע הייזקעס,ביידלעך, כלערליי „באַראַכלאָ״ פֿון דער אָרעמשאַפֿט. אַנדערע פֿונדאַמענטן פֿון כאַטעס אין טאָלן זענען נאָך פֿאַרשווענקט. ווונישט־ווו שטייען שיפֿלעך, וואָס האָבן דאָ פֿריִער אפֿנים קורסירט צווישן די הייזקעס.

און אָט פֿאָרן מיר שוין זייער פּאַמעלעך איבער דער בריק. דער אוראַל איז נאָך גענוג צעגאָסן און צעשטורעמט אין זיין אימפּעט. די שטאָט־זייט איז בעת דער פֿאַרפּלייצונג געווען געשיצט דורך די הויכע ברעגעס.

ווייט און ברייט שפּרייט זיך אויס די פּאַנאָראַמע פֿון דער שטאָט. דער הימל ביי די האָריזאָנטן לאָזט זיך אַראָפּ אויף גאַסן, אויף הייזער. פֿאַרנעם פֿון אַ גרויסער שטאָט.

מיר זענען שוין אויפֿן וואָקזאַל. מיר „גרוזעווען״ זיך אויס. אַ ריזיקע סטאַנציע, ווי פֿון אַ כרך. אויפֿן פּעראָן האָט אויף אונדז, די נישט־געבעטענע „געסט״, פֿאַרשטייט זיך, קיינער נישט געוואַרט... אַ יאַריד פֿון פּאַסאַזשירן, ציווילע און מיליטער־לייט. קיינער קוקט זיך נישט אום אַרום אונדז. מיר זיצן אַ היפּשע צייט ערגעץ אויף דער ערד, נעבן אונדזער אויסגעליידיקטן עשאַלאָן, און וואַרטן. אויף וואָס? קלאָר: קיינער האָט נישט געשיקט נאָך אונדז און קיינעם אינטערעסירט נישט אונדזער אָנקומען. דאָס איינציקע, וואָס יעדער איינער האָט דאָ געקאָנט באַקומען לרוב, איז „קיפּיאַטאָק״. איז מען געלאָפֿן צום קראַן ביי אַ וואַנט און מ׳האָט געצאַפּט. עס האָט פֿון קראַן געזעצט אַ הייסע פּאַרע, ווי פֿון עפּעס רעכטס... מ׳האָט זיך געקוויקט כאָטש מיט דער הייסער פֿליסיקייט און דערביי געהאַט אין מחשבה — ברויט...

עולם האָט געזען, אַז נישטאָ דאָ וואָס צו וואַרטן אויף עמיצנס הילף. אַז קיינער האָט דאָ פֿאַר אונדז גאָרנישט צוגעגרייט. רעדט מען, זוכט מען אין רעד־

לעך תחבולות. צעקריכן זיך אַנדערע און ווערן נעלם אין שטאָט. מסתמא אויף באַזאַרן... צו וואָס? צו וועמען?

פרעגן מיר ביי מיליציאָנערן ווו ס'איז דאָ פאַראַן דער „עוואַקאַפּונקט"? דריקן זיי מיט די אַקסלען און איינער פון זיי ראָט אונדז צו גיין אין „גאָראיספּאָלקאָם".

איין גרופּע — עטלעכע צענדליק מענטשן — באַשליסט טאַקע באַלד צו לאָזן זיך אין „גאָראיספּאָלקאָם". אין דער דאָזיקער גרופּע שפּילט ווייטער די ראָל פון „קאָמענדאַנט" דער אַקטיאָר גינזבערג. אויך איך בין צווישן זיי און גיי מיט אין „גאָראיספּאָלקאָם". היות ווי איך בין „געבענטשט" מיט באַגאַזש — קעסטל און פוטער — און דערפיל איצט דעם טעם פון „מרבה נכסים — מרבה דאגות"... — כאַפּ איך זיך פריִער אַריין אין דער באַגאַזש־אָפּטיילונג, ווו מ'נעמט צו פּעקלעך „נאַ כראַניעניע" (אויף אָפּצוהיטן) און גיי באַלד אַרויס פון דאָרט שוין אַ באַ־פרייטער.

מיר לאָזן זיך אַלע איבער דער שטאָט. אַן אַלטע, גרויסע שטאָט איז אָרענ־בורג. אין די זייטיקע קוואַרטאַלן ציִען זיך לאַנגע, צעוואָרפענע, אָרעמע גאַסן. גאַסן און געסלעך מיט אַ סך נעבעכדיקע אַלטפרענקישע הייזער; מיט צעלעכערטן שטיינערנעם ברוק; מיט צעריסענע טראָטואַרן. די צענטראַל־גאַסן זענען שוין מער לייטיש. גרויסשטעטישע הייזער, מאַסיווע געביידעס. אַ גרויסער פּאַרק — דער לענין־פּאַרק — ציט זיך איבער אַ גאַנץ היפּשן שטח אויף איין זייט פון אַ גאַס. די נעמען פון די פּרינציפּאַלע גאַסן — ווי אומעטום אין סאָוועט־רוסלאַנד — זענען: לענינסקאַיאַ, סאָוועטסקאַיאַ, קיראָוואַ, פּערוואָמאַיסקאַיאַ וכדומה.

אויף איינעם אַ פּלאַץ זעט מען אויך אויף אַ פּיעדעסטאַל די בראָנדז־פיגור פון פּושקינען. ער האָט עס כשר פאַרדינט. אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש: האָט ער דאָך בשעתו אויף פאַראייביקט דעם אַלטן אָרענבורג אין זיין „קאַפּיטאַנסקאַיאַ דאָטשקאַ" („דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער").

מיר דערפרעגן זיך צום „גאָראיספּאָלקאָם". אַ נייע, ריזיקע, מאַסיווע עטלע־כע־שטאָקיקע געביידע אין סאַמע צענטער שטאָט. דאָ זענען קאָנצענטרירט די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון דער שטאָט. מיר גייען איבער טרעפּ, דורך לאַנגע קאָרידאָרן. עס שלעפּט זיך אונדזער גאַנצע גרופּע. מיר קומען צו צו אַ קאַבינעט, ווו עס געפינט זיך דער אַרבעטס־אַמט. מען לאָזט נישט אַריין די גאַנצע גרופּע אינעווייניק, נאָר עטלעכע פון אונדז. עס גייען אַריין גינזבערג, איך און נאָך עמיצער. עולם וואַרט אין קאָרידאָר.

דער באַאַמטער אין קאַבינעט הערט אונדז פריִער אויס, ווער מיר זענען און נאָך וואָס מיר זענען געקומען, און נעמט דאַן פאַר אונדז האַלטן אַ גאַנצע פּאַטריאָ־טישע דרשה:

— יאָ, מיר דאַרפֿן האָבן אַרבעטער, פּאַזשאַלויסטאַ! ס'איז ביי אונדז איצט אַ נויט־פֿראַגע. מיר דאַרפֿן ראַטעווען דאָס ברויט פֿאַר די פֿראָנטן. דער אוראַל האָט פֿאַרגאָסן אַ גאַנצע ריי קאָלכאָזן. די הייזער, די מלוכהשע מאַגאַזינען, די בהמות. מ'מוז ראַטעווען! מיר מוזן האָבן הענט! הענט!

מיר קוקן זיך שטום איבער, ווי איינער רעדט: „נאָך די צרה האָט אונדז געפֿעלט! ווייניק די אייגענע צרות?"...

יענער פֿון הינטערן שרייב־טיש האָט נישט אָפּגעלאָזט און ווייטער געצויגן:

— פּאַנימאַיעטיע לי ווי? (צי פֿאַרשטייט איר?) דאָס זענען גוטע, זייער גוטע קאָלכאָזן. די „גאָסודאַרסטווואָ" האָט געהאַט פֿון זיי אַ סך. שפּעטער, אַז אַלץ וועט צוריק דאָרט ווערן נאָרמאַל, וועט איר דאָרט קאָנען רויִק אַרבעטן. וויפֿל מענטשן זענט איר דאָ?

— געקומען מיטן עשאַלאָן זענען אַ סך מער; אָבער דאָ זענען מיר אַ מאַן דרייסיק.

— לאַדנאָ, גראַזשדאַניע. קומט מאָרגן אינדערפֿרי, וועלן מיר אייך אַלץ צוגרייטן: אַ „נאַפּראַווּלעניע", ברויט אויפֿן וועג. ס'וועט זיין אויך אַ באַגלייטער, וואָס וועט אָרגאַניזירן אייער פֿאָרן אַהין. איר וועט דאָך אַליין נישט וויסן ווי אַזוי צוצוקומען צו יענעם פֿאַרפֿלייצטן געביט.

מיר זענען אַרויס פֿון אַרבעטס־אַמט מיט אַ פֿרעג־צייכן אויף די פּנימער. דער עולם אין קאָרידאָר האָט אונדז אַרומגערינגלט און מיר האָבן אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן אונדזער שמועס מיטן באַאַמטן.

אין רעדל האָבן זיך גענומען שיטן סקעפּטישע באַמערקונגען:

— וואָס זענען מיר? „סטראַזש אָגניאָוואַ"?... (פֿייער־לעשער?...).

— זאָלן זיי פֿאַרדרייען זייערע קעפּ!

— מיר האָבן שוין נישט וואָס צו טאָן, נאָר גיין פּטרן די כּוחות אין די וואַסערן...

— זיכער אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ... אָן עסן און טרינקען... איר קענט זיי נישט?...

מיר האָבן זיך צוריק אַרויסגעשאָטן אויף דער גאַס. די דיסקוסיע וועגן יאָ פֿאָרן, צי נישט פֿאָרן איז נאָך לאַנג אָנגעגאַנגען צווישן עולם. צו קיין אַלגעמיינעם הסכּם איז נישט געקומען. די מענטשן האָבן זיך צעקראָכן גרופּעסווייז אין פֿאַר־שיידענע זייטן: איין גרופּע איז טאַקע אַוועק מיט דער דעה זיך צוזשטעלן מאָרגן אין „גאָראָיספּאָלקאָם", כּדי צו פֿאָרן אין אַ פֿאַרפֿלייצטן קאָלכאָז — ווי אַ „סטראַזש אָגניאָוואַ"... — ווי מ'האָט זיך געוויצלט. טייל זענען אַוועק זוכן אַנדערע „גליקן", סתּם אויף גאַטס באַראַט, ווי דאָרט אין מיטל־אַזיע: איבער גאַסן, איבער באַזאַרן.

## אויף שליאַכן פון הפקר

איך מיט נאָך צוויי באַגלייטער — צוויי נייע „שותפים" — האָבן זיך אַוועק־געלאָזט מיטן „פריגאַראָדנעם" (הינטערשטאָטישע באַן) קיין סאָל־אילעצק, וואָס ליגט צווישן אַק־בולאַק און אָרענבורג. די ראַיאָן־שטאָט, וואָס מיר זענען פאַר־בייגעפאָרן מיטן עשאַלאָן. עפּעס האָבן מיר באַוויזן צו הערן, אַז סאָל־אילעצק איז אַ שטאָט, וווּ מען קאָן קריגן אַרבעט; אַז ס׳איז דאָרט אויך נישט אַזוי ביטער מיטן פאַרדינען אַ שטיקל ברויט.

(סוף פון באַנד איינס)

# אין פאַרלאַג „יידבוך" זענען ביז איצט דערשינען

1) י. ל. פּרץ — דריי חסידישע דערציילונגען
2) ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (אויספאַרקויפט)
3) י. י. טרונק — כעלעמער חכמים (אויספאַרקויפט)
4) שלמה סיימאָן — אַמאָליקע יידן (אויספאַרקויפט)
5) פּראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרעניץ פון צייטן
6) יצחק פּערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד
7) י. י. טרונק — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט (אויספאַרקויפט)
8) ש. סיימאָן — תוך יידישקייט
9) נ. ב. מינקאָוו — זעקס יידישע קריטיקער
10) אברהם זאַק — אין אומרו פון יאָרן
11) יוסף רייך — וואַלד אין פלאַמען
12) מ. וו. בערנשטיין — אין לאַבירינטן פון תקופות (אויספאַרקויפט)
13) לעאָן קאָברין — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע
14) יצחק פּערלאָוו — דזשעבעליאַ (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
15) ברוך ריווקין — ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק
16) מלכה לי — דורך קינדערשע אויגן
17) יעקב פּאַט — די לערערין אסתר (אויספאַרקויפט)
18) שלמה סיימאָן — וואָרצלען
19) מנחם באָריישאָ — עסייען
20) משה דלוזשנאָווסקי — דערציילונגען און דראַמען
21) לעאָן בערנשטיין — ערשטע שפּראָצונגען (אויספאַרקויפט)
22) משה אייזענבוד — געלעבט הינטער קראַטן
23) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — יידישער אומקום אין פראַנקרייך
24) דוד איגנאַטאָוו — „אָפּגעריסענע בלעטער"
25) חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער) — פּאַמפּאַדור
26) נח גאָלדבערג — אויף צעוואָרפענע וועגן
27) י. ה. פישמאַן — פריער און שפּעטער
28) ל. לאַסאָווין — אַ חתונה אויפן באַרג לבנון
29) משה דלוזשנאָווסקי — ווי אַ בוים אין פעלד (ראָמאַן)
30) ברוך שעפנער — אַ בליק אויף ישראל און אויף דער וועלט
31) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — לאָדזש אין מיין זכרון
32-33) אברהם זאַק — אויף שליאַכן פון הפקר

די ביכער זענען געבונדן אין לוקסוס-איינבונד.

ABRAHAM ZAK

# POR SENDEROS DE DESAMPARO

TOMO I

Editorial
"IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
BUENOS AIRES — 1958